# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פסר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״

מאָסקווע



סענטיאַבער

1976

# אינהאַלט



## ליטעראַטור־קריטיק. ביבליִאָגראַפֿיע. פֿראַגן פֿון קונסט.




הויפּט־רעדאַקטאָר

א. ווערגעליס

רעדקאָלעגיע:

כ. ביידער, א. גאָנטאַר,
ש. גאָרדאָן, ט. גען,
י. טשיטשעלניצקי,
נאָטע לוריע, מ. לעוו,
ב. מילער, כ. מעלאַמוד,
ה. פּאָליאַנקער, ס. פּרײַס

פֿאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר
י. שוסטער

# אן איינהײַטלעכע ליטן גײַסט און ליטן אינהאַלט

(אפֿן VI צוזאַמענפֿאָר
פֿון די שרײַבער פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד)

אײנהײַטלעך אין אירע שטרעמונגען, באַהעפֿט אַרום דער לעניניסטישער פּאַרטיי, — אַזאַ איז אונדזער פֿילנאַציאָנאַלע ליטעראַטור געקומען צום VI צוזאַמענפֿאָר פֿון די סאָוועטישע שרײַבער.

מיטן באַריכט־פֿאָרטראָג פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿונעם שרײַבער־פֿאַרבאַנד פֿון פֿססר „די סאָוועטישע ליטעראַטור אין קאַמף פֿאַרן קאָמוניזם און אירע אויפֿגאַבן אין שײַן פֿון די באַשלוסן פֿונעם XXV צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד” איז אַרויסגעטראָטן דער ערשטער סעקרעטאַר פֿון דער פֿאַרוואַלטונג געאָרגי מאַרקאָוו.

פֿינף יאָר זײַנען אַוועק זינט דעם לעצטן צוזאַמענפֿאָר פֿון די סאָוועטישע שרײַבער, האָט ער געזאָגט. פֿאַר די דאָזיקע יאָרן האָט אונדזער פֿילנאַציאָנאַלע ליטעראַטור דערגרייכט נײַע באַדײַטנדיקע דערפֿאָלגן.

מיר אַלע ווייסן, לויט דער דערפֿאַרונג פֿון דער אײגענער אַרבעט, סאַראַ גוואַלדיק פֿרוכטבאַרע ווירקונג עס האָבן געהאַט אויף דער אַנטוויקלונג פֿון דער ליטעראַטור אינעם לעצטן פֿינפֿיאָר די באַשלוסן פֿונעם XXIV צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, ווי זיי האָבן אונדז, שרײַבער, געהאָלפֿן אַרײַנדרינגען אין דער סאַמע געדיכטעניש פֿונעם לעבן, פֿאַרשטיין די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פֿון דער הײַנטצײַטיקײַט. טאַקע דערפֿאַר באַפֿליגלט אונדז אַזוי די אָפּשאַצונג, וואָס די אַרבעט פֿון דער שעפֿערישער אינטעליגענץ אין גאַנצן גענומען האָט באַקומען אויפֿן XXV פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר. אינעם באַריכט־פֿאָרטראָג פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד האָט דער גענעראַל־סעקרעטאַר פֿונעם צק דער כאַווער לעאָניד איליטש ברעזשנעוו געזאָגט: „פֿאַר די פֿאַרגאַנגענע יאָרן איז כאַראַקטעריסטיש די ווײַטערדיקע אַקטיוויזירונג פֿון דער שעפֿערישער אינטעליגענץ, וועלכע טראָגט אַרײַן אַלץ אַ מער וואָגיקן צושטײַער אין דער אַלגעמיין־פּאַרטייִשער, אַלנאַציאָנאַלער זאַך פֿון בויען די קאָמוניסטישע געזעלשאַפֿט”. מיר זײַנען דאַנקבאַר דער פּאַרטיי פֿאַר אַזאַ הויכער אָפּשאַצונג, האָט געזאָגט דער ערשטער סעקרעטאַר פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿונעם שרײַבער־פֿאַרבאַנד פֿון פֿססר.

די לעצטע יאָרן האָבן געבראַכט נײַע באַווײַזן וועגן דעם, ווי עס איז אויסגעוואַקסן די ראָליע פֿון דער ליטעראַטור אינעם לעבן פֿון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט.

מיר קאָנען מיט א פולן גרונט און מיט אַן אָפן האַרץ זאָגן הײַנט אַף אונדזער צוזאַמענ־פאָר: אַט די אַלע יאָרן האָבן מיר, שרײַבער, געאַרבעט אין אַן אַטמאָספער, א ביז גאָר גינסטי־קער פאַר דער פּראָדוקטיווער, צילגעווענדעטער מי.

ריידנדיק וועגן די דערגרייכונגען פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור פאַר די לעצטע יאָרן, האָט דער פּאַרטרעגער אָנגערופן א סך נעמען פון פּראָזאַיקער, דיכטער, דראַמאַטורגן, עסעיִסטן, ליטעראַטור־קענער, וואָס האָבן געשאַפן באַדײַטנדיקע ווערק, באַשאַנקענע מיט דער ברייטער אָנערקענונג פון די לייענער.

עס איז פאַראַן נאָך איין ביז גאָר וויכטיקער אַספּעקט פון אָט דער פּראָבלעם: די זאָרג וועגן דעם מאָראַלישן קלימאַט פון דער געזעלשאַפט. די גאַנצע שאַפונג פון די סאָוועטישע שרײַבער, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט די הויכע אידעאַלן פונעם קאָמוניזם, איז קעגנגע־שטעלט דער פאַרדאַרבענער מאָראַל פון דער בורזשואַזער וועלט. און פונדעסטוועגן דאַרף זײַן נאָך דרייסטער, אַקטיווער און שאַרפער אונדזער קאַמף קעגן דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע אין אַלע אירע וואַריִאַנטן און אָפּקלאַנגען.

פון אוראַלטע צייטן אָן ציִען צו די ליטעראַטור און די קונסט דעם לייענער מיט אור־שפּרינגלעכער פרישקייט און אָריגינעלקייט פון קינסטלערישע לייזונגען, מיט פילאַרטיקייט פון סטיל און פון נוסעך, מיט פאַרשיידנקייט פון שאַפונגס־מאַנירן, מיט דער אינדיווידועלער קלינגעוודיקייט פון דער שפּראַך, ספּעציִעלן אָפּקלײַב פון קלאַנגען און פאַרבן. צי דאַרף מען דאָ, אין אָט דער אַאודיטאָריע, ריידן וועגן דעם, אַז מיטן קאַמף פאַר דער אייגנאַרטיקייט און אָריגינעלקייט פונעם טאַלאַנט פאַרשטאַרקן מיר די אידייִישע פּאָזיציעס פון אונדזער ליטעראַטור, און באַגלײַך דערמיט איז קלאָר, אַז קיין שום טאַלאַנט קאָן ניט האָבן קיין גינ־סטיקע אַנטוויקלונג, אויב ער ווערט ניט באַפרוכפּערט מיט א גרויסער, ריכטיקער אידיי.

ווײַטער האָט דער פּאַרטרעגער געזאָגט:

די אַנטיסאָוועטשיקעס אין אויסלאַנד, און צווישן זיי די מענוואָלים־אַריבערלויפער, הערן ניט אויף צו טרײַבן פּרעכע רעכילעס אַף די סאָוועטישע שרײַבער און אַף אונדזער שע־פערישן פאַרבאַנד. זיי האָבן ליב א גלאַנץ טאָן פאַר זייערע לייענער און צוהערער מיט די קלינגענדיקע ווערטלעך וועגן „פרײַהייט“ פון פּרעסע און געוויסן, וועגן „אומאָפּהענגיקייט“ פונעם טאַלאַנט אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. דערבײַ ווערט דאָס אַלץ געלאָזן אין גאַנג, קעדיי קאָנען באַקן וואָס מער ליגנס וועגן דעם סאָוועטישן לאַנד. דאָס זײַנען אָבער פּוסטע ווערטער. בלויז בא אונדז אין לאַנד און אין די אַנדערע סאָציִאַליסטישע לענדער ווערט אונטערן באַגריף פרײַהייט פון פּרעסע און טאַלאַנט אונטערגעפירט ניט קיין קלוימערשטע, נאָר אַן עמעסע באַזע, א פעסטע מאַטעריִעלע באַזע, א ווירקלעכע פאַרינטערעסירטקייט פון דער געזעלשאַפט, איר שטיצע. פאַר אונדז, סאָוועטישע שרײַבער, איז ניטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל זײַן טײַערער פונעם לעבנישן עמעס אַף דער וועלט.

אין דער רעזאָליוציע, וועלכע דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען איבערן באַריכט־פאַר־טראָג פון דער פאַרוואַלטונג פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר, ווערט געזאָגט, אַז די סאָ־וועטישע שרײַבער פאַרשטייען זייער וואַקסנדיקע אַכרײַעס אין פאַרמערן די קינסטלערישע אויצרעס פון אונדזער געזעלשאַפט, אין דער עסטעטישער דערציִונג פונעם פאָלק. דער צו־זאַמענפאָר דערקלערט, אַז דער רוף פון דער פּאַרטיי צו אופהייבן די עפעקטיווקייט און די קוואַליטעט פון דער אַרבעט האָט געפונען א טיפן אָפּקלאַנג אינעם באַוווסטזיין פון די שרײַ־בער. אין נאָמען פון די סאָוועטישע שריפטשטעלער האָט דער צוזאַמענפאָר אויסגעדריקט די זיכערקייט, אַז די טוער פון דער ליטעראַטור, לייגנדיק אין יעסאָד פון זייער אַרבעט די היי־סטאָרישע באַשלוסן פונעם XXV צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פונעם סאָוועטנ־פאַרבאַנד, וועלן מיט קאָוועד אויספילן די אופגאַבן, וועלכע שטייען פאַר זיי, ווידמען זייערע טאַלאַנטן די גרויסע צילן פון בויען דעם קאָמוניזם.

מיט גרויס באַגײַסטערונג איז אָנגענומען געוואָרן א בריוו פונעם VI צוזאַמענפאָר פון די שרײַבער פון פססר צום צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פונעם סאָוועטנ־פאַרבאַנד.

# קעגנזײַטיקע באַרײַכערונג פון די ליטעראַטורן
## פון די סאָוועטישע פעלקער

אין צען פּראָבלעמען־קאָמיסיעס האָבן די דע־לעגאַטן און געסט פון דעם VI צוזאַמענפאָר פון די שרײַבער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד גע־פירט א לעבהאַפטע באַהאַנדלונג פון די אַקטו־עלע פראַגן פון זייער פּראָפעסיאָנעלן צעך. אין איינער פון אָט די קאָמיסיעס זײַנען באַטראַכט געוואָרן „די פּראָצעסן פון דער קעגנזײַטיקער באַרײַכערונג פון די ליטעראַטורן פון די סאָ־וועטישע פעלקער און די פּראָבלעמען פון קינ־סטלערישער איבערזעצונג״.

הײַנט צו טאָג ווערט אונדזער פילנאַציאָנאַלע ליטעראַטור געשאַפן אַף 76 שפּראַכן. און זייער אָפט זעען מיר, אַז א בוך, וואָס איז נאָרוואָס דערשינען, שפּאַנט אריבער די ראַמען פון זײַנע שפּראַך־גרענעצן. דערמיט איז צו דערקלערן דעם גרויסן אינטערעס, וועלכן די שפּעער גופא פון די קינסטלערישע ווערטן ווײַזן ארויס צו די פּראָצעסן פון קעגנזײַטיקער פאַרבינדונג, קעגנזײַטיקער באַרײַכערונג פון די ברידער־לעכע ליטעראַטורן, פון איין זײַט, און די הייסע זאָרג וועגן דעם גרויסן פאַרבינדונגס־שאַ־ליעד — דער קינסטלערישער איבערזעצונג, איר מײַסטערשאַפט, — פון דער צווייטער זײַט.

אין ג. מארקאָווס פּאָרטראָג אפן צוזאַמענ־פאָר, אין די ארויסטרעטונגען פון די דעלעגאַטן אַף די פּלענאַרע זיצונגען און באַזונדערס אין פּראָצעס פון דער ארבעט פון אָט דער ספּעציע־לער לויט דער טעמע קאָמיסיע — אין מ. באַ־זשאַנס פּאָרטראָג און אינעם גאַנג פון דער באַ־האַנדלונג — זיינען אָנגערופן געוואָרן צענדלי־קער איבערצײַגעוודיקע פאַקטן, וועלכע ריידן וועגן היפשע דערפאָלגן אין אָט דעם איניען. א ריזיקע צאָל ביכער זײַנען בא אונדז אין לאַנד איבערגעזעצט געוואָרן אַף רוסיש און אַף די אַנדערע שפּראַכן פון די פעלקער פונעם סאָ־וועטנפאַרבאַנד. די לעצטע יאָרן איז די צאָל ווערק, וועלכע ווערן איבערגעזעצט פון די שפּראַכן פון די פעלקער פון פּססר, אויסגע־וואַקסן מער ווי אַף 1.200 נעמען. דאָס איז א רעזולטאַט פון דער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַליסטישער קולטור, וועלכע איז א נאַ־ציאָנאַלע לויט דער פאָרם און אַן אינטערנאַ־ציאָנאַלע לויטן גײַסט. „די דאָזיקע קולטור פאַרמאָגט אין זיך די סאַמע ווערטפולע שטריכן און טראַדיציעס פון דער קולטור און פונעם לעבנס־שטייגער פון יעדן פון די פעלקער פון אונדזער היימלאַנד, — האָט גע־זאָגט דער כאַוואַר ל. אי. ברעזשנעוו אינעם פּאָרטראָג „וועגן דעם פופציקיאָריקן יובילײ פונעם פאַרבאַנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן״. — אין דער זעלבער צײַט דער־נערט זיך יעדע איינע פון די סאָוועטישע נאַ־ציאָנאַלע קולטורן ניט בלויז פון די אייגענע קוועלן, נאָר זי שעפּט פון די גײַסטיקע אויצ־רעס פון די ברידערלעכע פעלקער, און פון איר זײַט האָט זי אַף זיי א גינסטיקע ווירקונג, באַ־רײַכערט זיי״.

די סאָוועטישע פילנאַציאָנאַלע ליטעראַטור מעג שטאָלצירן מיט איר שול פון קינסטלערי־שער איבערזעצונג, וועלכע האָט דעראָבערט אָנערקענונג אין גאָר דער וועלט. אונדזער לאַנד האָט נישט קיין גלײַכן צו זיך ניט לויט דער צאָל איבערגעזעצטע ביכער (פון די שפּראַכן פון די פעלקער פון סאָוועטנפאַרבאַנד און פון אויסלענדישע שפּראַכן), ניט לויט דער קוואַליטעט פון די איבערזעצונגען. די סאָוו־טישע מײַסטערס האָבן געשאַפן ווירדיקע מו־סטערן פון איבערזעצן קינסטלערישע ווערק אַף א הויכן אידייִשן און פּראָפעסיאָנעלן ניוואָ.

אונדזער שול פון איבערזעצונג האָט ארײַנ־גענומען אין זיך אלדאָס בעסטע, וואָס עס האָבן אָנגעזאַמלט די רוסישע מײַסטערס פון דער פאַרגאַנגענהײַט. די שרײַבער פונעם עלטערן דאָר — ס. מארשאַק, מ. איסאַקאָווסקי, מ. ריל־סקי, מ. לאָזינסקי, יא. קאָלאַס, ל. סאָבאָלעוו, ב. קערבאַבאַיעוו, וועלכע האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פון אָט דער שול, האָבן זיך שטענ־דיק באַצויגן צו דער איבערזעצונג, ווי צו א געזעלשאַפטלעכער פליכט, ווי צו אַן אויסגע־שפּראָכן שעפעריש אקט, וועלכער פאַרמערט די גײַסטיקע ווערטן פון אונדזער קולטור און באַרײַכערט דעם טאַלאַנט פונעם ליטעראַטאָר גופא.

פון יענער צײַט אָן איז די סאָוועטישע איבערזעצונג־שול גוואַלדיק אויסגעוואַקסן, די מי פונעם שרײַבער, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט איבערזעצונג, איז געוואָרן נאָך א מער ווירקזאַמער פאַקטאָר אין דער קאָמוניסטישער דערציִונג פון די ארבעטנדיקע, אינעם פאַר־פעסטיקן די נײַע היסטאָרישע געמיינשאַפט פון די מענטשן, די געמיינשאַפט פון זייער אידייִשן און מאָראַלישן זעלבסטבאַוווסטזײַן. די דאָזיקע מי דינט הײַנט דער אייניקונג פון די קולטורן פון די סאָוועטישע פעלקער. אַדאַנק דער שאַ־פונג פון די שרײַבער־איבערזעצער האָבן מיר צום ערשטן מאָל זיך דערוווּסט וועגן פיל נאַ־ציאָנאַלע ווערטן פון דער פאַרגאַנגענהײַט. פעלקער, וועלכע האָבן ביז דער אָקטיאַבער־רע־וואָלוציע ניט געהאַט אפילו קיין אייגענעם אַלעפבייס, האָבן אַנטפּלעקט פאַר זיך ביכער

און שרײַבער, אויסטערלישע לויט זייער אינדיווידועלער און נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקײַט.

די דיסקוסיעס אפן צוזאַמענפאָר ארום דער ארבעט פון די איבערזעצער איז נאָך איין באַווייז, ווי קאָמפּליצירט און פילאַרטיק עס איז דער דאָזיקער מין ליטעראַרישע טעטיקײַט. איצט איז שוין פאר אַלעמען קלאָר, אַז איבערזעצונג איז ניט בלויז א פאך, נאָר א באַרוף, וואָס פאָדערט סײַ קענטעניש פון דער שפּראַך, פון וועלכער דאָס ווערק ווערט איבערגעזעצט, סײַ א טיפן וויסן פון דער געשיכטע, קולטור און גײַסט פונעם פאָלק. די איבערזעצונג פאָדערט אויך באַגאַבונג אף איבערצוגעבן דעם לעבנס־אָטעם פונעם ווערק, וואָס ווערט אַרײַנגעפירט אין א נייער נאַציאָנאַלער סוויווע. די שעפערישקײַט פונעם איבערזעצער איז אײַנציִיטיק סײַ קונסט, סײַ וויסנשאַפט. פּושקין פלעגט אָנרופן די איבערזעצונג — „דער שוועסטער מין ליטעראַטור".

די דערגרייכונגען פון דער סאָוועטישער שול פון קינסטלערישער איבערזעצונג האָבן פונדעסטוועגן ניט איבערגעלאָזט אין שאָטן די קאָמפּליצירטקײַט פון די פּראָבלעמען, וועלכע די דעלעגאַטן האָבן באַטראַכט. יעדער נאַציאָנאַלער שרײַבער שטרעבט דערצו, אַז זײַן ווערק זאָל איבערגעזעצט ווערן אין רוסיש. א ווערק, וואָס דערשײַנט אין רוסיש, ווערט, פאַרשטייט זיך, דאָס אייגנס ניט בלויז פונעם אַלפאַרבאַנדישן לייענער. עס איז געווען א צײַט, האָבן געזאָגט די דעלעגאַטן פונעם צוזאַמענפאָר, ווען די נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן האָבן זיך ערשט געשטעלט אף די פיס, זיי האָבן געכאָוועט זייערע ערשטלינגען, און דעמלט פלעגט מען צומאָל מוזן אונטערהאַלטן אויך שוואַכע ווערק. אין די לעצטע יאָרן אָבער איז דער ניוואָ פון די ברידערלעכע ליטעראַטורן היפּש אויסגעוואַקסן, עס האָט זיך באַוויזן א ריי טאַלאַנטפולע שרײַבער און דיכטער, וועמעס ווערק עס נייטיקן זיך ניט אין קיינע סקידקעס. ס'זײַנען אויפגעקומען רײַפע, שטאַרקע נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן. זיי האָבן זיך אָנגענומען מיט קויכעס, קאָנען אויסהאַלטן די שווערסטע צײַט־אויספּרווון. נאַטירלעך, אַז די אָנטיילנעמער פון דער באַהאַנדלונג האָבן אפן סאַמע אַכרײַעספולן אויפן געשטעלט די פראַגע — וואָס מע דאַרף איבערזעצן, זיי האָבן גערעדט וועגן די הויכע קריטעריען, וועלכע דאַרפן דינען אַלס וועגווײַזער באַם אַרויסגעבן איבערגעזעצטע ביכער. אַזעלכע ווערק טאָרן ניט פאַרמאָגן אין זיך די קרענקלעכע שטריכן פון פּראָווינציאַליזם.

אַלע זײַנען געווען סאָלידאַר מיט דער מיינונג, אַז א ווערק, וואָס ווערט איבערגעזעצט אין רוסיש, דאַרף אויסהאַלטן די פאָדערונגען פונעם אַלפאַרבאַנדישן לייענער און שטיין אף אַזאַ קינסטלערישן ניוואָ, וועלכער איז כאַראַקטעריסטיש פאר דער גאַנצער סאָוועטישער ליטעראַטור. טאַקע נאָר אַזאַ צוגאַנג וועט געבן די מעגלעכקײַט, אַז פון דער גרויסער צאָל ביכער, וואָס דערשײַנען איצט אף די נאַציאָנאַלע שפּראַכן, זאָלן אָפּגעקליבן ווערן בעעמעס די בעסטע ווערק. די דעלעגאַטן פונעם צוזאַמענפאָר האָבן באַטאָנט, אַז דער הײַנטיקער סאָוועטישער לייענער רופט אָן, אַלס קלאַל, צווישן זײַנע באַליבטע שרײַבער ניט בלויז די אויטאָרן, וועלכע שרײַבן אף זײַן מוטערשפּראַך, נאָר אויך אף די ברידערלעכע שפּראַכן. פון דעם איז צו זען די באַהאַוונטקײַט פונעם הײַנטיקן סאָוועטישן לייענער אין דער ליטעראַטור און זײַן פייִקײַט צו מאַכן דעם געהעריקן אויסוואַל.

אַלץ, וואָס איז טאַלאַנטפול, פאַרמאָגט אין זיך סײַ כאַראַקטער, סײַ געשטאַלט, סײַ נאַציאָנאַלן קאָלאָריט, סײַ אָריגינעלע שטריכן פונעם פאָלק, וואָס זײַן זון איז דער שרײַבער. וויִאַזוי אָבער זאָל מען אָט די אַלע אייגנאַרטיקע און כאַראַקטעריסטישע שטריכן פאַרהיטן אין דער איבערזעצונג, ניט צעטרענצלען די אײדעלע סטרונעס פון דער נעשאָמע, פונעם האַרצן און גײַסט פון דעם פאָלק, וויִאַזוי איבערגעבן די מעלאָדיע פונעם אָריגינאַל?

די דאָזיקע פראַגע איז געשטאַנען אף דער זיצונג פון דער קאָמיסיע באַזונדערס שאַרף. און ניט אָן א גרונט. עס איז עמעס, אַז מיר פאַרמאָגן א פּרעכטיקע שול פון איבערזעצונג. ס'איז געשאַפן אויך די טעאָריע פון דער איבערזעצונגס־קונסט, פאַראַן גלענצנדיקע מוסטערן פון „איבערלייענען" אין א צווייטער שפּראַך ליטעראַרישע אָריגינאַלן. אָבער צוזאַמען מיטן וווּקס פון דער צאָל פּובליקאַציעס פון ווערק פון אַנדערע שפּראַכן, האָבן געזאָגט די אָנטיילנעמער פון דער באַהאַנדלונג, טרעפן זיך ניט זעלטן גרויסע, אָרעמע איבערזעצונגען, ווײַטע פונעם אָריגינאַל, און צומאָל אַזעלכע, וואָס ווידערשפּרעכן אַפילו דעם אָריגינאַל לויט די פאַקטן, לויט די באַשרײַבנע געשעענישן.

אין גאַנג פון דער באַהאַנדלונג זײַנען אַלזײַטיק, מיט דער געהעריקער קריטיק און טיפקײַט, אַנאַליזירט געוואָרן די סיבעס פון אַזעלכע דערשײַנונגען. קוידעמקאָל איז אָפּגעמערקט געוואָרן, אַז די פאַרלאַגן טרויען אָפּט אָן די איבערזעצונגען ווייניק־קוואַליפיצירטע, טאַלאַנטלאָזע איבערזעצער, וועלכע פאַרשטייען ניט ווי געהעריק דאָס ווערק און קאָנען ניט איבערגעבן דעם גײַסט און די מעלאָדיע פונעם אָריגינאַל. עס טרעפט אויך, אַז אַפילו פייִקע איבערזעצער מאַכן אָרעמער דאָס ווערק צוליב אײַלעניש. א סאַך דעלעגאַטן פונעם צוזאַמענ־

פאַר, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין דער ארבעט פון דער קאָמיסיע, האָבן גערעדט וועגן דעם, וואָס מע דאַרף טאָן, קעדיי ניט דערלאָזן דערצו, אַז עס זאָלן דערשײַנען שלעכטע איבערזעצונגען. איינמוטיק איז געווען די מיינונג, אַז אין דעם פראַט דאַרף שפּילן ניט קיין קליינע ראָליע דאָס געוויסן פונעם איבערזעצער. עס זײַנען אָבער נייטיק אויך אָרגאַניזאַציאָנעלע מאָסמיטלען. פון איין זײַט, דאַרפן די פאַרלאַגן גופא העכערן די פאָדערונגען, פון דער צווייטער זײַט, דאַרפן די שרײַבערישע אָרגאַניזאַציעס נעמען א מער וואָגיקן אָנטייל אין דער פאַרלעגערישער פּראַקטיק.

אין גרוזיע, לעמאָשל, איז לויטן באַשלוס פון דער רעפּובליקאַנישער רעגירונג געשאַפן געוואָרן א רעדאַקציאָנעלע הויפּט־קאָלעגיע פאַר די אָנגעלעגנהײַטן פון קינסטלערישער איבערזעצונג און קעגנזײַטיקע ליטעראַרישע פאַרבינדונגען. אין דער קאָלעגיע גייען אַרײַן, צוזאַמען מיט די בעסטע מײַסטערס פון איבערזעצונג, אויך שרײַבער, פאַרלאַג־טוער. די דערפאַרונג פון דער רעדאַקציאָנעלער הויפּט־קאָלעגיע אין גרוזיע באַווײַזט, אַז אַזא אָרגאַן קאָן פיל אויפטאָן אינעם אַרויסגעבן ווערק פון אַנדערע ליטעראַטורן, און דאָס וויכטיקסטע — אינעם קאָנטראָל איבער דער קוואַליטעט פון דער איבערזעצונג. די דעלעגאַטן פונעם צוזאַמענפאָר, פאָרשטייער פון פאַרשיידענע רעפּובליקן, האָבן באַשטעטיקט, אַז אַזא פּראַקטיק האָט אַן אינטערעס פאַר אַלעמען.

די רעדנער האָבן אָפּגעמערקט, אַז די איבערזעצונגס־אַרבעט ווערט ווייניק געפאָרשט דורך דער קריטיק, עס פעלט א טיפער אַנאַליז פון די שילדערונגס־מיטלען, פון די קינסטלערישע אייגנשאַפטן פון דער איבערזעצונג. די פאַראַנענע פאָרשונג כאַפּט אַרום בלויז א קליינעם טייל פון דער איבערגעזעצטער ליטעראַטור.

דער הויפּט־שמועס איז, נאַטירלעך, געגאַנגען אַרום דער פראַגע וועגן די איבערזעצונגען אַף רוסיש, וואָס איז די גרונט־שפּראַך אינעם פאַרקער צווישן די נאַציעס, אָבער די באַהאַנדלונג האָט ניט אַרויסגעלאָזט פונעם פּראָבלעמען־קרײַז די איבערזעצונגען פון רוסיש אַף די שפּראַכן פון די פעלקער פון פססר. קימאַט אַלע רעדנער האָבן באַטאָנט, אַז טראָץ דער קאָלאָסאַלער פאַרשפּרייטונג פון דער רוסישער שפּראַך, איז ניט אָפּגעפאַלן די נייטיקייט צו איבערזעצן די ווערק פון דער רוסישער ליטעראַטור אַף די נאַציאָנאַלע שפּראַכן. אַוודאי איז גוט, וואָס אַלע סאָוועטישע מענטשן לייענען „יעווגעני אָנעגין" אָדער „טיכי דאָן" אין רוסיש, אָבער פאַר דער אַנטוויקלונג פון זייער גײַסטיקער וועלט איז ניט ווייניקער וויכטיק, זיי זאָלן זײַן באַקאַנט מיט די ווערק אויך אין זײַן מוטערשפּראַך. אייניקע איבערזעצונגען פון רוסיש אַף די נאַציאָנאַלע שפּראַכן ווערן מיט דער צײַט „פאַרעלטערט", אַף וויפל די קינסטלערישע קוואַליטעט פון די איבערזעצונגען באַפרידיקט שוין ניט די אויסגעוואַקסענע פאָדערונגען פון די לייענער, וועלכע זײַנען באַהאַוונט אינעם אָריגינאַל.

קימאַט אַלע אָנטיילנעמער פונעם שמועס האָבן אָפּגעמערקט די פּראָדוקטיווע טעטיקייט פונעם ראַט פאַר קינסטלערישע איבערזעצונגען באַם שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר, וועלכער האָט אין די לעצטע יאָרן אָפּגעטאָן א גרויסע אָרגאַניזאַציאָנעל־שעפערישע אַרבעט. אַף די קאָנפערענצן און פּלענומס פונעם ראַט, וואָס ווערן צונויפגערופן סיסטעמאַטיש, אַף דער דריטער אינטערנאַציאָנאַלער באַגעגעניש פון די איבערזעצער פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור זײַנען באַהאַנדלט געוואָרן די פּראָבלעמען פון דער קעגנזײַטיקער באַרײַכערונג פון די ברידערלעכע ליטעראַטורן פון די סאָוועטישע פעלקער. ס'איז פאָרגעקומען א נוצלעכער אויסטויש פון מיינונגען וועגן דער ראָליע, וועלכע עס שפּילן די איבערזעצונגען אין רוסיש, וועגן די אויפגאַבן פון די איבערזעצער אין שײַן פון די באַשלוסן פונעם XXV צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. עס זײַנען פעסטער געוואָרן די פאַרבינדונגען פונעם ראַט מיט די רעפּובליקאַנישע שרײַבערישע אָרגאַניזאַציעס.

איצט, האָבן געזאָגט די דעלעגאַטן און געסט פונעם צוזאַמענפאָר, וועלן די זאָרגן פונעם ראַט ווערן נאָך גרעסער. זײַן טעטיקייט וועט דאַרפן פאַרשטאַרקט ווערן, קעדיי זי זאָל אין די באַדינגונגען פון דער געזעלשאַפט פונעם אַנטוויקלטן סאָציאַליזם אַנטשפּרעכן דער אויסגעוואַקסענער באַדײַטונג פון דער מי פונעם איבערזעצונג־מײַסטער.

עס איז אויפגעהויבן געוואָרן די פראַגע וועגן אָפּקלײַבן אין דער ליטעראַרישער סוויווע באַגאַבטע יונגע ליטעראַטן און גרייטן פון זיי איבערזעצער־קאַדרען. מע האָט גערעדט וועגן דעם, אַז אַזעלכע טאַלאַנטן זײַנען איצט פאַראַן ניט בלויז אין מאָסקווע און לענינגראַד, נאָר אויך אין א סך געגנטן און רעפּובליקן.

אונטערפירנדיק די סאַכאַקלען פון דער דיסקוסיע, האָט דער פאָרטרעגער — דער פאָרזיצער פונעם ראַט פאַר קינסטלערישער איבערזעצונג באַם שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר מ. באַזשאַן באַטאָנט, אַז אין גאַנג פון דער באַהאַנדלונג זײַנען, פאַרשטייט זיך, באַרירט געוואָרן ניט אַלע פּראָבלעמען. אָבער די איקער־פראַגן זײַנען יאָ געשטעלט און באַטראַכט געוואָרן, און שפּעטער וועלן זיי ווי ווײַט מעגלעך געלייזט ווערן.

# דער שרײַבער — דאָס בוך — דער לייענער

אף די זיצונגען פון דער פּראָבלעמען-קאָמיסיע, וועמענס דעוויז עס איז געווען „דער שרײַבער — דאָס בוך — דער לייענער", זײַנען ארויסגעטראָטן די שרײַבער סערגיי סאַרטאַקאָוו, פּעטרוס בראַווקאַ, לעוו אָשאַנין, יורי פּראָקושעוו, אַרן ווערגעליס, וואַדים סאָבקאָ, וואָלאָדימיר פּימענאָוו, געאָרגי סווירידאָוו, די פאַרלאַג-אָנפירער ניקאָלײַ לעסיוטשעווסקי, אַלעקסאַנדער פּוזיקאָוו, דער ערשטער פאַרטרעטער פונעם פאָרזיצער פון דעם מעלוכישן קאָמיטעט פאַר אַנגעלעגנהײַטן פון פאַרלעגערישער טעטיקײַט אין פססר י. י. טשטשיקווישווילי אאַ.

די רעדנער האָבן אַנאַליזירט דעם דורכויסיקן פּראָצעס, וועלכער הייבט זיך אָן מיטן שעפעריש פאַרטראַכט פון דעם שרײַבער און פאַרענדיקט זיך אינעם באַוווסטזײַן פון דעם לייענער. עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אין וועלכע געביטן די ליטעראַרישע סוויווע האָט באַהערשט די נייטיקע הייכן און אין וועלכע געביטן זי איז נאָך אָפּגעשטאַנען, וואָסערע בלויז מע דאַרף פאַרהיטן און וועלכע טענדענצן און איניציאַטיוון אונטערכאַפּן און פאַרשפּרייטן.

**ווײַטער ברענגען מיר דעם טעקסט פון דער ארויסטרעטונג פון דעם דעלעגאַט פונעם צוזאַמענפאָר, דעם יידישן סאָוועטישן שרײַבער אַרן ווערגעליס, און די געקירצטע סטענאָגראַם פון דער סאַכאַקל-רעדע וועגן דער אַרבעט פון דער פּראָבלעמען-קאָמיסיע „דער שרײַבער — דאָס בוך — דער לייענער" פונעם דעלעגאַט פון צוזאַמענפאָר, דעם סעקרעטאַר פון שרײַבער-פאַרבאַנד פון פססר סערגיי סאַרטאַקאָוו.**

## אַרן ווערגעליס:

די דרײַ געײניקטע צווישן זיך באַגריפן „דער שרײַבער" — „דאָס בוך" — „דער לייענער", וועלכע מיר האָבן אויסגעקליבן אלס טעמע פאַר א מײַנונגס-אויסטויש אף אונדזער צוזאַמענפאָר, צייכענען פאַקטיש אָפּ די גרונט-ווענדונגען אף דעם וועג, וואָס איז אויסגעפּלאַסטערט מיט דער שעפערישער מי פון יעדן פון אונדז. אין טאָך גענומען, איז עס די אָפּשפּיגלונג פון יענער באַשײַנפּערלעכער לאָגיק, לויט וועלכער דאָס ווערק פון א שרײַבער איז מעסוגל צו זײַן פאַרעכנט אין אקטיוו פון דער ליטעראַטור בלויז דאַן, ווען עס איז דערגאַנגען צום לייענער, אָנגערירט זײַן נעשאָמע און זײַן באַוווסטזײַן און ארויסגערופן דעם נייטיקן אָפּקלאַנג.

אין דער מערהײַט פאַלן, ווי באַוווסט, ווערט דעם שרײַבערס קסאַוויאַד פּובליקירט פריִער אין א צײַטשריפט, און ערשט נאָך דעם גייט דאָס ווערק ארויס אין דער פאָרם פון א בוך. די פּעריִאָדישע אויסגאַבעס קאָן מען, הייסט עס, צוגלײַכן צו פּאָליגאָנען, ווו נײַע ווערק גייען דורך אַן אויספּרווו — צי זיי זײַנען פײַיִק צוציִען צו זיך די אופמערקזאַמקײַט פון די לייענער.

האָבנדיק דאָס אינזינען, וויל איך זיך דערלויבן (אָן מוירע זיך אָפּוועגדן פון דער טעמע) עטוואָס צו ענדערן די אויבנדערמאָנטע דרײַאיינקײַט און באַטיטלען מײַן ארויסטרעטונג אזוי: „דער שרײַבער — דער זשורנאַל — דער לייענער", ביפראַט, אז אין דער ליטעראַטור, וועגן וועלכער איך קלײַב זיך ריידן, אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור, האָט זיך געשאַפן אזא מאַצעוו, בא וועלכן אין מעשעך פון פיל יאָרן איז ניט געווען און ס'איז אויך איצט ניטאָ בוכשטעבלעך קיין איין ווערק, וואָס איז אין פאַרלאַג ארויסגעגאַנגען אין א בוך-פאָרם, ניט דערזעענדיק פריִער די ליכטיקע שײַן אף די שפּאַלטן פונעם ליטעראַרישן כוידעש-זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". און צי איז דער קאָרעקטיוו, וועלכן איך וועל אַרײַנטראָגן, ניט פאַרענטפערט כאָטשבי דערמיט, וואָס סײַ ביכער אין דער יידישער שפּראַך, סײַ דעם יידישן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" לאָזט ארויס איינער און דער זעלבער פאַרלאַג — „סאָוועטסקי פּיסאַטעל".

קוידעמקאָל איז נייטיק, ווײַזט אויס, דערציילן אײנקורצן וועגן דעם זשורנאַל און וועגן זײַנע אווטאָרן. עס זײַנען שוין דורכגעגאַנגען פופצן יאָר פון יענעם מאָמענט, ווען דער שרײַבער-פאַרבאַנד פון פססר איז צוגעטראָטן ארויסצוגעבן „סאָוועטיש היימלאַנד", און סע שײַנט צו זײַן ביז גאָר טשיקאַווע פאָלגנדעס. אינעם ערשטן נומער פון דעם זשורנאַל האָט די רעדאַקציע אָפּגעדרוקט א צעטל פון 113 אווטאָרן. צוריק מיט עטלעכע טעג האָבן מיר אָפּגעגעבן אין זאַץ דעם הונדערט-איין-און-זעכציקסטן נומער, וועלכער סאַכאַקלט אונטער דעם פופצניאָריקן וועג, און מיר האָבן ווידער צונויפגעשטעלט א צעטל פון די באַשטענדיקע אווטאָרן אף צו פּובליקירן עס. ארויסגעוויזן האָט זיך, אז די צאָל האָט זיך ניט פאַרקלענערט, נאָר איז אויסגעוואַקסן, זי באַטרעפט איצט 128. דאָס איז, אגעוו, דער בעסטער ענטפער אף די

פלאָפלערייַען פון די ציִעניסטן וועגן דער קלויזמערשטער „אויסלעשונג פון דער ייִדישער ליטעראטור אין סאָוועטנפארבאנד”. מיר ווייסן דאָך גוט, אז דער אוטאָרן־קאָלעקטיוו איז גרעסער געוואָרן, ניט געקוקט אָף די נאטירלעכע פארלוסטן (פאר די פארגאנגענע יאָרן זייַנען געשטאָרבן די באדייַטנדיקע ייִדישע שרייַבער מוישע טייף, איציק קיפּניס, נאטאן זאבארע, נאָכעם אויסלענדער, מאָטל גרוביאן, שיקע דריז, ז. ווענדראָף, יאנקעוו שטערנבערג, שיפרע כאָלאָדענקאָ אא.) און אויך ניט רעכענענדיק זיך מיטן פאקט, אז עס האָבן דעזערטירט פון דער סאָוועטישער ליטעראטור אזוינע ווי טעלעסין, בוימוואָל, שעכטמאן, אָשעראָוויטש, יאקיר, מאלטינסקי א. אנד., וואָס האָבן עמיגרירט קיין ייִסראָעל, אָנקומענדיק אָף דינסט צו אונדזער אידייִשן קעגנער.

די געשעענישן פונעם לעצטן יאָרצענדליק: די זעקסטאָגיקע מילכאָמע אפן נאָענטן מיזרעך, די אנטיסאָוועטישע דעמאָנסטראציעס — אמאָל אין ניו־יאָרק לעבן דער שטאבס־קווארטיר פון דער אָרגאניזאציע פון די פאריייניקטע נאציעס, אן אנדערס מאָל אין בריסעל בישכיינעס מיט די שטאבן פונעם צאָפן־אטלאנטישן פּאקט, נאָך אמאָל אין טעל־אוויוו אין קנעסעט, די אקציִעס פונעם קאלטן קריג, וואָס ווערן באגלייט פון גרילצנדיקע אידעאָלאָגישע אָרקעסטרען, אין וועלכע ליטערארישע פּראָפּאגאנדע איז נישט דאָס לעצטע פידל, — אָט די דאָזיקע געשעענישן האָבן ארויסגערופן אין דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור א שטארקן פּובליציסטישן שטראָם; דאָס האָט א שייַכעס ניט בלויז צו דעם עצעם פּובליציסטישן זשאנער, נאָר אויך צו דער פּראָזע, פּאָעזיע, קריטיק.

אויב ווארפן א בליק אָף דער ליטעראטור אין „סאָוועטיש היימלאנד” פאר די פינף יאָר, אָנגעהויבן פונעם 1971, איז דאָס בילד א דערפרייענדיקס. אין זשורנאל זייַנען פאר דער דאָזיקער צייַט פארעפנטלעכט געוואָרן 22 ראָמאנען, 340 דערציילונגען און דאָקומענטאלע פארצייכענונגען, ארום 1800 לידער, באלאדעס, פּאָעמעס. א היפּשע צאָל פון אָט די ווערק זייַנען לויטן כאראקטער בעעמעס הייַנטצייַטיקע. אויב, ווי מע זאָגט, פארפירן אָף זיי אן אנקעטע, וועט זי אויסזען בעערעך אזוי: צייַט פון דער האנדלונג — די יאָרן פונעם נייַנטן פינפיאָר; העלדן פון די ווערק — מענטשן פון אונדזער צייַט; זייער נאציאָנאליטעט — ייִדן, פּאטריאָטן פונעם סאָציאליסטישן היימלאנד, וועלכע לעבן צוזאמען מיט רוסן, אוקראיִנער, ווייַסרוסן, ליטווינער, מאָלדאוואנער אא. און מיִען זיך אין איין ארבעטס־קאָלעקטיוו מיט זיי; אָרט פון דער האנדלונג — די צעלינא (אין דער דאָקומענטאלער פּראָזע פון די מאָסקווער ייִדישע שרייַבער שמועל גאָרדאָן און שירע גאָרשמאן), די הייַנטיקע מענטשן־סוויווע אין דער אינדוסטריע, אפן טראנספּאָרט, אָף די נייַ־בויונגען (אין די פּראָבלעמאטישע פארצייכענונגען פון דעם קעשענעווער שרייַבער יעכיִעל שרייַבמאן, פון דעם טשערנאָוויצער כאיִם מעלאמוד, פון דעם אָדעסער נאָטע לוריע, פון דעם קיִעווער שרייַבער הערשל פּאָליאנקער), סיביר — דער מעכטיקער אינדוסטריִעלער און וויסנשאפטלעכער צענטער פונעם לאנד (אינעם ראָמאן פון טעוויע גען „אונדזער צייַט”, אין דעם לידער־ציקל פון כאיִם ביידער „אין סיביר”, ביידע אוטאָרן זייַנען מאָסקווער שרייַבער), די בויונג פון דער בייַקאל־אמורער מאגיסטראל (אינעם ציקל דאָקומענטאלע פארצייכענונגען פונעם ביראָבידזשאנער לעאָניד שקאָלניק), ביראָבידזשאן — די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט (אין די דערציילונגען, לידער, קינסטלערישע פארצייכענונגען פון די ביראָבידזשאנער שרייַבער בוזי מילער, העשל ראבינקאָוו, איציק בראָנפמאן, אין די איבערגעזעצטע אָף ייִדיש לידער און פארצייכענונגען, וועלכע עס האָבן אָנגעשריבן בייס זייער באזוך אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט די שרייבער פון די שוועסטער־ליטעראטורן — דער מאָלדאוואן פּעטריא דאריִענקאָ, די רוסן לידיע ליבעדינסקאיא און סערגיי דאווידאָוו, דער גרוזין מיכא קווילי־ווידזע).

ווי געזאָגט, דארף מען וועגן ליטערארישע ווערק אורטיילן לויט דעם, וואָס פאר א ווירקונג זיי האָבן אָף די לייענער און ווי שנעל און מיט וואָסער קויעך זיי רופן זיך אָפּ אין לעבן, דאָס הייסט — וועלכן אָפּקלאנג זיי האָבן. באזונדערס אָנשוילעך איז דאָס צו זען לויט דער פּובליציסטיק.

ניט לאנג צוריק איז אין אונדזער רעדאקציע געקומען דער רוסישער פּובליציסט ארקאדי סאכנין און דערציילט וועגן א טעמפּעראמענטפולער שרייבערישער ארייַנדרינגונג אין א לעבנס־צופאל, אין רעזולטאט פון וועלכער ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אז דער איצטיקער פּראָפעסאָר אפן סלאוויאניסטיק־פאקולטעט פונעם יעלסקער אוניווערסיטעט אין די פאריייניקטע שטאטן פון אמעריקע, דער מיטארבעטער פונעם ניו־יאָרקער עמיגראנטישן בלעטל „נאָוואָיע רוסקאָיע סלאָוואָ” וולאדימיר סאמארין איז אין די מילכאָמע־יאָרן געווען דער שטעלפארטרעטער פונעם רעדאקטאָר פון דער פאשיסטישער צייַטונג „רעטש” אין דער אָקופּירטער שטאָט אָריאָל. דער פאשיסטישער וואָלף, א פּאטאָלאָגישער אנטיסעמיט, האָט זיך איצט צוגעשלאָגן צו די אמעריקאנער ציִעניסטן, ארויסגעבנדיק זיך אלס „ייִדן־פרייַנט”. דער זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד” האָט מיט דער

גרעסטער שנעלקייט פארעפנטלעכט ארקאדי סאכנינס מאטעריאלן, צווישן זיי — פאַטאַקאָ־פּיעס פון סאמארינס ארטיקלען אין „רעטש”, אָנגעשריבענע אין סטיל פון געבעלס — ראָזענ־בערג, ווי אויך די פאַטאַקאָפּיע פון א צייטונגס־אינפאָרמאציע וועגן דעם, אז אין שייכעס מיטן געבורטסטאָג פונעם פירער איז דער פארע־טער סאמארין באַלוינט געוואָרן מיט אן איי־זערנעם קרייץ.

דער סיגנאל האָט דערגרייכט דעם ציל. די צייטונגען פון פּשא, פראנקרייך און אנדערע לענדער האָבן איבערגעדרוקט סאכנינס ארטיקל. די ארויסטרעטונג פון „סאָוועטיש היימלאנד” איז ניט געפעלן געוואָרן די ציוניסטן. אָבער די זאַך איז אָפּגעטאָן. דער ניו־יאָרקער זשור־נאליסט סיד רעזניק, לעמאָשל, האָט געשריבן אין דער צייטונג „מאָרגן־פרייהייט”: פאקטן וועגן רוסישן פאשיסט און זיין אנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע זיינען אופגעדעקט געוואָרן אין „סאָוועטיש היימלאנד”. איינער פון די מיטאר־בעטער פונעם יעלסקער אוניווערסיטעט האָט מיר געזאָגט, אז דער דעפּאַרטאַמענט האָט אָנ־געהויבן אונטערזוכן סאמארינען מיט א פּאָר וואָכן צוריק, אזוי שנעל, ווי די אינפאָרמאציע, וואָס איז דערשינען אין „סאָוועטיש היימלאנד”, איז אָנגעקומען...

ניט ווייניק פאקטן, גענומענע פון אונדזער טאָגטעגלעכער פראקטיק, זאָגן איידעס, אז די דריי־אייניקייט „דער שרייבער — דאָס ווערק — דער לייענער” איז ניט קיין אקאדעמישע סכע־מע, נאָר א פּאַרקערפּערונג פון לעבנס־דערשיי־נונגען, וועלכע שפּיגלען אָפּ דעם צוזא־מענשטויס פון מיינונגען און אידייען.

אין דער לעצטער צייט קומט אויס דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד” צו פירן א שארפע פּאָלעמיק מיט דער אָקאָרשט דערמאָנ־טער אמעריקאנער יידישער צייטונג „מאָרגן־פרייהייט”, וועמענס רעדאקטאָרן זיינען אָפּגע־גאַן פון דער פּלאַטפאָרם פון די פּראָגרעסיווע קרייזן. און איך גלייב, איר וועט מסכים זיין, כאַווירים, אז די פּובליציסטן פון „סאָ־וועטיש היימלאנד” האָבן געהאט א סמאַך צו זיין צופרידן, ווען די אמעריקאנער קאָמוניסטן האָבן אונדז צוגעשיקט איינס פון די פלוג־בלעטלעך, וואָס זיי האָבן אָנגעדרוקט אָף צו פארשפּרייטן צווישן די פּראָגרעסיווע יידן, אָנ־טיילנעמער פון די ערשטמייַיקע פייערונגען, און ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער טעקסט פונעם פלוג־בלעטל — דאָס איז אן ארטיקל פון „סאָוועטיש היימלאנד”, אין וועלכן עס ווערט אופגעקלערט, וואָס פאַר א געפאַר עס טראָגן מיט זיך די רענעגאטן.

צום באדויערן, זיינען אינעם שאפן פון איי־ניקע שרייבער, און באטרעפלעך אין זשור־נאל „סאָוועטיש היימלאנד”, נאָך ניט אינגאנצן אויסגעלעבט די טענדענצן פון די אמאליקע צייטן, ווען מע פלעגט האלטן, אז יידישע פּראָ־זאיקער, פּאָעטן, פּובליציסטן דארפן זיך באַ־גרענעצן בלויז מיט דעם ענג־נאציאָנאלן טעמאַ־טישן און פּראָבלעמען־דיאַפּאַזאָן. ס'איז אויך א שאָד, וואָס אינעם קרייז שריפטשטעלער, וועל־כע רופן זיך אָפּ אָפּעראַטיוו אָף די לויפנדיקע געשעענישן, זיינען דערווייל נאָך אריינגעצויגן ווייט ניט אלע אווטאָרן פון „סאָוועטיש היימ־לאנד”. פאראן, אויסער דעם, אנדערע בלויזן, וועלכע עס שטייט פאַר צו פארפולן. אָבער אויב ריידן וועגן ברייטן מאסשטאב, איז אויסער יעדן סאָפעק דער גוטער רעזולטאט פון דער אקטיווער שעפערישער טעטיקייט פון די סאָ־וועטישע יידישע שרייבער אין פּראַט פון ווירקזאמקייט בענעגייע די לעבנס־דערשיי־נונגען דארף הויך אָפּגעשאצט ווערן דער אידייישער אָנגלי פון די ווערק פון די סאָווע־טישע יידישע שרייבער, אדאנק וואָס עס ווערט געגעבן א פילבארער קלאַפּ איבער דעם ציע־ניזם, וועלכער סטאַרעט זיך צו דערווייזן, אז, קלוימערשט, ער איז מער שוין ניט פיינטלעך צום פאָלקס־לאָשן יידיש, צו דער ליטעראַטור פון שאָלעם־אליינכעמען, דאָוויד האָפשטיינען, איזי כאַריקן, איציק פעפערן, דאָוויד בערגעל־סאָנען. אין א פּאָר כאַדאָשים ארום קלייבן זיך די ציוניסטן דורכצופירן אן אָרדנטלעכן „אַל־וועלטלעכן” באַלאַגאַן — דאָס מאָל ארום די אָנ־געלעגנהייטן פון דער קולטור און ליטעראַטור אָף יידיש. זיי האָפן אריינצונאָרן אין זאל פון אַט דער קאָנפערענץ שרייבער פון פארשיי־דענע לענדער, קעדיי פארוואנדלען זיי אין א געצייג פאַר דעם קאלטן קריג. פון דער טריי־בונע פונעם VI צוזאמענפאָר פון די שרייבער פונעם סאָוועטנפארבאנד איז נייטיק צו מעלדן, אז די עכטע שעפער פון דער יידישער ליטע־ראַטור וועלן ניט גיין מיט די ציוניסטן — די פּאַרדארבער פון דער יידישער קולטור און ליטעראַטור, — זיי וועלן ניט אָנטיילנעמען אין דעם נייעם ציוניסטיש־פּראָפּאַגאַנדיסטישן יאַריד.

די סאָוועטישע יידישע ליטעראַטן מעלדן, אז ס'איז ניט מעגלעך זיי אָפּצוטיילן פון זייער סאָציאַליסטיש היימלאנד, פון לעבנס לאנד, פון דער ברידערלעכער מישפּאָכע סאָוועטישע פעלקער — די שעפער פון א נייַ לעבן.

## ס ע ר ג י י  ס א ר ט א ק אָ ו ו :

אַלעקסיי מאקסימאָוויטש גאָרקי האָט אָנגערופן די ליטעראטור מענטשנקענטעניש. טראכטנדיק וועגן דעם מעהוס פון דער שרײַבערישער מי, האָט ער זיך געווענדט קוידעם־קאָל צום מענטשן, טאקע אינעם מענטשן האָט ער געזען דעם הויפּט־אָביעקט פון שעפערישער טעטיקייט.

אָט פארוואָס די סאָוועטישע שרײַבער, ווען זיי נעמען אַף זיך די בעקאָוועדיקע און פאראנטוואָרטלעכע מיסיע פון מענטשנקענטעניש אין דער גאנצער פילארטיקייט פון די זיטלעך־סאָציאלע אספּעקטן, זעען אין איר אן אקטיווע קראפט.

אין דער שעפערישער מי פונעם שרײַבער איז דער מענטשנקענטעניש אונטערגעאָרדנט אויך די גאנצע גרענעצלאָזע רײַכקייט פון די סטילן, פאָרמען, שילדערונגס־מיטלען. בלויז איין זאך טאָר מען ניט: ארײַנווארפן דעם לייענער אינעם טהאָם פון גײַסטלאָזיקייט, פון פארלירן די פערזענלעכע אָנגעהעריקייט צו דער שעפערישער מי פונעם גאנצן פאָלק.

די עמעסע פרײַז פונעם טאלאנט באשטימט בלויז דאָס פאָלק. און די צײַט. ווען מיר טראכטן מיקויעך דעם וועג, מיט וועלכן דער שעפערישער געדאנק פונעם שרײַבער דערגייט צום הארצן פונעם לייענער, פארשטייען מיר דערמיט, אז אָט דער געדאנק, ווען ער ווערט פארוואנדלט אין א בוך, ווארט אַף אים דער לייענער מיט אומגעדולד. דאָס בוך איז דאָס גײַסטיקע ברויט פון יעדן טאָג. עס איז וויכטיק, אז דאָס דאָזיקע ברויט זאָל שטענדיק זײַן פריש, געשמאק און זעטיק!

מיר ווילט זיך אין נאָמען פון אונדזער קאָמיסיע „דער שרײַבער — דאָס בוך — דער לייענער" — ווענדן די אויפמערקזאמקייט פון די דעלעגאטן אַף דער זײַט פון דער פראגע, וועלכע באלאנגט צו דעם, ווי פון א קינסטלעריש ווערק ווערט געבוירן א געדרוקט בוך.

פונעם קסאוויאד — צום בוך, פונעם בוך — צום לייענער.

די ליטעראטור אינעם ברייטן זין פון וואָרט איז א נאָכאנאנדיקער פראָצעס. איינע מײַסטערס גייען אוועק, איבערלאָזנדיק זייער טיפן שפּור, וואָס לאָזט זיך ניט אָפּמעקן, די צווייטע קומען.

די צאָל אווטאָרן, וועלכע נעמען אן אָנטייל אינעם שאפן די קינסטלערישע ליטעראטור, וואקסט פון צוזאמענפאָר צום צוזאמענפאָר. אויב אין 1970 האָט דער פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל" ארויסגעגעבן 343 ביכער מיט אן אלגעמיינעם טיראזש פון 12 מיליאָן 663 טויזנט עקז., האָט די צאָל ביכער, וועלכע דער זעלבער פארלאג האָט ארויסגעלאָזט אין 1975, שוין באטראָפן 404, און זייער אלגעמיינער טיראזש — 17 מיליאָן 97 טויזנט עקזעמפּליארן. אינעם צענטן פינפיאָר וועט, לויט אונדזערע אויסרעכענונגען, אויך ווײַטער וואקסן דער ארויסלאָז פון קינסטלערישער ליטעראטור.

דאָס פארפליכטעט אלע רינגען, וועלכע פארייניקן די קייט „דער שרײַבער — דאָס בוך — דער לייענער", זיי זאָלן צוגיין מיט מאקסימאלע פאָדערונגען צו דער אידייִש־קינסטלערישער קוואליטעט פונעם ווערק.

די שרײַבער אין די פארלאגן זײַנען שטענדיק געוווּנטשענע מענטשן: סײַ אלס אווטאָרן, סײַ אלס רעצענזענטן, סײַ אלס רעדאקטאָרן, אלס מיטגלידער פון די רעדאקציע־ראטן. די פארלאג־פלענער ווערן פאנאנדערגעארבעט ניט אין דער שטילקייט פון די קאבינעטן. אינעם צונויפשטעלן זיי נעמען, אין דער אָדער אנדערער פאָרם, אן אקטיוון אָנטייל די שרײַבער.

לאָמיר זיך אָבער אומקערן צו דעם מאָמענט, ווען דער מאנוסקריפּט איז, לויט דער מיינונג פונעם אווטאָר, שוין גענוג גרייט, אז מע מעג אים דרייסט אנידערלייגן אַפן טיש פונעם רעדאקטאָר פון זשורנאל אָדער פארלאג.

אוואדע האָט יעדער זשורנאל אָדער פארלאג זײַן שטענדיקן קרײַז אווטאָרן, פונקט ווי יעדער אווטאָר האָט זײַן באליבטן זשורנאל און באזונדערס באליבטן פארלאג, וואָס דאָס שטערט, אגעוו, לאכלוטן ניט יעדן איינעם צו בײַטן זײַנע סימפּאטיעס. איך רייד וועגן דעם דערפאר, ווײַל די פארלאגן האָבן זייערע ספּעציפישע אייגנשאפטן און מעגלעכקייטן, און יעדערער פון זיי קאָן ארײַנטראָגן אין זײַן ארבעט די נייטיקע פארפולקומונגען. אָבער די באדערפעניש צו פארקלענערן די טערמינען פון די סטאדיעס, וועלכע די מאנוסקריפּטן מוזן דורכמאכן, איז רײַף געוואָרן. עס איז דאָך באוווּסט, אז פיל ביכער, ווען זיי ווערן ארויסגעגעבן צו דער צײַט, לויט די הייסע שפּורן, איז זייער ווירקונגס־קראפט אָן א שיר א גרעסערע.

איין זאך אָבער איז אָפּדרוקן דאָס בוך, א צווייטע זאך — דאָס בוך זאָל זיך אײַנבאקן אין הארצן פונעם לייענער, ברענגען אים א גײַסטיקן נאכעס־רועך און אויפהייבן אים, דעם לייענער, העכער, מאכן אים שטארקער, דאָס הייסט דערשלאָגן זיך דערצו, צוליב וואָס, אייגנטלעך, מע שרײַבט טאקע ביכער.

נאָר אָט איז דאָס ווערק פונעם שרײַבער געוואָרן א בוך. לויט דער אלגעמיינער סטא־

טיסטיק איז די פאָדערונג אַף ביכער זייער גרויס. פונדעסטוועגן, אָבער, איז ניט נאָך יעדן נײַעם בוך שטעלן זיך אויס רייען אין די ביכער־קראָמען און אין די ביבליִאָטעקן. פאראן אויך ניט ווייניק אזעלכע ביכער, וועלכע מוזן לאנג ווארטן, ביז דעם לייענערס האנט גיט זיי א בלעטער.

איך וויל ניט איבערכאזערן דאָס וואָרט „גרוי". בארג־קייטן באשטייען ניט בלויז פון שײַנענדיקע שפיצן. און ניט אלץ, וואָס ליגט נידעריקער פון אָט די שפיצן, איז הוילער מידבאָר. עס זײַנען נאָך פאראן, פּראָסט גערעדט, גוטע ביכער. אזוי צי אנדערש, באשטימען זיי אין זייער מערהײַט דעם פונקט, פון וועלכן מע מעסט די הייך פון די שײַנענדיקע בארג־שפיצן. און דער דאָזיקער פונקט ווערט אלץ העכער. און די עמעסע, די קעמפערישע „גרויקײַט" דארף מען גאָר ניט דערפירן ביז א בוך, מיט איר דארף מען קעמפן נאָך אין מאנוסקריפּט. ביכער שרײַבט מען פארן פאָלק, און דאָס פאָלק איז זייער ריכטער. אָבער א ספּעציפישער ריכטער. אָן אורטייל, וואָס ווערט ארויסגעטראָגן דורך דער ליבע אָדער גלײַכגילט צום בוך.

אלזאָ, דער רינג, „דאָס בוך — דער לייענער". אין אומיטלבארן באטײַט פארשאפט אָט דער רינג די אווטאָרן ווייניקער זאָרג און דײַגעס, איידער דער רינג „דער שרײַבער — דאָס בוך". דער אווטאָר ווייסט, אז א בוך, וואָס איז ארויס פון דרוק, וועט ווערן פארקויפט: איין בוך — פאר עטלעכע שאָ, א צווייט בוך — פאר עטלעכע טעג, א דריט בוך — זאָל זײַן אפילע פאר עטלעכע כאדאָשים. אלע טערמינען פון רעאליזירן די ביכער זײַנען מאמעש מיזערנע — אזוי גרויס איז דער נאָכפרעג פון די לייענער!

דער אזשיִאָטאזש איז ניט שטענדיק דער עמעסער צײַגער פון די הויכע אייגנשאפטן פון דער סכוירע, איבער וועלכער ער קומט אוף, עס טרעפט, אז דער געהעכערטער נאָכפרעג פון די לייענער קימאט אַף דער גאנצער ליטעראטור שאפט אויך אין די פארלאגן א געוויסע גוטהארציקע שטימונג בענעגייע דער פּראָדוקציע, וועלכע זיי גרייטן פארן ביכער־מארק.

אין דער טריִאדע „דער שרײַבער — דאָס בוך — דער לייענער" זײַנען געוווּנטשן און נייטיק אלע פאָרמען פון גײַסטיקער פארבינדונג מיטן פאָלק. די סאָוועטישע ליטעראטור קאָן זיך ניט אנטוויקלען לויטן אלטן פּרינציפּ „דער שרײַבער שרײַבט, דער לייענער לייענט", לויט דעם פּרינציפּ, וואָס וו. אי. לענין האָט וועגן אים גערעדט ווי וועגן א דערשײַנונג, וועלכע האָט לאכלוטן קיין שײַכעס ניט צום געזעלשאפטלעכן בארוף פון דער ליטעראטור.

זייער קאָנסטרוקטיוו איז געווען די ארויסטרעטונג אַף די זיצונגען פון אונדזער קאָמיסיע פון י. טשכיקווישווילי, וואָס האָט גערעדט וועגן די מאָסמיטלען, וועלכע עס נעמט פאָר דער מעלוכישער קאָמיטעט פון פארלאג־וועזן, שטרעבנדיק צו פארגרעסערן דעם ארויסלאָז פון קינסטלערישער ליטעראטור.

טיף און אינהאלטסרײַך זײַנען די רעדעס פון פּ. בראָווקא, וו. באליאסני, ק. אמבראסאס, ל. ברידאק, א. טאם, ס. דאנילאָוו. זיי האָבן באריִרט א ריי וויכטיקע, טאָגטעגלעכע פראגן וועגן ארויסגעבן אונדזער פילנאציִאָנאלע ליטעראטור, פראגן, וואָס פארדינען, מע זאָל זיי גענוי באטראכטן.

א גוטן ענטפער אייניקע אויסלענדישע רעכילעסטרײַבער האָט געגעבן א. ווערגעליס, ברענגענדיק בוילעטע בײַשפּילן פון די גרויסע שעפערישע דערפאָלגן פון די שרײַבער, וועלכע שאפן זייערע ווערק אין יִידיש. דער פאָרטפעל פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" ווייסט ניט פון קיין מאנגל אין מאנוסקריפּטן.

דאָס בוך איז דער מאטעריִאליזירטער גערדאנק פונעם שרײַבער — די מי, אין וועלכער עס ווערן ארײַנגעלייגט אלע גײַסטיקע קרעפטן, די בירגערלעכע שטרעבונג צו מאכן זי נוצלעך פאר דער געזעלשאפט.

און עס איז ניטאָ קיין זאך, וואָס זאָל זײַן פרעכטיקער, איידער ארבעטן, וויסנדיק, אז דײַן מי איז נייטיק די מענטשן.

נאָכן צוזאמענפאָר האָט די „פּראווּדא", צווישן אנדערס, געשריבן:

„א גרויסע געשעעניש אינעם געזעלשאפטלעכן און קולטורעלן לעבן פונעם לאנד איז געוואָרן דער נאָרוואָס פארענדיקטער VI צוזאמענפאָר פון די שרײַבער פונעם סאָוועטנפארבאנד. דאָס פּינפּיאָר, וואָס איז פארלאָפן זינט דעם פאָריקן שרײַבערישן פאָרום, איז ארײַן אין דער געשיכטע מיט גלענצנדיקע דערפאָלגן אין דער אנטוויקלונג פון דער פילנאציִאָנאלער סאָוועטישער ליטעראטור, — זי טרעט הײַנט ארויס אין פולן פּראכט פון אָריגינעלע טאלאנטן און באגאבונגען, קינסטלערישע פאָרמען און סטילן, וועלכע ווערן אויסגעארבעט אפן סמאך פונעם מעטאָד פון סאָציִאליסטישן רעאליזם. פון דער טריבונע פון זייער אָרדנטלעכן צוזאמענפאָר האָבן די שרײַבער מיט באפרידיקונג גערעדט, אז אין לאנד איז געשאפן געוואָרן א געבענטשטע אטמאָספער, וואָס דערמוטיקט, ווי נאָך קיינמאָל פריִער, צו קאָנצענטרירטער שעפערישער מי, צו דרייסטע קינסטלערישע זוכונגען."



**מיר אינפאָרמירן אונדזערע לייענער**

# א בריוו און אן ענטפער

כּאָשעװע רעדאַקציע פֿון „סאָװעטיש היימלאַנד"!

מיר האָבן געלייענט װעגן דעם, אַז דער אַמעריקאַנער ייִדישער דיכטער מאַרטין בירנבױם — אײנער פֿון די „געװעזענע" — האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ליד, אין װעלכער ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַזױ נידעריק ביז שרײַבן װעגן דעם סאָװעטנפֿאַרבאַנד: „נישט מיט אָנזאָג פֿון באַגינען פֿלאַטערט דאָרט שױן מער דער רױטער שטערן" און — „ס'האָט שױן לאַנג אַ װוּט אַ שװאַרצע זיך אַף יענער ערד צעגאָסן"...

מיר װעלן דאָ ניט גײן פֿירן װיקוכים מיט אַזאַ אײנעם, װאָס האָט פֿאַרלאָרן דעם געװיסן. אָבער אַ פֿראַגע מוז דאָך געשטעלט װערן:

געשיקט זיך, האָט אין דער פּראָגרעסיװער ייִדישער סװיװע פֿון פּשאַ זיך ניט געפֿונען קײן אײן ייִדישער שרײַבער, װאָס זאָל אָפּגעציטערט װערן פֿון אַזאַ נידערטרעכטיקן אַנטיסאָװעטיזם?

יודל גאַנין, פֿאַניע ברױדע, אַלעקסאַנדער ראָזנבערג, גריגאָרי קאָװאַל.
אַרבעטער פֿונעם אוראַלער מאַשינבױ־זאַװאָד (סװערדלאָװסק), שטענדיקע לײענער פֿון „סאָװעטיש הײמלאַנד".

## כּאַ:ים שװאַרץ (פּשאַ)

### פֿאַרשעם ניט די נעכטיקע לידער...

„קלינגען הײַנט הױל
יענע הױכע געזאַנגען"...
ס'ליד פֿון די זינגער —
ס'ליגט האַרב אַפֿן האַרצן
פֿון נעכטנס ס'געזאַנג"...

מאַרטין בירנבױם

אין שאָען פֿון אײַנזאַמע, שלאָפֿלאָזע
נעכט, —
מיט שאָלעם־כאַלױמעס — פֿון דױרעס
געגנערטע —
פֿאַרשעם ניט, פּאָעט, דײַנע נעכטיקע לידער,
זײ האָבן צו מיזרעך די אױגן געװענדט...
װאָס אױסגעשמידט האָסט אין צעפּלאַם פֿון
געפּעכט,
ס'האָט לעבן־זאַפֿט רױ אין די לידער געטריפֿט...
װען שאָל פֿון געװיטערס — פֿון הױלן
דערנידער —
פֿון פּאַרגײיער שטאָלצע געשעפּט האָסט יעניקע,
פֿון פֿאָלקישע קװאַלן, װאָס בױערן טיף;
צעהילכט איבער ערד האָט דאָס מענטשלעכע
רעכט.
עס האָבן דאַן פֿערזן געשפּרײט זיך, װי בריקן,
און ניט מיט קײן װערטער, װי שפּילצײַג,
געשטיפֿט.
די נעכטיקע לידער, װי האַמערס אין
הענט,
מיט זײ — אין פֿאַרמעסטן, מיט זײ — אין
אין שטורעם געבױרענע, שטורעם־געגנערטע,
געװעט;
זײ האָבן צעשפּליטערט די רײַזנשע װענט;
אין זײ — פֿונעם גלױבן די ליכטיקסטע פֿונקען;

אין זיי — דער צעפלאקער פון קעמפער־פּאָעט;
פון זיי האָבן זקיינים און קינדער געטרונקען
דעם ווײַן פון ניצאָכן אין כאָרעווע שטעט...

דער נעכטיקער ניגן צעבויערט דעם צאר
די נעכטיקע לידער — וואָס זײַנען דערווידער —
עס טליִעט אין זיי נאָך דער נעכטיקער זשאר;
פאַרזיגלט אין זיי ווערט ווי נעכטן, הײַנט
ווידער
פאר רויב און פאר רישעס דער אייביקער
גזאר...

אין שאָטן־געקלאמער, אין זוניקן בראנד, —
מיר וועלן זיי טראָגן, ווי מוישעס געבאָטן,
מיט ליבע צום פּאָלק ביז צום ענדלאָזן ראנד.
נאָר יענע, וואָס האָבן די פּאָנען צעטראָטן,
ניט אָפּטאָן פון זיי וועט זיך קאַינשע שאַנד.

דער וועג איז געשטיינערט פאר איטלעכן
טראָט...

ווי אָפּט איז דער ברודערשאפט־כאָלעם
געוואָרן
באַשפּיגן פון ציניקערס פוילן געשפּאָט;
נאָר ניסימדיק לויכט ער, ווי ווידער געבוירן,
אין לויטערן אָפּשײַן פון דיכטערס גענאָד.

דער ניגן פון נעכטן דעם מאָרגן באגריסט;
די נעכטיקע לידער, ווי נעכטיקע טאטן,
זיי ווערן אויך הײַנט ניט פאַרהילכט, ניט
פאַרווישט;
אויב וועסט זיי אין אייגענעם האַרץ ניט
פאראטן, —
דאן האָסטו געמיט זיך, מײַן פרײַנט, ניט
אומזיסט.

דעם ייִעש, וואָס ראַרעמט אין בלוטן, צעטרעט!
באקלאָג ניט דײַן נעכטיקן הייסן צושטײַער,
אָף ליפּן אָף דײַנע ניט ברענג קיין אלכעט.
אין גאנג פון באפליגלטע וועלטן־באנײַער, —
די נעכטיקע לידער פאַרשעם ניט, פּאָעט!

## אין ענטפער פון רעדאקציע

כאַשעווע כאַווײרים, ארבעטער פונעם אוראלמאַשזאַוואָד יודל גאַנין, פאַניע ברוידע, אלעקסאנדער ראָזנבערג, גריגאָרי קאָוואַל!

ווי איר זעט פון כאַים שווארצס ליד „פאַרשעם ניט די נעכטיקע לידער", איז אין דער פּראָגרעסיווער ייִדישער סוויווע פון אמעריקע נאָך ניט פאַרשוווּנדן דער רוף פון אכרײַעס, דאָס קאָל פון געוויסן.

פאַרשטייט זיך, דאָס אראָפּקײַקלען זיך ביז אָפענעם פאַראַט מיצאַד אָן אוילעם „געוועזענע" — סײַ אין דער פּרעסע און אין די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, סײַ אין דער ליטעראַטור — רופט ארויס א ברענענדיקן געפיל פון ווייטעק און פאַרדראָס בא אלעמען, וועמען עס זײַנען טײַער די רעוואָליוציִאָנערע שלאַכט־טראַדיציעס פון די ייִדישע מאַסן. מע דאַרף אָבער ניט איבערשאַצן די געזעלשאַפטלעכע וואָג פון אַזעלכע רענעגאַטן, ווי דער דיכטער מארטין בירנבוים, און, לעמאָשל, אין פּשאַ, די איצטיקע רעדאַקטאָרן פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" און ֿפונעם זשורנאַל „ייִדישע קולטור". אין אלע צײַטן זײַנען פאַראַן אויספּרוּוו־מאָמענטן, בײַס וועלכע עס קומט פאָר א שאַרפע צעגרענעצונג פון פאַרשיידנגע־שטאַלטיקע עלעמענטן אין די מאַסן־באַוועגונגען. אין דער ייִדישער סוויווע איז עס דער קימאַט שוין צעניאָריקער צײַט־אָפּשניט נאָך דער זעקסטאָגיקער מילכאָמע אָפן נאָענטן מיזרעך. דער געדיכטער רויך, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן פון די ציִעניסטישע פּראָפּאַגאַנדע־שײַטערס אָף צו פאַרמאַסקירן די רעאַקציִאָנערע דאָגמעס, וואָס דער ציִעניזם איז צוגעטראָטן צו רעאַליזירן אונטער דעם אַקאָמפּאַנעמענט פון אָן אָקופּאַציע־אַרמיי, — דער דאָזיקער רויך האָט פאַרטשאַדעט מיט זיך א סאַך שוואַכע קעפּ. דערבײַ זײַנען אייניקע בלויז אָפּגעפּאַלן פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג; אַנדערע האָבן זיך אראָפּגעלאָזט ביז פאַראַט — זיי טראָגן זיך ארום איבער די אידעאָלאָגישע מערק מיט צעיושעטער אומפאַרשעמטקײַט און טוען אַלץ, קעדיי שווערער מאַכן דעם קאַמף פון זייערע אַמאָליקע כאַווײרים, שעדיקן דער זאַך, וואָס איז אַמאָל געווען זיי נאָענט. זיי שפּײַען אָף די הײליקײַטן, טרעטן מיט די פיס די פאָנען. מיט דערנידעריקונג זוכן זיי א וועג צום האַרצן פונעם סוינע, קעדיי אים צוניץ קומען, נויסע־כיין זײַן בא אים, זיך אָנבעטן אלס שוטפים צו זײַנע אַקציעס. מיט אַזעלכע רענעגאַטן איז איצט פול די „ייִדישע גאַס". געגנוג צו דערמאָנען די „ציִעניסטישע קאָמוניסטן" פונעם סנע־און מיקוניס־שניט, די פּראָוואָקאַטאָרן סמאָליאַר, קאָרמאַן און אַנדערע געוועזענע דאָגמאַטישע לינקאַטשעס צווישן די טוער פונעם ייִדישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד אין פּאָלקס־פוילן, די דעזערטירן פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור...

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ קאָן נישט ניט אַרויסרופֿן אומרו. נאָר פֿון דער צווייטער זײַט, איז פֿון היפּשער באַדײַטונג דאָס, וואָס עס האָט זיך ניט אײַנגעגעבן די רעגנאַטן צו פֿאַרבלענדן עמעצן די אויגן און אָנגעבן זיך פֿאַר מענטשן מיט אַן אידיי. אומעטום ווייסט מען זיי שוין ווי אידיייִשע פּאַכדאָנים, איבערלויפֿער, וועלכע האָבן, בעשאַס דער סוינע איז אַרויס אין גאַס אָף אַ געשלעג, געגנומען אים אונטערטראָגן שטיינער. די אָפּטרינניקע וועלן פֿאַרגיין, דאָס פֿאָלק, זײַנע פּראָגרעסיווע טראַדיציעס, זײַנע אָרגאַניזאַציעס, זײַן פּרעסע, זײַן ליטעראַטור — וועלן בלײַבן אָדער ווידער אופֿגעשטעלט ווערן.

וואָס איז שײַעך ספּעציִעל דעם דיכטער מאַרטין בירנבוים און זײַן ליד „אין טרויער און דערשיטער", וועגן וועלכער איר שרײַבט אין אײַער בריוו, איז קעדײַ בא דער איצטיקער געלעגנהײַט אופֿלעבן אין זיקאָרן אייניקע פֿראַטים, עס זאָל באַוווּסט ווערן סײַ וועגן דער שענדלעכער געפֿאַלנקײַט פֿונעם אווטאָר, סײַ וועגן דעם וואָיצאַקו, וואָס עס האָבן אופֿגעהויבן אַרום דער ליד די הײַנטיקע אַנטיסאָוועטיסטן אין פּראָגרעסיווע שלייערס.

בירנבוים געהערט צו דעם עלטערן דאָר אַמעריקאַנישע ייִדישע שרײַבער. ער האָט שוין צעביטן דעם אַכטן צענדליק. אין דער יוגנט האָט ער געהערט צו דער „פּראָלעטפּען"־גרופּע, דרוקנדיק לידער אָפּט פֿון אָט אַזאַ נוסעך:

איך זינג פֿון אופֿבוי, סאָוועטישער שטערן
ליכטיקט מיט אָנזאָג דורך וועלטישע ספֿערן.
און רויב־קלאַס אין פּאַניק, אין טויטלעכן ציטער —
פֿאַרגרייט שוין דעם בלוטיקסטן „רעטונגס"־געוויטער...
. . . . . . . . . . . . . . . . . .
פֿאַר וועלט פֿון סאָוועטן! פֿאַר ליכטיקן מײַ!
ס'איז קעמפֿן אָף טויט און אָף לעבן קעדײַ!
(מײַ, 1935)

צו אַן אַנטוישטן אין רעוואָליוציאָנערן קאַמף האָט בירנבוים אין יענע צײַטן געהאַט אַ גאַנץ האַרבע שטעלונג:

איך קוק מיט באַדויער, איך קוק מיט פֿאַראַכט
אָף דעם־אַ מין ביטער־געגנאַרטן,
ער האָט ניט געלערנט אין פֿלאַמען פֿון שלאַכט
די קאַמפֿס־שווערד אין פֿײַער פֿאַרהאַרטעווען.
(מאַרט, 1936)

עס פֿלעגט טרעפֿן, אַז דעם „באַדויער"־ און „פֿאַראַכט"־מאָטיוו האָט ער אָנגעווענדט צו זיך אַליין:

ס'איז קליינלעך? יאָ, דאָס שטיקל א י ך,
עס לאָזט ניט אָפּ; עס איז אַן אײַנגעשפּאַרטס.
דער באָלשעוויק אין מיר איז פֿעסט —
נאָר ס'טוט אַמאָל דער אינדיוויד,
דער א י ך
אַ שפּאַר צום האַרץ...
(מײַ, 1935)

פֿון די געבראַכטע סטראָפֿעס איז ניט שווער זיך פֿאַרצושטעלן, וואָס פֿאַר אַ געדאַנקען־גאַנג און געפֿילן־וועלט עס האָט אויסגעדריקט אין זײַן שאַפֿונג אין די 30־ער יאָרן דער דיכטער מאַרטין בירנבוים. אין מעשעך פֿונעם לעצטן פֿערטל יאָרהונדערט האָט ער קיין לידער־זאַמלונג ניט אַרויסגעגעבן, און אָט איצט, ווען אין די אַמאָל־רעוואָליוציאָנערע ייִדישע אויסגאַבעס אין ניו־יאָרק איז אַרײַן אין דער מאָדע דער כוצפּע־טאָן אין באַצוג צום סאָ־וועטנפֿאַרבאַנד, האָט ער מיט איין שמוציקן פֿיר מיט דער פֿען געפּרוווט זיך מאַכן אַ העמשעך אין דער דיכטערישער ביִאָגראַפֿיע. ער האָט אָנגעשריבן עטלעכע היסטערישע, אין זײַן מאַניר, פֿערזן פֿון אַ רענעגאַט — די ליד „אין טרויער און דערשיטער", און דער אַרופֿגעפּירטער אָף אַנטיסאָוועטישע רעלסן זשורנאַל „ייִדישע קולטור" האָט עס גלײַך פֿאַרצוקערט.

ס'איז שיר ניט דערגאַנגען צו אַ סקאַנדאַל. דער אָפֿענער אַנטיסאָוועטישער טאָן פֿון דער ליד האָט געצווונגען אַפֿילו פּ. נאָוויקן, וואָס איז איינער פֿון די מיטרעדאַקטאָרן פֿונעם זשורנאַל „יידישע קולטור", צו אָפּגרענעצן זיך פֿון דער פּובליקאַציע. „רעדן וועגן דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, ווי עס רעדט דער דיכטער מאַרטין בירנבוים, (...) איז ניט דערלאָזבאַר אין אַ פּראָגרעסיוון זשורנאַל", — האָט אַנערקענט נאָוויק. די פּאָלעמיק איז אָבער געווען אַ געקינצלטע. עטלעכע שלעגער פֿון בירנבוימס קאָמפּאַניע האָבן נאָוויקן אַרויסגעטראָגן דעם געהעריקן אויסרייד; דער רעדאַקטאָר פֿון דער „יידישער קולטור" אי. גאָלדבערג האָט, פֿון זײַן זײַט, „געגעבן דעם לעצטן שמיר", מעלדנדיק אין זשורנאַל — ניט מער און ניט ווייניקער, — אַז „סאָוועטנפֿאַרבאַנד און סאָציאַליזם זענען מער ניט סינאָנימען". — און שוין. אַף ווי־פֿל פּ. נאָוויק איז נאָך דער דאָזיקער אויסגעשפּראָכן־פּראָוועסטסיסטישער דערקלערונג פֿונעם רעדאַקטאָר פֿאַרבליבן ווײַטער אַף זײַן אָרט אַלס מיטרעדאַקטאָר אין זשורנאַל „יידישע קולטור", האַלטנדיק פֿאַר מעגלעך צו טראָגן זײַן כּיילעק פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, איז דער איניען געווען אַזוי שיין ווי פֿאַרענדיקט. ווײַטער קאָן מען דערוואַרטן פֿון מאַרטין בירנבוימען און פֿונעם זשורנאַל „יידישע קולטור" מיט זײַנע רעדאַקטאָרן אַלץ, וואָס עס דרינגט אַרויס פֿון אַזאַ מאַצעוו...

בלײַבט אָבער איבער די פֿראַגע: צי גייט דורך אומבאַמערקט פֿאַר דער פּראָגרעסיווער יידישער אַמעריקע אָט דער שענדלעכער טאַנץ פֿון אַ הײַפֿל רענעגאַטן?

אַ טיילווײַזן ענטפֿער אַף אָט דער פֿראַגע געפֿינען מיר אין דער ליד פֿונעם אַמעריקאַנישן יידישן דיכטער כאַים שוואַרץ, וועלכע מיר האָבן אויבן געבראַכט. ניין, די בירנבוימס זײַנען ניט די איינציקע אין דער יידישער ליטעראַרישער סוויווע פֿון אַמעריקע. פֿאַראַן שעפֿערישע קויכעס, וועלכע וועלן אין לעצטן סאַכאַקל בײַקומען דעם טשאַד. און וועגן די רענעגאַטן וועט מען עפּשער שוין ניט דאַרפֿן ריידן, ווײַל טאַקע דער זעלבער מאַרטין בירנבוים, וועלכער האָט אַזוי נערוועז און אופֿגעשרויפֿט, ווי מיר האָבן עס אויבן געזען, שטענדיק באַטראַכט און באַשריבן אָט די דאָזיקע דערשײַנונגען, — ער אַליין האָט נאָך אין 1938 געשריבן אינעם זשורנאַל „דער האַמער", האָבנדיק אין זינען, אָן צווייפֿל, זיך און אַזעלכע ווי ער:

טרעפֿט — מע שיילט זיך אויס אַמאָל
פֿון אַלע שלייערס,
וואָס עס האָט דער מענטש שוין צוגעווינט
צו טראָגן זיי אַף זיך;
פֿון פּאָנעם פֿאַלט אַ מאַסקע נאָך אַ מאַסקע —
און פֿרעמד און קיל מע טוט אַ פֿרעג:
איך?!
. . . . . . . . . . . . . . . .
נאָר גוט איז, גוט אַמאָל
זיך אָפּוואַשן פֿון אַלע גרימען
און ס'רויע האַרץ
אַ נעם טאָן אָפּן שפּיץ פֿון אַ לאַנצעט.
אַ רעגע בלויז —
ווי שנעל די יאָרן דינען! —
אַ רעגע בלויז —
און באַלד, אָט באַלד וועט ווערן שפּעט...
(נאָיאַבער, 1938)



## הערשל פאָליאנקער



# שמײַע גאַזלען!

## צוועלפטע נאָוועלע

### מענטשן, לאָזט ניט אַראָפּ די קעפּ!

א סקריפּענדיק צעקנייטשט גרוזאָוויקל, וואָס האָט געהאַט א פּאָנעם פון כויזעק, און אויסזען, ווי מע וואָלט עס אָקאָרשט ארויסגעכאַפּט פון א מוזיי, האָט געפירט איבערן פּוסטן סטעפּ דעם געהויבענעם גאַסט מיט זײַנע טומלדיקע באַגלייטער אהיים.

נאָר אַלץ הייסט געפירט!

דאָס מאַשינדל איז מער געשטאַנען, ווי געפאָרן. אַלע מאָל האָט, נעבעך, בא דעם ניט געסטײַעט קיין אָטעם, אויסגעגאַנגען די נעשאָמע, און אונטער א ליאַדע בערגל האָט עס זיך אָפּגעשטעלט און גענומען בלאָזן פון זיך רויך, ווי אַן אָפּגענוצטער לאָקאָמאָטיוו.

דאָס מאַשינדל האָט, נעבעך, געכרעכצט, געקרעכצט, ווי עס זאָל זיך בעטן ראַכמים — קינדערלעך, האָט אַף מיר ראַכמאָנעס, לאָזט מיך צורו און גייט אײַך געזונטערהייט צופוס וועט איר, גלייבט מיר, א סאַך גיכער קומען אהין, ווו איר דאַרפט.

נאָר א שיינע מײַסע — צופוס! וואָס הייסט עפּעס צופוס?

פאַר די פיר יאָר מילכאָמע איז אונדזער שמײַע גאַזלען זיך ווייניק אָנגעגאַנגען? און דערצו נאָך — אזא כאָשעוון גאַסט פירט מען פון דער מילכאָמע צופוס!

דאָס וואָלט געווען א ביזע־ביזאָיען פאַר זיך, פאַרן יישעוו, פאַרן טײַערן גאַסט און פאַר דער גאַנצער וועלט!

---

אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומער 10, 11 1975.

אלע מאָל, ווען דאָס גרוזאָוויקל האָט זיך פֿארהוסט, זיך אָפּגעשטעלט, איז דער אוילעם אַראָפּגעשפּרונגען אַף דער ערד און גענומען געבן אײַיצעס לײַבצי קאַראסן, דעם קרומפּיסיקן שאָפער מיט דער רויטער קוטשמע האָר. ער איז, נעבעך, געשטאַנען בא דער מאַשין א פארלוירענער, אַרײַנגעהאַקט אין איר אַלע קלאַלעס פון דער וועלט, געקראַצט די פּאָטיליצע און זיך אָפּגעשלאָגן פונעם אוילעם אײַיצעגעבער:

— שטיל זאָל זײַן, רעדט ניט אלע מיטאמאָל! מירן זיך יאַקאָס דערשלעפּן. איך וועל אײַך ניט איבערלאָזן אינמיטן סטעפּ. א בראַנד מוסאָלינין אין דער לעבער, ניט געקאָנט אונדז איבערלאָזן א שענערע מאַשין!

אויסגעשפּיגן די ביטשקע פונעם מאַכאָרקע־ציגאַרל, האָט דער באַכער זיך אויסגעצויגן אונטערן אוטאָמאָביל און גענומען זיך פּאַרקען מיטן שליסל. אָפּן באַכער קוקנדיק, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט לעבן אים אַף דער ערד אָוורוצקי, אָפּגערוקט אין א זײַט זײַנע מיליצעס און גענומען העלפן אונטערמונטערן דאָס טראַפּיינע גרוזאָוויקל.

אַף אים, אַף אָוורוצקין, איז געווען א ראַכמאָנעס א קוק צו טאָן. ער האָט זיך געפילט שולדיק צוזאַמען מיט לײַבצין. דאָס האָט ער אים אײַנגערעדט, מע זאָל אײַנשפּאַנען דאָס גרוזאָוויקל און פאָרן אָפּן פאָלוסטאַנוק ברענגען דעם גאַסט.

פונוואַנען קומט אהער אזא אומגליק, דאָס צערעפּעטע גרוזאָוויקל, וועט איר פרעגן? פונוואַנען קומען אהער אין יישעוו א סאַך זאַכן?

ווען דער אוילעם האָט זיך אומגעקערט פון דער עוואַקואַציע און דאָ געטראָפן א קורבן — הורבעס שטיין, ליים, סטאַרטשענדיקע אָפּגעברענטע קוימענס, אַנשטאָט הײַזער און געסלעך, האָט דער אוילעם אָנגעהויבן קוקן אין דער ריכטונג פון כערסאָן, ניקאָלײַעוו און דניעפּראָפּעטראָווסק. דעמלט האָט אָוורוצקי גענומען טײַנען, אַז מע דאַרף ניט אַראָפּלאָזן די קעפּ, ניט פאַרלאָזן דעם יישעוו, נאָר פאַרקאַטשען די אַרבל און זיך נעמען פאַר דער אַרבעט.

אַזוי ווי לײַבצי, דער אַמאָליקער טראַקטאָריסט, איז נאָך פאַראיאָרן געקומען פונעם שפּיטאָל און מער האָט ער פאַר קיין סאָלדאַט ניט געטויגט, האָט אָוורוצקי געזאָגט, אַז מע וועט זיך יאַקאָס געבן אַן אײַיצע מיט שלעפּ־קראַפט. און טאַקע דעם טאָג האָט ער זיך געלאָזט מיט לײַבצין אין סטעפּ, צו די באַלקעס, ווו עס זײַנען דורכגעגאַנגען די פײַנטלעכע כאַיאָלעס. צווישן דער צעמאַזיקטער, פאַרברענטער און פאַרסאַרפּעטער טעכניק — צווישן די ברוכשטיקער פון טאַנקען, האַרמאַטן, אַרויסגעשלעפּט דאָס שיינע גרוזאָוויקל. מע האָט עס פאַרשלעפּט אהיים און גענומען אין דעם אײַנהויכן א נײַע נעשאָמע.

אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז אַמאָל האָט עס געהערט, דאָס מאַשינדל, מוסאָלינים וואָיאַקעס, וואָס זײַנען פאַרקראָכן אַזש אהער. און דאָ, אין סטעפּ, איבערגעלאָזט די קעפּ מיט די ביינער און בעסויכעם אָט דאָס שטיקל קאַליקע, דאָס גרוזאָוויקל, וואָס דער היגער אוילעם האָט גלײַך א נאָמען געגעבן „מוסאָלינים נאַדן”.

כאָטש אַלע האָבן געלאַכט, געטײַנעט, אַז אומזיסט איז די טירכע, אַז „מוסאָלינים נאַדן” טויג אַף קאַפּאָרעס, נאָר אָוורוצקי און לײַבצי האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר אײַזערנע אַקשאָנים, זיך געגנוג אָנגעמאַטערט, ביז מע האָט עס ווי־ניט־איז געשטעלט אַף די פיס, נאָר גיין וויל עס ניט! און אַז עס אַקשנט זיך אײַן, וועסטו עס מיט קיין דרוקעס ניט אונטערטרײַבן!

— וויפל מאָל האָב איך דיר געזאָגט, כאָווער אָוורוצקי, אַז פון דער קליאַטשע וועט קיין טאַכלעס ניט זײַן? — האָט געטײַנעט לײַבצי, קראַצנדיק די פּאָטיליצע. — מוסאָלינים סאָלדאַטן האָבן ניט געקאָנט אַף דעם אָפּטראָגן פון ראַסיי די ביינער, צו וואָס זשע דאַרפן מיר עס האָבן? נאָר יענער האָט געהאַלטן בא זײַנס:

— קאָלזמאַן מיר וועלן ניט באַקומען קיין אַנדערע מאַשינעס פון אונדזערע זאַוואָדן, וועט אַרבעטן דערווײַל אַף אונדז מוסאָליני.

— גוט איז פון א כאַזער א האָר!

שמײַע איז געשטאַנען א שמייכלענדיקער אין דער אַרומרינגלונג פון זײַנע מיידלעך, געקוקט, ווי מע פּאָרעט זיך בא דער מאַשין. א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך אָנגערופן:

— וואָס לאַכט איר פון א צאַר־באַלעכאַים? מיר דאַכט, אַז אַף דער קליאַטשע איז נאָך אַמאָל אַרומגעפאָרן מוישע ראַבבינו, אָדער אַלעקסאַנדער מאַקעדאָנסקי. איז פּאָלגט מיך, שפּײַט זיך אויס אַף איר, און לאָמיר גיין צופוס, וועט זײַן גיכער!

— אײַך איז עס גרינג צו זאָגן! — האָט אַרויסגעקוקט פון אונטערן גרוזאָוויקל דער שאָפער, — אויב איך וועל אוועקוואַרפן די מאַשין, וועט מען מיך איבערגעבן אין געריכט.

אף דער מילכאָמע, ווען עס צעברעכט זיך, אָדער מע צעקלאַפּט אַ מאַשין, וואַרפט מען זי אוועק און מע נעמט אַ שפּאָגל נײַע... אָט די פּעגירע האָט מען בײַ אונדז גענומען אָפּן באַלאַנס און איך בין פאַר איר פאַראַנטוואָרטלעך. איך וועל זיך מיט איר מוזן מוטשען, ביז מע וועט זי אַראָפּשרײַבן פונעם כּעזשבן און איבערגעבן אין אוטיל־זבאַר!

שמײַע האָט אַ זיפץ געטאָן, קוקנדיק אַף דעם פאַרדײַגעטן באַכער, אַראָפּגעוואָרפן פון דער פּלייצע דאָס סאָלדאַטישע זעקל, עס אַ שלײַדער געטאָן אין קוזאָוו און אויך גענומען באַטראַכטן די מאַשין:

— אַנו, פאַן מוסאָליני, וואָס פאַר אַ מעשוגענע שטיק פּראָוועסטו? ווייניק האָבן מיר דיר אַרײַנגעשאָטן אין קאָלנער?

אופגעהויבן דעם סקריפּענדיקן קאַפּאָט, האָט שמײַע אינווייניק עפּעס אַ דריי געטאָן אַהער, אַהין, זיך צוגעזעצט צום רודער, און דער מאָטאָר האָט אַ רעווע געגעבן, אַ בלאָז געטאָן, אַרויסגעלאָזט אַ געדיכטן רויך און אין אַ פּאָר רעגעס אַרום גענומען ריטמיש אַרבעטן.

— זע נאָר, שמײַע־לעבן! — האָט זיך אופגעהויבן פון דער ערד אָוורוצקי, און דאָס ברוינע פאַרשוויצטע פּאָנעם האָט זיך צעשײַנט. — ביסט דאָך אַ כאַכעם! נאָך אַ גרעסערער, ווי אַמאָל געווען! האָסט זיך אויסגעלערנט אַף דער מילכאָמע אַ נײַע מעלאָכע?

— וואָס זשע, ווייסט דען ניט, אַז אַ שאַמעס שטייט אָפּ אַ זמאַן בײַם ראָווס שוועל, לערנט ער זיך אויס פּאַסקענען שײַלעס... הײַנט, אַז איך בין די גאַנצע צײַט געווען לעבן די האַרמאַטן, זאָל איך ניט זײַן באַקי אין דער מעכאַניק? אַ שיין פּאָנעם וואָלט איך געהאַט!

ער איז אַרויסגעקראָכן פון דער קאַבינע, אַ ווונק געטאָן צום שאָפער:

— נו, קענסט פאָרן ווײַטער. נאָר זע, באַגיי זיך לײַטישער מיט דײַן קליאַטשע.

מיט אַ טומל האָט מען זיך געלאָזט ווײַטער אין וועג אַרײַן. און עס האָט זיך געדוכט, אַז די מאַשין, פילנדיק, אַז דאָ פאָרט אַ מענטש, וואָס קלײַבט זיך פאַנאַנדער אין אירע כאַלאַסן, האָט גענומען יאָגן פרײלעכער.

אָוורוצקי און לייבצי זײַנען געזעסן אין דער קאַבינקע און געשוויגן. מע איז אַ ביסל געפאַלן בײַ זיך. הער נאָר אַ מײַסע, אומזיסט און אומנישט איז מען געקראָכן אונטער דער מאַשין. לאָזט זיך אויס, אַז דער הונט איז גאָר באַגראָבן ערגעץ אַנדערש!

איבער דעם צעפּאָרענעם טראַקט האָט עס מיטן גרוזאָוויק געמאָרדעוועט, ווי אין אַ קאַדאָכעס, נאָר וואָס איז דאָס אין פאַרגלײַך דערמיט, וואָס מע פירט אַהיים אַזאַ גאַסט!

מע האָט שמײַען פאַרשאָטן מיט פראַגעס, רייזל האָט זיך געבייזערט, לעמײַ מע מאַטערט אים אַזוי — ער איז דאָך געוויס מיד פונעם וועג! אַ ווערטעלע אויסריידן — פון בערלין צום אינגולייעץ! פּאָלג מיך אַ גאַנג! וואָס זשע, מע וועט עפּעס אָנווערן, אויב די זעלבע קאַשעס וועט מען אים פאַרגעבן, ווען מע וועט קומען אַהיים, אָדער מאָרגן, ווען דער מענטש וועט זיך אָפּרוען?

בלויז די מיידלעך זײַנע האָבן ניט פאַרגעבן קיין פראַגעס. מע האָט פאַרגאַפטע געקוקט אָפּן טאַטנס אָרדענס און מעדאַלן, וועלכע האָבן באַגילדעט און באַזילבערט זײַן גאַנצע ברוסט. מע האָט נאָר ניט פאַרשטאַנען וואָס באַטײַטן די רויטע און העלע סטענגעלעך אַף דער צווייטער זײַט ברוסט — גיי ווייס, אַז דאָס זײַנען סימאָנים פון לײַכטע און שווערע ווונדן, וואָס דער סאָלדאַט האָט אָפּגעשפּאָרט אַף דער מילכאָמע.

שמײַע האָט גערן געענטפערט אַף אַלע קאַשעס. ער האָט זיך אויסגעבענקט נאָך אָט די אַלע מענטשן, פיל מאָל דערמאָנט יעדערן באַזונדער. דאָס האַרץ האָט אַלע יאָרן פון מילכאָמע געגאָגט נאָך דער לײַבלעכער ערד. ער האָט געטרוימט וועגן אַזאַ באַגעגעניש, און דאָס, וואָס זײַן טרוים איז מעקוייעם געוואָרן, און ער איז אַרויס אַ לעבעדיקער פון דער סרייפע, איז געווען דער בעסטער לוין פאַר אַלץ, וואָס ער האָט איבערגעלעבט און איבער־געטראָגן.

אינעם הימל איז געהאַנגען, ווי אַף אַ פּאַראַשוט, אַ גרויסע זילבערנע לעוואָנע און באַ־שײַנט דעם סטעפּ. ווי אינמיטן טאָג איז געווען אַרום ליכטיק. דער סטעפּ האָט אָבער אויסגע־זען גאָרניט פריילעך — פּאַרלאָזט, פּאַרוויסט. בלויז אין אייניקע ערטער איז געשטאַנען די סטערניע פון די אָקאָרשט אָפּגעקאָסעטע ברויטן. ערגעץ־ווו האָבן זיך געזוזן פּאַרוואַקסענע מיט בוריאַן אָקאָפּעס און טראַנשייען. זיי האָבן אויסגעזען אונטער דער לעוואָנע־שײַן, ווי מעכטיקע אײַנגעשלאָפענע שלענג.

דאָס האַרץ זײַנס האָט אַ טיאָכקע געטאָן: אַזאַ גרויסער סטעפּ און אומעטום איז דורכ־געגאַנגען די ביטערע מילכאָמע, געלאָזט שווערע שפּורן, ווונדן, און וויפל וועט נאָך אוועק־גיין צײַט, ביז זיי וועלן זיך פאַרהיילן.

פאַרטאָן אין אומרויִקע מאַכשאָווועס, האָט דער סאַלדאַט ניט באַמערקט, ווי מע איז צוגעקומען צום באַקאַנטן בריקל, וואָס האָט פאַרבינדן ביידע ברעגן פונעם זויבערן אינגער־ליעץ. ערגעץ דאָרט, ניט ווײַט, אױף יענער זײַט, דאַרף זײַן דאַנילעס לוקאַטשס כאַטע. געוויס וואַרט אויף אים זײַן ווײַב מיט די קינדער. ווי עס זאָל ניט שווער זײַן, וועט שמײַע מוזן קומען אַהין און איבערגעבן די ביטערע ידיעה, אַז זיי זאָלן ניט וואַרטן אויף דאַנילען. ער וועט זיי דאַרפֿן איבערגעבן דאַנילעס לעצטע ווערטער, וואָס יענער האָט אַרויסגעזאָגט אין די לעצטע רעגעס פֿון זײַן לעבן.

גאָטעניו, סאַראַ שווערע און שרעקלעכע מיסיע עס שטייט אים פֿאָר! ווו וועט ער נעמען די ווערטער, קעדיי איבערגעבן אַזאַ שרעקלעכע בסורע? ווי וועט ער זיי קוקן אין די אויגן? דאָס גאַנצע לעבן האָט ער ליב געהאַט אַנזאָגן מענטשן בלויז גוטע בסורעס, און דאָ וועט ער דאַרפֿן אַריבערטרעטן די שוועל פֿון זײַן כאַווערס כאַטע, ווי דער מאַלעכהאַמאָ־וועס!

נאָר עפשער גאָר דערציילן דאַנילעס אַלמאָנע, אַז ער איז טאַקע אַ שטיק צײַט געווען מיט אים צוזאַמען, אין איין פּאָלק, געשלאָפֿן אונטער איין שינעל, געגעסן פֿון איין סאָלדאַ־טיש קעסעלע און דערנאָך האָט מען זיך צעשיידט אין צוויי־און־פֿערציקסטן יאָר — אין שרעקלעכסטן יאָר פֿון מילכאָמע. מע האָט זיך, הייסט עס, צעשיידט, און מער האָט מען זיך ניט געזען. וואָס? זינט יענער צײַט איז נישטאָ פֿון דאַנילען קיין שום ידיעה, קיין איינ־געטונקטע פֿעדער? איז וואָס? אַ סאַך קערן זיך אומגעריכט אום פֿון דער מילכאָמע, גאָט וועט העלפֿן און דאַנילע לוקאַטש וועט זיך אויך אומקערן מיט גאָטס הילף. עס טרעפֿן ניסים... מענטשן, וואָס מע האָט פֿאַרשריבן צווישן טויטע, פֿאַרפֿאַלענע, קערן זיך אום אַהיים...

נאָר שמײַע האָט זיך געכאַפּט, אַז מע וועט לויט זײַנע אויגן גלײַך דערקענען, אַז ער זאָגט ניט דעם עמעס. און ער וועט זיך דעמלט דאַרפֿן באַגראָבן לעבעדיקערהייט. שמײַע גאַזלען געהערט צו יענע מענטשן, וואָס האָבן ליב אַמאָל אַ גוזמע, אַ כאָכמע, דערציילן אַ געשיכטע, אַ פֿריילעכע מײַסע, קעדיי מאַכן מענטשן גרינגער אויפֿן האַרצן. נאָר לײַגן — דאָס ניט!

ער האָט דאָך מעקאַבער געווען זײַן פֿרײַנט פֿון יענער זײַט דאָן. אין אַ וואָראָנקע פֿון אַ באָמבע האָט ער אים פֿאַרגראָבן אונטער אַן אַלטער אויסגעדליבעטער ווערבע און אויף גראָבן שטאָם אויסגעקריצט מיט דער שפּיץ פֿון זײַן ביקס דאַנילעס נאָמען. ער האָט געטרוימט זיך אומקערן אַהער און מעקאַבער זײַן אים, ווי עס פּאַסט אַן ערלעכן סאַלדאַט, ווי ער האָט עס פֿאַרדינט, נאָר די סאַלדאַטישע דאָליע האָט אים, שמײַען, פֿאַרפֿירט אויף גאָר אַנדערע מילכאָמע־וועגן, און צום דאָן האָט ער זיך ניט אומגעקערט.

וועט דאַנילע לוקאַטש אים שוין מוזן מויכל זײַן. זײַן הייליקן קיווו פֿאַרן אַלטן גוטנ־ברודער וועט ער אויספֿילן שפּעטער, ווען ער וועט אַ ביסל קומען צו־זיך און צײַטן וועלן זיך בײַטן.

שמײַע האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל זיך אומקערן פֿון אַ בייזן כאָלעם. ער וועט נאָך באַוויזן אַ טראַכט טאָן, וויאַזוי ער וועט קומען אין שטוב צו זײַן אַלטן שאָכן. אָט הייבט זיך אָן דער יִשעוו, צו וועלכן ער האָט געשטרעבט מיטן גאַנצן האַרצן אַלע שווערע מילכאָמע־יאָרן!

אַזוי ווי אַ פֿערדל, וואָס דערשמעקט די נאָענטקײַט פֿון דער שטאַל, הייבט אָן גיין זשוואַווער, פֿריילעכער, אַזוי האָט דאָס גרוזאָוויקל שנעלער גענומען לויפֿן איבער דער לאַנגער גאַס פֿונעם יִשעוו.

נאָר וואָס איז דאָס?! קיין איין גאַנץ שטיבל זעט ער ניט! בערגלעך שטיינער, ליים, פֿון אונטער וועלכע עס קוקן אַרויס פֿאַרזשאַווערטע שטיקער בלעך און הוילץ, פֿאַרשוואַרצטע קוימענס שטעקן דאָ און דאָרט אָנשטאָט הײַזער.

דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן ווײ טאָן, נאָגן, ווי עמעצער וואָלט עס פֿאַרקוועטשט אין צוואַנגען. אַ קעלט איז איבערגעגאַנגען איבערן גאַנצן לײַב, און אַ קלאָלע האָט זיך אַרויס־געריסן פֿון זײַן מויל. אָך, וואָס איז איבערגעבליבן פֿון דעם שיינעם, גרינעם יִשעוו, פֿון זײַן גערעמער גאַס! ער האָט געזען, דער סאַלדאַט, גאַנץ אייראָפּע אין רויִנעס, געווען צוגע־ווינט דערצו, נאָר דאָס, וואָס ס'האָט זיך איצט אַנטפּלעקט פֿאַר זײַנע אויגן, האָט אים דערשיטערט. און צום ערשטן מאָל פֿאַר דעם לאַנגן וועג האָט שמײַע גאַזלען אָנגעווירן דאָס לאָשן און קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסברענגען.

וויפֿל וועט מען דאַרפֿן אַרײַנלייגן האָרעוואַניע, מע זאָל כאָטש ווי־ניט־איז ברענגען צו אַ טאָלק דעם יִשעוו!

די מאשין האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן א האַלב־צעוואַלגערטן שטיינערנעם פּלויטל, א באַוואַקסנס מיט בוריאַן, און לייבצי דער שאָפער איז אַרויס פון דער קאַבינע און א ווונק געטאָן צום גאַסט:

— נו, גוואַרדיע־סערזשאַנט, מאַזלטאָוו! קריכט אַראָפּ, מיר זײַנען געקומען בעשאָלעם אַהיים!

שמײַע איז אַראָפּגעשפּרונגען פונעם קוזאָוו, זיך אָפּגעשטעלט לעבן ערדשטיבל, ווייטעק־לעך א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך אָנגערופן צום ווײַב:

— דאָס איז, הייסט עס, אונדזער נײַער פּאַלאַץ?

— א דאַנק גאָט דערפאַר! — האָט זי געזאָגט, לאַזנדיק זיך עפענען דאָס טירל, וואָס איז געווען אונטערגעשפּאַרט מיט א שטיין, — ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט פון דער עוואַקואַציע, האָבן מיר געטראָפן אָט דאָס בערגל ערד, דעמלט האָבן מיר מיט די טעכטער־לעך פאַרקאַטשעט די אַרבל און אויסגעגראָבן דאָס ערדשטיבל, אַזוי ווי אַלע מענטשן האָבן געטאָן. איין ווינטער האָבן מיר שוין דאָ מיט גרויסע צאָרעס אָפּגעשטופּט. מיר זײַנען שוין געווינט.

שמײַע האָט באַטראַכט די נאַכלע און טרויעריק א זאָג געטאָן:

— איך דאַרף דיר זאָגן, מײַן טײַערע, אַז כאָטש דו ביסט ניט געווען אויף דער מילכאָמע, נאָר פאַר א סאַפּיאָר וואָלט מען דיך געקאָנט פאַררעכענען. האָסט געשטעלט א בלינדאַזש לויט אַלע פּראַווילעס. ווען דו לייגסט נאָך אַוועק אויפן דאַך א דרײַ רייען סלופּעס, נאַקאַטן הייסט עס אויף אונדזער לאַשן, וואָלט דאָ געקאָנט זײַן א קאָמאַנדנער פּונקט פאַר א קאָמאַנד־אַרם, עס קומט דיר א מעדאַל!

די אַרומיקע האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, הערנדיק שמײַעס רייד און, זעענדיק ווי ער איז עטוואָס לעבעדיקער געוואָרן, האָט זיך עמעצער אָנגערופן:

— איך קאָן שווערן, אַז שמײַע איז געבליבן דער זעלבער, וואָס פאַר דער מילכאָמע!

— א גאַזלען בלײַבט א גאַזלען!

די קליינע מאַזיקים, וועלכע זײַנען, ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן, האָבן אונטערגעשמייכלט, און עפּעס א פאַרמורזעט ייִנגעלע מיט א קורץ פאַריסן נעזל און א פּאָר צעריסענע הייזלעך, האָט א ציִ געטאָן די מוטער פאַרן קליידל און א פרעג געגעבן:

— מאַם, א, מאַמע, אָט דער פעטער איז א גאַזלען? זע, וויפל אָרדענס און מעדאַלן ער טראָגט! אַזאַ קען דען זײַן א גאַזלען, מאַמע?!

— ניין, נאַרעלע, דאָס שפּאַסט מען! ער איז א גוטער מענטש, א גאָלדענע נעשאָמע! — האָט זי אים אויפן אויער געזאָגט, — מע רופט אים גאַזלען אין שפּאַס, פאַרשטייסט? נאָר לויט דעם אָנגעבלאָזענעם פּענעמל איז געווען צו באַמערקן, אַז דער יאָט האָט עס ניט פאַרשטאַנען.

רייזל האָט שוין געהאָוועט.

אַראָפּגעריסן פון קאָפּ די שאַל און אויסגעטאָן דאָס קאַרטענע רעקל, האָט זי אַרויסגע־צויגן פון דער קרענעצע אַן עמער וואַסער, געבראַכט א ריינעם האַנטעך און דערלאַנגט שמײַען, ער זאָל זיך אָרומוואַשן פונעם וועג. אויף איר קוקנדיק, האָבן זיך צעפּאַלאַכעט די שכיינעס. עמעצער פון זיי האָט אויפן גראָז באַם ערדשטיבל פאַנאַנדערגעשפּרייט א טישטעך. פון די אַרומיקע שטיבלעך האָט מען געטראָגן און געשטעלט אויפן ווײַסן לײַוונט, וואָס עס האָט זיך געמאַכט, — ברויט, אוגערקעס, פּאָמידאָרן, פּרוכטן. אָורוצקי האָט געבראַכט א פּאָר גרויסע בוטלען מיט יונגן ווײַן. לייבצי דער שאָפער האָט אַרויסגעצויגן פון זײַן נאַכלע א קאַניסטרע סאַמאַגאָן.

אָורוצקי, איז, מײַסע־באַלעבאָס, אַרומגעשפּרונגען אויף זײַנע קוליעס און אונטערגעפײַלט דעם אוילעם. סײַ דער גאַסט, סײַ די אַרומיקע האָבן זיך, זעט אויס, גוט אויסגעהונגערט און ס'איז צײַט געווען נעמען א קויסע, דערוואַרעמען די נעשאָמעס.

מע האָט זיך קאָקאָס אײַנגעאָרדנט אַרום דעם „טיש", און אָורוצקי האָט זיך צוגעזעצט אויף א קעסטל, א ווונק געטאָן צו זײַן אַלטן גוטנברודער:

— נו, שמײַע־לעבן, לאַנג האָבן מיר אַרויסגעקוקט אויף דער מינוט, און זי איז געקומען. פאַרשטייט זיך, אַזאַ גאַסט וואָלט מען געדאַרפט באַזעצן בײַ א שענערן טיש, נאָר וואָס איז שײַעך... דאַנקען גאָט דערפאַר! אַבי מע זעט זיך לעבעדיקע!

ער האָט אָנגעגאָסן שמײַען א קווערטל רויטן ווײַן, נאָר לייבצי דער שאָפער האָט זיך א בייזער געטאָן און אָנגעגאָסן שמײַען פון דער קאַניסטרע א גלאָז סאַמאַגאָן:

— רעב שמײַע, פאָלגט מיך, פאַר א סאָלדאַט איז אָט די מאַשקע די בעסטע רעפּוע. זי פאַרמאָגט א גוטן גראַדוס! ווײַן זאָלן טרינקען די ווײַבער. און אונדז, סאָלדאַטן, האָט

גאָט אַליין געהייסן נעמען הונדערט גראַם, ווי דאָרטן אױף דער מילכאָמע. אַ נאַרקאָמאָווסקע פּאָרציע, אַ?

— זאָל זײַן, ווי דו זאָגסט, לייבצי, וואָס איז די נאַפקעמינע? — האָט אַ צוק געטאָן מיטן אַקסל שמײַע און גענומען די גלאָז „פּערוואַק".

אָוורוצקי האָט אַ טאַרע געטאָן לייבצין, ער זאָל לאָזן ריידן עלטערס פון זיך:

— נו, מײַנע טײַערע זעמליאַקעס, גיסט אַלע אָן צו קאַפעלעך, און לאָמיר אויסטרינקען פאַרן ניצאָכן און פאַר אונדזער טײַערן גאַסט, פאַר שמײַען, זאָל ער אונדז געזונט און שטאַרק זײַן!

די קווערטלעך האָבן גענומען קלינגען. שמײַע האָט איבערגעשריגן דעם טומל:

— אַ שיינעם דאַנק אײַך, טײַערע, פאַר די גוטע ווונטשן, נאָר פאַרוואָס עפּעס טרינקען נאָר פאַר מיר? לאָמיר אויסטרינקען פאַר אַלע די, וואָס זײַנען געקומען צו דער גאָלדענער סודע! אין דער מילכאָמע האָט יעדער איינער פון אונדז אַ כיילעק. די סאָלדאַטן און ניט סאָלדאַטן. איז טרינקען מיר פאַר אַלעמען, וואָס זיצן דאָ, און דעריקער, עס זאָל שוין קיינמאָל ניט זײַן קיין מילכאָמעס!

די סאָלדאַטקעס, וואָס האָבן זיך ניט דערוואַרט אױף זייערע מענער, האָבן זיך צעוויינט אױף אַ קאָל, און שמײַע איז אױף אַ פאַר רעגעס געבליבן ווי צעמישט, צעפּירט מיט די הענט און געזאָגט:

— ווײַבער, טרערן? וואָס זשע, ביז איצט האָט איר זיך ניט באַוויזן אָנוויינען? איך פאַרשטיי אײַך אַלעמען גאַנץ גוט, נאָר טוט מיר אַ טויווע און ווישט אויס די טרערן. וויפל בלוט האָט אָפּגעקאָסט, וויפל קאָרבאָנעס זײַנען געפאַלן, נאָר מיר האָבן געזיגט, צעקלאַפּט די פאַשיסטישע הענקער, איז דאַרף מען זיך פרייען.

— יאָ... זיך פרייען, אָבער זעסט, וואָס אַרום טוט זיך, שמײַע? — האָט איבערגעשלאָגן אַן עלטערע פרוי און אַ ווײַז געטאָן אױף די ערדשטיבלעך.

— איך פאַרשטיי עס גאַנץ גוט, — האָט טרויעריק געענטפערט שמײַע, — שווער, זייער שווער איז אַלעמען. נאָר וויפל קאָן מען גיסן טרערן, מײַנע טײַערע סאָלדאַטקעס? פאָלגט מיך, לאָמיר הײַנט אויסווישן די אויגן. דאָס סאַמע שרעקלעכסטע איז שוין פאַריבער. די פאַשיסטישע מענוואָלים האָבן אונדז געוואָלט אויסראָטן פון דער ערד, פאַרניכטן, מאַכן פאַר אייביקע שקלאַפן, שטעלן אױף די קני, נאָר איר וואָלט געדאַרפט אַ קוק טאָן, ווי מיר האָבן זיי אָפּגעצאָלט, די קוילערס, וואָס פאַר אַ פּאָנעם עס האָט היטלערס כאַיל, זייער בערלין. איר מעגט מיר גלייבן, אַז זיי וועלן שוין פאַרזאָגן די קינדער און קינדס־קינדער מער ניט קריכן קיין רוסלאַנד. לאָמיר ניט פאַרשטערן אונדזער יאָמטעוו. העכער די קעפּ, מײַנע ליבע זעמליאַקעס און פרײַנט. לאָמיר אויסטרינקען אַלע סאָנים אױף צולאָכעס! ווי יענער כאָכעם האָט געזאָגט — לאָמיר טרינקען בראַנפן און ווײַן, און אונדזערע סאָנים זאָלן טרינקען סאַם, לעכאַיים!

און שמײַע גאָזלען האָט ווי אין די גוטע, שיינע צײַטן אין איין אָטעם אויסגעטרונקען די גלאָז מאַשקע, אויסגעווישט מיטן אַרבל די ליפּן, די פּײַכטע וואָנצעס און איבערגעגעבן די קיילע דעם שאָכן, דראָענדיק מיטן פינגער לייבצין דעם שאַפער, וואָס האָט אים אָנגעגאָסן אַזאַ ברענענדיקן סאַמאַהאָן.

שמײַע האָט גענומען עפּעס צובײַסן, נאָר מע האָט געזען, אַז דער ביסן קריכט אים ניט אין האַלדז אַרײַן. די טרערן פון די ווײַבער האָבן אים געשטיקט, ניט געלאָזט אָטעמען. ער האָט געפילט, אַז אַלע קוקן זיי מיט קינע אױף רייזלען.

די פרייד פון דער ערשטער באַגעגעניש האָט גענומען צאַנקען. מענטשן האָבן דאָס באַמערקט. נאָר מע האָט פאַרשטאַנען, אַז עס וועט גיך איבערגיין. ער וועט פון זיך אָפּטרײַבן די כמאַרע און עס וועט אוועקגיין, ווי געוויינלעך! און נאָך האָבן אַלע פאַרשטאַנען לויט דעם, ווי ער האָט באַטראַכט די ערדשטיבלעך, אַז ער וועט נאָר קומען צו־זיך אַ ביסל, אַראָפּוואַרפן פון זיך די מיליטערישע בגאָדים, די פאָגאָנעס, וועט ער צונויפנעמען דאָס ביסל קלאַפּערגע־צײַג און זיך נעמען צו דער אַרבעט, ווי אין די אַמאָליקע גוטע צײַטן.

שמײַע האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט. ער האָט אַראָפּגעשלונגען די טרער, וואָס האָט געשטיקט אין האַלדז, און ווען אָוורוצקי האָט אים אַ טאַרע געטאָן מיטן עלנבויגן, דערמאָנט, אַז ער האָט ניט אויסגעטרונקען דאָס צווייטע קווערטל, וואָס לייבצי דער שאָפער האָט אים אָנגעגאָסן, אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און, גלײַך ווי ער זאָל זיך אופכאַפּן פון אַ שווערן כאָלעם, געזאָגט:

— יאָ, שיר ניט פֿאַרגעסן. איז פּאָר אײַער געזונט, מענטשן, מיר זאָלן דערלעבן זען נאָכעס אײנער פֿון צװייטן.

ער האָט אַ פּאַך געטאָן אינדערלופֿטן מיט דער האַנט און אויסגעטרונקען דאָס קװאַרטל ביזן דעק:

— לעכאַים, מענטשן, זאָל זײַן שטיל אויף דער װעלט, און װײַטער װעט מען זען!

עטלעכע רעגעס האָט אַרום געהערשט אַן אָנגעצויגענע שטילקייט, נאָר אומדערװאַרט האָט זיך אַרײַנגעמישט לייבצי דער שאָפֿער. מיט גוטע אויגן האָט ער געקוקט אויף דעם באַיאָרטן סערזשאַנט מיט די אָרדענס און מעדאַלן:

— פּעטער שמײַע, עפּעס האָט איר געזאָגט װעגן פֿיר סוידעס, װי מע לעבט הונדערט און צװאַנציק יאָר און מע װערט ניט אַלט... איר װייסט דעם סאָד פֿון אַריכעס־יאָמים? איז דערציילט אונדז. מיר װילן אויך װיסן. װײַל, אַלפֿי־סייכל, פּעטער שמײַע, דאַרפֿן מיר ערשט אָנהייבן לעבן נאָך אַזאַ אומגליק, װאָס מיר האָבן איבערגעלעבט!

װידער האָט זיך אָפּן בלעכערס פֿאַרװאַקסן און צעקאַרבט פּאָנעם צעפּלאָסן אַ גוטמוטיק שמייכעלע, װאָס האָט אַלע אַרומיקע געצװוּנגען אונטערשמייכלען און לאַכן.

שמײַע גאַזלען האָט אַ װיש געטאָן מיט דער שװערער האַנט זײַנע װאָנצעס און זיך עטװאָס פֿאַרקנייטשט:

— נו, לייבצי, האָסט זיך דערמאָנט, װי מע זאָגט, יאַק באַבקאַ דיװוקוי בולאָ! אַמאָל, פּאַר דער מילכאָמע, האָב איך אונדזערע שכיינים ישװוּניקעס דערציילט מײַנע פֿיר סוידעס פֿון אַריכעס־יאָמים, װי מע לעבט, הייסט עס, ביז הונדערט און צװאָנציק יאָר... איצט...

— איר האָט דאָס אַמאָל דערציילט װעגן דעם, װען מיר זײַנען נאָך זניקעס געװען. אַלע האָבן שוין װעגן דעם פֿאַרגעסן. איר האָט דאָך אַליין אָקאָרשט געזאָגט, אַז איצט דאַרף מען אונטערשטעלן אַ פּלייצע, אַרבעטן. אויב מע װעט האָבן קורצע יאָר, װעגן װאָס פּאָר אַ לעבן קאָן דאָן גיין אַ רייד, אַ?

— יאָ, שמײַע, — דערצייל אים, — האָט אױפֿגעמאַכט מיט דער האַנט אָװרוצקי און זיך אופֿגעהויבן אויף זײַנע מעליצעס, — װעדליק און פּאָדליק לייבצי האָט דיך געפּירט פּונעם פּאָלוסטאַנעק, דאַרפֿסטו אים נאָר דערציילן דעם סאָד דײַנעם, אַנדערש איז דער מאַמזער ניט געװוינט...

— װאָס זשע בין איך שולדיק? — האָט זיך צעבייזערט לייבצי, — איר האָט מיר, כאַװער אָװרוצקי, אַרײַנגערוקט „מוסאַלינים נאַדן", אַ קאַליקע־שעבעקאַליקע. אָפּן פֿראַנט בין איך געװען אַ שאָפֿער, און איר װאָלט געמעגט אַ קוק טאָן, װי איך האָב אויף מײַן דרײַטאָניקן „זיס" געפּירט מינעס צו דער פֿאָדערשטער פּאָזיציע. ער איז באַ מיר געפֿלויגן, װי אַ װיכער! אונטער אַ האָגל פֿײַער בין איך געפֿאָרן און קיין שום דײַטשישער סנאַריאַד, קיין באָמבע האָט מיך ניט געקאָנט דעריאָגן. און װען עס טרעפֿט ניט קיין אומגליק און איך פּאָפּאַדיע ניט מיט מײַן „זיס" אויף אַ דײַטשישער מינע, לעבן װאַרשע, װאָלט דער פּוס מײַנער געװען גאַנץ און איך װאָלט נאָך ביז איצט געפֿאָרן אויף מײַן מאַשין... זײַט טאַקע אַזוי גוט און טרעבעװעט אַרויס פּונעם ראַיאָן אַ לײַטישע מאַשין, װעט איר זען, כאַװער אָװרוצקי, װי איך װעל אײַך פּירן ניט נאָר פּונעם פּאָלוסטאַנעק, נאָר פֿון מאָסקװע! װעהאַרײַע, אַז מע האָט מיר געגעבן אַ נײַעם טראַקטאָר, אַרבעט ער, כאַלילע, באַ מיר שלעכט?

שמײַען האָט זיך געדאַכט, אַז צוליב דעם, װאָס לייבצי האָט זיך פֿאַרטשעפּעט מיט אָװרוצקין, װעט ער, שמײַע, זיך אַרויסדרייען פֿון אַ װײַטערדיקן געשפּרעך, נאָר אַ נעכטיקער טאָג! כאָטש שמײַע גאַזלען האָט זיך געבעטן באַם אוילעם, אַז ס'איז שוין שפּעט און מע דאַרף זיך גיין אויסרוען, אָפּלייגן אַלע קאַשעס און געשפּרעכן אויף מאָרגן, נאָר דער אוילעם האָט זיך אײַנגעאַקשנט און צוגעשטאַנען, ער זאָל דערציילן װעגן זײַן סאָד פֿון לאַנג לעבן. מאַלע־װאָס ער האָט דערציילט צוריק מיט יאָרן. געדענקען אַלץ, װאָס שמײַע גאַזלען האָט אַמאָל דערציילט, דאַרף מען פֿאַרמאָגן אַ קאָפּ פֿון אַ מיניסטער.

און שמײַע האָט זיך געמוזט אונטערגעבן. קאַפּיטולירן.

געשען איז דאָס נאָכן דריטן קװאַרטל, װאָס לייבצי האָט אים אָנגעגאָסן.

דער אוילעם האָט נאָך אויסגעטרונקען צו קאָפּעלעך און פֿאַרגעסן, װוּ מע האַלט אין כעזשבן, דאָס הייסט, װיפֿל איז דער זייגער.

גליקלעכע, זאָגט מען, קוקן ניט אויף קיין זייגער און געדענקען ניט די צײַט. שמײַע האָט זיך גוט דערװאַרעמט פֿון דער מאַשקע, און, קוקנדיק אויף דעם אויפֿגעלעבטן בלעכער, האָט דער אוילעם זיך אויך דערפֿילט אין דער מינוט, װי נײַ־געבוירן.

טאַקע דערפֿאַר, זעט אויס, האָט שמײַע גאַזלען זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן און גענומען דערציילן זײַן סאָד.

# דרײַצנטע נאָוועלע

## אריכאָס־יאָמים, אָדער פיר סוידעס, ווי מע לעבט הונדערט און צוואַנציק יאָר

קיינער האָט ניט באַמערקט, ווי די נאַכט האָט זיך אָנגערוקט. שמײַע האָט עס אוודאי ניט געפילט. ער איז געווען אָפּגערודערט פון דער באַגעגעניש, וועגן וועלכער ער האָט געטרוימט אַלע מילכאָמע־יאָרן. אים האָט זיך צײַטנווײַז נאָך אַלץ ניט געגלייבט, אַז דאָס, וואָס איז געשען איז ניט קיין כאָלעם, ניט געקאָנט זיך פאַרשטעלן, אַז דערנעבן זיצט זײַן רייזל מיט די צוויי טעכטערלעך און עסן אים מאַמעש מיט די אויגן. זיי וואָלטן שוין געווען גליק־לעך, ווען דער אוילעם גייט זיך פאַנאַנדער און ביידע וואָלטן זיך געקאָנט אופהענגען אַפן טאַטנס האַלדז, לאַכן, וויינען, שפּרינגען פון פרייד און גליק. נאָר דער ארומיקער אוילעם טראַכט נאָך ניט פאַרלאָזן דאָס ווינקל, מע האָט אים ארומגערינגלט, שמײַען, פון אַלע זײַטן און מע קוקט אים אין מויל אַרײַן, מע לעכצט הערן זײַן שטים. קיינער קלײַבט זיך ניט אופ־הייבן פון אָרט, קאָלזמאַן ער וועט ניט אויסזאָגן זײַן סאָד.

ווײַל אינדערעמעסן, וואָס פאַר א מענטש האָט ניט קיין כיישעק לאַנג לעבן? טאָמער וועט איך עמעצער זאָגן, אַז דאָס לעבן איז אים נימעס און ער וואָלט שוין א באַלן געווען פּאַטער ווערן פון דעם, זאָלט איר אַזאַ מענטשן ניט גלייבן! שפּײַט אים אין פּאָנעם!

דאָס הײַנט שטעלט איר זיך שוין פאָר, מיט וואָס פאַרא אויגן האָבן די שכיינים געקוקט אָף שמײַען, וואָס האָט זיך געקליבן ארויסגעבן זײַן סאָד פון אריכאָס־יאָמים.

און ער, אונדזער שמײַע גאָזלען, האָט זיך אויסגעצויגן אַפן טרוקענעם גראָז. מיט א צעשפּיליעטן קאָלנער, מיט אַן אָנטבלויזטן קאָפּ, וועלכן ער האָט אָנגעשפּאַרט אָף די דלאָ־ניעס און מיט שײַנענדיקע אויגן געקוקט אין דער ווײַט.

פּילנדיק אָף זיך די נײַגעריקע בליקן פון די פאַרזאַמלטע, האָט שמײַע א צוק געטאָן מיט די אַקסל, ווי אײינער רעדט: זאָל איך אַזוי וויסן פון א בייזער ווײַטשערע, ווי איך גע־דענק, וואָס איך האָב זיי פאַר דער מילכאָמע דערציילט. ווען איך ווייס דעם סאָד, האָט ער געטראַכט, וואָלטן מיר די מענטשן באַם לעבן אוועקגעשטעלט א גאָלדענע מאַציווע.

אָבער שמײַע האָט פאַרשטאַנען, אַז אָפּטרעטן טאָר ער ניט. אויב ער האָט געגומען דאָס פּערדל פאַר דער לייצע, דאַרף מען פאָרן. און ער האָט אָנגעהויבן אַזוי:

— איך האָב געהערט זאָגן, אַז אייניקע געלערנטע מענטשן, פּראָפעסאָרן און אַקאַדעמי־קער ברעכן זיך שוין ווייסעך וויפל צײַט די קעפּ און ווילן זיך דערגרונטעווען צו די סוידעס, הייסט עס, וויאַזוי פאַרלענגערט מען מענטשן די יאָרן. ווײַל דאָס איז דאָך א גזיירע — א גוטער מענטש מאַטערט זיך אָפּ דאָס גאַנצע לעבן, טראַכט אויס זאַכן, פון וועלכע דער קאָפּ ברעכט מאַמעש, זאַכן, וואָס וואָלטן געקאָנט מאַכן גרינגער דאָס לעבן, נאָר ווען מע האַלט שוין גאָט פאַר די פּייעס און אָט־אָט וועט די דערפינדונג דערעפנט ווערן און די מענטשן וועלן עפענען די אויגן, קומט דער מיִעסער מאַלעכהאַמאָוועס און שלעפּט אים, דעם מענטשן, אוועק אַפן בייסוילעם און גיי זײַ א כאָכעם, אַנטלויף פון דאָרטן! און ווי אַפּצולאָכעס נעמט צו דער מאַלעכהאַמאָוועס דאָס בעסטע און דאָס שענסטע און די פּאַסקודניאַקעס, נישטיקײַטן, מיִעסע ברויִם, וואָס עסן נאָר אומזיסט ברויט און מאַכן קאַליע די לופט — אַזעלכע לעבן דאַפקע לאַנג.

איינער א געלערנטער איז שוין געווען נאָענט גאָר באַם שפּיץ, דאָס הייסט, באַם לייזן די זאַך פון פאַרלענגערן מענטשן די יאָרן. ער איז דערגאַנגען צום געדאַנק, אַז קעדיי דער מענטש זאָל לענגער לעבן, דאַרף ער ווייניקער אַרבעטן, מער עסן, טרינקען, פאָרן אָף די קוראָרטן און אָפּרוהײַזער, וואָס מער שלאָפן, זיך אויסרוען די ביינער, זיך היטן פון א קאַטער, באַקומען מער געהאַלט און אַזויאַרום פאַרלענגערן זיך דאָס לעבן. דערווײַל האָט דער לעץ זיך פאַרקירצט דאָס לעבן — מע האָט אים מעשאַלייעך געווען פון זײַן שטעלע, ארויסגעמעשאַלייעכט פונעם אינסטיטוט, ווו ער האָט געלערנט די סטודענטן כאָכמע. ער האָט שיין אָפּגעלייזט און פאַר דער צײַט אוועק פון דער וועלט...

דערנאָך איז געקומען עפּעס א צווייטער גאָען און אונטערגערוקט זײַן סאָד פון לאַנג לעבן. איך האָב דעם פאַרשוין ערעוו דער מילכאָמע באַגעגנט אין מאָסקווע, אָף דער גרויסער אויסשטעלונג, ווען אונדזער דעלעגאַציע איז אַהין געפאָרן באַטראַכטן די וועלט. טאַקע דאָרטן, אָף דער אויסשטעלונג, האָט ער געלייענט א לעקציע „דער סאָד פון לאַנג לעבן“ און איך

בין א באַלן געווען גיין און הערן מיט מײַנע אויערן, וואָס וועט ער אײַצעגנען. ווײַל די זאַך, ווי איר פאַרשטייט, איז מיר אויך געווען ציקאַווע. איך האָב געמיינט, אַז עס וועט אַרויסגיין אַף דער בימע אַ גוואַר, נאָר ווען איך האָב אַף אים אַ קוק געטאָן, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. אַ גאָטס ראַכמאָנעס געווען אַף אים קוקן: אַ קליינס, אַ דאַרס, אַן אײַנגעשרומפּנס, מיט אַ נאַקעטן קאָפּ — אַ רענדל פאַר אַ האָר. אַ פּאָר גרויסע ברילן און אַ קורץ פּאַריסן בייז נעזל. הויט און ביין. אַ קאָל האָט ער געהאַט גראַדע אַ שטאַרקס. און פון זײַן מויל האָט זיך געשאָטן פּולווער! ער האָט געשריגן אַף די מענטשן, אַז די אַכילע האַרגעט זיי אַוועק! מע זאָל כאַס־וועכאָלילע ניט עסן, ניט טרינקען, ווײַל דאָס עסן קוילעט אַוועק דעם מענטשן. די איינציקע זאַך, וואָס מע מעג יאָ עסן, איז זויערמילך! אַ גלעזל פּראָסטאָקוואַשע, און דו וועסט לאַנג לעבן! אין דעם שטעקט דער סאָד פון אַריכעס־יאָמים. אַ סימען האָט איר, אַז ער אַליין געברויכט בלויז זויערמילך. מיט זויערמילך קאָן מען אָפּנאַרן די מיקראָבן. אַהין, צו דער זויערמילך, זײַנען נאָך די מיקראָבן ניט דערגאַנגען. און נאָך איין זאַך האָט ער געייצעט — זיך היטן פון דער זון און פון דער לעוואָנע, פון אַ ווינט, פון אַ רעגן און אַ שנײ — קורץ גערעדט — פון אַלץ זאָלט איר זיך היטן! ניט נעמען אין מויל אַרײַן קיין גלעזל ווײַן, ניט רייכערן קיין ציגאַרן, זיך ניט פאַרקוקן אַף קיין שיינער פרוי — אַלץ איז פאַרן מענטשן שעדלעך! דעריקער איז — זויערמילך, פּראָסטאָקוואַשע און קעפיר!

איך האָב זיך קוים אײַנגעהאַלטן, אַף ניט אויסצושיסן מיט קיין געלעכטער!

איך האָב געקוקט אַף דעם פאַרשוין און זיך געטראַכט: גאָטעניו זיסער, אויך מיר אַ מענטש! אויך מיר אַן אײַיצע־געבער! אַז בעסאַכאַקל, ווען איר גיט אַף אים אַ בלאָז, פליט ער אַוועק קיין ברעמבעליוווקע, גיב אים אַ קיצל, פאַלט ער אַוועק אַ טויטער. צוליב וואָס, טראַכט איך זיך, דאַרף אַזאַ מענטשל, אַ נעבעכל, לאַנגע יאָרן?!

כאָטש איך בין אַ פּראָסטער כײַ־וועקאַים, נאָר איך האָב מיר, ווי שוין געזאָגט, מײַן סאָד פון אַריכעס־יאָמים. מײַן סאָד, ווי פאַרלענגערן מענטשן, לײַטישע מענטשן, ניט קיין פּאַסקודניאַקעס, ליידיקגייער, די יאָרן. ווילט איר — פאַרגעדענקט. ווילט איר ניט, וועל איך זיך אַף אײַך אויך ניט באַליידיקן!

כאָטש טאָמער מיינט איר, אַז איך בין אַ גרויסער קעגנער פון זויערמילך, האָט איר אַ טאָעס! לעמײַ זאָל איך זאָגן! אַז מײַן רײַזל פלעגט מיר אַרויסטראָגן פונעם קעלער אַ גוט קריגל זויערמילך און אַוועקשטעלן אַפן טיש אַ שיסל קאַרטאָשקעס מיט געגדזן־שמאַלץ, פון וועלכע עס האָט געזעצט אַ פּאַרע ביז אונטער דער סטעליע, מיט אַ טעלער געזײַערטע אוגערקעס און פּאָמידאָרן, דערצו נאָך אַ געפּרעגלטע קאַטשקע, האָב איך זיך געפילט מאַמעש, ווי אין גאַניידן און דערפילט, אַז נאָך אַזאַ אַכילע, וועל איך בערג איבערקערן. און דאָס האָט מיר צוגעגעבן קויכעס און יאָרן. לעמײַ זאָל איך לייקענען?

נאָר מײַן ערשטער סאָד פון אַריכעס־יאָמים איז באַ מיר ניט דאָס. זאָל גאָט היטן! דער ערשטער סאָד פון לאַנג לעבן — איז דאָס ווײַב! יאָ, יאָ, לאַכט ניט! אַז דאָס ווײַב דערגייט אײַך ניט די יאָרן, רײַסט פון אײַך ניט קיין שטיקער פלייש, טרײַבט אײַך ניט טאָג ווי נאַכט אַהער, אַהין, קומט אײַך צו אַ שטיק געזונט און עטלעכע איבעריקע יאָרן. דערצו דאַרפט איר לעבן מיטן ווײַב בעשאָלעם, ניט פירן קיין קריגערײַען, קיין מילכאָמעס און באַהיט אײַך גאָט בײַטן די ווײַבער! דו לעבסט זיך מיט דײַן ווײַב און אַמאָל כאַפּט זיך אין איר אַרײַן אַ מעשוגאַס, זי נעמט דיך טאָטשען, זי הייבט דיך אָן זידלען, דאַרף איך אײַך זאָגן, אַז אַ ביסעלע טאָטשען, זידלען — מאַכט ניט אויס! אויב דו נעמסט עס ניט נאָענט צום האַרצן, קומט דיר גלײַך צו אַ שטיק געזונט. און צווישן אונדז גערעדט, אונדזערן אַ ברודער דאַרף מען טאַקע אַמאָל אַ קאַפּעלע אַ טאָטשע טאָן. דאָס הייסט פּראָפילאַקטיקע. הערט מען זי אויס, ווען זי וואַרפט זיך אַרוף אַף דיר, מע שווײַגט איר אָפּ — קומט איר צו אַ ביסל געזונט און יאָרן און דיר אויך. ווײַל צווישן אונדז גערעדט, וואָס איז דאָס פאַר אַ ווײַב, וואָס זידלט אַמאָל ניט אויס? אַנדערע מאַנצבלען צינדן זיך גלײַך אָן, מע גייט אין קאָנטראַטאַקע. זי אַ וואָרט, ער — צען. מע הייבט אָן טראַכטן פון אַ געט, מע קלײַבט זיך אויס אַ נײַע און מע פאַלט זייער שיין אַרײַן! ערשט יענע נעמט דיר קירצן די יאָרן, מאַכט דיך צו בלאָטע גלײַך, טאָטשעט דיך, ווי אַ וואָרעם! עמעס, דאָס ערשטע מאָל, אַז דו קומסט צו איר, זאָגט זי דיר מיט די זיסע ריידעלעך: „זעצט זיך צו, רוט זיך אָפּ, נעמט עפּעס אין מויל אַרײַן, דערקוויקט די נעשאָמע מיט אַ גלעזל טײ, מיט אַ פלעצעלע, אַ דאָס, אַ יענץ. און דיר דאַכט זיך, אַז דו ביסט שוין אַרײַנגעפאַלן אין גאַניידן! דאַרף איך אײַך זאָגן, אַז דאָס צעשטעלט זי פאַר אײַך אַ נעץ אַף אַרײַנצונאַרן! אַפן דריטן טאָג נאָך דער כאַסענע, וועט איר הערן פון דעם מאַלעכל גאָר אַנדערע דיבורים: „אַ בראַנד אין דיר! גײ האַק אָן האָלץ, הייץ אונטער דעם אויוון, טראָג אַרײַן וואַסער פון דער קרעניצע, וואָס פּאָפּסטו אַזוי שפּעט, ביסט קראַנק אָנגראָבן קאַרטאָ־

פליעס, לויפן אײַנקויפן אין מארק, ארויסטרײַבן אף פאשע די טעלעצע, אַנהאָדעווען די גענדז? וואָס זשע/מיינסטו, גאזלען, איך וועל דיך פאנקעווען, ווי יענע, ווי דײַן ערשט ווײַב האָט דיך געפאנקעוועט! וועסט בא מיר גראָבן מיט דער נאָז די ערד וועסטו בא מיר! איך וועל פון דיר, לעדאשטשע, מאכן א מענטש, אָדער וועסט בא מיר באקומען די כאָליערע!״

און ערשט דעמלט וועסטו דערפילן דעם טאַם!

איר דארפט וויסן, אז אלע ווײַבער קימאט זײַנען געקלעפּט פון איין ליים, געמאכט געוואָרן פון איין מאטעריאַל. אלע זײַנען זיי געקומען פון איין אָדעמס ריפּ. איז זוכט זיך ניט קיין נײַע גליקן. ווען שלוימע־האמעלעך האָט געהאט איין ווײַב, איז זי אים, זאָגט מען, אויך א ביסל דערגאנגען די יאָר, נאָר ניט שטארק, א קאפּעטשקע. האָט דער אלטער כאָכעם געטראכט, אז ער וועט נעמען אַן אנדערע, וועט אים זײַן גרינגער. האָט ער זיך צוגעקליבן קיין אײַנהאָרע זיבן הונדערט ווײַבער און דרײַ הונדערט פּאָליבאָווניצעס. האָט ער זיך מיט זיי די ערשטע צײַט געפילט, ווי א מיילעך, נאָר אינגיכן האָט די כאליאסטרע זיך גענומען צו אים און אָנגעהויבן דערקוטשען, און מע איז אים טאקע גיך דערגאנגען די יאָרן!

קורץ גערעדט, זאָלט איר ניט איבערכאזערן די באָסיאצקע שטיק פון שלוימען. זיך אויסלעבן מיטן ווײַב די יאָרן שטיל און לײַטיש, צוזאמען זיך אײַנשפּאנען און שלעפּן דעם שווערן וואָגן, וועט זײַןביידן פיל גרינגער.

אָט דאָס האָט איר מײַן ערשטן סאָד פון אריכאס־יאָמים.

דער צווייטער סאָד מײַנער איז דאָקטוירים, פּראָשקעס, אנאליזן, רעצעפּטן, אפּטייקן...

עס זײַנען דאָ מענטשן, וואָס קאָנען ניט איבערלעבן קיין טאָג אָן דאָקטוירים, אָן אפּטייקן! מיט קיין קוילעטש זאָלט איר זיי ניט האָדעווען, גיט זיי נאָר א דאָקטער! זיי מיינען, אז א דאָקטער איז א גאָט. אלץ ווייסט ער און אלץ קען ער! זיי דאכט זיך, אז דאָקטוירים לעבן אייביק, דערפאר וואָס זיי זײַנען באָקי אין פארשיידענע קרענק און כאלאסן! מיר זאָלן דאָס פארדינען, וואָס עס גייט אָפּ א דאָקטער, ער זאָל זיך קענען דערגרונטעווען אין אײַערע קרענק! א קרענק איז א בלינדע זאך, און קיינער קען אין איר ניט ארײַנקריכן און זאָגן, ווו שטעקט דאָרטן דער הונט באגראָבן און וויאזוי היילט מען אויס די קרענק.

איך האָב געקענט אזעלכע מענטשן, וואָס לויפן גלײַך צום דאָקטער, ער זאָל זיי ראטעווען, ווי נאָר עס גיט זיי א קיצל, און בא אונדז היילט מען דאָך אומזיסט, אָן א גראָשן געלט, גייט מען זיך היילן! און די דאָקטוירים זײַנען בא אונדז איידעלע, אינטעליגענטנע לײַט. הערן זיי אײַך אויס, און וויבאלד אויסגעהערט, מוז מען שוין עפּעס אויסשרײַבן — פּראָשקעס, טראָפּן, פּילן. דאָקטוירים זשאלעווען אײַך ניט דאָס מין, און איר מיינט, אז איצט וועט איר שוין ווערן א גיבער. איר האלט אין איין שלינגען די פּראָשקעס מיט די פּילן — ווײַל עס קאָסט וואָלוול. און אנדערע מענטשן גייען צו עטלעכע דאָקטוירים. איז איינער זאָגט אזוי און דער צווייטער — קאפויר. און אזוי צוביסלעך ווערט איר טאקע א שטיקל כוילע און הייבט זיך אָן פּעסטען. מײַן מאמע האָט אמאָל געזאָגט, אז א מענטש, וואָס איז אינגאנצן געזונט און גאָרניט טוט אים ניט וויי, איז אָדער א מעשוגענער אָדער א מאניאַק! ווײַל ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אז דער מענטש איז שוין אין די יאָרן און עס זאָל אים גאָרנישט ניט וויי טאָן, עס זאָל אים גאָרנישט ניט דערקוטשען? א קינד ווערט געבוירן, הייבט עס אָן צו וויינען. וואָס איז? גאָרניט! מינאסטאם טוט אים עפּעס וויי. און א מענטש, וואָס איז שוין אלט א שיין ביסל יאָרן מיינט, אז דער דאָקטער מיט זײַנע פּראָשקעס און אײַנשפּריצונגען קאָן אים מאכן פאר א גיבער! עטוואָס, פארשטייט זיך, מעג מען זיך היילן באם דאָקטער, אפילע ארײַנכאפּן א פּאָר פּראָשקעס, און אז אָך און וויי איז דעם, ווער עס לאָזט זיך ארײַן אין די זאכן און פּוציעוועט איבער. און אז אָך און וויי איז יענעם, ווער עס נעמט זיך ארײַן א מאנקאָליע אין קאָפּ און רעדט זיך אײַן א קינד אין בויך, אז ער האָט צוועלף קרענק און אָט־אָט שטארבט ער! אזא פארשוין וועט דער גרעסטער דאָקטער ניט קענען אויסהיילן. אָט האָב איך געקענט איינעם א פארשוין, א געזונטן און א שטארקן. דאָס פּאָנעם איז רויט, ווי א צוויק — געזונט ווי אײַזן. האָט ער אמאָל אוועקגעטראָגן צום דאָקטער א בוטל מיט, איך בעט איבער אײַער קאָוועד, האשטאָנע, מע זאָל, הייסט עס, מאכן אַן אנאליז. עפּשער וועט מען בא אים געפינען א קרענק. נאָר אזוי ווי דאָס מיידל, וואָס מאכט די שיינע אנאליזן, האָט פארפלאָנטערט די יאָצרעס, דאָס הייסט פארביטן די פלעשער, האָט זי אָנגעשריבן דעם פארשוין, אז ער פארמאָגט א דיאבעט. א צוקער־קרענק. און דער פארשוין האָט גענומען אָפּשלאָגן די טירן פון די קאנצעליאַריעס, מע זאָל אים שיקן אף די קוראָרטן. מיט דער דאָזיקער פרעמדער קרענק טראָגט ער זיך ארום שוין יאָרנלאנג. פאר דער צײַט איז שוין די קראנקן־שוועסטער, וואָס האָט אים געמאכט דעם אנאליז, אוועק פון דער וועלט, דרײַ דאָקטוירים,

וואָס האָבן אים געהיילט, זײַנען שוין אויך געשטאָרבן, און ער לעבט נאָך אַלץ! ער אַרבעט קימאַט ניט, שלעפּט געלט און פּוטיאָווקעס, ווו נאָר עס לאָזט זיך. ער האָט שוין פּאַרמוטשעט אַ גאַנצע פּאָליקליניקע און לאָזט קיינעם ניט לעבן מיט זײַן דזשאַבעט, מיט זײַן צוקער. ער פאַרקירצט די יאָרן די דאָקטוירים, דעם ווײַב און אַלע אַרום זיך...

איז די בעסטע זאַך — ווייניקער גיין צו דאָקטוירים און ווייניקער שלינגען די פּראָשקעס מיט דער כימיע. ווײַל קיין גוטס קאָן דערפֿון ניט אַרויס, קיין געזונט און קיין יאָרן וועט עס דיר ניט געבן.

באַ אונדז אויף דער ראַקעטקע האָט אַמאָליקע יאָרן געוווינט אַ קירזשנער, אַ כאַכעם, אַ כוואַט און געהאַלטן פונעם וויץ, פון דער כאָכמע. אַ שיין ביסל יאָרן האָט ער אָפּגעשטופּט. איך קאָן שווערן — אַריבער די נײַנציק. האָט מען אים געפרעגט: „רעב אוורעם, וואָס טוט איר אַזוינס, וואָס איר האַלט זיך פעסט אויף דער ערד אַזאַ שיין ביסל יאָרן? עפשער ווייסט איר אַזאַ רעפּוע, פון וועלכער מע קען מאַריך־יאָמים זײַן, דאָס הייסט, לעבן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר?" האָט ער מיט גאַדלעס געענטפערט: „געוויס ווייס איך! אַ גוטער דאָקטער היילט מיך, און דערפאַר וועל איך אַלעמען אויף דער ראַקעטקע איבערלעבן. איין מאָל אין אַ יויוול גיי איך זיך היילן צו אונדזער דאָקטער. איך גיי, ווײַל איך ווייס, אַז דער דאָקטער אונדזערער איז אַ קאַפּצן אין צוועלף פּאָלעס. עס קלעקט אים קוים וואַסער אויף קאַשע. און איך גיב אים די עטלעכע גראָשנס, ווײַל ער איז אַ מענטש גלײַך מיט אַלע, און וויל לעבן. שרײַבט ער מיר אויס אַ רעצעפּט, און איך גיי אין אַפּטייק, באַצאָל דעם אַפּטייקער דאָס ביסל מינץ פאַר זײַנע פּראָשקעס. ווײַל דער אַפּטייקער איז אַ מעטופּל מיט קינדער, און ער וויל אויך לעבן. דערנאָך נעם איך די שיינע פּראָשקעס און וואַרף זיי אַרויס אין סמיטניק, ווײַל איך בין אויך אַ מענטש, און וויל אויך לעבן!"

וואָס זאָל איך אײַך לאַנג ברייען — מײַן אייצע איז — איר זאָלט זיך ווייניקער היילן, ווייניקער דערגיין די יאָרן די דאָקטוירים, ווײניקער שלינגען פּראָשקעס מיט פּילן, ווײַל אַ ביסל היילן זיי און מערסטנס פאַרקירצן זיי אײַך די יאָרן.

אויף דער מילכאָמע, שווער איך אײַך, האָבן מיר ניט געוווּסט פון קיין דאָקטוירים און פון קיין פּראָשקעס. סײַדן, ביסט פאַרוווּנדעט געוואָרן פון אַ קויל, אַן אָסקאָלאָק, האָט מען דיך צוגענומען אין גאָספּיטאַל און מע האָט דיך צונויפגענייט, צונויפגעשטוקעוועט, צונויפגעקלעפּט. דאָרטן זײַנען אַלע געווען געזונט, און קיינער האָט זיך ניט צוגעקילט, כאָטש עס זײַנען געווען געגנוג צוגווינטן, און קיינער האָט ניט געוווּסט, וואָס הייסט אַ בעט, אַ קישן, אַ קאָלדרע. איינע אַ פויערטע אין אַ דאָרף, וווּהין איך האָב זיך אַמאָל אַרײַנגעכאַפּט איבערנעכטיקן, האָט אויף מיר געקוקט מיט פאַרווײנטע אויגן, ווען איך האָב זיך אוועקגעלייגט שלאָפן אויף דער לעזשאַנקע און געפרעגט:

— סאָלדאַט, אויף וואָס שלאָפסטו דאָרטן אויף דער מילכאָמע?

— וואָס הייסט אויף וואָס? אויף מײַן שינעל.

— און מיט וואָס דעקסטו זיך דאָרטן צו?

— מיט דער שינעל...

— נו, און וואָס לייגסטו אונטער אונטערן קאָפּ?

— וואָס הייסט וואָס, די שינעל...

— גאָטעניו, ליבער, — האָט זי אַ פּלעסקע געטאָן מיט די הענט, — וויפל שינעלן האָסטו דאָרטן אויף דער מילכאָמע?

— איינע...

זי איז געבליבן צעטומלט און אַנטוישט, געצוקט מיט די אַקסל, אַרויס ניט וויסנדיק.

מע איז געווען פאַרטאָן. אַרבעט איז אויף דער מילכאָמע געווען איבערן קאָפּ, און ווער האָט געקענט טראַכטן וועגן דאָקטוירים, קרענק, פּראָשקעס. און אַזוי זײַנען געגאַנגען טעג און יאָרן. און — דאַנקען גאָט!

איז מײַן אייצע צו אײַך, זיך ווענדן צום דאָקטער דעמלט, ווען איר מוזט שוין. איר זאָלט אַרבעטן, זײַן פאַרטאָן אין אײַער מי, ווען די בלוטן ניט פאַרגליווערט ווערן, איר זאָלט זיך מער באַוועגן און אָטעמען מיט ריינער לופט, זיך ניט אַרײַנלאָזן אין דער זויער־מילך, אין דער פּראָסטאָקוואַשע און זיך ניט אָפּזאָגן פון אַ גוטן ראָסלפלייש, אַ שטיק געפילטע פיש, אַ גוט הענגל ווײַנטרויבן, פון פרוכטן, האָניק — אין זיי, זאָג איך אײַך, איז אַ גאַנצע אַפּטייק, דאָ ליגן אַלע בעסטע רעפּועס פון דער וועלט. דעריקער אַרבעטן, עפּעס טאָן, ברענגען מענטשן נוצן, וועט דער אייבערשטער זען, אַז ער דאַרף אײַך האָבן אויף דער ערד, אַז איר עסט ניט אומזיסט דאָס שטיקל ברויט, וועט ער אײַך לאָזן לאַנג לעבן. אָט דאָס האָט איר מײַן צווייטן סאָד פון אַריכעס־יאָמים.

דער דריטער סאָד מײַנער איז — קינע. קינע עסט אויף דאָס גאַנצע געזונט און נעמט צו די יאָרן. איר זאָלט קיינעם ניט מעקאַנע זײַן! עס זײַנען דאָ מענטשן, וואָס האָבן איין אַרבעט — מע פאַרגינט אײַך ניט! קינע! אַז זיי דערזעען אויף דיר אַ נײַ רעקל, אַ נײַ היטל, אַ נײַ בענקל אין שטוב — איז מען אײַך מעקאַנע סאַקאַנעס־נעפאַשעס. שטעלט איר אַוועק אַרום אײַער שטיבל אַ נײַעם פּלויט, עסט מען אײַך מאַמעש מיט די אויגן. פאַרדינט איר אַן איבעריק קערבל, איז מען גרייט אײַך דוירעס זײַן. אַנדערע האָבן אַ טעווע זיך קריגן מיט שכיינים. פּאַר אַ ליאַדע גאָרניט קריגט מען זיך. דאַרף מען זיך באַמיִען ווייניקער זיך קריגן. זאָל אײַערס איבערגיין! איך זאָג ניט, כאַלילע, אַז מע גיט אײַך אַ פּאַטש אין איין באַק, זאָלט איר אונטערשטעלן די צווייטע: נאַ, פּאַטש ווײַטער. זאָל גאָט היטן! אַז מע דערלאַנגט אײַך אַ קלאַפּ, שטערט אמאָל ניט אָפּשלאָגן יענעם די זײַטן. נאָר צוליב נאַרישקײַטן זיך נעמען צום האַרצן — לוינט ניט. שפּײַט זיך אויס דערויף, פאַטערט ניט דאָס געזונט, עסט זיך ניט אויף לעבעדיקערהייט, פאַטערט ניט דאָס לעבן אויף אַזעלכע קלייניקײַטן.

איך, זינט איך קען זיך, בין איך נאָך קיינעם ניט מעקאַנע געווען! אַרבעט, ווי איך, ווי מײַן רייזל, מײַנע כעוורע, וועסטו פאַרשפּאָרן מעקאַנע זײַן. וועסטו לעבן, ווי מיר. מײַן מאַמע, אָלעהאַשאָלעם, אײַך צו לענגערע יאָרן, האָט אַמאָל געזאָגט: „אונדזערע שכיינים עסן ניט קיין גאָלד, און מיר עסן ניט קיין שטיינער... טאָמער עסט יענער אויף מער מיט אַ קרעפּל, זאָל עס אים וואויל באַקומען! טאָמער האָט יענער מער מיט אַ קליידל, זאָל מען עס טראָגן געזונטערהייט — מיר גייען אויך, כאַלילע, ניט נאַקעטע!"

האָט זי טאַקע אָפּגעלעבט עטלעכע און נײַנציק יאָר, די מאַמע מײַנע, און מײַן טאַטע, דער ראַקעווקער בלעכער, האָט געלעבט ניט ווייניקער. סײַ דער טאַטע, סײַ די מאַמע זײַנען קיינמאָל ניט אַרומגעגאַנגען, ווי די כמאַרעס, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, כאָטש פּאַר זייערע יאָרן האָבן זיי פאַרזוכט קאַלטס און וואַרעמס. נאָר ליב געהאַט די וועלט און דאָס לעבן.

קורץ גערעדט, ניט מעקאַנע זײַן, פאַרגינען יענעם דאָס לעבן, ניט אַרומגיין איבער דער ערד מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, זיך ניט זוכן קיין אומקאַוועד. קאָוועד באַ מענטשן און באַ דער וועלט — גיט צו אַ סאַך געזונט און אַ סאַך יאָרן.

איך רייד שוין ניט, וויפל נאַכעס עס ברענגט דיר דאָס, וואָס דער אוילעם שעצט דיך, ווײַל דו לעבסט ניט בלויז פּאַר זיך אַליין, ווײַל דו האָסט קיינמאָל ניט פאַרלאָרן דײַן סאָ־וועסט און דער געוויסן איז באַ דיר ריין, ווי גאָלד. האָסט קיינמאָל קיינעם ניט באַליידיקט, ניט אין די אויגן און ניט הינטער די אויגן, און דו קאָנסט יעדן איינעם קוקן גלײַך אין פּאָנעם און גיין איבער דער גאַס מיט אַן אופגעהויבענעם קאָפּ. און אויב דער קאָפּ איז אופגעהויבן, שטאָלץ, זעסטו אויס ייִנגער, און אַלע קוקן אויף דיר גאָר אַנדערש.

האָט איר שוין אַ כעזשבן, הייסט עס, פון דרײַ סוידעס.

דער פערטער סאָד מײַנער באַשטייט אין וואָס? אין נאַכעס! אין דער ערשטער ריי — נאַכעס פון קינדער...

עס זײַנען דאָ מענטשן, וואָס גייען דורך דאָס לעבן, ווי אַ ווינט און לאָזן ניט איבער קיין שום זייכער, קיין שפּור נאָך זיך.

דער בויט אויס אַ שטוב, וואָס פאַרבלײַבט אויף אַ סאַך יאָרן, יענער דעקט צו אַ דאַך, און קינדס־קינדער דערמאָנען דעם בלעכער, וואָס האָט דעם דאַך געדעקט. אַנדערע שרײַבן אָן ביכער, מאָלן אויס בילדער, האַקן אויס שטיינער, לאָזן איבער נאָך זיך קינדער, כאָוועץ זיי גוט אויס, פאַרזעצןביימער, פלאַנצן ווײַנגערטנער, מאַלע־וואָס מענטשן טוען אויף און לאָזן איבער נאָך זיך! מיילע, וואָס איך האָב באַ אונדז אין יישעוו אַמאָל אויסגעבאָוועט, אַוועק־געשטעלט געדענקט איר גאַנץ גוט, כאָטש דער פאַרשאָלטענער פאַשיסט האָט קיין זייכער דערפון ניט איבערגעלאָזט, און ווען איך וועל זיך דאָ אַ פּאָר טעג אָפּרוען, וועל איך זיך ווידער נעמען צו דער אַווידע, קעדיי מענטשן זאָלן אין הונדערט יאָר אַרום ניט קענען זאָגן, אַז דאָ, אויף דער ערד, האָט אַמאָל געלעבט אַ בלעכער, אָפּגעשטופּט אַ לעבן און קיין זייכער נאָך זיך ניט געלאָזט.

דערווײַל קען איך זיך באַרימען און גרויסן מיט מײַנע קינדער. זעט, סאָראַ טײַערע מיי־דלעך עס וואַקסן באַ מיר, דאָס האַרץ ווערט מאַמעש צעשמאָלצן פון פאַרגעניגן, און קוקנדיק אויף זיי, ווער איך גרעבער, ווי לענגער. דאָס הייסט נאַכעס פון קינדער און דאָס גיט צו געזונט און פרייד, דערצו גיט עס צו יאָרן. ווײַל קעדיי די קינדער שטעלן אויף די פיס, זיי זאָלן ווערן מענטשן, דאַרף מען אַ סאַך לעבן און ניט טראַכטן וועגן טויט!

מײַנע מיידלעך האָבן נעבעך אין דער עוואַקואַציע זיך גוט אָנגעבידעוועט, באַגלײַך מיט מײַן רייזלען און מיט אײַך אַלעמען, נאָר, דאַנקען גאָט דערפאַר — אָט זיצן זיי! אויסגעוואַקסן, ווי אויף הייוון, און קיינער וועט וועגן זיי, דאַכט זיך, קיין שלעכטס וואָרט ניט זאָגן. און איך

האָב דערפון נאכעס. נאכעס פון קינדער איז א גרויסע זאך! קוקסט אף די קינדער, און עס קומט דיר צו פודנוויִ געזונט. און דאָרט, ווו געזונט, דאָרט איז יאָרן!

עמעס, ניט שטענדיק האָסטו נאכעס פון קינדער. מײַן איציק, אײַך צו לענגערע יאָרן, האָט ניט דערלעבט דעם הײַנטיקן טאָג. און אין סאמע סאָף פון דער מילכאָמע, אין בערלין, באַם רייכסטאַג, געפאלן אין שלאכט, אומגעקומען. ער האָט בא מיר אָפּגענומען מיט זײַן טויט א האלבֿ לעבן. אָבער וויפל נאכעס האָט ער מיר פארשאפט, בעשאס ער האָט זיך געשלאָגן מיטן סוינע! וויפל קאָוועד האָט ער זיך פארדינט פאר אלע פיר יאָר פון מילכאָמע! און איך האָב געזען מיט מײַנע אויגן, וויפל קאָוועד ער האָט געהאט פון זײַנע סאָלדאטן און פון זײַן נאטשאלסטווע. און די מעלוכע האָט אָפּגעשאצט זײַן מעסירעסנעפעשדיקייט אפן פראָנט — באערט מײַן איציקן, שמײַע דעם בלעכערס זון, מיטן העכסטן טיטל פונעם לאנד — העלד פון ראטנפארבאנד... אוודע הערט ניט אוף טריפן פון מײַן הארץ דאָס בלוט, וואָס ער לעבט שוין ניט. און זײַן אייביקע רו האָט ער געפונען ערגעץ אין אויסרײַסעניש, אין דײַטשלאנד... נאָר מענטשן פון דער גאנצער וועלט, וועלכע ער האָט באפרײַט פון דער פאשיסטישער מאַגייפע, וועלן אים ניט פארגעסן. זיי ווייסן, אז מיט טויט האָט מײַן זון זיי אומגעקערט דאָס לעבן. ניטאָ מײַן טײַערער איציק ספיוואק, און עס איז מיר א גרויסער ווייטעק. נאָר איך בין א סאָלדאט און ווייס גוט, אז דער ניצאָכן קאָסט שטענדיק זייער טײַער. וויפל נאכעס וואָלט מײַן זון געקאָנט מיר פארשאפן, ווען ער וואָלט געלעבט איצט! נאָר וואָס קען איך טאָן? יאָ, און מײַן מוישקע האָט זיך ניט אומגעקערט פון דער מילכאָמע און ווער ווייסט, ווו איז ער, צי לעבט ער? אזא צײַט שוין, ווי פון אים איז ניטאָ קיין אײַנגעטונקטע פען. געבוירן איז ער געוואָרן אין יענעם יאָר, ווען איך בין געווען באַם פערעקאָפּ. א גאָלדענער באָכער, געווען א סאָלדאט, ווי זײַן טאטע, ווי זײַנע ברידער. מײַן רייזל האָט זיך שוין אויסגעוויינט נאָך אים די אויגן. נאָר מיר זאָגט עפעס אונטער דאָס הארץ, אז ער לעבט און ער וועט זיך אומקערן צו אונדז, און איך וועל נאָך האָבן פון אים פיל נאכעס. איך האָב אים ניט אראָפּגעשריבן פונעם כעזשבן. עפעס גלייבט זיך מיר, אז ער וועט קומען. איציק מײַנער און רייזלס עלטערער זון איז געפאלן אין שלאכט, דאכט זיך מיר, אז מיר האָבן א פײַנעם כיילעק אין דעם ניצאָכן איבער דעם סוינע. מוז ער, מוישקע, קומען צו אונדזער שוועל און אונדז פארשאפן נאכעס, ווי קאָן אנדערש זײַן, פרעג איך אײַך?

קורץ גערעדט, נאכעס פון קינדער און קאָוועד פון מענטשן, דאָס איז א גרויסע זאך. און אויב דו האָסט עס, קומען דיר צו פרישע קויכעס זאָלסט זיך ניט עלטערן אזוי גיך, פארלענגערן די יאָרן...

צו אָט דעם סאָד פון אריכאס־יאָמים מוז איך צוגעבן נאָך איין זאך, און ניט קיין קלענערע, ווי דאָס, וואָס איך האָב אײַך שוין געזאָגט: ארבעט!

די ערגסטע זאך אין דער וועלט, דארף איך אײַך זאָגן, איז פוילקײַט. אן אומגליקלעכער איז דער, ווער עס לאָזט זיך ארײַן אינעם לעדאשטשען!

אנדערע זאָגן — אָפּגעהאָרעוועט עטלעכע יאָר, געגנוג! זאָלן אנדערע, און איך וועל זיך אָפּרוען, לעבן אף קעסט...

באהיט אײַך גאָט פון אזא מין געדאנק!

א פערדל, וואָס איז געוווינט דאָס גאנצע לעבן שלעפן דעם וואָגן, פרוווט שפאנט עס אויס און שטעלט עס אוועק אין שטאל אף אומזיסטע קעסט, וועט עס גאָר גיך אָפּזאָגן ווידע און פארוואָרפן די קאָפּיטעס אף א זײַט. האָט מען דאָס פערדל אײַנגעשפאנט, טאָ זאָל עס שלעפן דעם וואָגן! עס קומט דעם צו געזונט און יאָרן. ס'איז אים שווער? נישקאָשע, עס איז דערצו געוווינט!

אף ארבעט שטייט די וועלט! שטעלט זיך פאָר אף א פאָר מינוט, ווען דער אייבערשטער וואָלט געבוירן געוואָרן א לײַדעק, א לעדאשטשע, וואָלטן מיר געהאט אזא שיינע ערד, אזעלכע שיינע יאמען און סטעפעס, פעלדער און וועלדער? און שפעטער, ווען דער אלטיטשקער נויעך וואָלט געפוילט זיך אוועקשטעלן און אויסבויען זײַן טייווע, וואָלט עמעצער פון די מענטשן, פויגלען און כײַעס ארויס טרוקן פונעם גרויסן מאבל? וואָלטן זיך אונדזערע סאָלדאטן און אָפּיצערן געפוילט, וואָלטן מיר אָפּגעראטעוועט די וועלט פון דער היטלערישער מאגייפע? א נעכטיקער טאָג! אלע וואָלטן געלעגן טיף אין דר'ערד און געבאקט בייגל!

הייסט עס, אז דעריקער איז ווידער און ווידער — ארבעט. האָרעוואניע!

אָן דעם מין וואָלט אונדזער וועלטל געהאט א פאָנעם פון כויזעק! לייבצי וואָלט ניט געוווסט, וואָס איז אזוינס א טראקטאָר, ער וואָלט אפילע קיין אנונג ניט געהאט אין אָט דעם קאליקע־גרוזאָוויקל, וואָס מוסאָליניס כאָיל האָט אים איבערגעלאָזט.

איך קען אײַך שווערן, אז ניט איין מאָל, בעשאַס די גרויסע שלאַכטן בא קורסק, אפּן דאָן, אין סטאַלינגראַד, ווען אונדזערע מאַשינעס און האַרמאַטן זײַנען געשטאַנען מיט די רעדער אַרויף, צעקלאַפּטע און צעמיימעסטע, און מיר האָבן זיך אָפּגעשלאָגן פונעם סוינע מיט די פּריקלאַדן און גראַנאַטעס, האָבן מיר געטרוימט ניט אזוי וועגן לעבן, נאָר וועגן דעם, מע זאָל אונדז צושיקן נײַע מאַשינעס און נײַע האַרמאַטן, מיר זאָלן קענען אָפּשטעלן דעם דײַטש. און איר שטעלט זיך פאָר, אז בעשאַס די בלוטיקע שלאַכטן האָט מען אונדז אונטערגעטראָגן נײַע האַרמאַטן, אָנשטאָט די צעקלאַפּטע, און מיר האָבן זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט, איר ווייסט גאָר ניט, ווי גליקלעך זײַנען מיר געווען, ווען מיר פלעגן באַקומען נײַ געווער! און פונוואַנען האָט זיך עס גענומען? ערגעץ פאַר טויזנט קילאָמעטער, אין סיביר, אפּן אוראַל האָבן אונדזערע מענטשן געהאָרעוועט ביזן זיבעטן שווייס און אונדז אַלץ אונטערגעטראָגן, ווי אַף א טעלערל. און וויאַזוי האָבן מיר געדאַנקט די אומבאַוווּסטע אַרבעטער־מענטשן פאַר זייער גרויסער אַווידע! מיט זייער אַרבעט האָבן זיי אונדז געראַטעוועט, און מיר האָבן זיי געראַטעוועט דאָ אפּן פראָנט. און אַלע צוזאַמען — דער פראָנט, די פאַבריקן, זאַוואָדן, קאָלכאָזן האָבן געראַטעוועט אונדזער היימלאַנד און די גאַנצע וועלט פונעם גרעסטן אומגליק.

אָט דאָס הייסט אַרבעט, קינדערלעך! הײַנט זעט איר שוין אַליין, ווי אַרבעט ברענגט אַלעמען גליק, פרייד, פאַרגעניגן, געזונט.

הײַנט פאַרשטייט איר שוין, וואָס איך מיין — פרייד, גליק, נאַכעס, געזונט און יאָרן איז געקניפּט און געבונדן!

איר האָט שוין געזען, פרעג איך אײַך, א שנײַדער זאָל עפּעס נייען, א שוסטער — עפּעס צוקלאַפּן, א בלעכער זאָל דעקן א דאַך, א סטעלמאַך — טעסען א סרוב, אָדער מיידלעך, וואָס נעמען אַראָפּ די ווײַנטרויבן, זאָלן דערבײַ ניט זינגען קיין לידער? ווען ניט די ליד, וואָלט פאַר זיי די אַרבעט געווען אַן אָפּקומעניש. אַרבעט, לידער און שאָלעם! שאָלעם איז דאָס בעסטע אין דער וועלט. מע דאַרף זיך שלאָגן, עס זאָל זײַן שאָלעם. אַנדערש קאָן עס דערגיין דערצו, מע זאָל זיך אזוי צעבוצקען, אז פון אונדזער וועלטל זאָל קיין זייכער ניט בלײַבן. און די געלערנטע באַכאַמים, כאַלילע, קאָנען צוטראַכטן אַזעלכע אַטאָמעס, צי וויאַזוי הייסן זיי דאָרט, מע זאָל פון אונדזער ערד מאַכן א לעמעשקע, קיין זייכער פון א לעבעדיקער באַשעפעניש זאָל אפילע ניט בלײַבן.

אין אַנטקעגן וואָס איז דאָס צו רייד געקומען? אַנטקעגן אַרבעט, וואָס גיט יעדן צו יאָרן. סטאַרעט זיך אין דער אַרבעט אַרײַנלייגן דאָס האַרץ מיט דער נעשאָמע, וועט איר זען, סאַראַ פאַרגעניגן איר וועט האָבן. אַף דער מילכאָמע האָב איך עס גוט דערפילט. דאָרטן האָבן מיר זיך אויך גוט אָנגעהאָרעוועט, נאָר מישטיינסגעזאָגט, וואָס איז דאָס געווען פאַר אַן אַרבעט! עס איז אויסגעקומען אַלץ צעמיימעסן, צעברעכן, פאַרברענען, צעקלאַפּן — איך האַלט פון עכטער אַרבעט. דאָס הייסט, פון בויען, פאַריכטן, באַפּוצן, מאַכן אַלץ אזוי, מענטשן זאָל זײַן באַקוועם און וואַרעם צו לעבן אַף זייער ערד!

גײַסט אַרויס אַף דער גאַס, און זעסט א נײַע שטוב, א נײַ געבײַ, א נײַעם דאַך, צו וועלכע דו האָסט צוגעלייגט א האַנט, און פון פאַרגעניגן קומען דיר צו טעלעכע איבעריקע יאָר לעבן. דערצו נאָך דאַרפסטו פאַרשטיין, אז ווען דו ביסט שטענדיק פאַרטאָן אין דײַן אַרבעט, האָסטו ניט קיין צײַט זיך צו עלטערן, פאַרגעסט אין דײַנע יאָרן און קיינער ציילט זיי דיר ניט, ווײַל דו ברענגסט נוצן, מע דאַרף דיך האָבן, מע זעט, זאָלסט זיך לענגער פאַרהאַלטן אין סטרוי!

און דאָס אַלץ, זאָג איך אײַך, איז בעסער און געשמאַקער פון וויערמילך און פּראָסטאָקוואַשע, פון פּראַשקעס און דאָקטוירים!

נאָך איין זאַך דאַרף איך אײַך זאָגן, גאָר א וויכטיקע זאַך: טרײַבט פון זיך דעם אומעט, האַלט ניט אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, זײַט לעבעדיק און פריילעך, וואָס עס זאָל ניט זײַן! לאַכט. לאַכן איז געזונט.

אָט דאָס זײַנען מײַנע פיר סוידעס פון לאַנג לעבן, פון אַריכעס־יאָמים. יאָ, שיר ניט פאַרגעסן נאָך זייער א וויכטיקע זאַך! מע דאַרף טאָמיד געדענקען, אז דאָס לעבן איז ניט קיין צוג — געקויפט א בילעט ביז אַזאַ און אַזאַ סטאַנציע, זיך אַוועקגעזעצט אין וואַגאָן און פאָר, ברודער! דו פאָרסט און ווייסט, ווען דו ביסט אַרויסגעפאָרן און ווען דו וועסט קומען צו פאָרן. ניין, מײַנע טײַערע, אזוי גייט עס ניט! אויב דו ביסט פאַר דײַן לעבן ניט געווען אונטערן פערדל, ווייסטו ניט זײַן אפּן פערדל! אויב דו האָסט ניט געוווּסט, פאַטשאַם פונט ליכאַ, ניט פאַרזוכט קיין ביטערס, וועסטו ניט פילן דעם טאַם פון זיס, אויב דו האָסט ניט געוווּסט פון צאָרעס, וועסטו פון נאַכעס אַוואַדע ניט וויסן, אויב דו האָסט ניט אונטערגעשטעלט קיין

פלייצע, ווען מע האָט געדאַרפט שלעפּן אַ שווערע מאַסע, ניט געבראַכט מענטשן קיין נוץ, ווערסטו ניט פאַרשטיין, וואָס איז אַזוינס לעבן, וואָס איז אַזוינס עמעס גליק און ווערסט עס ניט קענען אָפּשאַצן ווי געהעריק. הײַנט טוט אַ קוק אויף מיר, אויף אײַער שמײַע ספּיוואַקן, אָדער זאָל זײַן, ווי איר רופט מיך — שמײַע גאַזלען — וויפל צאָרעס האָב איך איבערגעטראָגן אויף מײַן לעבן, וויפל אומגליקן, וויפל בין איך אויסגעשטאַנען פאַר דער שווערער צײַט, וויפל שווערע וועגן דורכגעגאַנגען, וויפל מאָל אונטערגעשטעלט די פּלייצע, ווען מע האָט געדאַרפט אַרויסשלעפּן אַ שווערן וואָגן, וויפל האָב איך זיך אָנגעהאָרעוועט, אין וועלכע סאַקאָנעס ניט אויסגעווען! טאָ פרעג איך אײַך, מעג איך אַראָפּוואַרפן פון כעזשבן אַ פּאָר צענדליק יאָר? איר זײַנט, דאַכט זיך, אַלע אײדעס, אַז דאָס לעבן איז פאַר מיר אַ שטיקל באַלכיווו און עפּעס־וואָס קומט מיר באַ דעם אַרויס...

איז אָט, האָב איך אײַך, מײַנע טײַערע, אַלץ אַרויסגעלייגט, ווי פאַר די בעסטע ריכטער, אײַך אַרויסגעגעבן אַלע מײַנע סודיעס פון אַריכעס־יאָמים, איך האָב אײַך, מעגט איר מיר גלייבן, גאָרנישט ניט געלייקנט. געפעלן זיי אײַך מײַנע סודיעס, איז מיטן גרעסטן קאָוועד, קענט איר זיך מיט זיי באַנוצן, עלע ניט, וועל איך צו אײַך קיין טײַנעס ניט האָבן, כאַלילע, זיך ניט באַליידיקן. טרינקט אײַך געזונטערהייט זויערמילך און פּראָסטאָקוואַשע און שלינגט וויפל אײַער האַרץ גלוסט פּראַשקעס מיט פּילן און דערגייט די יאָרן אײַערע דאָקטוירים.

שמײַע גאַזלען האָט געענדיקט, זיך אופגעהויבן פון דעם גראָז און אַ קוק געטאָן אויפן גרויען האָריזאָנט. דאָס פאַרוואָקסענע, געקנייטשטע פּאָנעם זײַנס האָט געשײַנט פון אַ גוטמוטיקן און מילדן שמייכל.

— זעט נאָר, מיר האָבן זיך, דאַכט זיך, אַ ביסעלע פאַרעדט און ניט באַמערקט, ווי דער פרימאָרגן קלײַבט זיך אַרײַנפּאָרן צו אונדז.

און, ווי ער וואָלט זיך וועלן פאַרענטפערן פאַר די אַרומיקע, צוגעגעבן:

— איר זאָלט אויף מיר קיין פאַריבל ניט האָבן. נאָר איר אַליין האָט מיך געבעטן, האָב איך אײַך אַרויסגעגעבן מײַנע סודיעס.

— נישקאָשע, שמײַע, — האָט זיך אָנגערופן אוורוצקי, — האָסט דאָך אַליין געזען, ווי אַלע האָבן דיך געהערט מיט פאַרגעניגן. שוין פיר יאָר, אַז מיר האָבן פון דיר ניט געהערט קיין לעבעדיק וואָרט, מעגסטו איצט ריידן, וויפל דײַן האַרץ גלוסט.

— אַ דאַנק דעם אייבערשטן, שמײַע, וואָס דו האָסט זיך אומגעקערט אַ לעבעדיקער, — האָט זיך אָנגערופן כאַנע, — איצט וועט באַ אונדז ווערן אַ ביסל פריילעכער. בעסער זאָלט איר אונדז דאָ דערציילן פריילעכע געשיכטעס, איידער זיך וואַלגערן אין אויסרײַסעניש אין די וויסטע אָקאָפּעס. איר האָט אונדז דאָ געזאָגט אַ סאַך קלוגע זאַכן, און מיר האָבן אפילע ניט געפילט, ווי די נאַכט איז איבערגעלאָפן.

רייזל האָט ניט אויסגעהאַלטן און זיך געבעטן באַ די שכיינים:

— זאָגט מיר נאָר, קינדערלעך, איר האָט גאָט אין האַרצן? לאָזט מײַן גאַסט זיך גיין אָפּרוען פונעם וועג. איר וועט נאָך האָבן צײַט זיך אָנריידן מיט אים. מער וועל איך אים שוין פון זיך ניט אָפּלאָזן, און ער וועט אויך שטענדיק שוין בלײַבן אַ היגער.

און אירע ווערטער האָבן געהאָלפן. דער אוילעם האָט זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערגיין, אָבער אָן גרויס כיישעק. מע האָט דעם גאַסט נאָך אַלץ געגעסן מיט די אויגן. מע איז מעקאַנע געווען רייזלען, וועלכע האָט דערלעבט דעם דאָזיקן טאָג.

## פערצנטע נאָוועלע

### ווען דער מענטש שפּרייט פאַנאַנדער די פליגלען

עפּשער איז אײַך אויסגעקומען נאָך פיר שווערע יאָר מילכאָמע נאַווענאַד זײַן, וואַנדערן, שטיין פאַר טויט־געפאַרן, נאָך אַנצאָליקע שלאַכטן זיך פלוצעם אופּכאַפּן אויפן אייגענעם געלעגער, באַ זיך אין דער היים?

די היים... די לײַבלעכע היים!

גיין, דאָס איז ניט געווען יענע וואַרעמע, געמיטלעכע היים, וואָס דו האָסט אַמאָל פאַר־

לאַזט. אַ קליין ערדשטיבל מיט אַ נידעריקער סטעליע איבערן קאָפּ, אַ פּיצינקעלע פענצטערל, דורך וועלכן עס שלאָגט זיך קוים־קוים דורך אַ שטיקעלע הימל, אַ ביסעלע שײַן, צוויי האַרטע טאַפּטשאַנעס, צונויפגעשלאָגענע פון ניט געהובלטע ברעטער, באַדעקטע מיט שטרוי, אַ קליין טישל אין נאַסן ווינקל, אַ צעפּאַרענע טאַבורעטקע. פאַנאַנדערגעוואָרפענע העפטן און אַלטע ביכער, אַ קאַנעץ. אַ שטיקל שפּיגעלע און אַ מיידלש קעמעלע. אַף דער וואַנט — פון אַ ניט געטעסעטע רעמל, קוקן אַרויס עטלעכע אָנגעשטרענגטע און עטוואָס פאַרלוירענע שוואַרצכיי־נעוודיקע כעווירע מיט געשווירענע קעפּ אין סאָלדאַטישע שינעלן. בײַ דער שוועל שטייט אַ זעקל מיט אַ ביסל קאַרטאָפּליעס און ציבעלעס, אַף דער וואַנט, אַף טשוועקעס, הענגען עטלעכע אָפּגעבליאַקעוועטע קליידלעך און טעלאַגרייקעס...

און דאָס אַלץ איז היים...

שוין עטלעכע נעכט דורכגעלאָפן זינט שמײַע גאַזלען האָט זיך אַהער אומגעקערט, און קיין שלאָף האָט אים נאָך אַלץ ניט גענומען, ער האָט מיט קיין אויג ניט געקאָנט צומאַכן, כאָטש ער האָט אַלץ מער און מער געפילט די מידקייט.

איבער דעם ערדשטיבל שוועבט די נאַכט. שמײַע ליגט מיט צעעפנטע אויגן. דערנעבן איז רייזל. אַנטקעגן, אַפן צווייטן טאַפּטשאַן, שלאָפן געשמאַק, ווי די קייסעריניעס, מיט אַנט־בלויזטע, צעוואָרפענע הענט ביידע מיידלעך.

שמײַע האָט ניט געזען, ווען זיי זײַנען אויסגעוואַקסן אַזעלכע שיינע און שלאַנקע. ער האָט זיך מיט זיי צעשיידט, ווען מע האָט נאָר אָנגעהויבן גיין אין שול, און ט'האָסטו דיר — קימאַט קאַלע־מוידן!

ביידע זײַנען זיי ענלעך איינע אַף דער צווייטער, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער. און שמײַע האָט זיי צום ערשטן אַפילע ניט דערקענט. איצט געוווינט ער זיך צוביסלעך צו צו זיי. רעכטס אָטעמט שטילערהייט די עלטערע — זינע. בײַ דער וואַנט שלאָפט די ייִנגערע — מירע. דער שמייכל ליגט אויסגעגאָסן אַף איר פּנים, ניט אַנדערש, ווי זי זעט איצט אַ שיינעם כאַלעם. ווי גליקלעך ער איז, שמײַע, וואָס ער האָט זיך אומגעקערט און געטראָפן לעבעדיקע דאָס ווײַב מיט ביידע קינדער. עמעס, דאָס איז אַן „אָסקאָלאָק" פון זײַן מישפּאָכע, נאָר דאַנקען גאָט דערפאַר. וויפל איז אָפּגעגאַנגען, זיי זאָלן געוועזן בלײַבן אין די ציין פון די פאַשיסטן. ער וואָלט זיך איצטער אומגעקערט צו די הוילע שטיינער פון זײַן שטוב? עמעס, מע איז אָרעם, ווי דער טויט, מע לעבט אין אַ לעבעדיקן קייווער. נאָר אַזוי לעבן דאַרף איצט מיליאָנען מענטשן. און אַז מע האָט דערלעבט צום טאָג פון ניצאָכן, וועט מען זיך שוין יאַקאָס געבן אַן אייצע!

גאָטעניו טײַערער, צי דען איז ער טאַקע בײַ זיך אין דער היים מיט זײַן מישפּאָכע? עס גלייבט זיך מאַמעש ניט. עפּעס, ווי אַ גוטער כאַלעם. אָט פילט ער דעם שטילן אָטעם פון רייזלען. אָט ליגן אַף דער נאַרע מיט צעוואָרפענע נאַקעטע הענט זײַנע צוויי מיידלעך און אַ גוט שמייכעלע באַשײַנט זייערע פאַרברוינטע פּנעמער. און דאָס האַרץ ווערט צעריסן אַף שטיקער פון ווייטעק. שיטער געוואָרן זײַן מישפּאָכע. רייזלס צוויי זין זײַנען אומגעקומען אַפן פראָנט, געפאַלן אין שלאַכט איז זײַן איציק, מיט וועלכן ער איז בישכיינעס דורכגעגאַנ־גען אַזאַ שווערן וועג, און באַם סאַמע סאָף פון דער מילכאָמע, אין בערלין, ווען דער ניצאָכן איז שוין געווען מאַמעש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, איז ער געפאַלן אין שלאַכט. עמעס, מוישקע, זײַן ייִנגערער זון, האָט זיך געפונען. אַ גאַנץ יאָר האָט רייזל פון אים ניט געהאַט קיין שום ייִדיעס און שוין געטראַכט, אַז ער, מוישקע, איז אויך אומגעקומען. זי האָט אים שוין באַוויינט. און ערשט די טעג האָט זי פון אים באַקומען אַ בריוול פון שפּיטאָל. ער לעבט! ער איז געווען אַ פּילאָט אַף אַ פאַרניכטלער־עראָפּלאַן און אין איינעם אַ לופט־שלאַכט האָט מען אים אַראָפּגעקלאַפּט. אַ האַלב־לעבעדיקן, אַ בלינדן האָט מען אים געבראַכט אין אַדעסער שפּיטאָל. קימאַט אַ יאָר צײַט איז ער דאָרטן געלעגן, ביז מע האָט אים געשטעלט אַף די פיס, אומגעקערט די ריִע און דאָס לאַשן, דערנאָך האָט מען אים איבערגעפירט אין דניעפּראָפּעטראָווסקער שפּיטאָל. ער האָט לאַנג ניט געשריבן, ווײַל ער האָט ניט געגלייבט, אַז מע וועט אים קענען אומקערן די ריִע, אַז ער וועט בלײַבן לעבן. ניט געוואָלט זיך אומ־קערן אַהיים אַ קאַליקע. זאָלן די מוטער און די שוועסטערלעך בעסער מיינען, אַז ער איז אומגעקומען. נאָר אַ נעס איז געשען — דער פּראָפעסאָר פילאַטאָוו פון אַדעס האָט אים עטלע־כע מאָל אָפּערירט און אים אומגעקערט די ריִע. עמעס, זיך אומקערן אַפן פראָנט האָט ער שוין ניט געקענט, פליִען — אַוודע און אַוודע ניט. אים וועט נאָך אויסקומען בלײַבן אַ צײַט אין שפּיטאָל, נאָר ער איז שוין אַ מענטש און וועט נאָך קאָנען אַרבעטן, זיך אומקערן אַהיים. דערווײַל איז ער אין דניעפּראָפּעטראָווסק.

אַזאַ מאַזיק דער מוישקע! אַזאַ צײַט ניט געבן צו וויסן וועגן זיך!

וועגן דעם, אז דער זון לעבט, האָט שמיַיע זיך דערוווּסט פון רייזלען ערשט נעכטן. ער האָט שוין אפילע מוירע געהאט זי פרעגן וועגן אים, ניט געוואָלט שיטן קיין זאַלץ אַף אירע ווונדן. ווייניק האָט זי זיך אויסגעוויינט די אויגן!

ער לעבט, מוישקע! אַ גליק!

פאַרטאָן אין זיַינע געדאַנקען, איז שמיַיע געלעגן מיט אָפענע אויגן און ניט געקאָנט איַינשלאָפן.

די יעדיִע, אַז מוישקע לעבט, האָט שמיַיען פאַרשאַפט אַ סאַך פרייד. און טאַקע, פון טויט לעבעדיק! מיידלעך אין שטוב זיַינען ניט קיין לאַנגדויערנדיקע געסט, זיי וואַקסן אונטער, זוכן זיך אויס כאָסאַנים און — פיוּ! פליִען ארויס פון דער געסט אין דער וועלט אַריַין. אפילע פאַמיליעס נעמען זיי זיך ניַיע, און דיַין שטאַם פאַרוועלקט. אָבער אַ זון איז אַ גליק. מיט דער ציַיט וואַקסן אונטער אייניקלעך, וואָס טראָגן דיַין פאַמיליע, און דער שטאַם בליט וויַיטער. דערצו נאָך איז מוישקע אַזאַ טיַיערער באָכער!

דאָס האַרץ האָט געגומען נאָגן. ער האָט דערפילט אַ מוירעדיקע בענקשאַפט נאָך זיַין זון. אים האָט זיך געוואָלט צופוס לויפן צו אים, עפשער בייטיקט ער זיך אין זיַין הילף? ער וועט דאָס אומבאַדינגט טאָן, נאָר שפעטער אַ ביסעלע. עס רוקט זיך אָן דער אָסיען, און דאָס וויַיב מיט די מיידלעך לעבן אין אָט דעם נאַסן ערדשטיבל, מע דאַרף וואָס גיכער זיך נעמען בויען אַ ווױנונג, מע דאַרף העלפן די שכיינעס. געציילטע מאַנצבלען זיַינען געבליבן אין יישעוו, סאָלדאַטקעס, וואָס האָבן שוין אָנגעווירן די האָפענונג באַגעגענען זייערע מענער, מאַטערן זיך נעבעך. אַף זיַינע פלייצעס וועט זיך איצט לייגן אַ שווערער אָל, און ער, שמיַיע, וועט אים מוזן טראָגן. ווער ז׳שע דען, אויב ניט ער און די עטלעכע מאַנצבלען?

און עפשער וועט גאָט געבן, דער זון וועט זיך איַינגיכן אויסשריַיבן פונעם שפיטאָל און קומען אהיים? דאָס וואָלט געווען גאָר גוט. נאָר, זעט אויס, ער האָט זיך נאָך ניט איַינגאַנצן אויסגעהיילט און וועט זיך פאַרהאַלטן אין דניעפראָפעטראָווסק.

בלויז ערעוו באַגינען איז שמיַיע איַינגעשלאָפן מיט זיַינע שווערע מאַכשאָווּעס. דער שלאָף האָט אים ענדלעך גענומען אין קלעם, און ער האָט אפילע ניט געהערט, ווען רייזל האָט זיך אופגעכאַפט, צוגעגרייט פרישטיק און אַוועקגעגאַנגען אַף דער אַרבעט, אין אַרטעל. די מיידלעך זיַינען אויך אַוועק צו זייער אַרבעט אַפן גאָרטן.

שמיַיען האָט אופגעוועקט די שטילקיַיט.

צעעפנט די אויגן, און אַרומקוקנדיק זיך, האָט ער ניט געקענט זיך פאָרשטעלן, ווו געפינט ער זיך? וואָס ז׳שע, ווידער אין בלינדאַזש, אין ערדשטיבל?..

אין ערדשטיבל איז געווען שטיל. עפּעס אַ היימישע וואַרעמקיַיט האָט אַרומגעכאַפט זיַין ליַיב. פלוצעם האָט זיך אין ווינקל דערהערט אַ פאָכען פון פליגלען, און שמיַיע האָט דערזען, ווי עס איז איבערגעפליגן פון אונטער דער נאַרע צום פענצטערל אַ הענדל מיט אַ גרויסן רויטן קאַם. עס האָט האַנערדיק אַ דריי געטאָן מיטן קליינעם קעפעלע, אַ בייזן בורטשע געטאָן און פון זיך אַרויסגעלאָזט עפּעס ענלעכס צו אַ „קוקורעקו״. דערביַי האָט עס מיט ביטל און שרעק געקוקט אַפן מענטשן, וואָס איז געלעגן אַף דער נאַרע.

שמיַיען האָט אָנגעכאַפט אַ געלעכטער, קוקנדיק אַפן האַנערדיקן הענדל, וואָס איז אַף קיין עמעס הענדל ניט ענלעך געווען.

שמיַיע איז אַראָפגעשפרונגען פון דער נאַרע אַפן ליימענעם דיל און דערפילט אַ מעכיַיעדיקע קילקיַיט אין די פיאַטעס. אייַנציַיטיק האָט ער אויך געפילט אַ נויעַנדיקן ווייטעק אין אַלע אייוורים. עס האָבן געלאָזט גריסן די שפּליטערס, וואָס האָבן געשטעקט אין זיַין ליַיב, וועגן וועלכע ער האָט זיך באַמיט פאַרגעסן, נאָר זיי האָבן אַלץ אָפטער גענומען אים דערמאָנען אין זיך. און אָט איצט זיַינען זיי גאָר מעשוגע געוואָרן און גענומען דערקוטשען.

שמיַיע האָט זיך צוגעשפּאַרט צום קאַלטן ווענטל, אַ פּאָר מאָל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— פע, כעווּרע, שפּליטערס, ניט שיין אַזוי. וואָס ז׳שע, איר זעט ניט, וויפל אַרבעט עס וואַרט דאָ אַף מיר, און איר זיַינט גאָר מעשוגע געוואָרן... ווייניק האָבן מיט מיר זיך אָנגעמוטשעט די דאָקטוירים אין די שפּיטאָלן? ווייניק האָבן זיי פון מיר געשניטן שטיקער פלייש, געטרייבערט די בעשאָמע?

ער האָט אַרופגעצויגן אַף זיך די גימנאַסטיאָרקע, זיך אָנגעבויגן נאָך די שטיוול, נאָר דערפילט, ווי די ווייטעקן האָבן זיך פאַרשטאַרקט. ער האָט פאַררייכערט דעם ציבעק, זיך טיף פאַרצויגן מיטן טערפּקן רויך — זיַין בעסטע רעפוּע צו די שמערצן, און אַ טראַכט געטאָן: כיטרע בעסטיעס, די ווונדן — ניט אַנדערש, אַז זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז דער אַלטער

סאָלדאַט האָט זיך אומגעקערט צו זײַן פּלוינעסטע. עס זאָל אים ניט אַזוי וואָרעם זײַן אונטער אירע פליגעלעך, דאַרף מען אים דערגיין א קאַפּעטשקע די יאָרן, ער זאָל כאָלילע ניט פאַרגעסן אין דער מילכאָמע.

גענומען אין ווינקל א שטעקל, איז שמײַע ארויסגעגאַנגען פון דער זעמליאַנקע, באַטראַכט דעם שטילן יישעוו, די פּוסטע געסלעך און זיך צוגעזעצט אף א הורבע שטיינער. דאָ אין דאָרט האָט ער באַמערקט נײַע וועגט — מענטשן האָבן, הייסט עס, אָנגעהויבן אופשטעלן זייערע הײַזער, אף די קורגאַנעס האָבן געשײַנט די גרינע ווײַנטרויבן־קוסטעס, עס האָט זיך געשוואַרצט דער אופגעאַקערטער אין אייניקע זײַטן סטעפּ, צו זײַן אויער האָט זיך דערטראָגן דאָס מעקען פון שאָף. אפן וויפּאַס האָבן עטלעכע בעהיימעס דערמאָנט אין זיך מיט זייער טעמפּן רעווען. ערגעץ האָט זיך א פערד צעהירזשעט.

דאָס לעבן הייבט אָן אופשטיין פונעם שלאָף...— האָט א טראַכט געטאָן שמײַע, עס האָבן זיך צוביסלעך גענומען צו דער ארבעט מײַנע טײַערע זעמליאַקעס, זאָל זײַן אין א גוטער, אין א מאַזלדיקער שאָ. מע לעבט שווער, מע מאַטערט זיך אין די זעמליאַנקעס, מע האָרעוועט, נאָר קיינער, זעט אויס, פאַלט בא זיך ניט אראָפּ. פּאַרט די לײַבלעכע היים. גערעכט איז טאַקע געווען יעגער כאָכעם, וואָס האָט געזאָגט, אַז די צײַט איז דער בעסטער דאָקטער, און ארבעט איז די שענסטע רעפּוע. נאָר לאַנג וועט מען דאַרפן וואַרטן ביז די וווּנדן וועלן זיך פאַרהיילן און מע וועט א ביסל פאַרגעסן אין די צאָרעס.

ס'האָט זיך שוין געלאָזט פילן דער אָנהייב הארבסט. א קיל ווינטל האָט דורכגענומען זײַן לײַב. שמײַע האָט ארופגעוואָרפן דעם האַנטעך אפן אַקסל און זיך געלאָזט אראָפּ באַרג צו די זויבערע וואַסערן פונעם אינגולייעץ, נאָך וועלכן ער האָט זיך אַזוי פאַרבענקט.

— נו, מײַן אַלטער פרײַנט, האָבן מיר זיך מיט דיר ווידער באַגעגנט?!— האָט שמײַע זיך אַראָפּגעלאָזט אף די קני, אָנגעשעפּט אין די צונויפגעלייגטע דלאָניעס וואַסער און זיך אָנגעטרונקען.— אַז מע לעבט, דערלעבט מען, א? אויסגעוועזן בין איך א האַלבע וועלט און אין ערגעץ ניט באַגעגנט אַזא געשמאַקע וואַסער. די קאַפּאָרע זאָלן זײַן פאַר דיר אַלע טײַכן פון דער וועלט! אײַ־אײַ־אײַ, ווי איך האָב זיך עס פאַרבענקט נאָך דיר!

ער האָט א צווייט מאָל פאַרשעפּט א ביסל וואַסער און אָפּגעפרישט מיט איר קילקײַט דאָס פּאָנעם, די ברוסט און דערנאָך זיך אַראָפּגעלאָזט אפן גרויסן מאָכיקן פעלדז, וואָס האָט אויסגעזעזן, ווי א בער, וועלכער איז געקומען זיך אָנטרינקען און אַזוי פאַרגליווערט געוואָרן אף אייביק.

שמײַע האָט זיך געשפּיגלט אינעם טײַך, וואָס איז רויִק געפלאָסן און געשווענקט די לאַפּעס פונעם בער־פעלדז. צווישן די גרינע וואַסער־גראָזן האָבן זיך געבאַלעוועט טשאַטעס פישעלעך, ווי זיי זאָלן וועלן באַווײַזן זייערע קונצן דעם מענטשן, וואָס האָט געשפּירט נאָך זיי. רעכטס און לינקס פונעם פעלדז האָבן שטילערהייט געוויִשט די צוגעטריקנטע אָטשערעטן. סאַראַ שטילקײַט און פרישקײַט ארום! אף דעם דאָזיקן פעלדז האָט שמײַע אַמאָל ליב געהאַט זיצן מיט דער ווענטקע און כאַפּן צאַפּלדיקע פּלאָטעשקעס און קאַראַסיקעס. דאָ איז אין די שטילע פאַרטאָגן געווען פאַר אים די בעסטע רו. יאָ, דאַכט זיך, אַז ער האָט פאַרגעסן, בעשאַס ער האָט דעם אוילעם אויסגעגעבן די סוידעס פון אָריכעס־יאָמים, צוגעבן, אַז אָט דער פעלדז באַם שטילן ברעג פונעם אינגולייעץ, האָט אים צוגעגעבן געזונט, און ניט בלויז אים, נאָר גאַנצע דורעס ייִדישע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן זיך מיט קנאַפּע אָנדערהאַלבן הונדערט יאָר צוריק באַזעצט אפן ברעג פון אינגולייעץ און דאָ צום ערשטן מאָל אופגעהויבן די אָרומיקע פאַרשלאָפענע און פאַרוואַקסענע מיט ווילדגראָזן און דערנער ערד, פאַרפלאַנצט ווײַנגערטנער, פאַרפלאַנצט א לעבן.

אים, שמײַע גאַזלען פון פּאַדאַליע, פון דער ראַקעוועקע האָט אויך אַהער פאַרטראָגן דער גוירל. דאָס איז געווען אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָליוציע. דעמלט האָט ער אַרומגעזוכט די מישפּאָכע פון זײַן מילכאָמע־פרײַנט יאָסל קאַרסונסקי, וועלכער איז געפאַלן אין שלאַכט. פאַרן טויט האָט ער געבעטן שמײַען געפינען זײַן ווײַב, ריײזלען מיט זײַנע צוויי ייִנגלעך... איז ער, שמײַע, וואָכנלאַנג געגאַנגען איבער די שטויביקע וועגן פון אוקראַיִנע אויספילן דעם לעצטן פאַרלאַנג פון זײַן שלאַכט־פרײַנט, געקומען אַהער צום אינגולייעץ, זיך דאָ באַזעצט, געוואָרן א פאָטער פון קאַרסונסקיס קינדער און דעם פרײַנטס ווײַב איז געוואָרן אף שטענדיק זײַן וועג־באַגלייטערן.

וויפל וואַסערן זײַנען שוין פאַרבײַגעפלאָסן דעם מאָכיקן פעלדז, ווו ער, שמײַע, זיצט איצט און באַטראַכט די שיינע וועלט, וויפל מאָל האָבן די ווערבעס, וואָס שווענקען זייערע צווײַגן אין אינגולייעץ, געביטן די בגאָדים. עטלעכע און פערציק יאָר איז אוועק, זינט יענעם פרימאָרגן, ווען שמײַע האָט זיך אָט דאָ באַזעצט.

שמײַע װײסט ניט, װיפֿל צײַט ער איז אַזױ אָפּגעזעסן אױפֿן מאַכיקן פּעלדז, פֿאַרטאָן אין זײַנע מאַכשאָװעס, נאָר פּלוצעם האָט זיך צו אים דערטראָגן אַ קלאַפּן פֿון העק, אַ געהױל פֿון זעגן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. דער גערױש איז געקומען פֿון דער פֿערמע. שמײַע האָט זיך דערפֿילט עפּעס ניט באַקװעם. װי זשע, מענטשן האָרעװען, און ער שפּיגלט זיך אינעם אינגוליעץ און קלײַבט פֿאַרגעניגן פֿון די פֿישעלעך אין װאַסער. ניט שײן אַזױ. שױן, גענוג צו זײַן אַ גאַסט. צײַט אונטערצושטעלן אַ פּלײצע!

און ער האָט זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פֿון דער פֿערמע.

עטלעכע פּרויען האָבן געבראַכט אין אָרדענונג די געבײַדע פֿון דער פֿערמע, צװײ האָבן געזעגן ברעטער. אין אַ זײַט, צוגעשפּאַרט די פּלײצע צו דער װאַנט, איז געשטאַנען אָנגעבױגן מיט דער האַק אין די הענט אָװורוצקי, דער איצטיקער פֿאַרזיצער פֿונעם אַרטעל. ער האָט געטעסעט אַ סלופּ. זײַנע מעליצעס זײַנען געלעגן אױף דער ערד. דערזעענדיק דעם בלעכער, האָט אָװורוצקיס לענגלעך־ברױן פּאָנעם זיך צעשײַנט:

— אַ־אַ, גוטמאָרגן, שמײַע גאָזלען! — האָט ער אױסגעװישט מיטן אַרבל דעם פֿאַרשװיצטן שטערן, — װאָס זשע, קײן שלאָף נעמט דיך נאָך אַלץ ניט? איך האָב דיך דאָך געבעטן, זאָלסט זיך גוט אױסרוען די בײנער, װאָס זשע האָט עס דיך געבראַכט אַהער גאַנצפֿרי מיט דער ראַשטשײַע?

— גוטמאָרגן, גוטיאַר! — האָט געענטפֿערט שמײַע, — װיפֿל איז דער שיר רוען? די פֿינגער קענען פֿאַרדובײַעט װערן. מע דאַרף אַ פּרוװ טאָן, צי האָט מען נאָך ניט פֿאַרגעסן די טוירע, — האָט ער מאַמזעריש אַ װוּנק געטאָן אױף דער האַק און אױף די זעגן, — דערצו נאָך איז טעסלערײַ ניט קײן אַרבעט פֿאַר װײַבער, זאָלן זײ בעסער האָדעװען די קינדערלעך און מעלקן די בעהײמעס!

— אַ־אַ, שמײַע! — האָט זיך אָנגערופֿן אַ װוּקסיקע גרױלעכע פֿרױ מיט טיפֿע ברױנע אױגן און געדיכטע שװאַרצע ברעמען, — װאָס זשע מײנסטו, אַלע פֿיר יאָר מילכאָמע האָט עמעצער פֿאַר אונדז געאַרבעט? אונדזערע װײַבער זײַנען געװױנט געװאָרן צו יעדער מין אַרבעט... נאָר קײן קינדער האָבן זײ ניט געהאַט, ניט געװען װער עס זאָל זײ קומען צו הילף.

— מומע זיסל, פֿאַרמאַך דעם פּיסק! — האָט איבערגעשלאָגן ראַכל בערגער. אַ קלײנינקע מיטליאַריקע פֿרױ, װאָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אינעם הענטל פֿון אַ גרױסן זאַסטופּ, — װער ס'דאַרף רײדן, און דו דאַרפֿסט שװײַגן! ניט געװען, זאַגסטו, װער עס זאָל העלפֿן, און װיאַזױ האָסטו פֿאַר דרײַ יאָרן געבױרן אַ פּאָרל? פֿונעם װינט?

זיסל האָט זי אָפּגעמאָסטן מיט אַ שמײכלענדיקן בליק און געענטפֿערט:

— װאָס זשע, דער זיקאָרן האָט בײַ דיר אָפּגענומען, ראַכעלע? האָסט שױן פֿאַרגעסן, אַז מײַן לײבעשע, זאָל ער דאָרטן האָבן אַ ליכטיקן גאַנײדן, איז פֿונעם עשעלאָן אַראָפּגעקומען צו מיר אױף צװײ טעג, װען ער איז פֿונעם שפּיטאָל געפֿאָרן אױפֿן פֿראָנט. דאָס ביסטו אָפּגעשלאָפֿן מיטן מאַן צװײ יאָר און אים ניט געבױרן קײן קינד. זאָג אַ דאַנק, װאָס איך האָב זיך ספּראַװועט אױך פֿאַר דיר!

יענע האָט זיך פֿאַרלױרן, אַראָפּגעלאָזט דאָס רױטגעװאָרענע פּאָנעם און האַסטיקער גענומען גראָבן די ערד.

דער אױלעם האָט געלאַכט, און שמײַע האָט מיט טרױעריקע אױגן געקוקט אױף די װײַבער, אױף די סאָלדאַטקעס...

פֿאַר די פֿיר שרעקלעכע יאָר זײַנען די װײַבער צו אַלץ צוגעװױנט געװאָרן, זיך צוגעפּאַסט צו שװערער. אַרבעט, צו אַלע מעלאָכעס פֿון די מאַנצבלען, װעלכע זײַנען געװען אױפֿן פֿראָנט.

אַ לאַנגע װײַלע האָבן אַלע געשװיגן, זיסל האָט זיך װידער אָנגערופֿן צו שמײַען:

— יאָ, מײַן טײַערער שמײַע, װי זאָגט עס דאָס אוקראַיִנישע װערטל: בידאַ נאַוטשיט! פֿאַרשטײט זיך, אַז טעסלערײַ איז ניט פֿאַר װײַבער. נאָר צו אַלץ געװױנט זיך צו דער מענטש. מיר האָבן זיך דאָרטן, אױפֿן אַלטײַ, אױסגעלערנט האַלטן אַ האַק און אַ זעג אין די הענט, זיך צוגעװױנט לעבן אָן אונדזערע מענער און געדאַכט האָט זיך, אַז אַזױ איז עס געװען פֿון טאָמיד. האָסט געדאַרפֿט אַ קוק טאָן, װי דײַן רײזל האָט געטעסעט מיט דער האַק קלעצער און געדעקט דעכער, דאַכט זיך, ניט ערגער פֿון דיר און עפּשער נאָך בעסער. און װי דײַנע מײדלעך, זינע און מירע, האָבן געאַקערט די ערד! װאָס האָט מען געקענט מאַכן?

— עך, װײַבער, װײַבער, אַ געזונט אין אײַך! — האָט איבערגעשלאָגן שמײַע. — װאָס זשע, זיסל, מיר װאָלטן אײַך איבערגעלאָזט, װען ניט דער אומגליק?

ער איז צוגעגאַנגען צו דער פֿרױ, גענומען בײַ איר די האַק און זיך אָנגערופֿן:

—נו, גענוג! זאָל גאָט העלפֿן, אונדזערע ווײַבער זאָלן שוין מער ניט דאַרפֿן האַרעווען פֿאַר אונדז, אַרודוועון מיט דער האַק.

— יאָ, א שיינער אומבײַט, — האָט זי פֿאַרדײַגעט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און פֿאַריכט דאָס ווײַסע טיכל, — אָך אײַך, שמײַע, ווייס איך, איז קיין גאַנץ אָרט ניט געבליבן... אַזאַ מילכאָמע, א ווערטעלע אויסצורײדן... וואָס פֿאַר א טעסלער קאָן איצט זײַן פֿון אײַך? דאַנקען גאָט, וואָס איר האָט זיך צו אונדז אומגעקערט א לעבעדיקער. געציילטע טעלעכע מאַנצבלען, קאַליקעס זײַנען איצט פֿאַראַן אין יישעווו. מיילע, מיר וועלן זיך שוין יאַקאָס באַגיין, נאָר וואָס טוט מען אָבער מיט אונדזערע מיידלעך, אָט וואַקסן זיי אונטער, און די כאַסאַנים זייערע ליגן אין די קוואָרים. דאָס איז ביטער...

— זיסל, וואָס שיט איר זאַלץ אַף די וווּנדן? — האָט זיך עמעצער פֿון די פֿרויען אָף איר צעשריגן, — זאָל שוין זײַן גענוג, עפּעס האָט איר זיך הײַנט שטאַרק צערעדט.

— וואָס זשע, איך רייד, כאַלילע, ניט צו דער זאַך?

— צו דער זאַך, נאָר זאָלן פֿאַר דיר שוין ריידן אַנדערע.

— אונדזערע מיידלעך וועלן זיך פֿאַנאַנדערפֿאָרן אין די שטעט. דאָרטן זײַנען נאָך פֿאַראַן כאַסאַנים. אַלע האָט מען אַף דער מילכאָמע ניט אויסגעהאַרגעט, א סאַך וועלן זיך נאָך אומקערן. וואָס זאָגט איר, פֿעטער שמײַע?

— געוויס וועט מען זיך אומקערן, זאָל נאָר זײַן שאָלעם אַף דער וועלט. — האָט ער אַרײַנגעשטעלט ניט גערן, און א שפּײַ געטאָן אָף די שטאַרקע הענט, גענומען די האַק, פֿאַרוקט דאָס סאָלדאַטישע היטל אַף א זײַט און אָנגעהויבן מיט געשמאַק טעסען די קלאָץ. די אַרומיקע האָבן צופֿרידענע נאָכגעשפּירט, ווי ער אַרבעט געניט און שנעל.

— אָ־אָ, שמײַע! — האָט געזאָגט אַף א קאָל זיסל, — און מיר האָבן שוין געמיינט, אַז דו האָסט זיך אָפּגעוווינט האַלטן דאָס קלאָפּערגעצײַג אין די הענט. זע נאָר, דו אַרבעטסט דאָך, ווי אין די גוטע צײַטן!

— וואָס זשע מיינט איר, ווײַבעלעך טײַערע, אַזוי גיך געוווינט מען זיך אָפּ פֿון דער מעלאָכע? און דאָרטן, אַף דער מילכאָמע, מיינט איר, זײַנען מיר אַרומגעגאַנגען מיט צונויפֿגעלייגטע הענט? פֿונעם אינגוליעץ ביזן אָדער, דערנאָך ביז דער שפּרייע האָבן מיר איבערגעאַקערט די ערד, געבויט בלינדאַזשן און ערדשטיבלעך, דערבײַ נאָך גענעריקט דעם סוינע אַף וואָס די וועלט שטייט. אָן האַרעוואַניע קאָן מען אַפֿילע קיין קרעפּלעך ניט אָפּקאָכן. מײַן טאַטע, זאָל ער האָבן א ליכטיקן גאַניידן, האָט מיר איבערגעלאָזט א פֿײַנע יערושע אַפֿן גאַנצן לעבן — מיר געגעבן א מעלאָכע אין די הענט. א גרויסן דאַנק אים דערפֿאַר. נו, און איך סטאַרע זיך זי ניט פֿאַרגעסן. אומעטום האָט זי מיר געהאָלפֿן.

— יאָ, שמײַע, דו האָסט געוווּסט ווען זיך אומקערן, — האָט געזאָגט אָוורוצקי, קוקנדיק, ווי יענער טעסעט די קלאָץ, — נאָר אַלפֿי־סייכל, קענסטו טעלעכע מעלאָכעס, ניט איינע. און מע זאָגט דאָך „א סאַך מעלאָכעס — ווינציק בראָכעס...״

— עט! — האָט שמײַע אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, — דאָס איז געווען אַמאָליקע יאָרן. איצט מוז יעדער איינער קענען טעלעכע מעלאָכעס.

— דאָס איז עמעס, — האָט צוגעשטימט אָוורוצקי, — נאָר א בלעכער דאַרפֿן מיר האָבן, ווי דאָס לעבן. זעסט דאָך, די פֿערמעס שטייען אָן דעכער. און עס גייט צו אָסיען. איין גאָט האָט דיך צוגעשיקט. א ביסל בלעך האָבן מיר שוין צונויפֿגעשלעפּט. איצט וועט די כודאָבע האָבן א דאַך איבערן קאָפּ, איך רייד שוין ניט פֿון די יישווּוניקעס.

— מירן זיך סטאַרען עפּעס טאָן, — האָט אונטערגעשמייכלט שמײַע, — איך וועל א פּרווו טאָן, עפּשער קען איך נאָך דעקן א דאַך. אַף דער מילכאָמע האָב איך זיך מערסטנס פֿאַרנומען מיט צעקלאַפּן דעכער.

ווען די זון איז שוין געשטאַנען איבערן קאָפּ, איז רייזל געקומען צו לויפֿן מאַמעש אָן א נעשאָמע. דערזען, ווי איר גאַסט שטייט אַפֿן דאַך פֿון דער פֿערמע און קלאַפּט מיטן האַמער, איז זי געוואָרן אויסער־זיך:

— זעט נאָר, ער קישעפּט שוין אַפֿן דאַך! און איך זוך אים איבערן גאַנצן יישעוו. ער האָט נאָך אין מויל קיין ביסן ניט געהאַט און איז שוין אַרויף אַפֿן דאַך! געהערט אַן אומגליק? זיך אַפֿילע ניט אָפּגערוט פֿון וועג!

— וואָס הייסט זיך אָפּרוען? — האָט שמײַע זי באַרויקט, — וואָס זשע, דו ווייסט ניט, ווען א בלעכער רוט זיך אָפּ? ווינטער, ווען די וויוגעס טראָגן אַראָפּ פֿונעם דאַך יעדע מין לעבעדיקע באַשעפֿעניש. אָבער קאַלזמאַן עס שטייט א גוטע פּאַגאָדע, דאַרף מען אונטערײַלן. כוץ דעם איז פֿאַר מיר דער בעסטער אָפּרו, ווען איך זיץ אַפֿן דאַך.



— ווידער כאָכמעס! — האָט רייזל אים איבערגעשלאָגן. — זאָל זײַן, ווי דו ווילסט, נאָר קום אַרײַן אין שטוב, כאַפּ עפּעס איבער. א הונגעריקער זיצן אפן דאך איז געפערלעך, דער קאָפּ קען זיך פאַרדרייען. קריך אַראָפּ און עס אָפּ א שיסעלע באָרשטש. ער וועט דאָך פאַרקילט ווערן! — האָט זי א ווונק געטאָן אפן קוישל, וואָס זי האָט געהאַלטן אין די הענט.

פונעם אנדערן עק הויף האָט זיך דערטראָגן דאָס קלינגערײַ פון א שטיק אײַזן איבער א רעלס, וואָס איז געהאנגען אף א בוים.

— אָ, ווען מע דערמאָנט מאָשיכן! — האָט זיך דערפרייט רייזל און זיך צוגעזעצט אף די קלעצער מיט איר קוישל, — גאָט אליין האָט געהייסן איבערכאַפּן, זעץ זיך צו, שמײַע!

ער האָט אוועקגעלייגט בא דער רינווע דעם האמער, די שער און באטראכט די ארבעט, וואָס ער האָט באוויזן אָפּטאָן. לויט זײַן מינע איז געווען צו זען, אז ער איז ניט אינגאנצן צופרידן, נאָר וועדליק דער ערשטער ארויספּאָר, איז עס נישקאָשע.

שמײַע איז פּאַמעלעך אַראָפּגעקראָכן פונעם דאך, א פאַרשוויצטער זיך צוגעזעצט אף די קלעצער לעבן דער ווײַב. זי האָט גענומען צעבינדן איר קוישל, אָפּגעדעקט דאָס טעפּל באָרשטש, פון וועלכן עס האָט א זעץ געטאָן א געשמאַקער רייעך.

ער האָט פאַרזוכט א פּאָר לעפל און גוטמוטיק א קוק געטאָן אף רייזלען:

— יאָ, טײַערע מײַנע, אזא באָרשטש וואָלט מען געמעגט שטעלן פאַרן קייסער! ווען איך ווייס, אז דו וועסט מיך האָדעווען מיט אזא געקעכץ, וואָלט איך שוין לאנג געקומען פון דער מילכאָמע.

ארום איז שוין אויסגעוואקסן אן אוילעם. מע האָט זיך אײַנגעאָרדנט ניט ווײַט פונעם גאסט און גענומען צעבינדן די קלומעקלעך, זיך געזעצט צו דער סודע — לעבן שמײַען וועט זײַן היימלעכער און פריילעכער, האָט מען געוווסט. ער האָט געשמאַק געגעסן און דערבײַ געטײַנעט:

— ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגן, רייזל, איצט, ווען איך האָב זיך א ביסל אָנגעהאָרעוועט, האָב איך דערפילט, אז דײַן באָרשטש האָט גאָר אן אנדער טאַם, ער איז, ווי דו זעסט מיך לעבן, א סאך געשמאַקער, ווי דער קאַזיאָנער. און עפשער איז דער באָרשטש מיר אזוי געפעלן, ווײַל איך האָב שוין הײַנט, דאַכט זיך, פאַרדינט אף באָרשטש. פיר יאָר, ווי איין טאָג, האָב איך זיך פאַרנומען מיט איין זאך — פאַרניכטעט, פאַרברענט, צעשמעטערט און דאָך האָט מען מיר געגעבן עסן דאָס שטיקל ברויט. און יענער ביסן איז ניט שטענדיק געקראָכן אין גאָרגל. איצט, אז איך האָב צוגעדעקט א שטיקל דאך, האָט זיך צו מיר גלײַך אומגעקערט דער אַפּעטיט און איך בין גרייט אופעסן אן אָקס!

די ארומיקע האָבן געגעסן, וואַרפנדיק צופרידענע בליקן אפן בלעכער און זיך אופמערקזאַם, מיט א גוטן שמייכל אײַנגעהערט אין זײַנע רייד.

שמײַע האָט געגעסן דעם באָרשטש און געקוקט צו דער אנטקעגנדיקער זײַט פון אינגוליעץ, צום שכיינעסדיקן דאָרף. דאָרטן וווינט דאנילע לוקאטשס פרוי מיט די קינדער, מארינע. ער האָט זיך נאָך ביז איצט ניט אײַנגעשטעלט גיין צו איר. ער קאָן בא זיך נאָך ביז איצט ניט פויעלן אָנזאָגן איר די ביטערע בסורע וועגן דאנילעס טויט. נאָר גיין מוז מען. ער וועט זי באַרויִקן, מיט עפּעס העלפן אין דער באַלעבאַטישקײַט. אויסבאהאלטן דאָס טאָר ער ניט. דאָס וואָלט געווען ניט ערלעך, ניט מענטשלעך.

דעם זעלבן טאָג, ווען ער האָט געענדיקט די ארבעט, האָט ער זיך געלאָזט גיין אף יענער זײַט אינגוליעץ. מיטן וועג האָט ער זיך אַרײַנגעכאַפּט אין שטוב און אָפּגעשרויפט פון דער גימנאסטיאָרקע זײַנע אָרדענס און מעדאלן. ער וועט ניט גיין צו דאנילען אהיים אינעם גאנצן פּאַראַד. א טייל פון זײַנע באַלוינונגען קומט געוויס אים, דאנילען, מיט וועלכן

זיי האָבן זיך גוט אָנגעהאָרעוועט און אָנגעליטן אין די ערשטע כאָדאָשים פון דער מילכאָמע, ווען מע האָט קיין אָרדענס און מעדאַלן נאָך ניט געגעבן...

שמײַע גאַזלען איז געגאַנגען מיט זײַן געמאָסטענעם סאָלדאַטישן טראָט. אַרום אים האָט זיך געשפרייט אַ באַקאַנטער סטעפ — יאַרוגעס און בערגלעך, שטיבלעך און שטעגן, וואָס שלענגלען זיך אין אַלע זײַטן — פון שטוב צו שטוב, פון דאָרף צו דאָרף. נאָר עפעס דאַכט זיך אים, אַז עס האָט זיך אַלץ אַרום געענדערט.

אַמאָל, אַמאָל, ווען ער איז נאָר געקומען אַהער און זיך דאָ באַזעצט אָף שטענדיק, געוואָרן, ווי מע זאָגט, אַ „פרימאַק" באַ רייזלען, באַ קאַרסונסקיס אַלמאָנע, האָט דאָ אַלץ אויסגעזען גאָר אַנדערש.

די דאָזיקע ערטער האָבן נאָך ניט פאַרגעסן די מילכאָמע, כאָטש זי איז דאָ דורכגעגאַנגען שוין גאַנץ לאַנג. נאָר ניט דערפאַר איז דאָ אַלץ אָפגעפרעמדט. ער האָט זיך פלוצעם געכאַפט, אַז דער אַרום איז אַזוי פאַרוויסט, האָט זיך אַזוי געענדערט, ווײַל מענטשן זײַנען דאָ געבליבן ביז גאָר ווייניק.

עך, ווו איז יענע צײַט, ווען ער פלעגט גיין איבער די דאָזיקע וועגן און שטעגן און אָף יעדן שריט־און־טריט באַגעגנט באַקאַנטע!

— גוטמאָרגן, שמײַע גאַזלען! — פלעגט זיך דערטראָגן פון פאַרשיידענע זײַטן. יעדער איינער פלעגט צוגיין, פאַרטשעפען מיט אַ וואָרט, אַרײַנרופן צו זיך אָף אַ גלעזל ווײַן, אָף אַ געשפרעך, און איצט גייט ער און גייט, און אַרום איז פוסט! ווו־ניט־ווו זעט מען גיין אַ מענטשן פונעם פעלד, נאָר דער מענטש איז שוין אויך ניט יענער — פאַרדײַגעט, ניט צו דערקענען.

יאָ, האָט ער זיך געטראַכט, אומעטיק איז אָף גאָטס וועלטל אָן מענטשן! צי דען וועט זיך ניט אומקערן די פריידע, וואָס האָט דאָ אַמאָל געהערשט? אײַ־אײַ־אײַ, ניט היימלעך זעט אויס דער אַרום אָן מענטשן! אין די גרויסע שטעט און שטעטלעך וועסטו עס עפשער ניט פילן אַזוי, נאָר דאָ! זעלטן וועסטו באַגעגענען אַ שטיבל, אין וועלכן די מישפּאָכע זאָל זײַן אין פולן באַשטאַנד. סאָלדאַטקעס אָן מענער, קאַלעס אָן כאַסאַנים, קינדער אָן טאַטעס, מאַמעס אָן זין, באָבעס אָן אייניקלעך. און וואָס קאָן מען מאַכן? מע מוז אָנהייבן דאָס לעבן אָפסנײַ.

ער איז צוגעגאַנגען צו דער בריק, וואָס פאַרבינדט ביידע ברעגן. דאָ ענדיקט זיך די אַלטע קאָלאָניע „שטילע באַלקע", און דאָרטן לויפט אַוועק דער וועג צום שכיינישן אוקראַינישן דאָרף סאָקאַליווקע. אַ בריק, מישטיינסגעזאָגט, צעפאָרן, צעהוידעט, די נעשאָמע האַלט זיך אין איר קוים־קוים. שוין לאַנג זײַנען דאָ ניט געווען די טעסליערס מיט די העק, מע זאָל פון איר מאַכן אַ לײַט, און אויב עס וועט זיך ווײַטער אַזוי ציִען, וועט מען ניט קאָנען אַריבערגיין. ניטאָ, ווער עס זאָל זי אויסהיילן. זעט אויס, אַז זײַנע הענט וועט ער דאָ אויך מוזן צולייגן.

איבער די צעפאָרענע האַלב־פאַרפוילטע ברעטער פון דער בריק איז שמײַע אַריבער אָף יענער זײַט, און זיך געלאָזט מיטן שליאַך, וואָס איז פון ביידע זײַטן באַוואַקסן מיט ווילדגראָז, הויכע קוסטעס גרינע בודיקעס. אַ ווערסט אָנדערהאַלבן־צוויי וועט זײַן ביז דאַנילע לוקאַטשעס כאַטע. פריִער פלעגט ער אַהין גיין שנעל און אַפילע ניט באַמערקן דעם מעהאַלעך, און איצט דאַכט זיך אים אויס, אַז דער שליאַך איז מעסוקן לאַנג. נאָר ניט, כאַלילע, דערפאַר, וואָס ער איז געוואָרן עלטער מיט אַ מיטוואָך. דאָס איז דערפאַר, וואָס זײַן מיסיע איז געווען ביז גאָר אַ ביטערע. און ווער קען אים זאָגן — עפשער ווייסט שוין מאַרינע פון לאַנג, וואָס פאַר אַ צאָרע עס האָט זי מיט די קינדערלעך געטראָפן, און ער, שמײַע, וועט איר פאַרשפאָרן זאָגן? צוליב וואָס זשע דאַרף ער גיין איר צעיאַטרענען די וווּנדן? אָבער גיכער פון אַלץ ווייסט זי נאָך ניט און וואַרט, דער מאַן זאָל זיך אומקערן אַהיים. צוליב וואָס זשע זאָל ער באַ איר צורויבן די לעצטע האָפענונג?

אַזוי איז ער געגאַנגען מיטן פוסטן שליאַך, פאַרטאָן אין זײַנע געדאַנקען און ניט באַמערקט, ווי ער איז צוגעקומען צום קרומען בערגל, אַהין, ווו צווישן געדיכטע ביימער איז אַמאָל געשטאַנען אַ געראַמע כאַטע מיט אַ פײַנעם סאָד, ווו עס האָט געוווינט זײַן פרײַנט מיט דער מישפּאָכע, מיט זײַן באַליבטער פאַסעקע מיט די אייביק־זשומענדיקע בינען.

מיט וואָס פאַר אַ פרייד פלעגט ער אַהער אַמאָל קומען, און מיט וואָס פאַר אַ צעבראָכן האַרץ גייט ער איצט!

ער האָט ווידער פאַרייכערט, זיך פאַרצויגן מיטן טערפקן רויך און זיך אופגעהויבן העכער מיטן בערגל. נאָר אָנשטאָט דער געראַמער כאַטע, האָט ער דערזען אַ בערגל ליים, שטיינער, פאַרוואַקסענע מיט ווילדגראָז און עטוואָס אין דער זײַט — אַ שנעל־צונויפגעקלעפטע, ניט געשמירטע „ווערעמיאַנקע" מיט אַ נידעריקן קוימען אפן ליימענעם דעכל. דאָרטן אונטער די

געדיכטע ביימער, ווו עס איז אַמאָל געשטאַנען אַ גאַנץ שטעטעלע בינשטאָקן און ווו טויזנטער פֿריילעכע בינען האָבן געהאָרעוועט ביזן זיבעטן שווייס, האָט שמײַע געזען עטלעכע האַלב־צעפֿאַלענע הײַזקעס און קיין סימען פֿון קיין בינען. אָן זייער בינענציכטלער האָבן זיי דאָ ניט געהאַט וואָס צו טאָן — זײַנען זיי זיך פֿאַנאַנדערגעפֿלויגן. מע האָט זיך ניט דערוואָרט אַף דאַנילעס איבערגעגעבענע און גוטע הענט...

אָט שטייט אונטערן קליאָן, וואָס איז שוין אַלט עפּשער הונדערט יאָר, די ברייטע באַנק מיטן טישל, ווו ער פֿלעגט מיט דאַנילען זיצן און פֿאַרברענגען. נאָר, זעט אויס, דאָ איז שוין אויך לאַנג־לאַנג קיינער ניט געזעסן — די ברעטער זײַנען פֿאַרוואַקסן מיט מאָך און אין די שפּעלטעלעך צווישן די צעטריקנטע ברעטער, וואָס זײַנען פֿאַרהאַקט מיט שטויב, קוקן אַרויס גרעזעלעך. יאָ, אָט דאָ פֿלעגט מען אָפּט אָפּזיצן ביזן גרויען טאָג און זיך פֿאַנאַנדערגיין לעבעדיקע און פֿריילעכע.

דאָס אַלץ איז געווען, דאַכט זיך, ערשט ניט לאַנג, און איצט? יעדער ביײטעלע, יעדער קוסט, יעדער שטיינדל איז אַזוי האַרציק באַקאַנט, נאָענט און אַלץ דערמאָנט אים וועגן אַמאָל, וועגן דעם, וואָס איז אַוועק, דאַכט זיך, אַף אייביק, און וועט זיך שוין קיינמאָל ניט אומקערן.

מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ איז שמײַע צוגעגאַנגען צו דער טיר, זי אַ פּרוּוו געטאָן. קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופֿן. ער האָט אַרײַנגעקוקט אין פֿענצטערל און דערזען, אַז אין אויוון טלײַען עטלעכע האָלעוועשקעס, מיסטאָמע איז די באַלעבאָסטע ערגעץ אַוועקגעגאַנגען און וועט זיך באַלד אומקערן.

ער איז זיך דורכגעגאַנגען איבערן הייפֿל, ווו יעדער ווינקעלע האָט געשריגן, אַז עס דאַרף האָבן אַ באַלעבאָס. שמײַע האָט אומגעדולדיק זיך אַרומגעקוקט און דערזען, ווי עס דערנענטערט זיך אַהער אַ קליין וועגעלע, אין וועלכן ס׳איז אײַנגעשפּאַנט אַ פּרוי. צוויי ייִנגעלעך שטופּן אונטער דאָס וועגעלע מיט אַלע קויכעס.

ווען זיי זײַנען צוגעקומען נעענטער, האָט שמײַע קוים דערקענט מאַרינען, די פֿרוי פֿון זײַן פֿרײַנט. ער האָט זיך אַף אַן עמעסן דערשראָקן! גאָט מײַנער, ווי זי איז אַלט און גרוי געוואָרן, אויסגעהאָרעוועט און אויסגעדאַרט! צי דען איז דאָס יענע זעלבע פֿרוי, וואָס האָט אַמאָל געהאַט אַלע כיינען. די פֿריילעכע און באַריידעוודיקע מאַרינע, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט צעשיידט מיטן גוטן שמייכעלע? ער האָט זיך אַמאָל פֿאַרקוקט אַף איר, אַף אירע געשמאַקע שמייכלענדיקע ליפּן. און ניט בלויז ער, אַ סאַך יונגעלײַט פֿלעגן זיך אַף איר פֿאַרקוקן.

יאָ, מאַרינע האָט זיך שטאַרק געעלטערט, נאָר סימאָנים פֿון איר געוועזענעם כיין זײַנען אַף איר פּאָנעם פֿאַרבליבן — האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

נאָר וואָס קוקט זי אַף אים אַזוי לאַנג מיט אירע פֿאַרנעפּלטע בלויע אויגן? פֿאַרוואָס האָט זיך אין זיי געיאַוועט אַזויפֿיל שרעק? עפּשער האָט זי אים ניט דערקענט, צי עפּשער וואַרט זי, ער זאָל איר אָנזאָגן די בייזע בסורע?

די רעגעס, וואָס מע האָט געקוקט אײנס אַפֿן צווייטן, האָט זיך געדאַכט, וועלן זיך קיינמאָל ניט ענדיקן. מיטאַמאָל האָבן זיך אירע אויגן אָנגעגאָסן מיט טרערן, און זי האָט מיט די ליפּן קוים אַרויסגעבראַכט:

— שמײַע? האָסט זיך אומגעקערט פֿון דער מילכאָמע? און איך האָב דיך ניט דערקענט. דאָס ביסטו? מײַן גאָט!

ער האָט אַ צאַפּל געטאָן, אַ שולדיק שמייכעלע האָט אַ בלאָנקע געטאָן איבער זײַן פֿאַרוואַקסן און פֿאַרברוינט פּאָנעם. ער האָט זיך פֿאַרלוירן. שוין זשע האָט ער זיך אַזוי געענדערט?

— וואָס זשע, מאַרינע, — האָט ער מיט אַ ציטערדיק קאָל אַרויסגעבראַכט, — מע קאָן מיך שוין ניט דערקענען? איך בין געוויס ענלעך אַף אַ רועך?

זי האָט זיך געכאַפּט מיט ביידע הענט פֿאַרן קאָפּ, פֿאַרמאַכט די אויגן און קוים אַרויסגערעדט:

— מײַן גאָט! שמײַע? ספּיוואַק? זיך אומגעקערט! אַ לעבעדיקער... דאַנקען גאָט! און איך, אַזאַ נאַרישע, האָב דיך גלײַך ניט דערקענט!

זי האָט באַטראַכט דעם גאַסט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, ווי זי וואָלט ניט גלייבן, אַז זי זעט יענעם זעלבן שמײַען, דעם מאַנס גוטן פֿרײַנט, דעם פֿריילעכן בלעכער, זייער שאָכן. און ניט שעמענדיק זיך פֿאַר די צוויי דערשראָקענע ייִנגלעך, וואָס זײַנען געשטאַנען באַם וועגעלע, צוגעגאַנגען צום גאַסט, אים אַרומגענומען מיט ביידע הענט, זיך צוגעטוליעט צו זײַן ברוסט און אַף אַ קאָל זיך פֿאַנאַנדערגעוויינט:

— געלויבט איז גאָט, וואָס דו האָסט זיך אומגעקערט. און מײַן דאַנילע איז נאָך ביז איצט ניט געקומען. עפּשער וועט גאָט געבן און ער וועט אויך קומען? ווי מיינסטו, טײַערער שאָכן?

ווי נאָר מאַרינע האָט דערמאָנט דאַנילען, האָט שמײַע פאַרלוירן דאָס לאָשן. ער איז געבליבן שטיין, ווי אַ פריטשמעליעטער און ניט געוווּסט, וואָס איר זאָגן. וואָס זאָל ער איר ענטפערן אף דער פראַגע? ווי־אַזוי זאָל ער זי באַרויִקן?

ער האָט פאַרזיכטיק געגלעט אירע צעפּאַטלטע גרוילעכע האָר, עפּעס געשעפּטשעט. פאַרשטייענדיק פון איר פראַגע, אַז זי ווייסט נאָך גאָרניט וועגן דאַנילען, האָט ער געזאָגט:

— הער אוף וויינען, מאַרינע. מע דאַרף זיך שטאַרקן. וועסט גאָרניט מאַכן. דו ביסט ניט די ערשטע, ניט די לעצטע. אַ סאַך האָבן זיך נאָך דערווײַל ניט אומגעקערט, נאָר מע דאַרף ניט אַראָפּפאַלן בײַ זיך... לעבן מיט האָפענונגען... אַז מע וואַרט...

— האָסט עפּשער ערגעץ באַגעגנט דאָרטן מײַן דאַנילען? — האָט זי אים איבערגעשלאָגן, — דײַן רייזל האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז איר זײַנט געווען צוזאַמען, אין איין פּאָלק?

— יאָ... געוויס... אוודאי... — האָט שמײַע געגומען שטאַמלען, — ס'איז עמעס, וואָס מײַן רייזל האָט דיר געזאָגט. אַ צײַט זײַנען מיר מיט דאַנילען געווען אינאיינעם, געגעסן פון איין קאָטעלאָק, זיך איבערגעדעקט מיט איין שינעל. נאָר פאַרשטייסט, מײַן טײַערע, אַ מילכאָמע איז אַ ביטערע זאַך, אָט איז מען צוזאַמען, און אָט צעשיידט מען זיך. יעדער סאָלדאַט האָט זיך זײַן גוירל. אָט איז ער דאָ, אָט איז ער דאָרט...

ביידע ייִנגלעך זײַנען אַלץ געשטאַנען דערשראָקענע, געקוקט אף דעם אַלטן סאָלדאַט, ניט געקאָנט באַנעמען, וואָס רעדט ער, איבערגעלעבט, וואָס די מאַמע הערט ניט אוף וויינען, ניט געוווּסט צי דאַרפן זיי צוגיין נעענטער און זי באַרויִקן.

שמײַע איז צוגעגאַנגען צו די ייִנגלעך, אַ גלעט געטאָן זיי איבער די פלאַקסענע קעפּלעך, אַרומגענומען און, קעדיי אָפּווענדן מאַרינען פון אירע שווערע געדאַנקען, זיך אָנגערופן:

— זע נאָר, סאַראַ טײַערע באָכערים בײַ דיר! זיי זײַנען שטאַרק אויסגעוואַקסן. איצט האָסטו שוין גוטע מיטהעלפער אין שטוב. ווי צוויי טראָפּן ענלעך אפן טאַטן, אף דאַנילען.

— גוטע כעוורע, — האָט זי מיט דער האַנט אויסגעווישט די טרערן, — נאָר וואָס קומט אַרויס, קינדער דאַרפן האָבן אַ טאַטן, אַנדערש וואַקסן זיי, ווי דערנער.

— געוויס, אַ געליימעניש אף די פּאַשיסטן. אַזויפיל צאָרעס האָבן זיי אונדז פאַרשאַפט, נאָר מיר האָבן זיי, דאַכט זיך, פאַר אַלץ גוט אָפּגעצאָלט. זיי וועלן שוין פאַרזאָגן קינדס־קינדער.

— שוין לאַנג ניט באַקומען קיין בריוול פון מײַן דאַנילען. און פאַראַיאָרן האָט מען מיר צוגעשיקט אַ קוויטל, אַז דאַנילע איז פאַרפאַלן געוואָרן און מע ווייסט ניט ווו, — האָט זיך אָנגערופן מאַרינע, — נאָר ניט ווײַט פון סאָקאָליווקע, אַ ווערסט פופצן פון אונדז, האָט איינע אַ פרוי אויך באַקומען אַזאַ קוויטל וועגן איר מאַן. זי האָט אים שוין באַוויינט, נאָר יענע וואָך האָט ער זיך געפונען. ער איז געקומען אַהיים, עמעס, אָן אַ פוס, פון פלען געקומען. אַ קאַליקע, נאָר האַלעווײַ וואָלט מײַן דאַנילע אויך געקומען כאָטש אַזאַ, אָן אַ פוס, צי אָן אַ האַנט. איך וואָלט געווען גליקלעך. דו ווייסט דאָך, ווי די קינדער דאַרפן האָבן אַ טאַטן, און די ווירטשאַפט — אַ באַלעבאָס. זעסט אַליין, אַלץ צעבראָכן, צעמאַזיקט, און וואָס קאָן איך איינע אַליין מיט צוויי קינדער מאַכן? מײַן אַליע, עמעס, וווינט שוין אין דניעפּראָפּעטראָווסק. זי אַרבעט דאָרטן אין אַ שפּיטאָל. זי שרײַבט מיר אַלע מאָל, צי זײַנען דאָ בריוו פונעם טאַטן. ער כאָלעמט זיך איר דורך די נעכט.

— יאָ, — האָט שמײַע אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און פאַרייכערט דעם פאַרלאָשענעם ציבעק.

שמײַע האָט גערעדט און ניט געקאָנט קוקן דער אומגליקלעכער פרוי גלײַך אין די אויגן. ער האָט זיך געדרייט, ווי נאָר ער האָט געקענט און איר ניט געזאָגט דעם עמעס, עפּשער וועט ער איר אַמאָל זאָגן, נאָר בעשום־אויפן ניט הײַנט. באַמערקט, ווי מאַרינע נעמט פון אים ניט אַראָפּ די פאַרוויינטע אויגן, ווי זי קוקט אף אים מיט כשאַד, האָט ער פאַרגעזעצט:

— אוודאי, אף דער מילכאָמע טרעפט אַלץ... עס טרעפט... יעדער האָט זיך זײַן גוירל... אָט איז בײַ מיר געווען אַ פרײַנט אפן פראָנט, סידאָר דובאַסאָוו. אַ טײַערער מענטש. יאָ, קום איך איינמאָל אַרײַן אין שטאַב, און דאָרטן, אין שטאַב, הייסט עס, זיצט אַ שרײַבערל, וואָס פירט די קאַנצעליאַריע. איך זע ווי יענער שרײַבט אויס קוויטלעך — אָט דער איז אין שפּיטאָל פאַרוווּנדערט, יענער אומגעקומען, אַ דריטער — פאַרפאַלן, מע ווייסט ניט ווו... קורץ, איך זע, ווי דער לעץ שרײַבט אויס סידאָר דובאַסאָווס פרוי אַ קוויטל, אַז איר מאַן איז דערהאַרגעט, צי פאַרפאַלן געוואָרן, מע ווייסט ניט ווו... דאָס שרײַבערל שרײַבט די קוויטלעך, און אַליין ציטערט ער, ווי אַ וועוועריקל — די דײַטשישע אַעראָפּלאַנען שלײַדערן באָמ־

בעס. די דײַטשן באָמבירן, און ער שרײַבט, דער טײַוול, א מיַעס קוויטל סידאָר דובאַסאָווס
װײַב. איך בין געוואָרן מאַלע־רעציכצ. איך האָב געוואָלט דאָס שרײַבערל דערשטיקן מיט
מײַנע הענט. א רועך אין דײַן מאַמעס באָבען! וואָס הײסט דו שרײַבסט אזױנס? סידאָר
דובאַסאָװ לעבט, און זאָל ער לעבן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. ער שטײט באַם הארמאַט
און קלאַפּט אַף וואָס די וועלט שטײט! איז וואָס זשע, טײַוול מיַעסער, שרײַבסטו זײַן װײַב
אזא קוויטל? דו פאַרשטײסט, מארינע, ווען איך קום אין דער מינוט ניט אַרײַן און צערײַס
ניט דאָס קוויטל און דערלאַנג ניט דעם לעץ אין די צײן, וואָלט אוועקגעגאַנגען דאָס קוויטל
צו דובאַסאָווס װײַב. איך האָב אים אזוי דערלאַנגט, אז עס איז אים פינצטער געוואָרן אין
די אויגן. מיספּאַרשטײַעניש טרעפן אָפּט אַף דער מילכאָמע... נו, און, פאַרשטײט זיך, אַף
דער מילכאָמע קומען אום מענטשן... און א סאַך! זײער א סאַך! איבערן קאָפּ רײַסן זיך
קעסיידער באָמבעס, סנאַריאַדן, עס פליען און פײַפן קוילן, און אומקומעניש. א מיַעסע זאַך!
געליימט זאָלן ווערן יענע, ווער עס טראַכט אויס די מילכאָמעס אַף אונדזערע קעפּ!

מארינעס פּאָנעם האָט זיך א ביסל געענדערט. מיט זײַנע רײד האָט ער איר לײַכטער
געמאַכט אַף דער נעשאָמע.

און זעענדיק, ווי די ווערטער האָבן זי אומגעקערט צום לעבן, האָט שמײַע פּעסט
באַשטימט בא זיך, אז ער וועט איר דערוויַל ניט דערציילן וועגן דאַנילען. יעדנפאַלס, ניט
אין דער נאָענטסטער צײַט. אויב זי האָפּט נאָך אַף עפּעס — זאָל זײַן אזוי, וועט איר זײַן
גרינגער צו לעבן. עס וועט קומען די צײַט, וועט ער איר דערציילן דעם ביטערן עמעס.
דערוויַל זאָל זי טראַכטן, אז דאָס קוויטל וועגן פאַרפאַלענעם מאַן אירן האָט איר צוגע־
שיקט א צעשטרײטער שרײַבער פון שטאַב.

מארינע האָט זיך פּלוצעם געכאַפּט:

— זע נאָר, שמײַע טײַערער, וואָס שטײען מיר אין הויף? אזא גאַסט געקומען? קום
אַרײַן אין שטוב, זעץ זיך צו. איך וועל דיך מעכאַבעד זײַן.

— צוליב וואָס? מע דאַרף ניט. — האָט ער זיך אָנגערופן און, זעענדיק, ווי אירע ייִנגלעך
שלעפּן אַראָפּ פונעם וועגעלע א שווערן זאַק מיט מעל, צוגעגאַנגען און אונטערגעשטעלט
א פּלײצע.

אין קלײנינקן צימער איז אַלץ געווען אָנגעוואָרפן, ווי בא א באַלעבאָסטע, וואָס איז
שטענדיק פאַרהאַוועט, פאַרטאָן און וואַרט אַף קײנעם ניט. מארינע האָט שנעל גענומען
אַלץ צוקלײַבן, זיך פאַרענטפערן, אז זי האָט ניט אַרויסגעקוקט אַף אזא טײַערן גאַסט. אָט
באַלד וועט זי עפּעס צוגרייטן. דעם גאַנצן טאָג געווען אַף דער אַרבעט און ניט באַוויזן
אַפילע עפּעס אָפּקאָכן, זאָל דער גאַסט איר מויכל זײַן.

זי האָט שנעל אָפּגעווישט און צוגעקליבן פון טיש, אַרויסגענומען פון שאַפעלע א לעבל
ברויט, שנעל אַרויסגעשטעלט אַפן טיש אַלץ, וואָס זי האָט פאַרמאָגט. שמײַע האָט זיך בא
איר געבעטן, זי זאָל זיך ניט באַומרויִקן, ער איז זאַט. נאָר דאָס האָט ניט געהאָלפן!

מארינע האָט געהאַוועט באַם טיש. געשטעלט אוגערקעס און פּאָמידאָרן, פון אויוון
אַרויסגענומען א קעסעלע מיט קאַרטאָפליעס, אויסגעשאָטן זײ אַף א טעלער, פון ערגעץ
געבראַכט א סוליע ווישניק.

— פאַרשטײט זיך, אז פאַר אזא טײַערן גאַסט וואָלט מען געדאַרפט פּראַווען א שענערע
סודע, נאָר מירן עס אָפּלײגן אַף שפּעטער, ווען מײַן דאַנילע וועט זיך אומקערן. אָ, דעמלט
וועלן מיר א הוליע טאָן!

די ווערטער האָבן אים א שניט געטאָן. ער האָט זיך אופגעהויבן פון דער טאַבורעטקע
און גענומען באַטראַכטן די פּאָטאָגראַפיעס, וואָס זײַנען געהאַנגען אַף דער אָפּגעריבענער
וואַנט. דערזען דאַנילען אין א שינעל, האָט אים פאַרקלעמט באַם האַרצן. ער וואָלט גערן
אוועקגעגאַנגען, נאָר ער האָט ניט געקענט באַליידיקן מארינען מיט אירע צוויי שוויַגנדיקע
ייִנגלעך.

און מארינע האָט ניט אופגעהערט רײדן:

— אָט אזוי מוטשען מיר זיך אָן דאַנילען. די שטוב איז ניט קײן שטוב, און די באַלע־
באַטישקײַט איז ניט קײן באַלעבאַטישקײַט, עס ווילט זיך גאָרניט טאָן, עס גלוסט זיך ניט
לעבן. מיר האָבן זיך אומגעקערט פון דער עוואַקואַציע און געטראָפן א באַרג אַש אָנשטאָט
אונדזער כאַטע. אָט דאָס האָבן מיר יאַקאָס צונויפגעשלאָגן און מוטשען זיך. ווען דאַנילע
קומט, וואָלטן מיר גענומען בויען א נײַע כאַטע און אזוי דאַרפן מיר גאָרנישט ניט האָבן.
דאָס לעבן איז ניט ניכע. אז עס איז וואַרעם אין דרויסן, איז דאָ נאָך צו דערלײַדן, נאָר
ווען א רעגן נעמט גיסן, רינט פונעם דאַך, אז מע קאָן אומקומען.

— נישקאָשע, טײַערע, איצט וועט שוין ניט רינען, — האָט ער זיך אָנגערופן, — אָט וועל איך זיך נאָר א ביסל ארומקוקן, וועל איך צודעקן דיר דעם דאך און דיר העלפן...

— א דאנק, שאכן, — האָט זי איבערגעשלאָגן, — וואָס זשע, ווייניק ארבעט האָסטו בא זיך? דײַנע וווינען דאָך אין ערדשטיבל. איך בין דאָרט געווען. דײַן רייזל מיט די מיידלעך מאטערן זיך נאָך ערגער פון מיר. מאך פריִער דאָרטן א שטיקל טאָלק, און מיר וועלן שוין יאקאָס זיך מוטשען אזוי.

— וואָס הייסט מוטשען זיך? זאָל גאָט היטן! איך וועל העלפן! וועמען זשע, אויב ניט דיר?

מארינע האָט זיך צוגעזעצט צום טיש, אָנגעגאָסן דעם גאסט א קוואָרט שטארקן ווישניק, אָנגעגאָסן צוביסעלעך די קינדער און זיי אונטערגערוקט דעם טעלער מיט די אוגערקעס און פּאָמידאָרן, זיך אָנגעגאָסן א קליינעם קעלישעק:

— נו, שאכן, פאר דײַן אומקערן זיך אהיים... פאר דעם, אז מײַן דאנילע זאָל אויך קומען צו אונדז.

די לעצטע ווערטער האָבן שמײַען דערצאָרנט. אָפּפירנדיק פון מארינען דעם בליק, האָט ער אויסגעטרונקען ביזן דעק, ניט ארויסברענגענדיק קיין איין וואָרט. ער האָט גענומען פארבײַסן, נאָר דער ביסן איז אים ניט געקראָכן אין האלדז.

עס איז שוין גוט פינצטער געוואָרן, ווען ער האָט פארלאָזט דאָס שטיבל. דער קאָפּ האָט זיך געדרייט פונעם אויסגעטרונקענעם ווישניק. ער האָט אלץ ניט געקאָנט באשטימען, צי האָט ער גוט געטאָן, צי שלעכט, וואָס ער האָט ניט געזאָגט דעם עמעס דעם ווײַב פון זײַן פרײַנט, און דאָס האָט אים געמוטשעט. עמעס, איצט וועט זי און אירע צוויי שווײַגעוודיקע ייִנגלעך מיט מער געדולד ווארטן אף דאנילען.

ער האָט געשפאנט מיט ניט קיין פעסטן טראָט איבערן ווייכן, שטויביקן שליאך, און איבער אים איז געשטאנען א לויטערע לעוואָנע מיט גרויסע צאפּלדיקע ראָזלעכע שטערן, וואָס האָבן אונטערגעווונקען, זיך אָנגעצונדן און זיך געלאָשן. פון מאָל צו מאָל האָט אן אנדערער שטערן זיך אָפּגעריסן ערגעץ אין הימל־רוים און, ווי א בליץ, א שנײַד געטאָן א שטיק הימל און אויסגעלאָשן געוואָרן.

מע זאָגט, אז ווען א שטערן פאלט אראָפּ פונעם הימל איז דאָס א סימן, אז עמעצנס לעבן איז אף דער ערד אויסגעלאָשן געוואָרן. און שמײַע האָט א טראכט געטאָן, צי דען ווערן נאָך ערגעץ אויסגעלאָשן לעבנס? ווייניק לעבנס האָט אויסגעלאָשן די מילכאָמע?

כאָטש דאָס אויסגעטרונקענע האָט אים געוואָרעמט אלץ שטארקער און שטארקער און דער קאָפּ האָט זיך גענומען דרייען, נאָר אפן הארצן איז געוואָרן אומעטיקער און שווערער.

יאָ, ער האָט גאָר פארגעסן, מארינע האָט אים געזאָגט, אז איר מיידל, אַליע, ארבעט אין דניעפּראָפּעטראָווסק, אין א שפּיטאָל, אלס קראנקן־שוועסטער, און דאָרטן ליגט ערגעץ א פארווונדעטער זײַן מוישקע. און ער, דער גלאָמפּ, האָט פארגעסן א פרעג טאָן, צי ארבעט זי ניט דאָרטן, ווו מוישקע היילט זיך. ער האָט זיך אופגעגעסן לעבעדיקערהייט, נאָר זיך אומקערן איז שוין געווען שפּעט. ער איז געווען שטארק מיד. מע דארף זיך וואָס גיכער דערקלײַבן אהיים און זיך לייגן שלאָפן. רייזל קען זיך שוין באומרויִקן. ער האָט איר דאָך ניט געזאָגט, וווהין ער גייט. און, זעט אויס, אז ער וועט איר טאקע הײַנט ניט אויסזאָגן.

„סאַראַ קלוגע באשעפעניש איז דער מענטש!" — האָט געטראַכט שמײַע גאזלען, זיצנדיק אף זײַן טראָן, דאָס הייסט, אפן דאך פון דער האלב־פארברענטער שול און פארבנדיק די צונויפגעשטוקעווטע שטיקער בלעך, — עס איז גענוג, אז דער מענטש, אף וועלכן עס האָבן זיך אָנגעוואָלגערט אלע אומגליקן פון דער וועלט, זאָל א ביסל קומען צו זיך, פאנאנדערשפּרייטן זײַנע פליגלען, איז ער שוין גרייט טאָן ניסים, קערן וועלטן!"

דאכט זיך, ערשט ניט לאנג האָט מען זיך אומגעקערט פון דער פרעמד, פון דער מילכאָמע, מע האָט נאָך רעכט ניט פארהיילט די וווּנדן, און מע האָט זיך שוין אײַנגעשפּאנט אין וואָגן און מע פאָרט!

אָט ערשט האָט מען זיך אומגעקערט צו די צעבראָכענע נעסטן, אף דער פארוויסטער ערד, זיך אומגעקערט באָרוועסע, נאקעטע, הונגעריקע נאָך יאָרן וואנדערן, צאָרעס, אומגליקן — און דער יישעוו הייבט שוין אָן באקומען אן אנדער פּאָנעם!

מע האָט נאָך ניט באוויזן, ווי עס דארף צו זײַן, די הארוגים, די געפאלענע און פארפאלענע, און מע האָט זיך גענומען צו דער ארבעט. קינד־און־קייט האָט פארקאטשעט די ארבל — מע ברענגט צוביסלעך אין אָרדענונג די זעמליאנקעס, די שטיבלעך, די באלעבאטישקײַט, די פארוויסטע ווײַנגערטנער.

אומעטום לייגט דער אוילעם צו א האַנט, און מע סטאַרעט זיך וואָס גיכער ברענגען צו א טאָלק דעם יישעוו.

עמעס, אַזוי ווי עס איז געווען וועט שוין, זעט אויס, ניט זײַן. צופיל קאָלאָניסטן האָבן זיך ניט אומגעקערט פון דער מילכאָמע. א סאַך יונגע כעווערע, וואָס זײַנען אונטערגעוואַקסן בעשאַס דער מילכאָמע, זײַנען איבערגעפאָרן אין די גרעסערע שטעט, זיך דאָרטן אײַנגעאָרדנט, און מע זעט ניט, מע זאָל זיך אומקערן אַהיים.

און וואָס וועסטו מאַכן? וועסט זיי מיט גוואַלד ניט צובינדן. דאָרטן, ווו זיי האָבן זיך באַזעצט, נייטיקט מען זיך אויך אין זייערע הענט, אין זייער אַרבעט. דאַרף מען דאָ, אין יישעוו, מיט יענע, וואָס האָבן זיך אומגעקערט, אָפּקאָכן א קאַשע, דערצו נאָך א געשמאַקע!

דאַכט זיך וויפל צײַט איז אַוועק זינט איבער דעם ווינקל האָט זיך דורכגעטראָגן דער אוראַגאַן און אַלץ אויסגעגלײַכט מיט דער ערד, אָפּגעווישט די שווערע האַרעוואַניע פון עטלעכע דורעס קאָלאָניסטן, און אָט הייבט שוין אָן צוביסלעך אַרײַנגיין דאָס לעבן אין זײַנע געוויינלעכע ברעגן.

מע לעבט שווער — דאָס איז ניטאָ, יענץ איז דערווײַל ניט צו קריגן, נאָר מע אַרבעט און מע לעבט מיט האָפענונגען.

דעריקער איז, וואָס די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט, וואָס די פאַשיסטישע מאַגיפע האָט מען אָף שטענדיק פּאַרטיליקט. פאַר דער קורצער צײַט האָט שוין דער יישעוו אָן אַנדער אויסזען. אַנשטאָט די ערדשטיבלעך, בויט מען דאָ און דאָרטן הײַזער, מע ברענגט אין אָרדענונג די פערמעס און די ווײַנגערטנער, דעם קלוב און דעם מעדפּונקט.

און שמײַע גאזלען זיצט אָף זײַן טראָן, דאָס הייסט, אָפּן דאַך. ער ארבעט שנעל, קוקט ארום זיך און דאָס הארץ פרייט זיך.

— אוי, קינדערלעך, קינדערלעך! — זאָגט דער בלעכער, — פאר דער צײַט זײַנען שוין אזויפיל קייסאָרים אראָפּגעוואָרפן געוואָרן פון זייערע פרעסטאָלן, פון זייערע טראָנען, באקומען א מיעסן און וויסטן סאָף, און איך האלט זיך פעסט! ביז איך וועל ניט פאריכטן אלע דעכער אין יישעוו, וועט איר מיך פון מײַן טראָן ניט אראָפּווארפן!

— דו לאכסט, שמײַע, ס'איז דיר פריילעך?!

— וואָס זשע, אוואדע ווערט בא אונדז פריילעכער, — פארוקט ער אָף א זײַט זײַן שטרויענעם קאפּעליוש, די זון זאָל ניט שנײַדן אין די אויגן, — און איר כידעשט זיך, לעמײַ איך לאַך? וואָס זשע, איך זאָל וויינען? זאָלן וויינען אונדזערע סאָנים! איר ווייסט דען ניט, קינדערלעך, אַז צען מינוט לאַכן פאַרלענגערט דאָס לעבן אָף זעקס כאַדאָשים! איז לאָמיר לאַכן, און אונדזערע סאָנים זאָלן לאַכן מיט יאַשטשערקעס!

אַלץ וואָלט געווען גוט און פײַן. שמײַע האָט זיך שוין אַזוי אַרײַנגעצויגן אין דער אַרבעט, אַז עס האָט זיך געדאַכט, ער האָט זיך מיט דער אַרבעט קיינמאָל ניט צעשיידט. נאָר ער האָט גרויסע צאָרעס מיט אָוורוצקין, מיטן פאַרזיצער פונעם אַרטעל. שמײַע גאזלען האָט זיך צונויפגעשלאָגן א שטיקל בריגאַדע. מישטיינסגעזאָגט — א בריגאַדע! ער, עטלעכע ווײַבער און לײַבצי דער שאָפער.

— הער אויס, לײַבצי, דו ביסט א געוועזענער סאָלדאַט און ווייסט גוט, אַז א סאָלדאַט אָף דער מילכאָמע גייט קיינמאָל ניט אַרום אָן אַרבעט. וויפל מאָל איז געשען, אַז אין שלאַכט האָט מען צעקלאַפּט אַלע אונדזערע האַרמאַטן, און מיר זײַנען געבליבן מיט די בײַטשלעך, וואָס זשע מיינסטו, זײַנען מיר געשטאַנען און אַרויסגעקוקט ביז מע וועט אונדז ברענגען נײַע? מיר האָבן גענומען די אווטאָמאַטן, די גראַנאַטעס און זײַנען געגאַנגען גלײַך מיט דער פעכאָטע אין אַטאַקע, מיר האָבן ניט געוואַרט אָף קיין קאָוועד, אַזוי איז דאָ. ביסט א שאָפער — זייער א גרויסע צאַצקע אין דער ווירטשאַפט, נאָר מיט „מוסאָליניס נאָדן" וועסטו ווײַט ניט פאַרפאָרן. דאָס איז א פּעגירע, ניט קיין מאַשין, נעם זשע א האַק אין די הענט און קום דערווײַל צו מיר אין בריגאַדע, זעסט ניט וויפל אַרבעט עס וואַרט אָף אונדז?

און כאָטש די ערשטע טעג איז דאָס לײַבצין ניט געווען צום האַרצן, נאָר דער באָכער האָט זיך אונטערגעגעבן, און ער שטייט שוין זייער שיין מיט שמײַען און זײַן קליינינקער בריגאַדע אָפּן דאַך און ארבעט אָף וואָס די וועלט שטייט!

אַמאָליקע יאָרן פלעגט מען זאָגן: קלענער דער אוילעם — גרעסער די סימכע. איצט זאָגט מען גאָר אנדערש — גרעסער דער אוילעם — גרעסער די סימכע!

אפילע מיט די עטלעכע מענטשן קערט שמײַע גאזלען וועלטן. די ארבעט גייט פריילעך און זשוואַווע.

נאָר ווען זשע איז דאָס גערעדט געוואָרן, אַז אָוורוצקי זאָל ניט צונעמען בא אים די מענטשן. אַלע מאַנטיק און דאָנערשטיק נעמט ער צו לייבצין, די ווײַבער אַף דער פּערמע, צום טויק, אַפן ווײַנגאָרטן, און שמײַע בלײַבט אַפן דאַך איינער אַליין.

און אַז ער בלײַבט איינער אַליין, גייט בא אים ניט די אַרבעט, כאָטש שרײַ גוואַלד! זינט ער לעבט איז ער ניט געווינט צו אַרבעטן, עס זאָל ניט זײַן מיט וועמען א וואָרט אויסצורײַדן! נו, אַזאַ געווינשאַפט, וועסטו אים גיין איבערמאַכן!

און ער קריגט זיך מיט אָוורוצקין לעמײַ יענער נעמט צו בא אים די לעצטע רעזערוון.

נאָר וואָס וועסטו מאַכן? רעדסטו מיט אים, מיט אָוורוצקין, איז ער גערעכט!

ער טײַנעט, אַז עס גייט צו ווינטער און מע דאַרף צונגרייטן אַכילע פאַרן ביסל פי, פאַר די עטלעכע פערד און אָקסן, מע דאַרף באוואָרענען דעם ווײַנגאָרטן, אַז איבעראַיאָר זאָל ער געבן ווײַנטרויבן, מע דאַרף פאַרזייען די ווינטער־ברויטן... נאָר שמײַע טײַנעט זיך זײַנס — ער מוז ענדיקן פאַריכטן די שול, די קינדערלעך זאָלן האָבן וווּ צו לערנען דעם ווינטער.

זײַנען זיי ביידע גערעכט!

נאָר קיינער באַליידיקט זיך ניט, כאַלילע. אַלץ ווערט געטאָן און גערעדט אין גוטן מוט.

אַלע גאַנצפרי, עס מעג דונערן און בליצן, גייט שמײַע אַרויס צו דער אַרבעט. ער האָט שוין פאַר דער צײַט אינגאַנצן אַנגעווירן זײַן בראַון אויסזען. דאָס סאָלדאַטישע אָנטאָן האָט ער אַראָפּגענומען פון זיך און עס צונויפגעלייגט אין קאַסטן. די אָרדענס מיט די מעדאַלן — אײַנגעוויקלט אין א פּאַטשיילע, באַהאַלטן אין שאַפע ביז די גרויסע יאָמטויוויום, דערווײַל איז ער אײַנגעפּאַרן אין ציווילע קליידער און געוואָרן דער זעלבער מענטש, וואָס איז די פּאַרמילכאָמע־צײַטן, געבליבן דער זעלבער לעצאָנעס־טרײַבער און פּריילעכער בלעכער, וואָס אַמאָל, אַזאַ ווי דער אוילעם געדענקט פון אַלע צײַטן. אָפּט דאַכט זיך אַפּילע, אַז ער איז גאָר קיינמאָל ניט אַוועק פונעם יישעוו. וווּהין ער זאָל ניט קומען, וואַקסט אויס אַרום אים א רעדל מענטשן און מע הערט זיך אײַן אין זײַנע כאָכמעס און וויצן. מיט אים איז היימלעך און פּריילעך, ווי אַמאָל!

ווידער דערגייט אים די יאָרן זײַן רייזל, טײַנעט אַלץ, פאַרוואָס ער שאַנעוועט זיך ניט און אַרבעט צו צוועלף שאָ א טאָג, ווי א קאַטאָרזשאַן. די יאָרן זײַנען דאָך ניט יענע, און דאָס געזונט איז ניט יענץ.

און ער הערט זי בעפּיירעש אויס, טראַכט זיך אײַן אין איר רייד און זאָגט גאַנץ ערנסט:

— פאַרשטייסט, מײַן טײַערינקע, ווען מע האָט אונדז אַרויסבאַגלייט פון בערלין אַהיים, האָבן מיר באַקומען א שטרענגן באַפעל פון נאַטשאַלסטווע, פון דעם גענעראַל דובראַווין, — איך האָב דיר שוין דערציילט וועגן אים, — ער האָט אונדז שטרענג אָנגעזאָגט, אַז אין דער היים זאָלן מיר אַרבעטן ניט ערגער, ווי דאָרטן, אַפן פראָנט. און איך בין אַן אַלטער סאָלדאַט און מוז אויספילן דעם באַפעל פון נאַטשאַלסטווע.

— איז וואָס זשע, אַף דיר, אַף שמײַען, שטייט די גאַנצע וועלט?

— ניקאַק ניעט! — ענטפערט ער, אויפהייבנדיק די האַנט צום דענעק, — די גאַנצע וועלט ניט, נאָר א שטיקל וועלט — געוויס. איך קאָן זיך ניט באַרויקן ביז די שול וועט ניט ווערן ווי א שול דאַרף זײַן, אַז די קינדער זאָלן האָבן וווּ צו לערנען. וואָס זשע ווילסטו, טײַערע, די קינדער זאָלן זיצן אין די קלאַסן און עס זאָל זיי רינען אַף די קעפּ? דערצו דאַרף איך מיט מײַן בריגאַדע זיך צוסטאַרען, די מענטשן זאָלן וואָס גיכער פאַרלאָזן די זעמליאַנקעס. כאָטש דעם דאַרף מען העלפן די שכיינים, מע זאָל ווינטער ניט פרירן. ווער זשע וועט עס פאַר אונדז טאָן, דער לויעווער רעבע, צי די ראַקעוועקער רעבעצן? מע מוז זיך אונטערגאַרטלען. ווער איז שולדיק, וואָס מע איז געבוירן געוואָרן אין אַזאַ בייזער צײַט, ווען די מילכאָמעס לאָזן ניט לעבן רויק? עפּשער וועט גאָט געבן און די קינדערלעך אונדזערע וועלן שוין ניט וויסן פון קיין מילכאָמעס, ניט וויסן פון אַזעלכע צאָרעס און אומגליקן.

רייזל האָט אים אויסגעהערט און א קניטש געטאָן מיטן אַקסל:

— וואָס זשע, שמײַע, דו קענסט דען באוואָרענען די גאַנצע וועלט? ביסט שימשן האַגיבער? ווי קאָנסטו נעמען אַף זיך אַזאַ אָל? פון דײַן שיינער בריגאַדע ביסטו געבליבן איינער. מיט די פּאָר קאַליקעס און ווײַבער וועסטו טאַקע ווײַט פאַרפאָרן, דערצו נאָך קומט דיר אויס זיך שנײַדן די פינגער — קיין מאַטעריאַל איז ניטאָ און דו אַליין זאָגסט דאָך: אַז מע האָט ניט קיין פינגער, קען מען קיין פײַג ניט ווײַזן.

— זעסטו דאָך, מײַן טײַערינקע, אַז עס איז ניט אַזוי! — האָט געענטפערט שמײַע, און אַף זײַן פאַרוואַקסן פּאָנעם האָט זיך אויסגעשפּרייט דאָס כיטרע און גוטמוטיקע שמייכעלע זײַנס, —

ביסט אוואדע גערעכט, מיר האָבן ניט קיין מאטעריאל אָף צו באַווען. פארשטייט זיך, עס וואָלט געווען גוט, ווען עס ליגן בא אונדז בערג מיט ציגל, בלעך, סלופעס, ברעטער, ווען איך האָב א בריגאדע פון צוואנציק סטאָליערס, טעסליער, בלעכער, נאָר דעמלט וואָלט יעדער פארטאטש געקאָנט גוואלדעווען אפן גאנצן יישעוו, אז ער איז א גאָלדענער באלמעלאָכע, א גרויסער מײַסטער... זײַ אָבער א כאָכעם און לאטע די דעכער מיט די הוילע הענט, מיט די פארזשאווערטע שטיקער בלעך, מיט די שטיקלעך ברעטער, וואָס איך זוך אויס ווו עס מאכט זיך. בויען הײַזער מיט א פּאָר קאליקעס, עטלעכע ווײַבער. נאָר זעסטו דאָך, אז עפּעס האָבן מיר שוין דאָ אופגעטאָן. דו געדענקסט סארא פּאָנעם מיר האָבן אלע געהאט אין די ערשטע וואָכן פון דער מילכאָמע, ווען די דײַטשישע כאיאָלעס האָבן זיך אָף אונדז ארופגעוואָרפן מיט זייערע טויזנטער טאנקען, הארמאטן, עראָפּלאנען? קיין שיינעם אויסזען האָבן מיר דעמלט ניט געהאט. מע איז אָפּגעטראָטן ביז דער וואָלגע. און דער דײַטש האָט שוין געמיינט, אז אָט־אָט כאפּט ער אָן גאָט פאר די פּייעס. נאָר ווען אונדזערע זײַנען א ביסל געקומען צו־זיך נאָך די ערשטע קלעפּ, נאָך די שרעקלעכע פארלוסטן און גענומען קלאפּן דעם סוינע איבער די ציינער, האָט די גאנצע וועלט פאר אונדז אראָפּגענומען דאָס היטל. זיי זײַנען אין מאָסקווע בא אונדז ניט געווען, א קרענק זיי אין די לעבער, נאָר מיר זײַנען זייער שיין געקומען צו זיי קיין בערלין און מיט זיי אָפּגעלערנט א קאפּיטל באָלעק! אָט אזוי וועט זײַן איצט. מיר דארפן נאָר קומען צו־זיך און פאנאנדערשפרייטן די פליגלען, וועט זײַן כײַ געלעבט!

— פון דײַן מויל אין גאָטס אויערן, — האָט צוגעשטימט רייזל, — זאָל זײַן ווי דו זאָגסט. האלעווײַ וואָלט דאָס געשען וואָס גיכער. דיך וועסטו ניט איבערריידן. ווער עס פארקריגט זיך מיט דיר, בלײַבט באם נאר. טו, ווי דו פארשטייסט.

— אָט דאָס הער איך דיבורים! — האָט ער זיך דערפרייט און א קלאפּ געטאָן רייזלען איבער דער פּלייצע, — ביסטו טאקע בא מיר א כאכאָמע. זאָלסטו זיך ניט ארײַנמישן אין מײַנע געשעפטן און איך — אין דײַנע. אויב אזוי, שרײַב איך מיט דיר גלײַך אונטער א קאָנטראקט, א שאָלעם־קאָנטראקט. דו קאפּיטולירסט און איך בין בא דיר דער זיגער!

דער ארומיקער אוילעם, וואָס איז אונטערגעקומען, זעענדיק, ווי שמײַע גאזלען שמועסט זיך דורך מיטן ווײַב, האָט צופרידן געשמייכלט און אָוורוצקי האָט זיך אָנגערופן:

— דער רועך ווייסט עס, שמײַע, לעמײַ האָט דיך דײַן טאטע געמאכט פאר א בלעכער. פון דיר וואָלט ארויסגעקומען א גוטער דיפּלאָמאט.

— וואָס? א דיפּלאָמאט? נאָר דאָס גייט מיר אָפּ! — האָט זיך צעלאכט שמײַע, — צו אלע פּראָפעסיעס מײַנע דארף איך טאקע, ווי אין לעבן ארײַן, האָבן נאָך איין מאראָקע אָף זיך. דיפּלאָמאטן וועט מען יאקאָס געפינען, איצט ווארט דער אוילעם אונדזערער, מע זאָל אים געבן א וווינונג, פאריכטן דעם דאך, עס זאָל אים אפן קאָפּ ניט רינען. א גוטן בלעכער, א טעסליער געפינען איז איצט פיל שווערער. וועל איך זיך שוין בעסער האלטן בא מײַן מעלאָכע! זי איז מיר מער צום הארצן.

שמײַע גאזלען האָט זיך דערמאָנט אין זײַן מוישקען. דער רועך זאָל עס נעמען, האָט ער זיך געבייזערט. אזוי טיף ארײַנגעפאָרן אין דער ארבעט, אז ער האָט ניט קיין צײַט צופאָרן צום זון. און יענער, זעט אויס, אײַלט עפּעס ניט אהער. שמײַע איז געוואָרן שווער אָף דער פור, נאָר ער וועט זיך דאָך מוזן איינגיכן אראָפּכאפּן צו אים. אזא צײַט זיך ניט געזען. עמעס, ערשט ניט לאנג איז רייזל מיט די מיידלעך געווען בא אים צוגאסט און געבראכט פון אים א גוטן גרוס. מע האָט שוין געשטעלט דעם באָכער אָף די פיס און אָט־אָט דארף ער זיך אויסשרײַבן פונעם שפּיטאָל. שמײַע האָט זיך דערמאָנט, אז ווען ער איז ערשט ניט לאנג געווען בא מארינען, דאנילעס ווײַב, האָט זי אים געזאָגט, אז דער באָכער ליגט אין יענעם זעלבן שפּיטאָל, ווו עס ארבעט איר אָליע אלס קראַנקן־שוועסטער. יענע זעט צו מוישקען, ווי אן עמעסע שוועסטער און העלפט אים, ווי נאָר זי קען, טרעט ניט אָפּ פון זײַן געלעגער.

דאָס האָט שמײַען גראדע געפרייט, נאָר עס האָט זיך צו אים אין מויעך ארײַנגעגאנוועט א מאכשאָווע, אז דער באָכער אײַלט זיך ניט פארלאָזן די שטאָט, עפּשער טאקע צוליב אָליען? מע האָט דאָך ביידע געלערנט פאר דער מילכאָמע אין איין שול און שוין דעמלט, אז זיי פלעגן זיך פארקלײַבן אפן ווײַנגאָרטן, איז זיי געווען שווער ארויסצוטרײַבן פונדאָרטן און נאָך שווערער איז געווען זיי פארטרײַבן אהיים שלאָפן נאָך דעם, ווי אין קלוב האָט זיך געענדיקט די קינאָ... נאָר וואָס וועט שמײַע זיך ברעכן דעם קאָפּ? מוישקע איז שוין ניט קיין יינגעלע און וועט אליין יאקאָס זיך פאנאנדערקלײַבן אין זײַנע איניאָנים. דעריקער, זאָל ער זײַן געזונט, און וואָס וועט זײַן מאָרגן — זאָל זיך גאָט זאָרגן!

# פּאָפּענטשע נאַוועלע

## דאָס לעבן גייט אַריין אין די ברעגן

עס טרעפן אַזעלכע יאָרן, מיט וועלכע עס גלוסט זיך ניט צעשיידן! און דאָס זײַנען גראָדע יענע, וואָס פליען, ווי אַפּצולאָכעס, ווי אַ ווינקער. דו באַווײַזט זיך ניט אַרומקוקן, ווי זיי זײַנען שוין העט־העט, אין אויסערײַסעניש, און זאָלסט זײַן מיט הונדערט קעפּ, וועסטו זיי ניט אומקערן.

ווילסטו יאָ, צי ווילסטו ניט, נאָר זיי לויפן, ווי די ווילדע, און צוזאַמען מיט זיי רוקט זיך אונטער די עלטער און נעמט טאַטשען, טאַטשען, ווי די ווערעם, און ביסלעכווײַז הייבסטו אָן זיך רוקן פונעם יאַריד!

כאָטש דו ווייסט גוט דעם סאָד פון אַריכעס־יאָמים, דו האַרעוועסט די גאַנצע טעג און האָסט ניט קיין צײַט צו טראַכטן וועגן דער עלטער, דאָך כאַפּסטו זיך פּלוצעם, אַז די קנייטשן זײַנען טיפער געוואָרן, געדיכטער און די האָר — גרוויער. דעמלט ווערט דיר עפּעס קאַלע־מוטנע אַף דער נעשאָמע, נאָר דו טראַכסט זיך:

— שמײַע! גיב זיך ניט אונטער! האַלט זיך, דו דאַרפסט נאָך ברענגען נוצן די מענטשן! אין שפּײַ זיך אויס אַף אַלץ, און האַלט זיך!

נאָך ניטאָ קיין אוקאַז, אַז שמײַע גאָזלען זאָל צונויפפּלייגן די פליגלען און איבערגיין אַף מעלוכישע קעסט!

צווישן אונדז גערעדט, האָט שמײַע זיך ניט געוונומען שטאַרק צום האַרצן, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז עס איז שוין אַדורך קימאַט אַ יאָר, זינט ער האָט זיך אומגעקערט פון דער מילכאָמע. אַרומקוקנדיק זיך, האָט ער מיט זײַן געניט אויג דערזען, אַז ער מיט זײַנע כאַ־ווײַרים האָבן ניט אומזיסט דאָ געגעסן ברויט מיט קאַרטאָפליעס — מע האָט עפּעס באַוויזן אופּטאָן. דאָס האַרץ פרייט זיך, קוקנדיק אַף דער אָפּגעטאָנענער אַרבעט. אַן אַנדערש מאָל וואָלט מען אַזױפּיל ניט געמאַכט פאַר אַ צענדליק יאָר!

מע האָט אַ סאַך, זייער אַ סאַך באַוויזן, דערצו נאָך זײַנען ניט ווייניק געשעעניש[ן] דאָ פאַרלאָפן, און איב איר וועט האָבן געדולד, וועט שמײַע עס אײַך אויסלייגן פּינקטלעך, מיט אַלע פּישטשעוועקעס.

דער זומער האָט זיך, צום גליק, פאַרהאַלטן לענגער, ווי אַלע יאָר. גלײַך, ער וואָלט פאַרשטאַנען, אַז ער טאָר זיך ניט אײַלן, ווײַל עס איז נאָך פאַרבליבן געגונג אַרבעט, אַז מע האָט זיך נאָך ניט באַוויזן צוצוגרייטן צום האַרבסט.

דער זומער האָט אַרום געוועלטיקט, און גלײַך ווי אַ מיטגליד פון שמײַעס בריגאַדע, אויך אונטערגעשטעלט אַ פּלייצע, געהאָלפן אין דער בוינוג.

ווען מע האָט שוין פאַרגעסן, אַז דער האַרבסט שטייט הינטער דער טיר און וואַרט, און זיכער געווען, אַז ווען ער וועט קומען, וועט ער זײַן פון די גאָלדענע האַרבסטן, ניט דערגרייכן די יאָרן, האָט זיך מיטאַמאָל דער הימל צעבונטעוועט. אַ בייזער ווינט האָט אָנגעַ־טראָגן פון אויסערײַסעניש שווערע כמאַרעס, די כמאַרעס זײַנען געוואָרן אַלץ אָנגעבלאָזענער, געוונומען אַף זיך דעם קאָליר פון בלײַ, דערנאָך פאַרשוואַרצט געוואָרן, ווי עמעצער זאָל זיי געווען אויסווייקן אין צעלאָזטער סמאָלע.

דער ווינט איז גאָר מעשוגע געוואָרן, געוונומען רײַסן שטיקער פלייש פון די דעכער און דעכלעך, וואָס שמײַע האָט צונויפגעשלאָגן, ווי ער זאָל וועלן מאַכן טיל־טעל פון שמײַעס גאַנצער האַרעוואַניע, און עס האָט אַ גאָס געטאָן אַן עמעסער מאַבול!

מער פון אַלעמען האָט אָפּגעלייזט טאַקע אונדזער בלעכער. און מיינט איר פון וועמען, פונעם אייגענעם ווײַב, פון רייזלען.

— נו, מײַן טײַערער, — האָט זי געטײַנעט, — וואָס האָב איך דיר געזאָגט? אַ סאַך מענטשן האָסטו אויסגעבויט און פאַריכט זייערע ווינונגען, נאָר אין אונדז האָסטו פאַרגעסן! זעסט כאָטש, וואָס פאַר אַ פּאַנעם עס האָט נאָך דעם מאַבול אונדזער פּאַלאַץ. אָט זײַנען מיר געבליבן מיט דער צעבראָכענער קאַרעטע. מענטשן לאַכן פון אונדז. וויפל איך האָב דיר געזאָגט, און דו...

דאָס מאָל איז דאָס ווײַב געווען גערעכט, און שמײַען איז שווער געווען געפינען ווער־טער אַף זיך צו פאַרענטפערן, און דאָך האָט ער געזאָגט:

— יאָ, איך האָב ניט געוואַרט, אַז אַזוי גיך וועט קומען דער האַרבסט, איך האָב שלעכט אויסגעפּלאַנירט. נאָר פּאָלג מיך, נעם זיך ניט צום האַרצן, מײַן טײַערינקע. דו דאַרפסט מיך פֿאַרשטיין. וואָס קאָן איך טאָן, אַז איך קאָן ניט פֿאַרלײַדן, ווען מענטשן מוטשען זיך? אַז איך טו אַ מענטשן אַ טויווע, פֿיל איך זיך אַפֿן זיבעטן הימל. נו, ווי:אַזוי האָב איך געקאָנט איבער־לאָזן מאַרינען אָן אַ דאַך? איר דאַניִלע וועט קומען פֿון יענער וועלט? דאַרפֿסט אַליין פֿאַר־שטיין — איך וועל זיך שטענדיק אויסבויען אַ ווױנונג, און זיי, די סאָלדאַטקעס מיט די יעסוי־מים? טוסט אַ מענטשן גוטס, ווערט דיר אויך גרינגער אויפֿן האַרצן. גיי ווייס, אַז דער האַרבסט וועט אָפּטאָן אַזאַ שפּיצל. נאָר ניט געזאָרגט, דאַרפֿסט לעבן מיט האָפֿענונג. אַז איך בין לעבן דיר, וועלן מיר זיך שוין יאַקאָס געבן אַן אייצע.

— איך דאַרף ניט דײַנע אייצעס! — האָט רייזל זיך נאָך שטאַרקער צעבייזערט, — איך דאַרף אַ שטיקל ווױנונג! וויפֿל קאָן מען זיך מוטשען אונטער דער ערד? יעדן האָסטו באַ־וואָרנט ווי־ניט־איז, כּוֹך זיך.

— ערגער זיך ניט, טײַערע! פֿאַרגעס ניט, אַז אַ מענטש דאַרף ניט לעבן בלויז פֿאַר זיך אַליין. אַ מענטש דאַרף האָבן סאָוועסט... די קינדערלעך אין שול האָבן אַ דאַך? אוואַדע. די שטאָלן זײַנען, דאַנקען גאָט, צוגעדעקט? צוגעדעקט. עטלעכע סאָלדאַטקעס האָבן ווױנונגען? געוויס. הײַנט שטעל זיך פֿאָר, רייזל, אַז דײַן שמײַע האָט זיך אומגעקערט פֿון דער מילכאָמע מיט הענט און פֿיס און האָט אַף אַלץ און אַף אַלעמען אַ שפּײַ געטאָן און זיך געשטעלט באַוון אַ שטוב. וואָס וואָלט די וועלט געזאָגט? די וועלט וואָלט געזאָגט, אַז שמײַע איז אַ פּאַסקודניאַק, און אַ שאָד, וואָס די ערד טראָגט אים. וואָס זאָגט מען אָבער איצט? איצט זאָגט מען, אַז שמײַע גאָזלען איז אַ מענטש מיט סאָוועסט. אַ מענטש ניט בלויז פֿאַר זיך. פֿאָלג מיך, בעסער איז לעבן אין אַ זעמליאַנקע מיט סאָוועסט, איידער אין אַן אייגענער שטוב, אין אַ פּאַלאַץ אָן סאָוועסט!... ערגער זיך ניט, טײַערע. אַלץ איז באַ אונדז אין די הענט. אַ דאַך וועלן מיר זיך שטענדיק שטעלן. איך בין דאָך אַ בלעכער און ניט קיין הינקענדיקער שנײַדער.

דערווײַל האָט שמײַע גאָזלען גענומען דעם עמער און אָנגעהויבן אויסשעפּן די וואַסער, וואָס דער רעגן האָט אָנגעגאָסן אַפֿן דיל.

רייזל האָט געקוקט אַף אים מיט פֿאָרוואָרף: זאָל ער אויסשעפּן די וואַסער, מע זאָל קאָנען צוגיין צו די נאַרעס, זאָל ער וויסן, ווי זיס עס איז צו וווינען אין אַ זעמליאַנקע.

שמײַע האָט געשעפּט די וואַסער, נאָר עס האָט ווייניק־וואָס געהאָלפֿן. ער האָט געפֿילט אַף זיך רייזלס בײַסנדיקן בליק. זי האָט זיך אין אים איצט דערלעבט אַ נעקאָמע. נאָר שמײַע איז באַ זיך ניט אַראָפּגעפֿאַלן.

— ניט אומזיסט זאָגט מען, — האָט זיך אָנגערופֿן רייזל, — אַז אַ שוסטער גייט באָרוועס, אַ שנײַדער — נאַקעט און אַ בלעכער לעבט אָן אַ דאַך!

דערהערט אירע ווערטער, איז שמײַע פֿריילעכער געוואָרן. זעט אויס, דער קאַעס האָט זיך פֿון איר אַ ביסל אָפּגערוקט אין אַ זײַט. און, פֿאַרוקנדיק אַפֿן קאַרק דאָס היטל, האָט שמײַע געזאָגט:

— וואָס איז שײַעך אַ דאַך, קאָן איך דיר דערציילן אַ שיינע געשיכטע. באַ אונדז אַף דער ראַקעווקע האָט אַמאָל, ניט הײַנט געדאַכט, געוווינט אַ ייִד אַ קאַפּצן אין זיבן פּאָלעס. גייט ער איינמאָל אַרויס אַפֿן באָרוועסן קרעשטשאַטיק, ווו עס שפּאַצירן אַרום די היגע באַלעבאַטים, און בעט זיך באַ זיי: „אַנטלײַט מיר אַ גמילעס־כעסעד, אַ הונדערטער. עס פֿעלט מיר אויס אַ הונדערטער אַף אַ דאַך!" „וואָס פֿאַר אַ דאַך אינמיטנדערינען, רעב ייִדו?" — זאָגט ער: — „איך באַווע זיך אַ שטוב, פֿעלט מיר אויס אַ דאַך".

— ווער באַוועט זיך אַ שטוב? אַזאַ עוויִען באַוועט זיך אַ שטוב?!

ענטפֿערט דער ייִד: „איך פֿאַרמאָג פֿיר איבערגעוואַקסענע טעכטער, ווי די בערן, און זיי ניט כאַסענע מאַכן, כאַטש שרײַ גוואַלד, ליג איך מיט זיי נײַן איילן אין דער ערד — האָט איר שוין אַ פֿונדאַמענט? מײַן ווײַב, זאָל לעבן, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, קאָן אײַך צונויפֿירן פֿיר ווענט — בין איך שוין, ווי איר זעט, מיט ווענט אויך באַוואָרנט, וואָס זשע גייט מיר נאָך אָפּ? אַ דאַך! איז ווען איר האָט גאָט אין האַרצן און לײַט מיר אויס אַ הונדערטער אַף אַ דאַך, וואָלט איך געהאַט אַן אייגענע שטוב!".

רייזל האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט, און שמײַע האָט זיך דערפֿרייט. ער קען זי שוין גוט, זײַן רייזלען, אַז זי לאַכט, איז עס דער בעסטער סימען, אַז איר קאַעס איז איבערגעגאַנגען, און שמײַע איז געראַטעוועט.

און טאַקע, זי האָט אויך גענומען אַן עמער און געהאָלפֿן שעפּן די וואַסער, וואָס האָט פֿאַרפֿלייצט די זעמליאַנקע.

איצט איז באַ זיי די אַרבעט אוועק פֿריילעכער.

מע האָט האַסטיק געשעפּט די וואַסער פּונעם דיל, נאָר עס האָט ניט געהאָלפן, רייזל האָט ווידער געגומען טײַנען:

— נו, מײַן טײַערער בלעכער, ווי געפעלט דיר אונדזער אַרבעט? אַ יאַם קען מען אויס־שעפּן מיט אַ פינגערהוט?

שמײַע האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אָנגערוקט דעם דאַשעק אַפן שטערן:

— נישקאָשע, ס'איז געווען ערגער, און מיר האָבן ניט אַראָפּגעלאָזט די נאָז, זיך ניט געזעצט שיווע. דערפאַר, מײַן טײַערינקע, אַז עס וועט ווערן וואַרעם, וועלן מיר זיך אויס־בויען אַ וווינונג, אַ צאַצקע! וועסט דערמאָנען מײַנע ווערטער, נאָר דעם הײַנטיקן ווינטער אָפּשטופּן און דערנאָך וועט אַלץ זײַן גוט און פײַן, גלייב מיר...

— יאָ, אַף דיר קאָן מען זיך טאַקע פאַרלאָזן. פאַר יענעם ביסטו גרייט גיין אין פײַער און אין וואַסער.

דערזען אַף רייזלס אויגן טרערן, איז שמײַע צוגעגאַנגען צו איר און זי אָנגעהויבן גלעטן איבערן קאָפּ:

— אײַ, רייזל, ווי שעמסטו זיך ניט? באַרויִק זיך! עך, ווײַבער, ווײַבער, ווער האָט עס אײַך אויסגעטראַכט אַף אונדזער קאָפּ? איך הייב ניט אָן צו פאַרשטיין, וויאַזוי האָט זיך ספּראַוועט מיט זײַנע זיבן הונדערט ווײַבער און דרײַ הונדערט פּאָליבאָווניצעס שלוימע המ־מעלעך?

— ווידער ביסטו געקומען מיט דײַנע כאָכמעס? — האָט רייזל אָפּגעשטויסן פון זיך דעם מאַן.

ער האָט זי אַ לאַנגע ווײַלע באַטראַכט און ווידער צוגעגאַנגען צו איר, זי אַרומגענומען און זיך מיט איר צוגעזעצט אַף דער נאַרע:

— וואָס זשע, רייזל, האָסט שוין פאַרגעסן, ווי דו האָסט מיר געשריבן בריוולעך אַף דער מילכאָמע: „קום שוין גיכער אַהיים, טײַערער מאַן. איך זאָג דיר צו, אַז מער וועל איך דיר שוין קיינמאָל ניט זאָגן קיין קרום וואָרט!” אײַ, ווײַבער, דער רוען זאָל אײַך ניט נעמען!

אַ טראַכט געטאָן, האָט ער זיך צוגערוקט צו איר, נאָך נעענטער און פאַרגעזעצט:

— דערקלער מיר נאָר, מײַן טײַערע, דעם סייכל, פאַרוואָס באַקומט זיך אַזוי?

— וויאַזוי באַקומט זיך?

— נו, פאַרוואָס באַקומט זיך אַזוי — גייסטו אַרײַן צו אַ פרעמד ווײַב, נעמט זי דיך אויף בעקאָוועד גאָדל, ווי אַ קייסער: „רעב שמײַע, זעצט זיך צו. טרינקט אַ גלעזל טיי מיט אײַנ־געמאַכץ, פאַרזוכט מײַנע קיכלעך מיט מאָן, עפּשער וועט איר זיך צושפּאָרן אַפּרועןָ? עפּשער צומאַכן די פאַרטקע, דער ווינט זאָל אַף אײַך ניט בלאָזן, איר זאָלט זיך, כאָלילע, ניט צוקילן? עפּשער איז אײַך ניט באַקוועם זיצן אַף דער טאַבורעטקע, זעצט זיך אַפן ווייכן בענקל. דאַכט זיך, אַז איר הוסט, עפּשער וועט איר אויסטרינקען אַ קוואָרט הייסע מילך מיט האָניק? זעצט זיך צו, האָט ניט קיין פאַריבל, רוט זיך אָפּ פונעם וועג...” קומסטו אָבער צום אייגענעם ווײַב, הייבט זיך אָן אַ סעדרע: „אַ בראַנד אין דיר, ביסט שוין, זע איך, בעגילופן? זיך אָנגעזשליאַקעט, ווי אַ כאַזער? גיי האַק אָן האָלץ! טראָג אַרײַן וואַסער פון דער קרע־נעצע! שייל אָן קאַרטאָפּליעס, ובעם אײַן אויוון און גיס זיך אָן באָרשטש... לויף און קויף שוועבעלעך מיט זאַלץ. גיי פּויע אָן די בעהיימע. טראָג אַרויס דאָס מיסט. גיי פאַריכט דעם דאַך! וווּ שליאָנדערסטו זיך אַזוי שפּעט? קראַנק געווען קומען פרײַער?”

דאָ האָט שוין רייזל ניט אויסגעהאַלטן און זיך פאַנאַנדערגעלאַכט אַזוי, ווי זי האָט שוין לאַנג ניט געלאַכט.

שמײַע האָט געקוקט אַף איר און אויך אונטערגעשמייכלט.

ער קען זי שוין גוט. ניט אין איר טעווע איז לאַנג זיך בייזערן. שטענדיק איז אַזוי, אַז זי ווערט אין קאַס און פּאַלט אָן אַף אים, לאָזט ער זי ריידן, שרײַען, זידלען. ביז זי ווערט מיד. דעמלט דערציילט ער איר עפּעס אַ מײַסע, פאַרטשעפּעט זי מיט אַ כאָכמע, און ווי נאָר זי צעלאַכט זיך, פילט ער זיך, ווי אַ זיגער. רייזל ווערט ווייך, ווי טייג, און פאַרגעסט אין אַלע צאָרעס.

— אָט זעסטו, מײַן טײַערע, טאָרסט זיך ניט בייזערן אַף מיר. עס פּאַסט דיר לאַכוטן ניט צו וויינען. אַז דו לאַכסט, האָסטו זיבעצן כיינען, און הייבסט מיר ווידער אָן געפעלן, פּונקט ווי אַמאָליקע יאָרן. איז בעסער זאָלסטו לאַכן. איך האָב דיר דאָך שוין אַמאָל געזאָגט, אַז אַ מינוט לאַכן פאַרלענגערט דאָס לעבן אַף אַ גאַנץ יאָר. — ער האָט זי אַרומגענומען און צו־געדריקט צו זיך.

— אוי, דו וועסט מיך דאָך אַזוי דערשטיקן. אַ פאָר הענט האָט דיר גאָט געגעבן, ווי אַ בער. לאָז מיך צורו. האָב ראַכמאָנעס אַף מײַנע ריפּן, גאַזלען. טשעפּע זיך אָפּ פון מיר! זע,

דער סאָלדאַט האָט זיך שוין אין דיר צעשפּילט. טשעפּע ניט, די קינדער וועלן באַלד אַרײַנ־קומען פון דער שול. טשעפּע זיך אָפּ פון מיר, בעט איך דיך...

רײזל האָט אים מיט אַלע קוויכעס אָפּגעשטויסן פון זיך, און ער האָט אױף איר געקוקט, ווי ער זאָל זיך פּאַרענטפערן:

— וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך זע דיך אַ לאַכנדיקע, געפעלסטו מיר, ווי אַמאָליקע יאָרן.

— שעמען דאַרפסטו זיך, אַלטער טערעך! קוקט אים נאָר אָן, ווי געפעלט ער אײַך? — האָט זי זיך נאָך הילכיקער צעלאַכט און פאַרריכט די האָר. — אָנשטאָט דעם, דו זאָלסט טראַכטן וועגן נאַרישקײַטן, וואָלסטו בעסער געגאַנגען אַרײַנטראָגן אַן עמער וואַסער און אָנהאַקן האָלץ.

דאָ האָט שוין שמײַע גאָזלען ניט אויסגעהאַלטן און זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעלאַכט:

— נו, אַוודאי, איך האָב דיר דאָך געזאָגט, אַז דו קומסט אַרײַן צו דײַן ווײַב אין „טראָג אַרײַן וואַסער. האַק אָן האָלץ... אַ בראַנד אין דיר, דער רוען זאָל דיך נעמען!"

— זאָל גאָט היטן, שמײַע! דאָס האָב איך ניט געזאָגט! זאָל גאָט היטן. וואָס האָב איך צו דיר?

און איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, האָט זי צוגעגעבן, נעמענדיק דעם ליידיקן עמער:

— נו, גוט, זאָל זײַן, ווי דו זאָגסט. איך וועל מיט דיר האַנדלען אַזוי, ווי אַ פרעמד ווײַב. זעץ זיך צו, רו זיך אָפּ, באַלד וועל איך דערלאַנגען צום טיש. מער וועל איך זיך היינט אױף דיר ניט בייזערן. זאָל זײַן, ווי דו ווילסט!

און, געכאַפּט די שאַל אָפּן קאָפּ, אַרויסגעגאַנגען פון דער זעמליאַנקע מיטן עמער אַרײַנ־טראָגן פרישע וואַסער.

ניט אומזיסט זאָגן כאַכאָמים, אַז לייד און פרייד איז פונקט, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. לייד און פרייד גייען שטענדיק באַנאַנד.

שמײַען האָט גוט געקאָראַבעט, וואָס ער האָט ניט באַוויזן צונויפשטוקעווען פאַר זײַן מישפּאָכע אַ שטיקל ווירונג, מע זאָל פאַרלאָזן די זעמליאַנקע. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז רײזל איז טויזנט מאָל גערעכט, וואָס זי דערגייט אים דערפאַר די יאָרן, נאָר וואָס וועסטו איצט שוין מאַכן?

ער האָט זיך געטראַכט, אַז פאַרן ווינטער וועט ער צונויפקלײַבן אַ ביסל שטיינער, גע־הילץ, און ווען עס וועט וואַרעמער ווערן, וועט ער פאַרקאַטשען די אַרבל און דערווײַזן רײזלען, אַז ער איז אַ וואָרט־מענטש.

ער האָט די גאַנצע צײַט געפּרוווט באַרויקן די פלוינעסטע, נאָר דאָס האָט נאָך ניט באַ־טײַט, אַז ער איז באַגײַסטערט, וואָס אויך דעם האַרבסט און ווינטער וועט אויסקומען אָפּ־שטופּן אין ערדשטיבל.

מיילע, ער איז צוגעווינט ליגן אױף דער נאַרע, באַזונדערס, אַז איבערן קאָפּ פּײַפן ניט קיין סנאַריאַדן. אים איז נאָר אַ שאָד די מיידלעך. מע מאַטערט זיך און מע האָט ניט ווו גרייטן די לימודים, אַז מע קומט פון דער שול.

עמעס, איינִיקע שכיינעס, וואָס האָבן באַקומען אַ דאַך איבערן קאָפּ מיט זײַן הילף, האָבן אים געבעטן, ער זאָל מיטן ווײַב און קינדער איבערגיין צו זיי ביז ער וועט פאַר זיך עפּעס אויסבויען, נאָר דאָ האָט זיך צעבונטעוועט רײזל און געמאָלדן, אַז זי וועט בעשום־אויפן ניט גיין יענעם דערקוטשען, וווינען אין אַ פרעמד ווינקל. עס שטייט איר ניט אָן! און זאָל אים, שמײַען, דער סאָוועסט מוטשען, וואָס ער האָט ניט באַזאָרגט זײַן מישפּאָכע.

דערווײַל האָט אין יישעוו געבאַלעבאַטעוועט דער האַרבסט.

די רעגנס האָבן זיך דאָ געפּילט, ווי גאָט אין אָדעס. עס איז געקומען די רעכטע צײַט, ווען שמײַע האָט זיך געקאָנט אַ ביסל אויסרוען דיביינער, נאָר דאָ האָט ער זיך דערמאָנט, אַז מע מוז זיך דורכפּאָרן צום זון. פאַר דער צײַט איז שוין רײזל באַ אים אַ פּאָר מאָל געווען, די מיידלעך — אויך, איצט איז געקומען זײַן, שמײַעס, רײ און ער האָט זיך גענומען קלײַבן אין וועג אַרײַן.

אין דער לעצטער בריוו האָט דער זון געשריבן, אַז ער האָט זיך שוין אַרויסגעריסן פונעם שפּיטאָל, געוואָלט קומען אַהיים, נאָר גראָדע אין דער צײַט האָט מען אים אײַנגעלאָדן אַרבעטן אױף אַ גרויסן זאַוואָד, אַלס מעכאַניק פון אַ צעך. מע האָט אים געגעבן אַן אָרט אין צוזאַמענוווינונג, און ביז ער וועט זיך צוגעוווינען, וועט ער אַהיים ניט קענען קומען. ער האָט זיך, שרײַבט ער, אויסגעהונגערט נאָך פרידלעכער אַרבעט, און דאָ איז אים אַלץ שטאַרק צום האַרצן, וואָלט ער געוואָלט, אַז דער טאַטע זאָל צו אים זיך אַראָפּכאַפּן כאָטש אױף עט־לעכע טעג.

דאָס לעצטע מאָל, ווען שמײַע איז געווען בא מאַרינען, בא דאַנילע לוקאַטשס אַלמאַנע, האָט זי אים אַ פּאָר מאָל דערמאָנט, אַז איר אַליע אַרבעט אינעם זעלבן שפּיטאָל, ווו זײַן באָכער איז געלעגן, זי איז אַרום אים לאַנג אַרומגעגאַנגען... שמײַע האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז דאָס וואָס דער באָכער קומט ניט אַהיים, איז אַ גוטער סימען, אַז ער קאָן זיך ניט צעשײדן מיט אַליען.

זעט אויס, אַז מוישקען געפעלט ניט נאָר דער זאַוואָד, זײַן צעך און זײַן נײַע אַרבעט, נאָר אויך מאַרינעס טעכטערל... שמײַע האָט לאַנג באַטראַכט די פאָטאָגראַפיע פונעם מײדל מיט די לאַנגע צעפּ, מיט די גרויסע ליכטיקע אויגן, מיט דעם כײנעוודיקן פּאָנעם און געקומען צום געדאַנק, אַז מיט אַזאַ מײדל קאָן מען זיך, כאַלילע, ניט סאַמען. דערצו נאָך, אַז זיי האָבן זיך געקענט פון קינדווײַז אָן, אויסגעוואַקסן אינײנעם, געלערנט אין אײן שול. כוץ דעם איז זי אַזאַ צײַט אַרומגעגאַנגען אַרום אים, ווי אַן אײגענע מאַמע, ווען ער איז געלעגן בא איר אין שפּיטאָל. דערפון איז געדרונגען, אַז דאָ איז עפּעס ניט אײנגאַנצן גלאַט און עפּשער טאַקע, גאָר גלאַט? שטײט דאָך פאַרשריבן אין די הײליקע ספאָרים: דאָרט, ווו קײן רועך קאָן ניט העלפן, זאָלסטו אַרײַנשיקן אַ שײנע מויד!

און שמײַע האָט געהײסן רײזלען אים גרײטן אין וועג אַרײַן. דאָס הײסט, גרײטן אים איז ניטאָ וואָס, ער נעמט אָף זיך די שינעל, פּאָרט אַרײַן אין זײַנע סאָלדאַטישע שטיוול, טוט אָן זײַנע אָרדענס און מעדאַלן, און הײדאַ, אין וועג אַרײַן! ער דאַרף אַפילע ניט האָבן קײן בילעט, ווײַל די אָרדענס, וואָס ער האָט, גיבן אים די רעכט פאָרן אָן אַ גראָשן געלט אַפילע אין עק לאַנד! רײזלען האָט ער געהײסן, זי זאָל אים אָפּבאַקן קיכלעך, פּלעצלעך מיט מאָן, קנישעס, אויסשרײַבן אין אַרטעל אַ ביסל פלײש און עס צופרעגלען — קורץ גערעדט, וואָס דאַרף ער זי לערנען, זי ווײסט דען אַלײן ניט, וואָס עס קאָן צוניץ קומען דעם באָכער, וועלכער ווײנט אין צוזאַמענוווינונג און האָט זיך אָקאָרשט אויסגעשריבן פונעם שפּיטאָל.

און רײזל האָט זיך געשטעלט צו דער אַרבעט, קאָכן און באַקן.

בײדע האָבן זײ געהאָוועט, גרײטנדיק דאָס און יענץ, און ווען ער האָט זיך שוין געדאַרפט לאָזן אין וועג, איז געקומען דער בריוונטרעגער און געבראַכט אַ בריוו פונעם זון. די בריוו האָט געמאַכט אַ גאַנצן טאַראַראַם אין שטוב. לאָזט זיך אויס, אַז ניט בלויז שמײַע דאַרף פאָרן צום זון, נאָר אויך רײזל, די קינדער און אויב עס וועלן האָבן צײַט שמײַעס גוטע פרײַנט, זאָלן זײ אויך קומען.

וואָס איז דאָרטן, באַם זון, געשען?

לײענט איבער, וועט איר פאַרשטײן!

דאָ איז געשריבן געוואָרן שוואַרץ אָף ווײַס מיט מוישקעס קסאַווו:

„טײַערער טאַטע און טײַערע מאַמע!

אין די ערשטע שורעס פון מײַן בריוו, שיק איך אײַך פון טיפן האַרצן מײַנע בעסטע גרוסן און ווונטשן און בעט מיר מויכל זײַן, וואָס איך שרײַב אײַך אַזוי זעלטן. איר דאַרפט אַלײן פאַרשטײן, אַז איך בין אַ קנאַפּער שרײַבער, דערצו נאָך זײַנען בא מיר קײן גרויסע נײַס ניטאָ, כוץ דעם בין איך שטאַרק פאַרנומען אַפן זאַוואָד — סײַ אין צעך און סײַ מיט פאַרשײדענע אָנלאָדונגען. ווי פלעגט ליב האָבן זאָגן דער טאַטע: „דאָס פערדל, וואָס שלעפּט, טרײַבט מען שטאַרקער אונטער!" געקומען אַפן זאַוואָד, אין צעך, האָט מען אָף מיר אַרויפגעוואָרפן אַ סאַך אַרבעטן, און דער דירעקטאָר זאָגט מיר אָפּט: נישקאָשע, ספּיוואַק, אַפן פראָנט ביסטו געווען אין דער גוואַרדיע, דאַרפסטו איצט אַפן זאַוואָד אויך זײַן אַ גוואַרדײעץ. איר פאַרשטײט אַלײן, אַז פאַר די מילכאָמע־יאָרן און פאַר דער צײַט, וואָס איך האָב זיך געהײלט אין די שפּיטאָלן, האָב איך אַ סאַך זאַכן פאַרגעסן און עס קומט אויס בעשאַס דער אַרבעט זיך אונטערלערנען. אָפּט קומט אויס אַרבעטן צו צוויי וואַכטעס נאָכאַנאַנד און אָן אַנדערש מאָל — אַ גאַנצן מעסלעס ניט פאַרלאָזן דעם צעך. נאָר איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך אַרבעט און טו אַלץ מיט גרויס פאַרגעניגן. און פילן פיל איך זיך נאָכן שפּיטאָל נאָרמאַל, און די אַרבעט גײט בא מיר נאָרמאַל, און די מענטשן בא אונדז אין צעך זײַנען נאָרמאַלע. איך ווײס נאָך ניט, ווען דער דירעקטאָר וועט מיר געבן עטלעכע טעג אורלויב, איך זאָל קענען אַראָפּפאָרן צו אײַך, נאָר צום נײַעם יאָר וואָלט איך אײַך זײער געבעטן, איר זאָלט אַלע קומען צו מיר, דאָס הײסט, צו אונדז. מיר וועלן צוזאַמען דאָ באַגעגענען דאָס נײַע יאָר. אַזוי האָבן מיר מיט אַליען באַשלאָסן. מיר וועלן פאַר אײַך צוגרײטן אַ באַשײדענע וועטשערינקע און וועלן, הײסט עס, מיט אײַך אינײנעם שיסן צוויי האָזן — באַגעגענען דאָס נײַע יאָר און דערבײַ אָפּשפּילן אונדזער כאַסענע, ווײַל מיר האָבן זיך שוין לאַנג צונױפגערעדט פאַרשרײַבן אין זאַגס.

מיט מײַן קאַלע, מײַן איך, זײַנט איר גוט באַקאַנט. דאָס איז אַליע, דאַנילע לוקאַטשס, דעם בינענציכטלערס טאָכטער, מיט וועלכער מיר זײַנען באַפרײַנדעט נאָך פון פאַר דער מילכאָמע. מיר האָבן צוזאַמען געלערנט אין שול, און נאָך דער מילכאָמע האָט אונדז דער גורל צונויפגעפירט אין שפּיטאָל, ווו איך בין אַ לאַנגע צײַט געלעגן, און זי, אַליע, ווי אַ קראַנקן־שוועסטער איז אַרום מיר אַרומגעגאַנגען טאָקע, ווי אַן אייגענע שוועסטער. אַדאַנק איר, האָב איך זיך געשטעלט אַף די פּיס. מיר האָבן זיך ליב געהאַט פון לאַנג און קיין זאַך קאָן שוין ניט ענדערן אונדזער באַשלוס. דערווײַל לעבן מיר ניט גאָר וואָזשנע, ווײַל איך וווין אין איין צוזאַמענוווינונג אַפן זאַוואָד, און מײַן אַליע — אין צוזאַמענוווינונג פון שפּיטאָל. שווערלעך קומט אונדז אָן, נאָר דאָס מאַכט ניט אויס. מירן זיך יאַקאָס אײַנאָרדענען. דער דירעקטאָר האָט צוגעזאָגט מיר אויסטיילן אַ באַזונדערן צימער. ווי נאָר מע וועט ענדיקן בויען דאָס פירשטאָקיקע הויז. מע מעג אים גלייבן — ער איז אַ וואָרט־מענטש.

וואָס זאָל איך אײַך אַ סאַך שרײַבן — קומט צו פאָרן, וועלן מיר צוזאַמען אָפּמערקן אונדזער כאַסענע, וואָס מיר האָבן אָנגעמערקט אַפן איין־און־דרײַסיקסטן דעקאַבער. אויב איר וועט קענען קומען פריער, איז מיטן גרעסטן קאַוועד. מיר וועלן אײַך דאָ גוט אײַנאָרדענען, ווײַל אונדזערע כעוורע זײַנען זייער גוטע, און יעדער איינער וועט אײַך מיטן גרעסטן קאַ־וועד אָפּטרעטן אַ ווינקל.

פאַרגעסט ניט נעמען מיט זיך דעם כאַווער אָוורוצקין, לייבצין און ווענמען איר וועט אליין געפינען פאַר נייטיק.

שרײַבט זשע אונדז גלײַך, ווען איר פאָרט אַרויס, מיר זאָלן אײַך קענען באַגעגענען אַפן וואָקזאַל.

מיר נעמען אײַך אַרום און קושן שטאַרק. אײַערע —

אַלגע און מישקע".

אונדזער שמײַע האָט איבערגעלייענט די בריוו, אָפּגעווישט דעם קאַלטן שווייס פונעם שטערן און אָנגעשטעלט דעם בליק אַף רייזלען, וואָס האָט אופמערקזאַם אויסגעהערט יעדער וואָרט. שמײַע האָט באַמערקט, אַז זי איז עפּעס צעטראָגן און אין אירע אויגן האָבן זיך באַ־וויזן טרערן. זי האָט געשוויגן און געסמיקעט מיט דער נאָז, וואָס האָט קיין גוטס ניט אָנ־געזאָגט.

— וואָס איז מיט דיר, רייזל טײַערינקע? וואָס זשע, עפּשער איז דיר דער שידעך ניט צום האַרצן? קאָנסטו זיך גיין קלאָגן צום אייבערשטן אין דער קאָנצעליאַריע.

— וואָס שײַעך ניט געפעלן? — האָט זי אָפּגעווישט אַ טרער, וואָס האָט זיך געלאָזט לויפן איבער דער באַק, — נאָר פאַרוואָס האָבן מיר גאָרנישט ניט געוווּסט? דערצו נאָך, פאַרוואָס עפּעס דאַרפן מיר פאָרן אַהין, אין דער פרעמד פּראַוועון די כאַסענע? זיי קענען ניט קומען אַהער? מיר זײַנען דאָך עפּעס אַ טאַטע מיט אַ מאַמע.

— נאַרעלע, וואָס וויינסטו? — האָט שמײַע זי גענומען מונטערן, — איצט פירט זיך אַזוי! אַזאַ מאָדע געוואָרן. טאַטע־מאַמע דערוויסן זיך ווען אַזעלכע זאַכן די לעצטע. זאָג אַ דאַנק, וואָס מע לאַדט דיך נאָך אײַן אַף דער כאַסענע, אַנדערע כעוורע לאַדן אײַן טאַטע־מאַמע גלײַך אַפן בריס!

— צוויי מאָל בין איך באַ דעם גאָזלען געווען אין שפּיטאָל, געזען זי, אַליען, גערעדט מיט זיי שאַענלאַנג, און קיינער האָט זיך וועגן קיין כאַסענע אפילע ניט פאַרהיקעט!

— נארישע, וואָס דו ביסט! — האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט שמײַע גאָזלען, — זיי האָבן אומיסטן דיר ניט געזאָגט.

— פאַרוואָס?

— ווען דו ווייסט פאַרפריער, אַז זיי גרייטן זיך כאַסענע האָבן, וואָלסטו געהאַט אָן ארבעט זיי נייען כאַסענע־קליידער! און אַזוי ביסטו, דאַנקען גאָט, פרײַ פון די זאַכן!

— און וויפל טעג איז שוין איבערגעבליבן ביזן נײַעם יאָר, מיר וועלן אפילע ניט באַ־ווײַזן קריגן קיין מאַטאָנעס.

— נישקאָשע, אַז דו וועסט זיי שענקען מאַטאָנעס נאָך דער כאַסענע, וועלן זיי אויך זײַן צופרידן. נאָר זאָג מיר, עפּשער איז דיר די קאַלע ניט געפעלן, רייזל?

— וואָס איז שײַעך געפעלן, ניט געפעלן? — האָט זי איבערגעשלאָגן, — ער פרעגט דאָך אונדז ניט קיין אייצע, ער רופט אונדז גלײַך אַף דער כאַסענע!

מע האָט נאָך ניט באַוויזן קומען צו זיך נאָך דער אומדערוואַרטער בריוו, ווי מע האָט דערהערט שנעלע טריט, — עמעצער איז אַהער געלאָפן אָן אַ נעשאָמע. דאָס טירל פון דער זעמליאַנקע האָט זיך צעפּראַלט און אַ שײַנענדיקע, אָן אופגעלייגטע איז אַרײַנגעלאָפן מאַרינע און, פאָכנדיק מיט אַ קאָנווערט אין דער לופטן, אַרויסגעפּראַלט:

— נו, ווי געפעלט אײַך? מיר זײַנען שוין מיט אײַך מעכוטאָנים! אָט איז אַ בריוו פון אַליען און מישקען. הערט נאָר, סאַראַ כעוורע: די גאַנצע צײַט האָט מען גאַרניט געזאָגט און מע לאָדט אונדז אײַן אויף דער כאַסענע! הערט נאָר, וואָס עס טוט זיך!

— וואָס טוט זיך, דאָס טוט זיך! — האָט איבערגעשלאָגן שמײַע און געהאָלפן מאַרינען אַראָפּנעמען דאָס פעלצל מיטן קאָפּטיכל, — אַ דאַנק זיי, וואָס מע רופט אונדז כאָטש אויף דער כאַסענע, ווײַל וואָס וואָלטן מיר געטאָן, ווען מע לאָדט אונדז ניט אײַן?

און ער האָט איר באַוויזן זײַן בריוו.

— הייסט עס, ווייסט איר שוין? און איך האָב געמיינט... הערט נאָר, אַזעלכע מאַמזיירים, מע שווײַגט די גאַנצע צײַט און מע זאָגט קיינעם ניט.

— דערמאָן זיך נאָר, מאַרינע, — האָט שמײַע אונטערגעשמייכלט אין די וואָנצעס, — נו, און אַז דו האָסט זיך אַמאָל אײַנגעליבט, ביסטו גלײַך געלאָפן דערציילן טאַטע־מאַמע?

— וואָס זשע, ניט? — האָט זי געענטפערט, — וויפל האָב איך זיך אָנגעוויינט ביז מע האָט מיר דערלויבט כאַסענע האָבן פאַר מײַן דאַנילען? מע האָט מיך געוואָלט פאַרקויפן פאַר אונדזער פעלדשער.

— איצט איז אַן אַנדער מאָדע. און נעמט זיך ניט צום האַרצן, — האָט באַרויקט די ווײַבער שמײַע, — זאָל זײַן מיט גליק. מאַזלטאָוו!

ער האָט צעטראָגן געגנומען אַרומגיין פון איין ווינקל צום אַנדערן, עפּעס געזוכט און לעסאָף אַרויסגענומען פון אַ ווינקל אַ גרויסן בוטל ווײַן, געכאַפּט פונעם שאַפּקעלע אַ פּאָר טעלער, צעשניטן אַ ברויט, אָנגעגאָסן אין די גלעזער ווײַן, אונטערגערוקט נעענטער צו די ווײַבער דאָס צעשניטענע ברויט און ערשט דערזען, אַז ביידע זיצן אַרומגענומען און וויינען. ער האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסל.

— היי, וואָס איז דאָס? אַזוי באַגעגנט מען אַזאַ פרייליקע יעדיע? אַנו, טרײַב נאָר אַרויס דעם וואַסערפּירער! וואָס פאַר אַ טרערן פלוצעם? פריילעכער! העכער די קעפּ! ווייניק האָט איר זיך אָנגעוויינט פאַר די יאָרן און אַז מע קען זיך שוין אַ ביסל פרייען, לאָזט איר ווידער אין קאָן די טרערן. האַדיע, זאָג איך אײַך! לאָמיר אויסטרינקען פאַרן גליק פון אונדזערע קינדער! זאָלן זיי זײַן געזונט און לאָמיר שוין גיכער ווערן זיידעס און באַבעס! אַנו, אויסגע־טרונקען! לעכאַים! מאַזלטאָוו! בודמאַ!

שמײַע האָט אויסגעטרונקען ביזן דעק די קוואָרט ווײַן און דערפילט, ווי די מאַשקע איז זיך צעגאַנגען איבער אַלע איינוורים, דערוואַרעמט די נעשאָמע. ער האָט פאַרהאַלטן דעם בליק אויף דער שכיינע, אויף מאַרינען, און דאָס האַרץ איז פאַרקלעמט געוואָרן זעענדיק, ווי זי איז אַראָפּ פון פּאָנעם, אויסגעדאַרט געוואָרן.

פאַר זײַנע אויגן איז געשטאַנען דאַנילע... און שמײַע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ... וויפל מאָל האָט ער געזען מאַרינען פאַר דער צײַט, וויפל מאָל אַריבערגעטראָטן איר שוועל, עטלעכע טעג פאַריכט איר די כאַטע, דעם דאַך, און די גאַנצע צײַט זיך געשלאָגן מיט דער דייע — דערציילן, אָדער ניט?

ווער ווייסט, עפּשער וואָלט געווען בעסער, זי זאָל וויסן דעם ביטערן עמעס, איידער לעבן אין טאָעס?

שמײַע האָט ווידער אָנגעגאָסן ווײַן און מיטאַמאָל אויסגעטרונקען, געטרונקען פאַרן געזונט און גליק פון מאַרינען מיט אירע קינדער, און זי האָט אויף אים געקוקט מיט בעטנדיקע און טרויעריקע אויגן.

עפּשער שטויסט זי זיך אָן וועגן איר אומגליק? עפּשער איר זאָגן?

ער האָט דערפילט, ווי דער קאָפּ דרייט זיך שטאַרק און דאָס האַרץ שלאָגט זיך אין ברוסט אומרויק. ער האָט נאָך פאַר עמעצנס געזונט אויסגעטרונקען, כאָטש טרינקען האָט זיך אים שוין ניט געוואָלט. ער האָט אויף זיך געפילט די גאַנצע צײַט מאַרינעס בליק. דער בליק האָט אים דורכגענומען, געשטיקט. פּלוצעם האָט זי זיך אָנגערופן:

— סוואַט, אַ סוואַט... פאַרוואָס טרינקסטו ניט דערפאַר, אַז מײַן דאַנילע זאָל גיך קומען אַהיים? פאַר אַלעמען טרינקסטו און פאַר דײַן גוטן פרײַנט ניט?

זי האָט אײַנגעשלונגען די טרערן, זיך פאַרכלינעט, אָפּגערוקט פון זיך די גלאָז ווײַן און הוסטנדיק אַרויסגעבראַכט:

— אוי, איך האָב זיך פאַרכלינעט. אַ סימען, אַז איך וועל האָבן אַ גאַסט. דאַנילע וועט קומען. איז לאָמיר אויסטרינקען, עס זאָל פאַרווירקלעכט ווערן דער טרוים. אַלע — לאָמיר אויסטרינקען, ביזן דעק...

און זי האָט אונטערגערוקט שמײַען זײַן גלאָז ווײַן, וואָס איז געשטאַנען ניט גערירט אין אַ זײַט.

מאַרינע און רייזל האָבן זיך געשטיקט, נאָר געטרונקען. זיי האָבן שוין ניט געקענט, נאָר זיך געצוווּנגען אויסטרינקען ביזן סאָף — מע מוז. דאָס איז דאָך דערפֿאַר, אַז דאַנילע לוי־קאַטש זאָל קומען! אָך, וואָלט ער געווען אַ כאָכעם, ווען ער קומט גיך, און מע וואָלט אַלע געפּאָרן אַף דער כאַסענע פֿון זײַן טאָכטער און שמײַעס זון.

די ווײַבער האָבן אויסגעטרונקען, און שמײַע האָט נאָך אַלץ געהאַלטן די גלאָז אין דער האַנט, וואָס האָט שטאַרק געציטערט. דער ווײַן האָט זיך צעכליופּעט אַפן טיש. שמײַע האָט ניט געקאָנט צוטראָגן די מאַשקע צו די ליפּן. אָקאָרשט איז ער געוווען רויט פֿונעם אויסגע־טרונקענעם ווײַן און מיטאַמאָל איז זײַן פּאָנעם געוואָרן בלאַס, ווי די וואַנט.

— וואָס איז מיט דיר, שמײַע?! — האָט אַף אים דערשראָקן אַ קוק געטאָן רייזל, — וואָס איז מיט דיר? פֿילסט זיך ניט גוט?

— ניין... נישקאָשע, עס וועט באַלד איבערגיין. עפּעס האָט זיך דער קאָפּ פאַרדרייט.

און ער האָט אַפּגערוקט פֿון זיך די גלאָז.

ער האָט ווידער געכאַפּט אַף זיך מאַרינעס דורכדרינגעוודיקן בליק און באַגעגנט זיך מיט אירע גרויסע טרויעריקע אויגן, זיך אָנגערופֿן:

— אַנטשולדיקט מיר, מאַרינע... איך פֿיל זיך, ווי אַן אָפּגעשמיסענער, פֿאַר דיר און דײַנע קינדער.

אַף זײַנע גרויסע אויגן, וואָס זײַנען ערשט מיט עטלעכע מינוט געווען באַגײַסטערט, שטיפעריש, האָבן זיך באַוויזן טרערן. און ביידע פֿרויען האָבן זיך דערשראָקן.

— וואָס איז מיט דיר, שמײַע?

— גאָרניט. עס וועט באַלד דורכגיין... דאָס האַרץ איז פאַרקלעמט געוואָרן. עס וועט באַלד איבערגיין.

ער האָט זיך אופגעהויבן פֿון דער טאַבורעטקע און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ זיך דורכ־געגאַנגען איבער דער זעמליאַנקע, באַמיִענדיק זיך אויסמײַדן מאַרינעס בליק.

ער איז ווידער צוגעגאַנגען צום טיש, גענומען די גלאָז און אויסגעטרונקען ביזן סאָף און אוועקגעלייגט זײַן שווערע האַנט אַף מאַרינעס פּלייצע, זיך אָנגערופֿן:

— פֿאַרגיב מיר, טײַערע, איך האָב אַנדערש ניט געקאָנט. איך בין ניט ווערט, וואָס די ערד טראָגט מיך. איך האָב דיר ניט געקאָנט זאָגן דעם עמעס. איך האָב געמיינט, אַז אַזוי וועט דיר זײַן גרינגער...

— איך פֿאַרשטיי דיך ניט, סוואַט! — האָט מיט אַ פֿאַרטײַעטן אָטעם אַרויסגעבראַכט מאַ־רינע, — ביסט שיקער? גיי רו זיך אויס. איך וועל אַהיים גיין.

— ניין, מאַרינע, וואַרט. מעגסט מיך זידלען, זיך בייזערן אַף מיר, זאָגן די ערגסטע ווערטער. איך האָב אַנדערש ניט געקענט און מער וועל איך ניט וואַגן אויסבאַהאַלטן פֿאַר דיר. איך וועל דיר אויסזאָגן דעם ריינעם עמעס...

— נו, זאָג שוין, נעם ניט אַרויס די נעשאָמע! — האָט זיך צעבייזערט רייזל, ניט פֿאַר־שטייענדיק, וואָס פֿאַר אַ סאָד שמײַע האָט פֿאַרטײַעט.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף דער טאַבורעטקע און שטילערהייט געזאָגט:

— ער וועט ניט קומען, אונדזער דאַנילע... ער איז געפֿאַלן אַפּן דאָן... אַף מײַנע הענט איז ער אויסגעגאַנגען, ווי אַ ליכט, און מיר האָבן אים באַערדיקט.

— דאָס איז עמעס? — איז אופגעשפּרונגען פֿון אָרט מאַרינע און אָנגעכאַפּט שמײַען פֿאַר די הענט, זיך אײַנגעקלעמט מיט זיי, ווי מיט צוואַנגען, — מײַן דאַנילע?! ער וועט ניט קומען?

שמײַע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און ווען ער האָט זיך ווידער באַגעגנט מיט אירע ברייטצעעפֿנטע אויגן, איבערפֿולטע מיט טרערן, האָט ער זיך דערשראָקן.

— אונדזער דאַנילע וועט ניט קומען. — האָט ער אַרויסגעשעפּטשעט, און אירע הענט, מיט וועלכע זי האָט געהאַלטן שמײַען, ווי מיט צוואַנגען, זײַנען אָפּגעשוואַכט געוואָרן. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף איר בענקל, אַף אַ קאָל זיך צעיאָמערט, ווי עס קאָן זיך צעיאָמערן אַ פֿרוי, וועלכע האָט אָנגעווירן דאָס טײַערסטע אין איר לעבן און האָט שוין ניט אַף וואָס אַרויסצוקוקן.

אף איר קוקנדיק, האָט אַף אַ קאָל געוויינט רייזל.

— פאַרוואָס זשע האָסטו מיר פריִער ניט געזאָגט? — האָט מאַרינע אופגעהויבן אַף שמײַען די רויטגעוואָרענע אויגן, — פאַרוואָס האָסטו די גאַנצע צײַט געלייקנט? און איך האָב אַזוי געוואַרט, אַזוי געהאָפט...

שמײַע האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסל און נאָך אַ שווערער פּויזע, אַרויסגעזשיפּעט:

— פאַרגיב מיר, מאַרינע. איך האָב דיר פריִער ניט געזאָגט, איך האָב געמיינט, אַז אַ מענטש לעבט מיט האָפענונג איז אים גרינגער איבערטראָגן אַלע צאָרעס... מיר איז שווער געווען דיר עס אויסזאָגן... זינט איך קען זיך, האָב איך ניט געקענט אָנזאָגן אַ מענטשן אַ שווערע בסורע.

שמײַע האָט אויסגעטרונקען נאָך אַ גלאָז ווײַן, מיינענדיק, אַז דערפון וועט אים ווערן אַ ביסל גרינגער אַפן האַרצן. דאָס מאָל האָט ער אויסגעטרונקען פאַר זײַן פרײַנטס ליכטיקן אָנדענק, די ערד זאָל אים זײַן גרינג.

ווי אַ פריטשמעליעטער איז שמײַע געזעסן, אָנגעשפּאַרט דעם שווערגעוואָרענעם קאָפּ אַף די דלאָניעס און דערציילט דער דערשיטערטער מאַרינען און רייזלען מיט אַלע פּינקטלעכקײַטן, מיט אַלע איינצלהײַטן אַלץ, וואָס איז מיט אים און זײַן גוטן פרײַנט פּאַרגעקומען פון דער ערשטער מינוט, ווען זיי זײַנען געוואָרן סאָלדאַטן, ביז דער שרעקלעכסטער מינוט אַפן דאָן, ווען ער, דאַנילע, איז אומגעקומען און מע האָט אים מעקאַבער געווען לעבן טײַך.

קיינער פון זיי האָט ניט באַמערקט, ווי די צײַט איז דורכגעלאָפן. עס איז שוין געווען טיפע נאַכט. ביידע מיידלעך זײַנען שוין געשמאַק געשלאָפן אַף זייער האַרטן געלעגער. מע איז געקומען פון דער שול, דערשראָקן געקוקט אַף דער פאַרומערטער און פאַרוויינטער שכיינע, אַף די צעטראָגענע עלטערן, ניט פאַרשטאַנען, וואָס איז געשען. אויספרעגן איז עפּעס געווען ניט באַקוועם.

אַפן טיש האָט געצאַנקט דאָס קעראָסין־לעמפּל. דורך דעם קליינעם פענצטערל פון דער זעמליאַנקע, האָט מען באַמערקט, ווי עס שיט און שיט דער שניי. און שמײַע האָט נאָך אַלץ שטילערהייט דערציילט וועגן זײַן גוטן פרײַנט, וועגן דער מילכאָמע און טראַגישן טויט פון דאַנילען.

מאַרינע האָט געהערט, אײַנהאַלטנדיק אין זיך די טרערן, זיי געשלונגען. זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און פון מאָל־צו־מאָל אַרײַנגעשטעלט אַ וואָרט, אָבער פאַרזיכטיק, מוירע האָבנדיק איבערשלאָגן שמײַען די געדאַנקען. זי האָט געוואָלט וויסן אַלץ וועגן איר מאַן, וועגן די שווערע כאַדאָשים, וואָס ער איז געווען ווײַט פון איר, און וועגן די לעצטע מינוטן פון זײַן לעבן.

— ניטאָ מײַן דאַנילע. מײַנע קינדער זײַנען געבליבן יעסוימים, — האָט זי שווער אַרויסגעזיפצט. זי האָט געוואָלט וויינען, נאָר ניט געקענט. דאָס האַרץ האָט ווײ געטאָן, און איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי וועט זיך ניט קענען אופהייבן פונעם אָרט. צוליב וואָס האָט זי געדאַרפט דאָס לעבן, אַז זי וועט זיך שוין קיינמאָל אַף איר מאַן ניט דערוואַרטן.

שמײַע האָט אויסגעלייענט אין אירע אויגן די געדאַנקען און שטילערהייט געזאָגט:

— איך ווייס, ווי שווער דיר איז, מאַרינע. נאָר דאַרפסט זיך שטאַרקן. מוזסט זיך נעמען אין די הענט. זאָל דיר זײַן אַ טרייסט דאָס, וואָס דו האָסט לעבן זיך אַזעלכע טײַערע קינדער. זיי זײַנען צוויי קליינינקע דאַנילעס. אַפילו דײַן אַליע, אונדזער שנור, איז אויך ענלעך אַפן טאַטן. באַרויִק זיך. נעם זיך אין די הענט. וואָס וועסטו מאַכן? מיליאָנען ווײַבער זײַנען געבליבן אַלמאָנעס, מיליאָנען קינדער — יעסוימים.

— יאָ, וועסט אים שוין לעבעדיק ניט מאַכן. הייסט עס, אַזאַ איז מײַן ביטערער גוירל.

מאַרינע האָט זיך קוים אופגעהויבן פונעם בענקל. זיך געכאַפּט:

— שוין אַזוי שפּעט!

ווי אַ שיקערע האָט זי זיך געלאָזט צו דער טיר, נאָר רייזל האָט זי אָפּגעשטעלט:

— וואַרט, מאַרינע, וווּהין וועסטו גיין? שוין אַזוי שפּעט און עס דרייט אין דרויסן די זאַווערוכע. וועסט שוין באַ אונדז איבערנעכטיקן.

— די קינדער זײַנען דאָרט אַליין.

— זיי קערן שוין פון לאַנג שלאָפן.

— געוויס, געוויס. — האָט צוגעשטימט שמײַע מיט זײַן געפּאַלטענער שטים, — גייט לייגט זיך אַפן טאַפּטשאַן. — האָט ער אַ ווונק געטאָן אַף דער נאַרע, און אַליין אַראָפּגענומען פונעם הענגער באַ דער טיר זײַן שינעל, אים אַ וואָרף געטאָן אין ווינקל, אַפן דיל, און זיך געלייגט שלאָפן.

רייזל האָט אויסגעלאָשן די שײַן, ארומגענומען מארינען, און מע האָט זיך אויסגעצויגן אַף דער נארע.

אָבער קיינער האָט שוין ביז טאָג ניט צוגעמאכט קיין אויג.

בא אלעמען איז געווען שווער אפן הארצן. מע איז געווען צעבראָכן און קיין שלאָף האָט ניט גענומען.

שמײַע איז געלעגן אפן קאַלטן דיל, צוגעדעקט מיט דער שינעל. ער האָט געררייכערט דעם ציבעק, און קנוילן רויך האָבן ארומגעוויקלט זײַן פארוואקסן פּאָנעם.

נאָך דעם, ווי ער האָט אלץ דערציילט מארינען, האָט ער זיך דערפילט עפּעס פרײַער, ווי ער זאָל אראָפּוואַרפן פון זיך א מוירעדיק־שווערן אָל.

אָט האָסטו דיר, אָן אומדערוואַרטע כאַסענע... און אזא בייזע בסורע... ניט אומזיסט זאָגט מען, אז פרייד און לייד גייען באנאַנד, פרייד און לייד איז אזוי ווי א ברודער מיט א שוועסטער.

פון יענער זײַט פענצטערל האָט געשאָטן און געשאָטן א שניי. דער ערשטער שניי.

מיט שנעלע טריט רוקט זיך אָן דאָס נײַע יאָר. עפּשער וועט עס זײַן גרינגער, זאַטער און שענער, ווי דאָס פאַריקע? פאַראיאָרן אין דער צײַט האָט זיך אים נאָך ניט געגלייבט, אז ער וועט בלײַבן לעבן און שלאָפן אונטער איין דאָך מיטן ווײַב און קינדער און זיך גרייטן פּאָרן אף א כאַסענע פונעם זון, וואָס איז לויט א נעס געבליבן לעבן.

זאָל שוין זײַן א ביסל פריילעך אפן הארצן. גענוג אומגליקן!

זאָל דאָס זײַן א פריילעכע כאַסענע. אלע סאָנים אפצולאָכעס!

(סאָף קומט)

# פונעם בוך „נעגינע"



איך בין באַלוינט מיט אַלץ —
פאַר אַלע מײַנע יאָרן,
מיט שטרענגקײַט פון דער צײַט,
מיט מילדקײַט פון מײַן דאָר.
מיט זון פון זומערן
און מיטן שטראָם דעם קלאָרן
פון פרילינג־ריטשקעלעך,
וואָס וועקן דעם קאַיאָר.

באַלוינט מיט ליבע,
ווי אַ טאַטע און אַ זיידע,
מיט גאַדלעס־קנייטשן —
דאָס איז אויך אַ לוין.

און אויב נאָר זײַן
אַ קאַפּעלע באַשיידן,
זײַנען די גראָווע האָר
אַ שטאָלצע קרוין.

פאַר מײַן געזאַנג
כ׳וועל הייסע זילבן קלײַבן
אָף אַלע שטעגן
פון מײַן דוירעסדיקן גאַנג,
כ׳זאָל קיין באַלכויוו,
כאָלילע, ניט פאַרבלײַבן,
פאַר אַלץ, פאַר אַלץ —
מײַן היים, מײַן לאַנד.



ווען ס׳פאַלן די קאַשטאַנען פון די ביימער
און פּלאַצן אָפן שטיין פון טראָטואַר,
פאַרגאַנווועט זיך אין האַרצן אַ געהיימע,
אַן אומפאַרשטענדלעכע געפאַר.

מיט אומרו פול דאָס רוישן פון די בלעטער,
די רויטקײַט פון דער הימלדיקער שײַן.
דער ווינט, ווי עפּעס אַ פאַררעטער,
אין אויער שושקעט מיר אַרײַן.

צי איז דאָס ניט דער רוי־געפּיל דער ווײַטער
פון פרי׳ע אורזיידעס, וואָס לעבט נאָך ביז אַצינד,
וואָס האָבן באַ דעם פײַער פון אַ שײַטער
געטוליעט זיך, באַהאַלטן זיך פון ווינט,

וואָס האָט געבראַכט זיי גליווערדיקע קעלטן
און ווײַסן הונגער אינעם שנייען־שוים...
נאָך איצט עס רופן איבער זיך צוויי וועלטן,
ווען ס׳פאַלן די קאַשטאַנען פונעם בוים.



עס יוירט דער זאַפט אין מײַנע גלידער
און זוכט אַן אויסגאַנג פון געביין,
אַ דאָרשטיקער, איך רוף דיך ווידער —
דער רוף דער גלוטיקער איז זויבער־ריין.

נאָר איינע, דו, וואָלסט קאָנען שטילן
דעם דורשט פון לײַב און פון געמיט,
פּונקט ווי אַ טרונק פון לאָגל קילן
אין מידבער־זאַמד, וואָס איז צעגליט.

איז עפּשער פּאַרט וועסטו דערשפּירן
די צאַרטע קרענק — מײַן ליבע־וויי,
און ס׳וועט דיך צו מײַן שוועל דערפירן
פון שטומער בענקשאַפט דאָס געשריי.

איך וואַרט אויף דיר, ווי אויף אַ וווּנדער,
ווי אויף אַ קישעף, מיט געדולד.
כאָטש יעדעס רעגעלע באַזונדער
איז ווי אַ שטראָף אָן קיין שום שולד.



פאַר מיר האָט עס געהייסן אַ גאַניידן —
דער געגנעם פון מײַן ווײַטן קינדער־רײַך.
דער לעצטער אָטעם בלויז וועט מיך צעשיידן
מיט יענעם סטעזשקעלע, וואָס לויפט צום טײַך,

צום גנילאָפּיאַט, וואָס ווערט אין ווײַט פאַרלוירן
און גיסט אַרײַן זיך אינעם הימל־בלוי.
אָט דאָרטן שטייען צוגעמאַכטע טויערן
געזאַלבט פון זון, און ס׳ציט צו זיי אַזוי!

אין כאָלעם זע איך זיי צעפּראַלט און אָפן,
און עמעץ רופט מיך: קום אַהער!
נאָר אַלעמאָל, ווען כ׳בין צו זיי דערלאָפן,
זיי האָבן צוגעמאַכט זיך שווער.

און טרערן אין די דורשטנדיקע אויגן
פאַרשטעלט עס האָבן מיר די שײַן.
אַ ווילדע קראַפט האָט מיך אַהין געצויגן —
איך האָב געוווּסט — איך וועל אַהין אַרײַן.

און ס׳איז געשען — מיט קינדעריש גלויבן
כ׳בין צוגעפאַלן צו דעם טויער מיד,
און שטיל און טרוימעריש פאַרצויגן
מײַן ערשטע ציטעריקע ליד.

און דעמלט איז געשען אַ וווּנדער:
צעפּראַלט די וועלט האָט זיך געעפנט,
און יעדער סטעזשקעלע באַזונדער
געפירט עס האָט מיך צו מײַן גרויסן טרוים.



ניין, קיינער פרעגט מיך ניט —
אַליין איך מאָן
דאָס אַלץ, וואָס כ׳האָב
ביז איצטער ניט דערטאָן.

און ס׳לאָזט זיך אויס,
אַז פאַר דער וועלט
און פאַר מײַן הויז —
דער כויוו איז גרויס.

איך ווייס דאָך ניט,
ווי ווײַט איז צום פּריוואַל,
נאָר גרייטן זיך
מע דאַרף אויף יעדן פאַל.

און שטרענג און האַרב
איך פרעג בײַ זיך אַליין:

ביסט גרייט, ביסט גרייט
אין לעצטן וועג צו גיין!

אָ, ניין! ניין!
איך בין ערשט אין דער מיט,
מײַן זון־שטערן — ניין
מײַן שענסטע ליד

איז ווײַט נאָך פון זעניט.

און יעדעס בערגעלע
וואָס ווײַטער ווערט אַ באַרג,
און וויפל זאָלסט ניט קלעטערן,
איז קאַרג.

ווײַל קיינער מאָנט בײַ מיר —
אַליין איך מאָן,
ס׳וועט קיינמאָל אַלץ
ניט ווערן אָפּגעטאָן.

✧ ✧ ✧

ס'האָט קיינער נאָך די סטעזשקע ניט באַטראָטן,
ס'סקריפּעט א פאַרפרוירענער דער שניי.
און טראָט־באַ־טראָט עס גייט מיר נאָך דער שאָטן,
כאָטש כ'ווייס אליין ניט, ווו איך גיי.

א בלענדיקע ארויס איז פון די וואָלקנס
די נאַקעטע לעוואָנע אָף שפּאַציר,
א קאַפּעלע זי האָט זיך דאָרט באַהאַלטן,
דערוואַרעמט זיך,
און ווידער לייפט נאָך מיר.

ס'האָט יונג א פּײַף געטאָן א ווינט א ווילדער,
מיט שניי פאַרשאָטן מיך פון קאָפּ און ביז די פיס.
די סאָסנעס האָבן מיט געפילדער
פון אָרט געגעבן זיך א ריס.

נאָר אין די הורבעס נאָך פאַרזונקען טיפער,
די ווײַסקײַט אָפגעטרייסלט פון די קעפּ.
גיי פּרוּוו פאַרמעסט זיך מיטן שטיפער —
אָט איז ער דאָ, אָט איז ער שוין אוועק.

עס קנײַפּט דער פראָסט די באַקן און די ברעמען,
ער פּרוּווט מיך אויס מיטן געהויל פון ווינט,
נאָר מיר איז ליב
אָט דעם גערויש פאַרנעמען —
די שפּיל פון ווינט,
וואָס שינדט, און צינדט, און שפּינט.

עס קעכלט מיך דער ראַכוועס פון די שנייען,
וואָס האָט איצט אויסגעווײַסט מײַן היים ראַסיי,
וואָס האָט מיט לויטערקײַט פאַרהיילט מיר אלע ווייען
און שטענדיק היילן וועט זי זיי.

## ווי דער טײַך

וואָלט איך קענען זינגען,
ווי דער טײַך זײַן ניגן,
וואָלט מײַן ליד
דאָס קינד
אין וויגעלע פאַרוויגן.

די געליבטע פאָרן,
אָפן ברעג דעם גרינעם,
וואָלט מײַן צאַרטער ניגן
ניט ארויס פון זינען.

פון איין קוש צום צווייטן,
וואָלטן הייסער קניפּן
מײַנע ליבע־טפּילעס
דורשטנדיקע ליפּן.

און געבענטשט דעם דיכטער
וואָלט א גרײַז א גראָוער —
אין די לעצטע שאָען
כ'וואָלט געוועקט זײַן אָוואַר —
אים דערמאָנט, דעם אלטן,
זײַנע גענג און זיטן,
אים געטרייסט,
אז קיינעם
האָט די שאָ געמיטן...

וואָלט איך קענען מורמלען,
ווי דער טײַך זײַן ניגן,
וואָלט איך אייביק, אייביק
זינגענדיק געשוויגן.

# אין קרײַז פון בערג

איך שטיי א דערשטוינטער:
ארום־און־ארום —
די בערג און דער הימל.
ס'איז רויק און שטום.
איך שטיי דאָ דערשיטערט,
ווי כ'וואָלט בלויז אצינד
די וועלט ערשט דערזען,
ווײַל געווען בין איך בלינד.

אפילו באַם מערדער
דאָס הארץ וואָלט צעגיין,
ווען ער זאָל א קוק טאָן,
ווי זויבער, ווי ריין,
ווען ער זאָל דערשפּירן
דײַן רייץ און דײַן כיין,

אפילו זײַן הארץ
וואָלט געווען פון שטיין.

אָט דאָ באַם צופוסנס
פון גרוי־ווײַסן פעלדז,
וואָס האָט מיט דער ווײַסקײַט
פון קאָפּ זיך צעהעלט,
וואָס איז מיט דער גרויקײַט
אין וואַסער פאַרקראָכן
און האָט אין די הייכן
א וואָלקן פאַרשטאָכן,
איך שטיי א דערשטוינטער,
א פריידיק־געריטער,
דאָ ווערן, מיסטאָמע,
געבוירן נאָר דיכטער.

# א וועג

כ'האָב ליב א וועג,
און ס'מאַכט ניט אויס,
צי וועט ער פירן, צי פאַרפירן
אין דער פאַרגאַנגענהײַט
פון נעפּלדיקע טעג,
צי אין דער צוקונפט —
דורך פאַרהאַקטע טירן.

כ'האָב ליב א וועג,
וואָס די נעשאָמע וועקט,
וואָס שלענגלט זיך צום שאָטנדיקן געסל,
ווו ס'איז די בלינדע טויבע
באַ איר פענצטערל געזעסן,
געשטריקט א זאָק...
דער דימיעז האָט נאָך גאַרניט אויסגעמעקט,
ס'האָט דער זיקאָרן גאָרנישט ניט פאַרגעסן.
נאָר טויבע איז ניטאָ,
ניטאָ דאָס געסל.

דער פאָדעם ציט זיך אָבער,
טויב און שטום
ער שפּינט זיך אײַן געשיכטע נאָך דער צווייטער.
דאָס אויג אין קאָפּ באַ טויבען איז דער זון —
איר ליכטיקער באַגלייטער...

דאָס פענצטער פון מײַן הויכן שטאָק —
עס קוקט ארויס צום וועג,
וואָס לויפט,
פאַרדרייט זיך,
פלאָנטערט.
איך הער זיך אײַן, עס קלינגט, מיר דוכט, א גלאָק,
דערמאָנט עפּעס א יאָמטעוו.

א גרויסער יאָמטעוו האָט צעוויגט די ערד,
קיין גלעקער האָבן ניט געקלונגען...
ס'איז טויבעס זון אַף א בולאַנע פערד
אַרײַן אין שטאָט,
אַרײַנגעריטן מיט א ראָטע יונגען.

בודיאָנאָווקעס מיט רויטע שטערן אַף די קעפ
מיט גאָדלעס האָבן זיי געטראָגן.
ס'האָט טויבעס זון
פון שלוימע נאָגידס טרעפ
גערופן אַלעמען די „קאָנטרא״ שלאָגן.

כ'האָב ליב א וועג,
און ס'מאַכט ניט אויס,
צי ווײַט, צי נאָענט וועט דער וועג מיך פירן.
ווען כ'זיץ באַם טיש פאַרטיפט אין די פּאַפּירן,
כ'באַמערק גאָר ניט, אַז כ'מאָל א וועג,
וואָס לויפט ערגעץ אין א ווײַט אוועק.
כ'האָב ליב א וועג.

## האָסט א טאָעס

מיינסט אוודע, אַז די ריטשקע,
צי דער דינער ווערבע־בלאַט,
צי פון בורעקעס די היטשקע
פלאַפּלען פּאַשעט, שטאַמלען גלאַט?

האָסט א טאָעס, הער זיך אײַנעט
און פאַרשטיי — ביסט ניט גערעכט.
הערסט, דאָס ריטשקעלע עס טײַנעט,
אַז דעם גרויסן יאַם עס נערט.

און די היטשקע נעמט זיך איבער —
ס'איז דער בורעק זיס און גרויס,
נאָר דערפאַר, און נאָר דעריבער,
ווײַל זי זויגט די גיפטן אויס.

און דער בלאַט דערציילט, מיסטאָמע,
אַז ער נערט דעם בוים מיט זון,
און די וואָרצלען און די שטאַמען
זײַנען שטאַרק אַזוי דערפון.

אַלע גראָזן, אַלע בלומען
אַף דער גאַנצער גרויסער ערד,
ניט אומזיסט זיי ריידן, זשומען —
הער זיך אײַנעם, הערסט, דו הערסט?



שמועל גאָרדאָן

# ניט אויסגעטראַכט, ניט צוגעטראַכט

## צוגאַסט אַף א וויַל...

ערשטע דערציילונג

### I

די נאַגנדיקע בענקעניש, וואָס איז ווידער באַפאַלן נאַכמען זאָמערן נאָך די שטעט, וווּ עס זײַנען דורך זײַנע ייִנגלשע און יוגנטלעכע יאָרן, האָט דאָס לעצטע מאָל אים אַראָפּגעבראַכט אַהין, ווען קיין אָפענע ווונדן, וואָס די מילכאָמע האָט דאָרט איבערגעלאָזט אַף שריט און טריט, האָט ער שוין דאַן ניט געטראָפן. די גאַסן האָבן אים געהאַט באַגעגנט מיט הײַזער פון אַזאַ הייך, צו וועלכער מע איז דאָרט פריִער ביכלאַל ניט געוווען געוווינט. פריִער וואָלט מען דאָרט אַזעלכע הײַזער מיסטאַמע גערופן הימלקראַצערס. נאַכמען געדענקט שוין ניט פּינקטלעך, אַוועק דאָך אַזױפיל יאָר, נאָר אים שײַנט, אַז די העכסטע געבײַדע אין דער שטאָט פון זײַנע ייִנגלשע יאָרן — אין פּאָלטאַווע — איז געוווען דער פײַערלעשער־טורעם אַרוף־באַרג צווישן דעם דאָרעם־וואָקזאַל און פּאָדאָל, און אין דער שטאָט פון זײַנע יוגנטלעכע יאָרן — אין קרעמענטשוק — דאָס מויערל אַף דער הויפּט־גאַס מיטן גרויסן פּירקאַנטיקן זייגער אונטערן דאַך.

„פרעגט זיך, — טײַנעט נאַכמען מיט זיך אַליין, זיצנדיק באַם פענצטערל פונעם לויפנדיקן צוג, — וויבאַלד דו האָסט, אין אַ מאַזלדיקער שאָ, געזען דײַנע ביידע שטעט שוין אינגאַנצן אופגעריכטע, שענערע און גרעסערע, ווי געוווען, און האָסט נאָך דעמלט געוווּסט, אַז דײַן פּאָלטאַווע איז שוין מער ניט קיין שטאָט פון זאָקנמאַכער און קרעמענטשוק פון טאַבאַק־ און מאַכאָרקע־פאַבריקלעך, אַז דאָס זײַנען שוין איצטער שטעט פון גרויסע זאַוואָדן און פאַבריקן, מאַמעש גיגאַנטן, און האָסט אויך געוווּסט, אַז קיין זאַך קאָן דיך שוין דאָרט איצט ניט פאַרכידעשן, זאָלסט אפילע אָנטרעפן אַף אַן עמעסן וואָלקנקראַצער, הײַנט צו וואָס און נאָך וואָס פאָרסטו אַהין? נו, טאַקע, צו וואָס?..”

נאַכמען איז ניט אָפּגעשטאַנען פון זיך מיט זײַנע טײַנעס אויך נאָך דעם ווי דער צוג האָט אים שוין געהאַט ווײַט אוועקגעפירט פון דער היים:

„ביסט דאָך שוין, קיין אײַנהאָרע ניט, ווי זאָגט מען עס, נעענטער צו די שיווים, ווי צו די שישים. האָסט, אַפּאָנעם, פאַרגעסן, אַז ס'איז אָפּגעשווומען אַ פײַן ביסל וואַסער אינעם ראָס, זינט דו האָסט זיך געהאַט אוועקגעלאָזט איבער די שטעטלעך איבערגעבן פון זיי אין דײַן ביכל אַ גרוס דער גרויסער וועלט. אַ יאָר צען איז דאָך אַוועקע שוין אַדורך, ווי האָסט זיך אָנגעטעמט באַם ראָס מיט די רייכעס פון די פרײַטיקדיקע הרעטשענע פּידפּאָלקעס און מיט דער ערעוו־שאַבעסדיקער באָד פון דײַן ווײַטער קינדהײַט. די נאַגנדיקע בענקשאַפט, וואָס האָט דיך מיטאַמאָל אַרומגעכאַפּט נאָך די שטעטלעך, האָט דיך דאָך דעמלט אַראָפּגעבראַכט אויך אַהין, וווהין דו פאָרסט איצט, און אַ שטיקל גרוס פון זיי האָסטו דאָך שוין אָפּגעגעבן דער וועלט”.

אָט אַזוי האָט דער שרײַבער נאַכמען זאָמער זיך אויסגעטײַנעט מיט זיך און, ווי טייל־מאָל, אַרויסגעבראַכט זײַנע טײַנעס אַף אַ קאָל:

— מײַן זעלדע איז אוואדע געווען גערעכט, — גיט ער נאָך דעם ווײַב, — וואָס זי האָט אפילע א מינוט פאַרן אָפּגיין פון באַן ניט אופגעהערט מיך אָפּריידן פון אָט דער נעסיע.

וואָס זאָל ער געווען אָבער טאָן, אז ס׳איז אים מיטאמאָל פּאָרט באַפאַלן אָט די נאָגנדיקע בענקעניש און לאָזט אַף קיין רעגע פון זיך ניט אָפּ, האַלט אים אין איין צורייידן: פאָר, פאָר, פאָר! ווער ווייסט, ווען עס קאָן דיר שוין אויסקומען דאָרט זײַן. כאַפּ ארײַן, קאַלזמאַן סע לאָזט זיך. ווערסט קיין כאראָטע ניט האָבן. אָט ס׳טו זען. דײַן ביכל האָסטו א נאָמען געגעבן „נעכטן און הײַנט“. איז דער נעכטן טאַקע דאָרטן פאַראַן. אָבער דער הײַנט?

זיצט אָבער זעלדע אין אים און טײַנעט זיך אירס:

— ווי פאַרגעסט מען עס, אז אונטערוועגס דערעסט מען ניט צומאָל, דערשלאָפּט מען ניט, און ביכלאַל, ווער לאָזט זיך עס אין אזא עלטער אין ווײַטן וועג, און ווען? אין רעכטן מיטן זומער, און נאָך אין אזא זומער...

די וואָלקנס האָבן, דאַכט זיך, אינגאַנצן פאַרגעסן דעם וועג, וווּהין ער פאָרט. דער הימל איז דאָרט, אפּאָנעם, אַף א גאַנצן זומער אָפּגעגעבן אין כאַזאָקע דער זון. אויב גלייבן די פּאַסאַזשירן, וועלכע זײַנען ארײַנגעשטיגן אַף די לעצטע סטאַנציעס, אז אפילע אין שאָטן איז עטלעכע און דרײַסיק גראַד היץ, דאַרף מיסטאמע אין וואַגאָן זײַן אלע פערציק. ווען דאָס זעלבע זאָל געווען מיט אים טרעפן מיט א יאָר צען צוריק, בייס ער איז ארומגעפאָרן איבער די שטעטלעך, וואָלט ער מיסטאם נאָכגעטאָן די יונגע כעוורעלײַט פון קופּע, וואָס האָבן פון זיך אלץ אראָפּגעוואָרפן — געבליבן אין איינע טרוסן, ווי אַף א פּליאַזש. אָבער איצט, אין זײַן עלטער...

— הער, — האָט זאָמער, ליגנדיק שוין אן אויסגעטאָנענער אין בעט אינעם באַצײַטנס פאַרבראָנירטן צימערל פון האָטעל, זיך אָנגערופן צו זיך שוין מיט קאַס, גלײַך ער זאָל האָבן צו טאָן מיט א צווייטן, מיט מער נאָך אן אײַנגעשפּאַרטן, ווי פריער, — דיר איז קאַרג די שוויצבאָד, וואָס האָסט געהאַט אין וואַגאָן, די סאַקאָנעסדיקע היץ אינעם אָנגעשטאָפּטן טראָלייבוס און דאָס שלעפּן זיך דערנאָך צופוס, צוליב דער אייגענער שולד, מיטן טשעמאָדאַן א היפּשע שטיק וועג צום האָטעל, וואָס דיר ליגט זיך ניט אײַן? וווּהין קלײַבסטו זיך עס איצט גיין? זעסט ניט, אז דער הימל איז שוין באַלד אינגאַנצן אין שטערן, און אז די שטערן זײַנען העלע, ווי אָנגעגליטע. פילסט ניט, ווי סע גייט פון זיי א היץ?

סאָפקאָלסאָף האָט נאַכמען געפּויעלט בא זיך מאַכן נאַכט. וואָרעם טאַקע. וואָס איז עס פאַר אן אײַלעניש? די שטאָט וועט דאָך פאַר דעם נאַכט פון אים ניט אַנטלויפן. ער פאָרט דאָך נאָך מאָרגן ניט אוועק. און איבערמאָרגן אויך ניט. און אויסגעמאַטערט איז ער פון דער היץ, אז ער קאָן מאַמעש מיט קיין אייווער ניט רירן.

עס ליגט זיך אים אָבער פּאָרט ניט אײַן. ס׳איז דאָך ניט געהערט און ניט געזען געוואָרן! די ווײַפּלטע שאָ שוין, ווי ער איז אין זײַן ליבער שטאָט, און נאָך ניט געזען דאָס שטיבל אינעם אראָפּבאַרגיקן ביסטראָווסקי־געסל, און ניט געווען נאָך אין הויף אַף דער קאָטליאַרעווסקי־גאַס, ווו עס זײַנען דורך זײַנע ייִנגלשע יאָרן. ווי קאָן ער אײַנליגן, אז ער האָט זיך נאָך ניט געזען מיטן רויטן צווײשטאָקיקן ציגלנעם מויער פון דעם אמאָליקן ייִדישן קינדערהיים, אין וועלכן ער האָט א שטיק צײַט געלעבט. און כאָטש עס זײַנען שוין דורך אזויפיל יאָרן, דאַרף ער א קוק טאָן אויך אַף דער אמאָליקער קאָרשול, ווו ער איז ייִנגלווײַז געווען א מעשוירער בא יאַמפּאָלסקין דעם כאַזן און אומאַנסקי דער כאָרמייסטער האָט אײַנגעקנעלט מיט אים די יאָמקיפּערדיקע סאָלאָ „יאַאַלע טאַכאַנוניינו מיערעוו“, וועלכע ער געדענקט נאָך א ביסל ביז איצט. אין יאָרן ארום האָט ער אין דער זעלבער קאָרשול, וואָס איז שוין דאַן געווען א קלוב, געשפּילט אַף דער בינע אין א דראַמאַטישן ליבהאָבער־קרײַז כאָנען פון דעם „דיבעק אַף דער לינקער זײַט“. און ווי כאַפּט מען זיך עס ניט אראָפּ אַף דער קאָבעליאַקער גאַס, ווו אין שכיינעס מיט דער אַפּטייק, ווו ער האָט שפּעטער געאַרבעט, איז געווען די באָלניטשנע קלויז, אין וועלכער אוורואָם־בער דער געמאָרע־מעלאַמעד — א קליין, ציכטיק ייִדל מיט רויטע בעקלעך און שטראַלנדיקע אויגן — האָט מיט אים געלערנט „באָוואָ מעציע“ און „באָוואָ קאַמע“. אהער אין קלויז, ווען ער האָט שוין געלעבט אין קינדערהיים, פלעגט ער קומען פירן וויקוכים מיט די יונגע יעשיוועבאָכערימלעך, זיי זאָלן ווערן אפּיקאָרסים. ער זאָל געווען נאָכגעבן דער בענקשאַפט און זיך לאָזן פון איר פירן, האָט ער דאָ צו גיין און צו גיין און צו גיין... און עס גיט אים מיטאמאָל א הייב אוף פון בעט, און אין געציילטע מינוטן איז ער שוין אין דרויסן.

קימאַט אלע טראָלייבוסן און אווטאָבוסן, וואָס לויפן דאָ דורך, גייען אין דער זעלבער ריכטונג, וווּהין נאַכמען זאָמער קלײַבט זיך צום אלעם ערשטן. נאָר נאַכמען זעצט זיך אַף קיין איינעם פון זיי ניט אוף, ווי ער זאָל מוירע האָבן, אז פון דעם, וואָס ער וועט פאָרן און

ניט גיין, וועט ער ניט דערפילן אין זיך יענע ליבע פּאַלטאַווע, וועלכע ער טראָגט אין זיך אַ לעבן לאַנג.

ווי די שטאָט איז ניט גרויס — פֿונעם דאַרעם־וואָקזאַל ביזן קיִעווער איז פּאַרט היפּשע עטלעכע קילאָמעטער, — איז ער אָבער איבער דער שטאָט, מעג זײַן ווי ווײַט, קיינמאָל ניט געפֿאָרן, סײַדן ווען ער האָט געדאַרפֿט צום באַן. און ניט ווײַל צו די ביידע וואָקזאַלן איז ווײַט. אַפֿילו אין קרעמענטשוק, וווּ דער וואָקזאַל איז אין סאַמע שטאָט, איז מען אויך געפֿאָרן צום באַן אַף אַ דראָזשקע, אַנדערש האָט דאָס אוועקפֿאָרן פֿון דער היים ניט געהאַט יענעם טאַם, וואָס עס דאַרף האָבן אַ נסיעה. אָבער אַרומפֿאָרן אַף אַ דראָזשקע איבער דער שטאָט האָט מען געקאָנט דאָ זען נאָר אַ דאָקטער אָדער אַ גאַלעך.

זינט יענער ווײַטער צײַט איז זיך די שטאָט גאַנץ היפּש צעוואַקסן, געוואָרן, ווי ער האָט געהערט, שיר ניט עפּשער אין דרײַ מאָל גרעסער, און לאָזן זיך שפּאַנען איבער דער שטאָט איצט צופֿוס, ווי אַמאָל, איז, פֿאַרשטייט זיך, אַ ביסל אַלטמאָדיש. וועדער לאָזט זיך עס הײַנטיקע צײַטן ביכלל שפּאַנען צופֿוס מער פֿון אַ קוואַרטאַל צי צוויי, ווען מע איז פֿון אַלע זײַטן אַרומגערינגלט מיט אויטאָבוסן, טראָליייבוסן און טאַקסי. און פֿונעם האָטעל, ווּ נאַכמען שטייט אײַן, ביז דער קאַטליאַרעווסקי־גאַס איז אַ גאַנץ פֿײַנער מעהאַלעך. נאָר אויסער ווי פֿאַר זיך אײינעם האָט ער ניט פֿאַר וועמען זיך צו פֿאַרענטפֿערן. ניט ער קען שוין דאָ קיינעם, ניט קיינער קען אים. דאַכט זיך, אַז די שטיינער פֿון ברוק זײַנען שוין אויך ניט די, וואָס געווען.

צו דעם, אַז ער וועט דאָס מאָל שוין ניט באַגעגענען דאָ קיין באַקאַנטע, איז נאַכמען געווען קימאַט גרייט. נאָר אַז ער זאָל ניט אָנטרעפֿן אַפֿן וועג קיין איין באַקאַנט הויז, כאָטש די הײַזער אַף די דאָזיקע גאַסן זײַנען אַלע אַלטע, מעגלעך אַפֿילו עלטער פֿון אים, דאָס האָט אים שוין אויסגעזען ביז גאָר מאָדנע. מיסטאָמע נעמט זיך עס דערפֿון, — גיט זיך נאַכמען צו דערקלערן, — וואָס ווען ער איז געווען אַ היגער, איז ער אַף די גאַסן, וואָס ליגן אַף דער זײַט פֿונעם קאָרפּוסנעם סאַד, זעלטן־ווען געווען, און עפּשער טאַקע גאָר אײינגאַנצן ניט געווען, ווײַל דער דאָזיקער טייל שטאָט, געדענקט זיך אים, איז שוין ניט געווען די „ייִדישע" פּאָלטאַווע, ווי מע האָט זי דאַן גערופֿן. די „ייִדישע" פּאָלטאַווע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פֿון דעם אַרופּבאַרגיקן פּאָדאָל, האָט זיך געענדיקט אַף יענער זײַט פֿונעם גרויסן קײַלעכיקן קאָרפּוסנעם סאָד מיטן הויכן דענקמאָל די העלדן פֿונעם זיג איבער דער שוועדישער אַרמיי. קיין איין סאַד האָט נאַכמען ייִנגלווײַז אַזוי ניט ליב געהאַט, ווי דעם קאָרפּוסנעם, פֿון וועלכן עס גייען זיך פֿאַנאַנדער, ווי שטראַלן, די אָנהייבן פֿון עטלעכע גאַסן, און וועלכן עס רינגלען אַרום ליכטיקע פּאַלאַצן און גרויע אומעטיקע מויערן פֿון די אַמאָליקע קאַדעטישע קאָרפּוסן.

ווי נאָר נאַכמען האָט אַרײַנגעשטעלט אַ פֿוס אינעם קאָרפּוסנעם סאָד, האָט ער גלײַך דערפֿילט, אַז ער איז אין דער שטאָט פֿון זײַנע ייִנגלשע יאָרן, כאָטש ניט אַלץ, וואָס ער האָט דאָ אָנגעטראָפֿן, איז אים באַקאַנט פֿון אַמאָל. די לאָמפּן, וואָס מאַכן פֿאַרגעסן מיט זייער געלבלעכער באַטאָגיקער שײַן, אַז דער הימל איז פֿול מיט שטערן, זײַנען דאָ דעמאָלט געוויס ניט געווען. אויב זיך גוט צוקוקן, וועט ער אַף זיכער נאָך עפּעס געפֿינען, וואָס איז דאָ דעמאָלט ניט געווען. נאָר ווער באַמערקט דאָס גראָז באַם צופֿוסנס פֿון אַ הויכן שלאַנקן בוים, ווי גרין און ווייך דאָס גראָז זאָל ניט זײַן?

דער הויכער שלאַנקער בוים דאָ אין סאָד, בײַ וועלכן נאַכמען איז שטיין געבליבן, איז דער דענקמאָל „רום", וואָס געפֿינט זיך אַפֿן זעלבן פּלאַץ, ווּ די אײַנוווינער האָבן באַגעגנט די זיגער פֿון פּיאָטער דעם ערשטנס אַרמיי נאָכן אָנטשיידנדעם שלאַכט מיט די שוועדן היב־טער פּאָלטאַווע. פֿון דעם אַרומגעצוימטן פּאַסטאַמענט ציט זיך צום הימל אַ הויכער קײַלעכי־קער זײַל, אַ באַצירטער מיט בראָנזענע קראַנצן און פּאַלמע־בלעטער. אַפֿן זײַל שטייט מיט צעשפּרייטע פֿליגל אַ בראָנזענער אָדלער, וואָס האַלט אין שנאָבל אַ לאָרבער־קראַנץ און אין די נעגל — פֿײַלן. דאָס שטאַכעטל אַרום דעם פּאַסטאַמענט איז פֿון שווערדן מיט אַראָפּגעלאָזענע שפּיזן, ווי אַרײַנגעלייגטע אין די שיידן.

מער פֿון אַלץ האָט דאָ פֿאַרהאַלטן נאַכמען זאַמערן, וועלכער איז געווען אַמאָל אויך אַ לערער, דער טומל פֿון די קינדער, וואָס זײַנען געזעסן רײַטנדיק אַף די אַרויסשטאַרצנדיקע רערן פֿון די אײַנגעמויערטע אינעם פּאַסטאַמענט האַרמאַטן. אַט פּונקט אַזוי פֿלעגן אַף די זעלבע רערן זיך פֿאַרקלײַבן די קינדער אין זײַנע, נאַכמענס, צײַטן, און מיסטאָמע אויך אין די צײַטן ביז אים. פֿאַר אים אָבער, זאַמערן, זײַנען בלויז די דאָזיקע האַרמאַטן געווען שפּי־לעכלעך, און די קינדער, וועלכע ער האָט איצט געטראָפֿן אַף זיי רײַטן, ווילט זיך אים גלייבן, וועלן אָט די קאַלטע רערן פֿון די שטומגעוואָרענע האַרמאַטן קיינמאָל ניט דערמאָנען אין דעם, אין וואָס זיי דערמאָנען אים און די זיידעס פֿון די דאָזיקע קינדער, וועלכע שפּאַצירן דאָ דערבײַ אַרום. זיי קוקן מיסטאָמע אַף אים, אַף נאַכמענען, ווי אַף אַ מענטשן, וואָס איז דאָ

צום ערשטן מאָל, ווײַל ווײַלכער היגער אײַנוווינער וועט זיך עס אוועקשטעלן א שאָ צײַט באַטראַכטן א דענקמאָל, וועלכן ער איז שוין אַזויפיל מאָל פאַרבײַגעגאַנגען, אז ער האָט אים שוין, דוכט זיך, ביכלאַל אופגעהערט באַמערקן, ווי א סאַך אַנדערע דענקמעלער, מיט וועלכע ס'איז רײַך די שטאָט. דאָס זעלבע, אַפּאַנעם, טראַכט נאַכמען, קומט פאַר אומעטום און מיט אַלעמען, ווי רײַך די שטאָט זאָל ניט זײַן מיט דענקמעלער. מיט אים איז דען ניט געווען דאָס זעלבע, ווען ער איז געווען א היגער. גאָר עפּעס אַנדערש איז, ווען מע קומט אַראָפּ צו זיך אַהיים אין יאָרן אַרום שוין, ווי א גאַסט, און מע איז דערצו נאָך א גאַסט אַף א ווײַל. ניט נאָר בא די דענקמעלער, נאָר אַפילע בא די הײַזער שטעלט מען זיך אָפּ, אָט ווי ער שטעלט זיך איצט אָפּ, און סע דוכט זיך דערבײַ, אַז מע האָט זיי גאָר פריִער ניט געזען, צי זיי זײַנען פריִער געווען גאָר אַנדערע. דאָס גיין איבער דער היימישער שטאָט איז דעמלט גאָר אַן אַנדער גיין, און דער בליק, מיט וועלכן מע באַטראַכט אַלץ, איז דעמלט אויך אַן אַנדערער.

מיטן דאָזיקן צוריקגעהאַלטענעם טראָט און פאַרכידעשטן בליק פאַרלאָזט נאַכמען דעם קאַרפּוסנעם סאָד און קומט אַרויף אַף דער פאַזע ליגנדיקער הויפּט־גאַס, וואָס איז מער ענלעך אַף אַן אַלייע פון א גערדיכטן גאָרטן. ער האָט נאָך, פאַרנדיק מיטן טראַלייבוס פון וואָקזאַל און שפּאַנענדיק דערנאָך מיטן טשעמאָדאַן צום האָטעל, באַוויזן צו זען, אַז די שטאָט איז נאָך א סאַך גרינער, ווי פריִער. צי איז פאַראַן נאָך אַף דער וועלט אַזא גרינע און שיינע שטאָט? און אַזא לויטערער טײַך מיט גינגאָלדענע זאַמדיקע ברעגן, ווי די וואָרסקלע, איז ערגעץ נאָך דאָ?..

ווי קומט עס, ער זאָל ניט באַמערקן, אַז ער איז פאַרבײַגעגאַנגען די קאָטליאַרעווסקי־גאַס? געכאַפּט האָט זיך נאַכמען, ווען ער איז שוין געווען אַפן ראָג פון דער שכײַנעסדיקער גאַס. א פאַרכידעשטער, האָט ער זיך אומגעקערט צוריק און דערזען, אַז אומזיסט האָט ער זיך געמאַכט שולדיק אין דעם, בייס דער שולדיקער איז גאָר דער הויכער גרויסער מויער מיט די זײַלן, וועלכער איז מער ענלעך אַף א פּאַלאַץ, ווי אַף א קליידער־מאַגאַזין. ווען ער, נאַכמען, איז נאָך געווען א היגער, איז אַפן זעלבן ראָג, געדענקט ער, געשטאַנען אַן אַנדערהאַלבן־שטאָקיק הילצערן שטיבל און בישכיינעס מיט דעם דער סינאַגראַף „רעקאָרד". זומער האָט דאָרט געשפּילט א ייִדישער טעאַטער. אַנטקעגנאיבער איז געווען דער סינאַגראַף „קאָליזיי". יעדן אינדערפרי פלעגט דאָ שטיין מיט אַן אָנגעפּאַקטן לעדערנעם בײַטל צײַטונגען דער פּולבלעכער גוואַר פון נאָוופּרעלאָזשענע, אַבראַשע, און מיט א געמבע, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן אַף דער צענטער גאַס, אויסשרײַען די נײַסן פון טאָג אַף גאָרער וועלט.

אַבראַשע מיטן אָנגעפּאַקטן לעדערנעם בײַטל צײַטונגען, וואָס איז, ווי א לעבעדיקער, אַרויסגעשווומען פון יענע ווײַטע טעג, איז פאַרשווונדן, נאָך איידער נאַכמען איז צוגעקומען צו דעם אַרומגעצוימטן פּאַרקן, פון הינטער וועלכן עס האָט אַרויסגעשטאַרצט צום אָונטיק־אויסגעשטערנטן הימל דער לאַנגער שנאָבל פון א הייבקראַן. שטייט ער, נאַכמען, און וווּיסט ניט, וועמען זאָל ער אין דער דאָזיקער רעגע מעקאַנע זײַן: זיך, וואָס ער האָט שוין ניט געטראָפן אַפן ראָג גאַס דעם הויף, וועלכן ער האָט באַשריבן אין זײַן בוך „נעכטן און הײַנט", — דעם נאַקעטן הויף מיטן נידעריקן האַלב־אײַנגעפאַלענעם שטיבל, ווו אין א צי־מערל, וואָס איז אַרויס מיטן פענצטערל צום אָפּטריט, האָבן געוווינט זאַלבענײַן צוויי גע־זינדן, צי מעקאַנע זײַן דעם, וועלכער וווינט אַף דער אַנדערער זײַט גאַס, ווו קיין זאַך האָט זיך, דאַכט זיך, ניט געענדערט: די זעלבע אײַנשטאָקיקע הײַזער מיט די הויכע גאַנעקעס פון די אַמאָליקע געוועלבן און אַכסאַניעס, די זעלבע סעדלעך אין די הויפן, די זעלבע באָד, אין וועלכער ער האָט בא זײַן אַראָפּפאָרן אַהער באַלד נאָך דער מילכאָמע זיך מעסאַמייעך געווען אַף א ייִדישער כאַסענע, אַף דער ערשטער ייִדישער כאַסענע נאָכן גרויסן אומגליק. די באָד איז דעמלט געווען די אײנציקע גאַנץ געבליבענע זאַל אין שטאָט.

ווען זאָמער זאָל דאָ אַזוי אָפּשטיין ביז אינדערפרי, וואָלט אים נאָך אויך געבליבן אין וואָס צו דערמאָנען זיך. שטעלט ער אָבער אַליין אָפּ דעם זיקאָרן זײַנעם, וואָס האָט שוין באַוויזן אופּעפענען פאַר אים דעם אויסגעטריקנטן טויער פון הויף, אין וועלכן עס באַווײַזט זיך מיט זײַן צווייערדעדיקער טאַטשקע מיישקעלע בו, דער, וועמען נאַכמען האָט באַשריבן אין זײַן בוך, און קערט זיך אום צו דעם, וואָס וועט דאָ זײַן אין א כאַדאָשים צוויי־דרײַ אַרום, צו דעם פילשטאָקיקן מויער, וואָס בויט זיך דאָ און פאַרנעמט שיר ניט צוויי קוואַרטאַלן.

קוקנדיק אַף דעם, וואָס ס'איז געוואָרן פונעם שטיבל און פונעם הויף, ווו ער האָט גע־וווינט, כאַפּט זיך בא נאַכמענען מיטאַמאָל אַרויס:

— מאַ טויווּ אויהאָלעכאָ... ווי שיין ביסטו, שטאָט מײַנע פון מײַנע ווײַטע ייִנגלשע יאָרן,

מיט דײַנע נײַע הײַזער און הייבקראַנען, מיט דײַנע סעדער און סקווערן אַף יעדן קער און ווענד...

וווהין רופט זי אים איצט נאָך זיך, די נאָגנדיקע בענקשאַפט זײַנע? אים ווײַזן דאָס שמאָלע אראַפּבערגלדיקע ביסטראָוּוסקע־געסל, ער זאָל זען, אַז דאָרט איז שוין אויך קימאַט גאָרניט פאַרבליבן פון דעם, וואָס ער האָט זיך געריכט נאָך צו זען, איידער עס וועט פאַר־שווינדן, און אַז ער האָט דאָרט אויך פאַרשפּעטיקט, אָט ווי דאָ, סאַכאַקל אַף עטלעכע כאַ־דאָשים?

צו דעם ביסטראָוּוסקע־געסל פירט פונדאַנען די דערבײַ־ליגנדיקע אַראָפּבאַרגיקע נאָ־וועפּרעלאַזשענע — דער העמשעך פון דער גלײַכער, ווי אַ סטרונע, קאַטליאַרעווסקי־גאַס, אַף וועלכער ער האָט געוווינט.

נאָוועפּרעלאַזשענע!

קיין איין גאַס אין שטאָט האָט אַזוי ניט געשעמט, ווי אָט די ייִדישע גאַס. ווען זאָמער האָט זי באַשריבן אין איינעם פון זײַנע ביכער, האָט ער, דאַכט זיך, אַליין געהאַט פאַרגעסן, אַז דער נאָמען אירער נעמט זיך פון „נאָווא־פּראַלאַזשענאיאַ“, וואָס דער טײַטש איז — אַ נײַ־דורכגעלייגטע, נאָר ער האָט, ווי אַ סאַך אַנדערע, עס אויך שוין געהאַלטן פאַר אַ ריין ייִדיש וואָרט.

די, וואָס האָבן געוווינט אַף דער דאָזיקער גאַס, האָט מען אַנדערש ניט גערופן, ווי די נאָוועפּרעלאַזשענער. דער דאָזיקער צונאָמען איז פאַרבליבן אַף שטענדיק אויך בײַ יענע, וואָס האָבן זיך פון לאַנג שוין אַריבערגעקליבן אַף אַנדערע גאַסן. אַפילו פאַר דעם באַרימטן „באַרעץ“ פון צירק, פאַר איוואַן שעמיאַקינען, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַ וועלט און געווען אַ באַלעבאָס פון אַן אייגן גרויס הויז מיט אַן אייגענעם גרויסן גאָרטן, מיט אייגענע זומער־בעדער, וועלכע ער פלעגט פאַרדינגען, האָט מען אויך ניט געמאַכט קיין אויסנאַם. קוים וווינט ער אַף דער דאָזיקער גאַס, איז וועדער ער זאָל ניט זײַן און וואָס ער זאָל ניט זײַן, בלײַבט ער פאַר דער שטאָט סײַווי אַ נאָוועפּרעלאַזשענער.

אײַן יאָרן אַרום, ווען די גאַס האָט שוין געהייסן שאָלעם־עליכעם־גאַס, און די געוועזענע באַלעגאַלעס, קאַטערינשטשיקעס, טאַטשקעניקעס, טרעגער און סטאַם אָרעמעלײַט, מיט וועלכע זי איז געווען געדיכט באַזעצט, זײַנען שוין געווען אַרבעטער און קוסטאַרן, האָט מען זיי אַלציינס גערופן די נאָוועפּרעלאַזשענער און ניט די שאָלעם־עליכעמער.

צי האָט פאַר די יאָרן, וואָס ער איז דאָ ניט געווען, זיך ניט געביטן דער נאָמען פון דער גאַס, ווי דאָס איז זיך פאַרלאָפן אין דער שטאָט, פונוואַנען ער איז אַהער געקומען? דאָרט איז שוין ניטאָ קיין שאָלעם־עליכעם־גאַס. פאַראַן אַ שאָלעם־עליכעם־פּראָספּעקט, און ניט אין דעם אַלטן טייל שטאָט, נאָר אין דער נײַער. ס'איז אָבער צו טונקל דאָס לעמפּל אַפן נו־מער פונעם הויז, באַ וועלכן ער שטייט, אַז ער זאָל קאָנען איבערלייענען דעם נאָמען פון דער גאַס. אין זאָמער צוגעגאַנגען שוין גאַר־גאָר נאָענט, אַזש פאַרשטעלט מיט זיך די פאַר־האַנגענע פענצטערלעך.

— ווען מען זוכט איר דאָ, וואָרעם אַף נאָוועפּרעלאַזשענע קען איך נאָך דערווײַל, קאָן מען זאָגן, אַלעמען.

לויטן האַלב־זינגעוודיקן, עטוואָס שעפּעליאַוון קאָל, מיט וועלכן די פרוי, וואָס ער האָט דערזען לעבן זיך אַפן טראָטואַר, האָט עס אים געפרעגט, איז דאַרף זי זײַן ניט קיין איבעריקס באַיאָרטע. אַלנפאַלס, אַ סאַך ייִנגער פון אים. ניט געקוקט דערויף, וואָס זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ קליידל העכער די קני און אין אַ קאַפּטל אינגאַנצן אָן אַרבל, האָט זי אים דערמאָנט אין זײַן מאַמען, ווען זי פלעגט זיך אין אַ יאָמטעוודיקן אָוונט אומקערן נאָכן דאַוונען פונעם גאַגאַלעווסקן בעסמעדרעש. מיט וואָס דאָס וויבל האָט עס אים דערמאָנט, ווייסט נאַכמען נאָך אַליין ניט. עפּשער מיט דעם שוואַרצן שאַלכל אַפן קאָפּ און מיט דעם, ווי גאָטספאַרזיכ־טיק זי האָט געהאַלטן אַ גראָבן בוך אונטערן אָרעם.

— איר קענט מיך, וואָס איר קוקט אַזוי אַף מיר? — טוט זי אים ווידער אַ פרעג מיט איר האַלבזינגעוודיק קאָל.

— כ'ווייס, — פאַרענטפערט זיך נאַכמען, — ס'קאָן זיך אַמאָל מאַכן, אַז יאָ, ווײַל כ'האָב אויך אַמאָל דאָ געוווינט.

— וואָס הייסט באַ אײַך, אשטייגער, אַמאָל? פאַר דער מילכאָמע?

— אָבער מיט אַ היפּש ביסל פריִער, ווי איר קלערט. קאָן זײַן, אַז איר זײַט נאָך גאָר דעמלט אַף דער וועלט ניט געווען. וואָס לאַכט איר?

צעלאַכט זי זיך שטאַרקער.

— אין וויפל אן ערעך שאצט איר מיך עס? ווען ניט די מילכאָמע, וואָלט איך איצטער מיסטאמע שוין געווען אן עלטערבאָבע. איז צו וועמען דארפט איר דאָ?

— אייגנטלעך, צו קיינעם ניט. כ׳האָב פאָשעט געוואָלט א קוק טאָן, ווי הייסט די גאס.

— אָט איצטער זע איך, אז איר זײַט טאקע גאָר לאנג פונדאנען, וויבאלד איר ווייסט ניט, אז נאָוואָפרעלאָזשענע הייסט שאָלעם־אלייכעמסקע. ס׳איז דאָך שוין א שאָק מיט יאָרן דערין. און ווו האָט איר דאָ נאָכדעם געוווינט? טאקע דאָ דערביי, אָף קאָטליארעווסקי? אנט־קעגן דער באָד? דער סאָף איז גוט. איך האָב דאָך געקענט אײַער מאמען, אונדז צו לענגערע יאָר. און דער ברודער אײַערער, ווי כ׳האָב געהערט, איז אויך אומגעקומען אָף דער מילכאָמע, ווי מײַן מאן, אָלעווהאשאָלעם. אײַער ברודער האָבן דאָ אלע געקענט. נאָך דער ארבעט, — ער איז, דוכט מיר, געווען א טרעגער אָף דער מיל, — פלעגט ער פאָרלייענען דאָ בא אונדז אין לייען־שטיבל שאָלעם־אלייכעמס ביכלעך. און אז מע פלעגט אים שטארק בעטן, פלעגט ער אונדז עפעס אויסזינגען אויך. דער צווייטער קאָזלאָווסקי. קאָזלאָווסקי, זאָגט מען, איז אויך געווען אמאָל א היגער. זײַט איר, הייסט עס, געקומען פאָשעט א קוק טאָן אָף דער שטאָט. זיך פארבענקט? פאראן נאָך וואָס צו בענקען. איר וועט זי אָבער ניט דערקענען. געוואָרן א קראַך. און שיין, ווי די וועלט, זיך נאָר טאקע צו שפיגלען אין איר. און נאָוואָ־פרעלאָזשענע איז אויך ניט דאָס, וואָס געווען. געוואָרן א גאס מיט גאסן גלײַך. איר האָט דאָ, ווי איר זעט, אספאלטירטע טראָטואַרן מיט אן אספאלטירטן ברוק, און אין די הײַזער הייסע וואסער, מיט גאז, מיט צענטראלער באהייצונג, נו, ווי סע פירט זיך הײַנטיקע צײַטן. נאָר דאָס יידישע לייען־שטיבל איז שוין ניטאָ. און ווען עס זאָל אפילע פארבלײַבן, איז שוין, אייגנטלעך, ניטאָ, ווער ס׳זאָל קומען הערן א יידיש ביכל. דער אוילעם איז דאָ קימאט אינ־גאנצן אן אנדערער. ווייסט איר וואָס, כ׳וועל זיך דורכגיין מיט אײַך, ווײַל אָן מיר, האָב איך מוירע, וועט איר דאָ איצט גאָרניט טרעפן. וואָרט דאָ צו אָף מיר. כ׳שפרינג נאָר ארײַן אָף א רעגע אהיים. כ׳וווין דערבײַ אפן ראָג, לעבן דעם שטיבל אָף פאריזשסקע קאָמונע, ווו מע גאזירט אָן די סיפאָנען.

דאָס, וואָס נאכמען האָט אָנגעטראָפן אָף א מענטשן, וואָס איז געווען באקענט מיט זײַן מישפאָכע, איז ניט געווען פאר אים אינגאנצן אומדערוואַרט. נאָר אז ער זאָל שיר ניט אין דער ערשטער מינוט זיך אָנשטויסן דאָ אָף אזא מענטשן, וואָס האָט, ווי צו זען, וואָס צו דער־ציילן און זוכט, דאכט זיך, וועמען צו דערציילן, דערויף האָט נאכמען זיך בעפיירעש ניט געריכט. לאָזט ער שוין ניט אײַן די באקאנטשאפט, וואָס וועט אים, פילט ער, צוניץ קומען, ווען ער וועט זיך זעצן צום שרײַבטיש, און טוט זי היימישלעך א פרעג:

— וואָס פאר א ביכל האלט איר עס?

— פיאָטער דער ערשטער. כ׳לייען עס שוין צום דריטן מאָל אוודע. כ׳האָב מעסוקן ליב איסטאָריטשעסקע ראָמאנען, גיי מאמעש אויס. כ׳האָב שוין באלד דורכגעלייענט אלע איסטאָ־ריטשעסקע ראָמאנען אין ביבליאָטעק.

— און איך האָב געמיינט, — גיט זאָמער צו איר א זאָג נאָך מער היימישער, — אז ס׳איז א מאכזער, און אז דאָס גייט איר פון דער גאָגאָלעווסקער שול.

ענטפערט זי אים אָפ מיט א שמייכל:

— און וואָס מיינט איר, איך גיי טאקע פון דעם גאָגאָלסקן קולטור־הויז, ווו ס׳איז געווען אמאָל, אויב איר געדענקט, די קאָרשול. איך בין דאָרט פארשריבן אין ביבליאָטעק, — זי מאכט א טראָט און בלײַבט שטיין. — מירן עפשער אָפליגן אונדזער גאנג אָף מאָרגן? ס׳איז שפעטלעך א ביסל. אָף נאָוועפרעלאָזשענע דארף מען גיין פארנאכטלעך. באטאָג וועט איר דאָרט קנאפ וועמען טרעפן: דער אוילעם איז אָף דער ארבעט. פאָלטאָווע אונדזערע איז גע־וואָרן א זאוואָדסקע שטאָט, און שאָלעם־אלייכעמסקע — א זאוואָדסקע גאס. איז קומט צו מיר מאָרגן ארום זעקס, זיבן אָונט, וועל איך מיט אײַך מיטגיין. אָט אין דער כאלופע וווין איך. די ערשטע טיר אין קאָרידאָר אָף רעכטס. איר זאָלט נאָר ניט פארגעסן אָנבייגן דעם קאָפ אין קאָרידאָרל. דער באלקן איז דאָרט שטארק א נידעריקער. נו, און רופט מען מיך ביילע. וויבאלד איר זײַט מיט א צײַט נאָך פאר דער מילכאָמע ארויסגעפאָרן פונדאנען, קענט איר מיך ניט קענען, אָבער דעם טאטן מײַנעם, אריע־לייב דעם באלעגאָלע, האָט איר גע־דארפט פארגעדענקען, וואָרעם ווער האָט אים ניט געקענט. וועגן דעם אלטן בינדיוזשניק מענדל קריקן, נו, בעני קריקס טאטן, האָט איר ווען־ניט־איז געלייענט? אָט אזא איז געווען מײַן טאטע. א גוואר א ייד, איינער אין שטאָט. און דעם מאן מײַנעם האָט איר אויך געדארפט קענען. מיכקע האָט מען אים גערופן. דער ערשטער קאָמיקער געווען אינעם דראמקרײַז בא די קוסטארן. און פייסאכאָוויטשן דעם פאבריקמאכער דארפט איר, זיכער געדענקען. ער האָט דאָך געוווינט מיט אײַך אָף איין גאס. איך האָב מיט אים געארבעט אין איין פאבריקמאכערסקע. איך

ביז א דאַמסקע מײַסטער. ערשט א פּאָר יאָר, אַז איך בין אַף פּענסיע. נו, און איר, וואָס טוט? נאכמען באַווײַזט איר ניט ענטפערן, ווי זי שלאָגט אים איבער:

— הערט, איר האָט שוין טאָקע פאַרגעסן מאַמעלאָשן, צי איר זײַט אויך שוין פון די, וואָס היטן זיך אויסריידן א יידיש וואָרט. פאַראַן בא אונדז אַזעלכע.

קוקט פאַרכידעשט נאכמען זי אָן. ווײַזט אויס, ער האָט עס אַליין ניט באַמערקט. ער האָט אָבער מיט וואָס זיך צו פאַרענטפערן. א מענטש, וואָס איז אָפּט אונטערוועגנס און וואָס ניט אומעטום האָט ער מיט וועמען אויסצורײדן א יידיש וואָרט, באַמערקט דערנאָך ניט, אַז אַפילע מיטן ווײַב רעדט ער די ערשטע עטלעכע טעג א סאַך זעלטענער אַף יידיש, ווי דאָס טרעפט צומאָל מיט אים, כאָטש די פרוי זײַנע האָט זיך געלערנט אי אין א יידישער שול, אי אין א יידישן אינסטיטוט.

דערציילנדיק עס ביילען, גיט ער פאַריינוועגס בא איר א פרעג, און שוין, ווי זי זאָגט, אַף מאַמעלאָשן:

— נו, און יידישע ביכער לייענט איר?

— א מאָשל. כ'האָב זיי שוין אַלע לאַנג איבערגעלייענט. צי ס'זײַנען פאַראַן שוין נײַע? איסטאָריטשעסקע אַפילע? אין דער ביבליאָטעק בא אונדז, ווו כ'בין פאַרשריבן, זעט מען זיי ניט. מע דאַרף א פרעג טאָן אין אַנדערע ביבליאָטעקן. זאָגט איר, אַז אַף יידיש זײַנען אויך דאָ איסטאָריטשעסקע ראָמאַנען? הער נאָר...

וויבאַלד זייער גאַנג אַף דער שאָלעם־אַלייכעם־גאַס ווערט אָפּגעלייגט אַף מאָרגן, און ניט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק באַגעגנסטו א פאַרטיק געשטאַלט — כאָטש נעם און פאַרשרײַב ביילעס איטלעך וואָרט אַף א מאַגניטאָפאָן און פאָטאָגראַפיר זי אָפּ מיט אַלע אירע טנועס, איז ווי טוט מען איר ניט צוליב און מע גייט ניט ארײַן א קוק טאָן, ווי פײַן און געמיטלעך ס'איז בא איר. דאָס פאַרבעטן אים צו זיך איז בא איר, קענטיק, א שטיקל צוגרייטונג צו דעם, וואָס אים שטייט פאָר מאָרגן צו זען אַף דער שאָלעם־אַלייכעם־גאַס, וואָרעם כאָטש ביילע די אַלמאָנע, אריע־לייב דעם באַלעגאָלעס טאָכטער, וווינט שוין איצט אַף דער אַמאָליקער דוואָריאַנסקע — אַף דער גאַס פאַריזשער קאָמונע, האַלט מען זי סײַווי פאַר א נאָוואַפּרעלאָזשענערן, זי שעמט זיך, כאַלילע, ניט דערמיט. פאַרקערט, א נאָוועפּרעלאָזשענער, — זאָגט זי, — ווער ער זאָל ניט געוועזן זײַן, איז ער שטענדיק געוועזן נעענטער צו דעם פּראָלעטאַרסקן קלאַס, ווי צו דעם קוסטאַרנעם.

— נו, וואָס? — צעפירט ביילע די הענט, אָנצײַגנדיק די שײַן אין צימער.

קיין גרויסע פאַרוווּנדערונג האָט נאכמען ניט ארויסגעוויזן פון דעם, וואָס ער האָט דערזען פאַר זיך א פײַן מעבלירט צימערל, און וואָס אין צימערל האָט ער געטראָפן שטיין א טעלעוויזאָר מיט א גרויסן עקראַן, א טראַנזיסטאָר און אַפילע א מאַגניטאָפאָן. אַף אים האָט עס געמאַכט דעם זעלבן רושעם, וועלכן ס'וואָלט אַף אים געמאַכט, אַשטייגער, אַמאָליקע יאָרן, ווען ער דערזעט בא יענעם א וואַלגערהאָלץ צי א זאַלץ־ברעטל. פאַרוווּנדערט האָט אים אָבער, וואָס דאָס דאָזיקע באַלעבאַטיש אויסגעשטאַט צימערל געפינט זיך אין אַלטער כיבאַרע, און וואָס דערקלײַבן זיך צום צימערל דאַרף מען דורך א נידעריק פינצטער קאָרידאָרל. נאָך גוט, וואָס ביילע האָט אים באַצײַטנס געוואָרנט, אַז ער זאָל אין קאָרידאָרל אָנבייגן דעם קאָפּ.

אָנשטויסנדיק זיך, אַפּאָנעם, וואָס באַטײַט זײַן ארומקוקן זיך, האָט ביילע אים גלײַך אַנטדעקט דעם סאָד, אַז דאָס דאָזיקע שטיבל וואָלט שוין לאַנג אָפּגעזאָגט נאָך זיך קאַדעש, נאָר מע וואַרט, ס'זאָל פאַרקערעווען אַהער א כעוורע בולדאָזערס און אָפּזאָגן קאַדעש נאָך דעם גאַנצן קוואַרטאַל:

— הײַנטיקע צײַטן בויט מען שוין ניט קיין שטיבער, ווי פריער. הײַנטיקע צײַטן בויט מען גאַנצע גאַסן. איר האָט געזען די אָקטיאַבערסקע? ס'איז דאָך אינגאַנצן, קאָן מען זאָגן, א נײַע גאַס.

בא דער העלער שײַן אין צימער האָט נאכמען גלײַך באַמערקט דעם טאָעס זײַנעם. די פרוי אינעם קורצן קליידל און אינעם קאָפּטל אָן אַרבל, וועלכע לייענט נאָר איסטאָריטשעסקע ראָמאַנען און וואָס האָט איבערגעלייענט אַלע יידישע ביכער, זעט אויס שוין גאָר ניט אַזוי יונג, ווי דאָס האָט זיך אים אויסגעוויזן אין דרויסן. און דעם סאָד, פאַרוואָס זי האָט אין אַזא הייסן אָוונט אָנגעטאָן אָפּן קאָפּ א שוואַרץ שאַלעכל, האָט זיך פאַר אים אויך אַנטפּלעקט. זי האָט נאָך ניט צוגעקליבן, מיסטאַמע, פאַר דעם שטאַרק שיטער געוואָרענעם קאָפּ האָר קיין פּאַסיקן פּאַריק.

— נו, וואָס, ניט צו פאַרזינדיקן, איאָ? — טוט זי פונסנײַ א זאָג און נעמט זיך גרייטן

צום טיש, — פּשאַנישניקעס האָט איר מיסטאָמע שוין לאַנג ניט געגעסן, איאָ? וואָס שאָקלט איר מיטן קאָפּ? איר האָט מורא, אַז איר וועט מיך דערמיט שטעלן בעדיל־האַדאַל? אויב איר ווילט וויסן, וועט זיך באַ מיר געפינען קאָניאַק אויך. — באַ די ווערטער גיט זי אַ צעעפן ביידע אונטערשטע טירלעך פונעם סערוואַנטל און נעמט אַרויס אַ פלעשל מאַסאַנדער קאָניאַק.

קוים איז אײן שטוב דאָ מאַשקע, איז דאָך מיסטאָמע פאַראַן וועמען צו מעכאַבעד זײַן — פאַר זיך, זעט ער, האָט ביילע קיין בעכערל פון סערוואַנט ניט אַרויסגענומען. איז טוט באַ איר נאָכמען גלאַט אַזוי זיך אַ פרעג:

— אומעטיקלעך אַליין? — און וואַרט, זי זאָל אים דערויף ענטפערן: „וואָס עפּעס אַליין?". דערהערט ער אָבער:

— פריילעך, אַוואַדע ניט. מע זאָל ניט געפרוווט ווערן, ווי מע זאָגט עס, צו וואָס מע קאָן געוווינט ווערן. שוין אַ קײַמעלאָן פון עטלעכע און דרײַסיק יאָר, אַז מע איז אַליין. דער מאַן מײַנער איז פון די ערשטע טעג אַוועק אויף דער מילכאָמע און אינעם צוועלפן יאָר אומגעקומען. געווען אַ גוואַר. אַ נאַוופּרעלאָזשענער. איך בין טאַקע געווען אַ יונג ווײַבל מיט ניט קיין שלעכטער רעמעסלאָ אין דער האַנט. איר ווייסט, וואָס הייסט אַזוינס אַ דאַמסקע פאַבריקמאַכערשע? אָבער מיט אַן אויפּעלע אויף די הענט. ייִנגערע און שענערע פון מיר זײַנען נאָך דער מילכאָמע פאַרבליבן אייביקע אַלמאָנעס. און רײַך בין איך געווען, נאָר מיט צאָרעס... ס'איז ניט צו דער נאַכט צו דערציילן. מירן מיט אײַך מאָרגן זײַן אויף דער שאָלעם־אַלייכעמסקע, וועל איך אײַך ווײַזן, ווו מיר האָבן געוווינט. געהאַט אַן אייגן שטיבל, ניט קיין פּאַלאַץ, פאַרשטייט זיך, צו איוואַן שעמיאַקינען איז אונדז געווען ווײַט, נאָר גאָרניט. נו יאָ, וויבאַלד איר האָט אין די קינדער־יאָרן, ווי איר זאָגט, געוווינט אויף אונדזער גאַס, איז דאַרפט איר געדענקען דעם באַרג, מיט וועלכן מע פלעגט זיך קאַראַבקען, קעדיי ניט אָנלייגן קיין איבעריקן וועג צו די באַטעמעדראַשים אויף גאַגאָלעווסקע. און די קאַלאַנקע, וווהין מע פלעגט גיין נאָך וואַסער, געדענקט איר דאָך, מיסטאָמע, אויך. אָט פונקט אַנטקעגן האָבן מיר געוווינט. טאַקע דאָרט, באַ דער קאַלאַנקע, האָט מיך געטראָפן דער גרויסער בראָך. פאַרטאָג, אין סאַמע רעכטן מיטן שלאָף, זײַנען אָנגעפלויגן זייערע אַעראָפּלאַנען. האָב איך אַ כאַפּ געטאָן פון די בעטלעך מײַנע דרײַ קינדערלעך און זיך געלאָזט מיט זיי לויפן, וווהין די אויגן טראָגן. גיי אָבער לויף מיט אַן אויפּעלע אויף די הענט און מיט צוויי ברעקלעך קינדער באַ די זײַטן, וואָס האָבן זיך אײַנגעקלאַמערט אין מײַן קליידל און לאָזן קיין טראָט ניט מאַכן. דערצו נאָך בין איך געווען אויף דער צײַט. און די אַעראָפּלאַנען טראָגן זיך מאַמעש איבערן קאָפּ. האָב איך זיך אַרויסגעריסן פון מײַנע קינדערלעכס הענטעלעך און אַ פאַל געטאָן מיטן אויפּעלע אויף די הענט אין אַ דערבײַיקן גראָבן. איך הייב אויף דעם קאָפּ, אַז ווינד און וויי איז מיר. די באָמבע, וואָס האָט געדאַרפט טרעפן מיך, האָט געטראָפן אין מײַנע ביידע קינדערלעך... ניטאָ מער מײַן איציקל מיט מײַן כאַוועלע. און איך, ווי איר זעט, לעב...

די שײַן אין צימער, וואָס איז מיט יעדער רעגע געוואָרן אַלץ טונקעלער, האָט זיך אײַנגאַנצן אויסגעלאָשן אונטער נאָכמענס שווער אַראָפּגעפאַלענע ווײַעס, און, ווי פון ערגעץ מעסוקן ווײַט, איז צו אים איצט דערגאַנגען ביילעס קאָל:

— און נאָך אַזאַ בראָך טרעפט מיך אַ נײַער דונער. אין וועג, בײַס דער עוואַקואַציע, איז קראַנק געוואָרן דאָס דריטע קינד, אַ ייִנגעלע, אין זײַן פּאָנעם איז ניט אַרײַנצוקוקן, שיין, ווי די וועלט, און פאַר איינע צוויי טעג ווערט ער, נעבעך, פאַרברענט פון אַ לונגען־אָנצינדונג. און איך, ווי איר זעט, לעב... באַשערט געווען, איך זאָל ווידעראַמאָל ווערן אַ מאַמע און אויף דער עלטער האָבן נאָכעס פון אַן אייניקל. ס'איז, זאָג איך אײַך, טאַקע נאָר גאָטס ווונדער. באַ אַזעלכע צאָרעס איז באַ מיר געבוירן געוואָרן אַ ייִנגעלע, אויף אַלע גוטע פרײַנט מײַנע געזאָגט געוואָרן. הויך, שיין און קלוג. אַ מאַיאָר איז ער. דאַרף אָט־אָט ווערן אַ פּאָדפּאָלקאָווניק. און דאָס אייניקל, צוויי טראָפּן אינעם זיידן, אין מײַן מיכלען, אָלעווהאַשאָלעם, כאָטש די שנור איז באַ מיר, ווי די מאָדע איז הײַנט, ניט קיין ייִדישע.

דאָ האָט זיך אָן עפן געטאָן די טיר, און ס'האָט זיך אַרײַנגעשטעלט אַ הויכע עלטערע פּרוי מיט אַ ליכטיק, ווי אָן אופגעשניטענע כאַלע, שמייכלענדיק פּאָנעם. דערזען אויפן טיש אַ פלעשל קאָניאַק און אַ מאַנצבל דערבײַ, איז זי געבליבן שטיין אין פאַרלעגנהײַט און שטיל אַרויסגעבראַכט:

— אַ גוטער אָוונט.

— אַ גוט־יאָר. וואָס זײַט איר, פייגע־לעבן, געבליבן שטיין באַ דער טיר? זאָל זיך אײַך גאָרניט אויסווײַזן... איר קענט מיך, דאַכט זיך, ניט פון נעכטן. איר ווייסט, ווער דער דאָזיקער מענטש איז? — און טוט אַ טײַטל אויף נאָכמענען מיט די לעבעדיקע אויגן. — אַ נאַוועפּרעלאָזשענער.

— טאַקע?

נאַכמען האָט זיך אַנגערופן און באַלד צוגעגעבן, אַז זי קען אים, מיסטאָם, ניט, ווײַל שוין אַ וועלט מיט יאָרן, ווי ער איז פונדאַנען אַרויסגעפאָרן.

— און, פונדעסטוועגן, געקומען אַ קוק טאָן אויף דער היים, — נעמט זיך ביילע דערציילן עטוואָס גענויער וועגן דעם גאַסט, — האָט ער אָבער פאַרשפּעטיקט. און ווייסט איר, פייגע־לעבן, ווו זיי האָבן געוווינט? טאַקע דאָ גלײַך, אַנטקעגן דער באָד, אינעם הויף, ווו ס'האָבן געוווינט די דונאַיעווסקיס.

— וועלכע דונאַיעווסקיס?

— וואָס איז מיט אײַך? איר האָט קיינמאָל ניט געזען, פייגע־לעבן, די „וועסיאָלײַע רעביאַטאַ" און די „דעטי קאַפּיטאַנאַ גראַנטאַ"? און „שיראָקאַ סטראַנאַ מאָיאַ" איז דאָך אויך זײַנע, נו, דעם זון זײַערנס, מײַן איך. זיי האָבן טאַקע געוווינט אינעם זעלבן הויף, וואָס איר, צי אינעם שכייניסדיקן? — ווענדט זי זיך צו דעם שווײַגעוודיקן נאַכמענען און טוט בעשאָסמײַסע אַ מאַך צו זיך אַליין מיט די הענט. — וואָס איז די נאַפקעמינע? ביידע הויפן זײַנען שוין ניטאָ. מע בויט דאָרט איצט אַ מאַכינע, אַז ס'איז גאָר מיטן אויג ניט אַרומצוכאַפּן, אָט ווי דער אַלמאַזנער, דאָרטן, באַ אײַך.

— צוגעגלײַכט, — שטעלט זיך פייגע גלײַך אײַן פאַרן קאָווער פונעם אַלמאַזנעם זאַוואָד, — יענער איז דאָך די גרייס פון אַ פעלד. זײַט איר טאַקע, כאָווער, — דרייט זי אויס דאָס ליכטיקע געזיכט אירס צו דעם שווײַגעוודיקן גאַסט, — אַראָפּגעקומען אַהער פּאָשעט אַ קוק טאָן אויף אונדזער שטאָט?

— וואָס, אייגנטלעך, ווונדערט איר זיך אַזוי, פייגע־לעבן? — נעמט זיך ביילע אָן פאַרן גאַסט. — וויפל איז שוין, זאָגט מיר, ווי איר האָט זיך אַריבערגעצויגן פונדאַנען אינעם אַלמאַזנעם מיקראָ־ראַיאָן? באַלד אַ יאָר, אויב ניט מער, און ניטאָ, דוכט מיר, די וואָך, איר זאָלט זיך ניט אַראָפּכאַפּן אַ קוק טאָן אויף דער שאָלעם־אַלייכעמסקע, כאָטש קימאַט אַלע אונדזערע נאָוועפּרעלאָזשענער האָבן זיך איבערגעקליבן אין די מיקראָ־ראַיאָנען. איך זאָל געווען זײַן אַ קאַפּעקעלע יינגער, — ווענדט זי זיך שוין צו נאַכמענען, — וואָלט איך אויך אוועק אַרבעטן אויפן אַלמאַזנעם. מיט דער צײַט וואָלט איך מיסטאָמע געקראָגן דאָרט אַ דירע אויך. איר זײַט נאָך ניט געווען אינעם אַלמאַזנעם מיקראָ־ראַיאָן? ראָט איך אײַך דאָרט זײַן. לעמאַנהאַשעם. ס'איז אויף אַרופּצו, מיט דער קאָבעליאַקסקער גאַס.

— מיט דער פּרונזע־גאַס, הייסט עס, — נאַכמען גיט זיי דערמיט ווי אָנצוהערן, אַז ער ווייסט שוין אויך די נײַע נעמען פון אַ סאַך גאַסן.

— נו יאָ, מיט דער פּרונזע־גאַס. דער אַלמאַזנער מיקראָ־ראַיאָן — דאָס איז אַ גאַנצע שטאָט, און וואָס פאַר אַ שטאָט! איר זאָלט אַ קוק טאָן, סאַראַ פּראָספּעקטן, סאַראַ סקווערן, סאַראַ מויערן! פייגע־לעבן, אויף וועלכן עטאַזש וווינט איר? אַך, נו יאָ, אויפן צענטן. איך וואָלט ניט געקאָנט וווינען אַזוי הויך. וויפל מאָל איך בין באַ אײַך ניט געווען, בין איך, דוכט מיר, קיין איין מאָל ניט אַרויס אויפן באַלקאָן. מיר פאַרדרייט זיך גלײַך דער קאָפּ. לאַכט זי פון מיר, די שנור אײַערע, אינעסיע. די יינגערע שנור אירע, — טוט ביילע אַ פיר איבער די אויגן פון נאַכמענען אויף פייגען — איז אויך, ווי די מאָדע איז הײַנט, ניט קיין ייִדישקע. גיט זיך פייגע אַ כאַפּ אויף:

— וואָס עפּעס גאָר ווי די מאָדע איז הײַנט?..

— וואָס זשע דען? ווען דו גיסט ניט אַ כאַפּ פון באַקאַנטע, איז אָדער די שנור, אָדער דער איידעם, און צומאָל אי די שנור, אי דער איידעם.

— אַ מאָשל, — שלאָגט איר איבער פייגע, — דער גאַסט אײַערער קאָן טאַקע מיינען, אַז באַ אונדז אין שטאָט...

— ער האָט ניט וואָס צו מיינען, פייגע־לעבן. באַ זיי איז, מיינט איר, ניט דאָס זעלבע? ס'איז אויף דער גאַנצער וועלט הײַנט אַזוי, האָב איך געהערט. איבעראַל.

— זאָלט איר מיר געזונט זײַן, ביילע טײַערע. וואָס רעדט איר? וואָסי, ייִדישע באָכערים האָבן מיטאָמאָל זיך אויפגעהערט פאַרליבן אין ייִדישע מיידלעך און ייִדישע מיידלעך אין ייִדישע באָכערים? די זאַך, ווי סע זאָגט מײַן לייזער, איז, אויב איר ווילט וויסן, גאָר אין עפּעס אַנדערש.

צי דען גייט ביילען אַזוי שטאַרק אָן די זאַך, וואָס זי האָט ווידער פאַרפירט וועגן דעם אַ ריידן? נאַכמען וויל אָבער אָפּרײַער אויסהערן, וואָס זאָגט וועגן דעם דאָזיקן איניען פייגעס מאַן, לייזער דער בלעכער. וואַרט נאַכמען דערווײַל צו מיט זײַנע פראַגן, וועלכע ער האָט זיי ביידן צו שטעלן, קעדיי ווען ער וועט זיצן באַם שרײַבטיש, זאָל ער ניט דאַרפן אויסטראַכטן פון קאָפּ, וואָס צו ענטפערן.

— לייזער מײַנער זאָגט, אַז די זאַך איז ניט נאָר אין דעם, וואָס דאָרט, ווו ס'זײַנען געווען די היטלעראָווצעס, פאַרברענט און פאַרסאַרפּעט זאָלן זיי ווערן, איז געוואָרן שיטער־לעך מיט ייִדן. די זאַך איז נאָך אין דעם, וואָס די שטאָט איז שוין ניט די, וואָס אַמאָל. ערשטנס, איז זי אין צוויי מאָל, אויב ניט אין דרײַ מאָל גרעסער ווי געווען, און וואָס גרע־סער די שטאָט איז, אַלץ וויניקער האָט מען באַקענטע. ס'אַ פּאַשעטער סייכל. פון זינט מע האָט גענומען מיט איין טראַסק אַראָפּטראָגן גאַנצע גאַסן און מיט איין טראַסק, ווי מע זאָגט עס, אויסבויען נײַע, איז דאָך ביכלאל ניט שײַך, אַז ייִדן זאָלן וווינען צוזאַמען, ווי פריִער. ווו וועמען מע גיט אַ דירע, אַהין קלײַבט מען זיך אריבער, און ס'איז געוואָרן אויס מיט די ייִדישע גאַסן און מיט ייִדישע הויפן. אפילו שאָלעם־אַלייכעמסקע איז דאָך שוין הײַנט ניט קיין ייִדישע גאַס. איז פּרווו אונטערהאַלטן באַקאַנטשאַפט מיט די פריִערדיקע שכיינים, אַז דער וווינט אין איין מיקראָ־ראַיאָן, יענער אין אַ צווייטן מיקראָ־ראַיאָן... זעט מען זיך טאַקע איין מאָל אין אַ שמיטע. ווער האָט עס צײַט זיך שלעפּן אַזאַ מעהאַלעך צו געסט. נו, איז פאַרפירט מען נײַע באַקאַנטשאַפט, און ניט אין יעדן הויז, ווו איר וווינט, זײַנען דאָ ייִדן, ווי בא אונדז, אַשטייגער. און וויפל מענטשן, מיינט איר, וווינען אין אַזאַ הײַזקעלע, ווי אונדזערס? מער ווי אַף גאַנץ נאָוופּרעלאָזשענע...

— כ'פאַרשטיי אָבער ניט,— שטעלט זי אָפּ ביילע און קוקט אַפן שווײַגנדיקן גאַסט,— אַנטקעגן וואָס דערציילט איר עס אונדז?

— טאַקע אַנטקעגן דעם, וואָס איר זאָגט, יאָ אַ ייִדישע שנור, ניט קיין ייִדישע שנור. ווו פלעגט זיך אין די פריִערדיקע יאָרן, נו, פאַר דער מילכאָמע, באַקענען אַ באָכער מיט אַ מיידל? אויב ניט אַף דער זעלבער גאַס, ווו מע האָט געוווינט, אָט ווי איך מיט מײַן לייזערן, אַשטייגער, אין מיט אַ פאָר גאַסן ווײַטער. אַז מע האָט זיך גאָר ניט געדאַרפט באַקענען, מע האָט זיך געקענט פון קליינווײַז אויף. ווי גרויס די שטאָט אונדזערע איז ניט געווען, האָט קימאַט איטלעכער געקאַנט איינער דעם צווייטן, שיר ניט ווי אין שטעטל. איצט אָבער, אַז מע איז פאַנאַנדערגעוואָרפן איבער דער שטאָט אַף קילאָמעטערס ווײַט, איז דאָך ביכלאל ניט שײַך. ווי זאָגט מען עס: דאַלי אָטשי... וויבאַלד מע זעט זיך איין מאָל אין אַ יויוול מיט די, מיט וועמען מע האָט אַ לעבן אָפּגעוווינט אַף איין גאַס, אפילו אין איין הויף, הייבט מען ביסלעכווײַז אָן צו פאַרגעסן איינע די צווייטע. ס'איינציקע אָרט, ווו סע באַגעגנט זיך הײַנט אַ באָכער מיט אַ מיידל, איז דער זאַוואָד. וועסט דאָך ניט גיין זאָגן יענעם: הער, אין דער און דער ליב זיך יאָ אײַן, און אין דער און דער ליב זיך ניט אײַן... ליבע, ביילינקע, איז אַ בלינדע זאַך. דעריקער, ס'זאָל נאָר זײַן מיט מאַזל. וואָס, אַשטייגער, קאָן איך האָבן צו מײַן שנור? און איר, ביילע, וואָס קאָנט האָבן צו אײַער נאַדיען?

— כ'זאָג דען עפּעס? האַלעווײַ אַף ווײַטער.

— אײַ עס טרעפט, סע קלעפּט זיך ניט, נו און צווישן אַ ייִדישן באָכער מיט אַ ייִדיש מיידל טרעפט עס דען ניט? האַ, וואָס וועט איר זאָגן?— האָט פייגע זיך געווענדעט צו נאָכ־מענען.— צי בא אײַך דאָרט, אין שטאָט, קומט מען אָן צו שאַדכאָנים? בא אונדז, שמועסט מען, זײַנען אויך דאָ שאַדכאָנים, זאָגט אָבער מײַן לייזער...

— הערט, כ'האָב גאָרניט געוווּסט, אַז אײַער לייזער איז אַ גאַנצער פילאָסאָף,— שלאָגט ביילע איר איבער און רוקט צו נעענטער צו נאָכמענענען דעם טעלער מיט די אָפּגעקאָכטע פּשעניטשניקעס,— לאָזט זיך ניט בעטן. איר וועט מיך דערמיט, ווי כ'האָב אײַך שוין גע־זאָגט, בעדיל־האַדאַל ניט שטעלן. איר זעט דאָך, אַז איך דאַרף, כאַלילע, צו קיינעם ניט אָנקומען. פייגע־לעבן, אײַך דאַרף איך אויך בעטן? דאַנקען וועט איר נאָכדעם.

— איר ווייסט, ביילע, נאָך וואָס כ'האָב זיך הײַנט געשלעפּט צו אײַך אַזאַ ווײַט? כ'בין געקומען אײַך דערמאָנען, אַז איבעראַכטאָג מיטוואָך האָבן מיר טישעבאָוו. כ'ווייס נאָר ניט, ווען זאָל איך פאָרן אַפן פעלד, מאָנטיק צי דינסטיק.

— איך פאָר אַלע יאָר ערעוו טישעבאָוו, וועל איך שוין דאָס מאָל אויך פאָרן ערעוו טישעבאָוו. איר ווייסט, ווו דאָס הייליקע פעלד איז?— ווענדט זיך ביילע צום גאַסט.

— זיי האָבן דאָ עמעצן?

— וועלכער פאָלטאַווער ייִד, פייגע־לעבן, האָט עס ניט נאָך אַזאַ מילכאָמע עמעצן אַפן בעסאַלמען. אויב איר ווילט,— רופט זיך ביילע ווידער אָן צום גאַסט,— קאָנט איר קומען אַהער צו מיר דינסטיק אַרום איינס־צוויי באַטאָג, וועלן מיר פאָרן צוזאַמען. ס'איז גאַנץ ווײַטלעך, נאָר סע גייט אַהין אַן אויטאָבוס. איצטער הייסט עס שוין ניט, ווי פריִער, פאַברי־קאַנסקע. איצטער הייסט עס באַלאַקינאָ. נו, און צו מיר, מײַן איך, וועט איר טרעפן. הערט נאָר, פייגע, עפּשער וואָלט איר זיך מאָרגן גאָר אַרײַנגעכאַפּט צו מיר, און מיר וואָלטן ביידע

געגאַנגען באַוויַיזן דעם גאַסט שאָלעם־אַלייכעמסקע. אַליין וועט ער דאָרט גאָרנישט ניט זען און גאָרנישט ניט טרעפֿן.

— וואָס האָט ער, אייגנטלעך, דאַרטן צו זען און צו טרעפֿן? די עמעסע נאָוועפּרעלאָזשענע, כאָווער, איז איצט ווו דער אַלמאַזנער. און אַז איר וועט זיַין אָפּן אַלמאַזנעם, זאָלט איר זיך לעמאַנהאַשעם אַריַינכאַפּן צו אונדז. ביילע ווייסט, ווו מיר וווינען.

זאַמער האָט זיי ביידן פֿיַין באַדאַנקט, נאָר צי וועט ער מאָרגן קאָנען זיַין בא ביילען, זי זאָל מיט פֿייגע־לעבן אים פֿירן וויַיזן די היַינטיקע נאָוועפּרעלאָזשענע, ווייסט ער נאָך ניט דערוויַיל. ער האָט דאָ זייער א סאַך גענג.

# II

דער ערשטער פֿון די גענג, וועלכן נאָכמען זאַמער האָט נאָך נעכטן, קומענדיק פֿון ביילען, אָנגעמערקט אַף היַינט,— איז דורכגיין זיך פּאַשעט און פּראָסט איבער דער שטאָט גאַס־אַיַין און גאַס־אויס, ווי, געוויינלעך, א גאַסט אַף א וויַיל... און געגאַנגען איז ער קימאַט אָן דער מינדסטער האָפֿענונג, אַז ער זאָל עמעצן באַגעגענען פֿון זיַינע אַמאָליקע באַקענטע, און זאָל אים דערקענען, צי עמעצער פֿון זיי זאָל אים דערקענען. וועהאַריַיע: ער דערקענט דאָך שוין באַלד קוים די גאַסן, מיט וועלכע ער איז אַזויפֿיל יאָרן טאָג־אַיַין און טאָג־אויס געגאַנגען.

איבעריקס זיך וווּנדערן, וואָס דערוויַיל האָט אים נאָך קיינער ניט אָפּגעשטעלט און ער האָט נאָך דערוויַיל קיינעם ניט אָפּגעשטעלט, האָט ער, זיכער, ניט וואָס,— ער איז שוין פּאַרט היפּשלעך אַריַינגעפֿאָרן אינעם זיבעטן יאָרצענדליק, און נאָך זעכציק יאָר, אַפֿילע פֿריִער, נעמט מען זיך ביסלעכוויַיז גאַנץ פֿיַין ענדערן, עס טרעפֿט— ביז צו ניט דערקענען. און ייִנגערע פֿון זעכציק יאָר צווישן זיַינע אַמאָליקע באַקענטע, אויב דער גורל איז געווען צו זיי, ווי צו אים, מיט א ביסל כעסעד און זיי אויסגעהיט, איז דאָך קיין איינער ניטאָ. דערצו איז נאָכמענען, ווי אַלעמען, מיסטאַמע, פֿון זיַין עלטער, נאָך שווער זיך צוגעוווינען קוקן אַף זיך, אויב ניט ווי אַף אַן אַלטן מאַן, איז כאָטש אַזוי, ווי ער האָט ייִנגלוויַיז געקוקט אַף א מענטשן, וועמען ס'איז געווען נאָך וויַיטלעך אַפֿילע צו פֿערציק. און עפּשער זיַינען שריפֿטשטעלער אַן אויסנאַם, און בא זיי נעמט זיך עס דערפֿון, וואָס מערסטנטייל זוכן זיי פֿאַרפֿירן געשפּרעכן מיט מער עלטערע פֿון זיך, מיט אַזעלכע, וואָס האָבן דורכגעמאַכט א לעבן און האָבן וואָס צו דערציילן. פֿונדאַנען, קאָן זיַין, נעמט זיך אויך דאָס, וואָס אַז ער באַגעגנט אַן עלטערן מענטשן, איז גיט ער אים ניט־ווילנדיק צו עטלעכע איבעריקע יאָר, ער זאָל זיך צו אים קאָנען ווענדן, ווי צו א זאַקן, כאָטש ער איז צוליב דעם שוין א פּאָר מאָל דורכגעפֿאַלן,— ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער, וועמען ער האָט אָנגערופֿן זיידע, איז גאָר ייִנגער פֿון אים. דאָס זעלבע האָט מיט אים שיִר ניט געטראָפֿן אויך היַינט.

אַרומבלאָנקענדיק א פֿרימאָרגן איבער דער שטאָט, האָט די לאַנגע און גרינע פּושקין־גאַס, ווו ער האָט געהאַט אַמאָל אַזויפֿיל באַקענטע, אים דערפֿירט צו דעם קיַילעכיקן בערעזעווע סעדל, וואָס העלפֿט צו דער זון באַלויכטן דעם פּלאַץ און די אַרומיקע היַיזער מיט זיַין שנייִקער וויַיסקיַיט און פֿרילינגדיקער יאָמטעוודיקיַיט.

ס'איז געווען וויַיט נאָך צו האַלבן טאָג, נאָר די בענק אין סעדל אַף דער שאָטנדיקער זיַיט זיַינען שוין אַלע ביז איינעם געווען פֿאַרנומען. ס'קאָן זיך, אָבער, גרינגלעך מאַכן, אַז צווישן די זיידעס און באָבעס, וואָס זאַמער האָט געטראָפֿן דאָ זיצן, זאָל עמעצער זיַין פֿון זיַינע אַמאָליקע באַקענטע. ער וועט דאָך אָבער ניט אַריַינפֿאַלן יענעם אין די רייד, צי שטיין און וואַרטן, ביז יענער וועט אופֿהערן ריידן און נעמען אים פֿאַנאַנדערפֿרעגן, ווער ער איז, ווי רופֿט מען אים, און צי געדענקט ער ניט אַזא און אַזא, וואָס האָט מיט יאָרן צוריק גע־וווינט אינעם ביסטראָווסקי־געסל, דערנאָך אַף נאָוועפּרעלאָזשענע, דערנאָך אַף קאָטליאַ־רעווסקי אַנטקעגן דער באָד, אינעם זעלבן הויף, ווו עס בויט זיך, ווי סע זאָגט ביילע די דאַמסקע פֿאַריקמאַכערן, עפּשער דאָס גרעסטע הויז אין שטאָט.

נאָר אַז מע זוכט, געפֿינט מען.

מער פֿון אַלע אַנדערע, וועלכע זאַמער האָט געטראָפֿן אין סעדל, האָט אים אויסגעזען צו זיַין קענטלעך דער מאַנצבל מיט דער לענגלעך־פֿאַרשפּיצטער נאָז און מיט די אונטער־טאַנצנדיקע אַלטמאָדישע פּענסנע אַף די קורצזיכטיקע אויגן, וואָס האָט זיך געמיטלעך דורכ־געשמועסט מיט א הויכן פּולבלעכן פֿאַרשוין, וואָס האָט אָן אופֿהער געפּאַכעט אַף זיך מיט א צונויפֿגעלייגטער ציַיטונג. דער מאַנצבל אין די פּענסנע האָט אים מיט עפּעס דערמאָנט

אין אומאַנסקין, דעם דיריגענט פונעם כאָר, אין וועלכן נאַכמען האָט ייִנגלווײַז געזונגען אין קאָרשול, אין דעם זעלבן אומאַנסקין, וואָס איז נאָכדעם געווען דער כאָרמייסטער בא זיי אין קינדערהיים. לויט נאַכמענס כּעזשבוינעס דאַרף אומאַנסקין שוין זײַן ווײַט איבער די זיבעציק, און עפּשער טאַקע אַלע אכציק. און דער זעט אויס צו זײַן אויב א סאַך... נאָר גיי שאַץ, ווען יענער איז אָן א סימען פון א באָרד און מיט אָן אָפּגעראַזירטן קאָפּ. און צוריק גערעדט, אויב ס'איז טאַקע יענער אומאַנסקי, איז דאַרף ער דאָך אים, נאַכמענען, אויב ניט דערקענען, איז כאָטש געדענקען. ער האָט דאָך מיט אים אײַנגעקנעלט די יאָמקיפּעררדיקע סאָלאָ „יאַאלע". גייט נאַכמען שוין דאָס מאָל פאַרבײַ זייער באַנק אָף דער שאָטנדיקער זײַט א ביסל לאַנגזאַמער, הערט זיך אפילע צו, ווען װאָס מע רעדט. און ווען נאַכמען דערהערט, אַז זיי ריידן ביידע צווישן זיך אָף יידיש, ווערט ער נאָך מער זיכערער בא זיך און נעמט באַצײַטנס זיך גרייטן צו דער אומגעריכטער באַגעגעניש.

דער הויכער פאַרשוין מיטן ווייער האָט, קענטיק, באַמערקט, אַז עפּעס קוקט זיך דער אומבאַקענטער צו זיי צו, און עס אויסגעטײַטשט, זעט אויס, ווי נאַכמען זאָל זיי אופוואַרפן, לעמײַ זיי האָבן זיך אַזוי ברייטלעך פאַנאַנדערגעזעצט אָף דער באַנק, וואָרעם לעבן זיי איז גלײַך פּרײַ געוואָרן אָן אָרט, וואָס וואָלט קלעקן פאַר צווייען. האָט נאַכמען זיך צוגעזעצט און א זאָג געטאָן דערבײַ צו זיך אליין, און צו זיך אליין, צי אָף א קאָל, צי ניט אָף קיין קאָל, ווענדט ער זיך געווײנלעך אָף יידיש:

— נו, א היץ. ברענט מאַמעש, ווי מיט פײַער.

— סעמיאָן נאַומאָוויטש, אָט האָט איר נאָך א פּאַלטאַוועץ, וואָס רעדט יידיש, — האָט דער, מיטן ווייער, זיך געגעבן א דריי אויס צו דעם, וואָס אין די פּענסנע, אָנוויזנדיק אָף נאַכמענען, — און איר האָט אַלץ מוירע, אַז איר ט'ניט האָבן מיט וועמען א וואָרט אויסצורײדן.

פאַרשטייט נאַכמען, אַז דאָס איז געזאָגט געוואָרן ניט מער ווי אין א שפּאַס, ווײַל דער געשפּרעך, וואָס די דאָזיקע צווײ האָבן א רעגע פריער געפירט צווישן זיך, און גראָדע אָף יידיש, האָט ניט געהאַט, דאַכט זיך, די מינדסטע שײַכעס צו דעם, וואָס ער האָט איצטער דערהערט. דאָך רופט זיך נאַכמען צו זיי אָן:

— פּאַלטאַוועץ יידן קענען שוין דען ניט קיין יידיש, וואָס איר זאָגט אַזוי? ס'איז דאָך געווען אמאָל א שטאָט, ווו מע האָט אָף טריט און שריט געהערט ריידן יידיש. — נאַכמען וויל אַרויסשטעלן פאַר אָן איידעס דעם מאַנצבל אין די פּענסנע, וועמען ער קלײַבט זיך פרעגן, צי איז ער ניט געווען דיריגענט בא יאַמפּאָלסקין דעם כאַזן און דערנאָכדעם א כאָרמייסטער אינעם יידישן קינדערהיים.

פאַרלויפט אים אָבער באַלד דער אַנדערער דעם וועג:

— מאַלע וואָס אמאָל איז געווען. אמאָל איז געווען א מיילעך. געהערט אַזא לידל? אמאָל איז געווען אמאָל, און הײַנט איז הײַנט. צײַטן בײַטן זיך. נעמט די זעלבע נאָוועפּערלאָזשענע מיטן זעלבן פּאַדאָל. פאַר דער מילכאָמע האָבן דאָרט געוווינט קימאַט דורכויס יידן, און איצט איז א פּערטל פּאַדאָל מיט א דריטל נאָוועפּערלאָזשענע אין איין מיקראָ־ראַיאָן, א פּערטל פּאַדאָל מיט א דריטל נאָוועפּערלאָזשענע אין א צווייטן מיקראָ־ראַיאָן, און די הײַזער אין די מיקראָ־ראַיאָנען זײַנען שיר ניט די גרייס פון א גאַס. נאָר גאָרניט. דער, וואָס וויל אַרײַנכאַפּן אמאָל א יידיש וואָרט, וועט שטענדיק געפינען מיט וועמען. ווי זאָגט איר, סעמיאָן נאַומאָוויטש?

נאַכמען מישט זיך דערווײַל ניט אַרײַן. אַרײַנמישן זיך וועט ער זיך שוין נאָכדעם, ווען ער וועט זיצן באַם שרײַבטיש און דערציילן, וואָס האָט ער געזען און וואָס האָט ער געהערט, זײַענדיק א גאַסט אָף א ווײַל. און וואָס האָט ער זיך צו אַרײַנמישן, אַז ער האָט ביכלאַל געהאַט א טאָעס. סעמיאָן נאַומאָוויטש, לאָזט זיך אויס, איז גאָרניט קיין היגער, פון גאָרקי איז ער. א היגער איז ער געוואָרן ערשט מיט א יאָר צוריק. אײנגאַנצן אָבער קיין טאָעס האָט נאַכמען אין אים ניט געהאַט. סעמיאָן נאַומאָוויטש האָט אויך צו טאָן מיט נעגינע. וואָס אַזעלכעס האָבן די דאָזיקע צווײ מענטשן, וואָס איינער פון זיי איז א דאָצענט פון מוזיק, דער אַנדערער א געוויינלעכער שנײַדער, אויסגעפונען איינער אין דעם צווייטן, וואָס שיר ניט איטלעכן טאָג און שיר ניט אין דער זעלבער שאָ באַגעגענען זיי זיך אין סעדל און פאַרברענגען צוזאַמען וויפל נאָר סע לאָזט זיך, — פאַרשפּאָרט שוין נאַכמען זיי צו פרעגן. דער שנײַדער, וועמען דער דאָצענט סעמיאָן נאַומאָוויטש רופט ראָמאַן דאַנילאָוויטש און וועלכער איז שוין היפּשע עטלעכע יאָר אָף פּענסיע, וואַרט ניט, אַז נאַכמען זאָל עס אים פרעגן, ער דערציילט עס אים אויס אליין. ווייסט אָבער נאַכמען ווידעראַמאָל ניט, צי זאָגט עס אים יענער ערנסט, צי אין שפּאַס.

— זעט אויס, אַז גאָרקער יידן קענען נאָך יידיש, ווי אמאָל דאָ בא אונדז. וואָרעם

פונוואַנען דען נעמט זיך, וואָס סעמיאָן נאַומאָוויטש קאָן קיין טאָג ניט אויסקומען, ער זאָל ניט אַרײַנכאַפּן מיט עמעצן...

סעמיאָן נאַומאָוויטש פּרוּווט אים איבערשלאָגן, אַרײַנשטעלן אַ וואָרט, וואָס דאַרף קלענער מאַכן די גוזמאָעס פונעם שנײַדער אי וועגן די גאָרקער ייִדן, אי וועגן אים, דעם דאָצענט גופא. לאָזט אים אָבער ראָמאַן דאַנילאָוויטש ניט. ער זיצט שוין אַזוי, אַז ער פאַר־שטעלט מיט זיך קימאַט אינגאַנצן דעם דאָצענט. מע זעט בלויז אַרויס די אונטערטאַנצנדיקע פּענסנע אויף זײַן שמייכלענדיקער פאַרשפּיצטער נאָז.

— כוץ מיר, — זעצט פאָר דער שנײַדער, — ווײַנען אויף דער דאָזיקער אינטעליגענטנער גאַס נאָך אַ פּײַן ביסל ייִדן. זײַנען זיי אָבער אַלע פאַרנומענע מענטשן. און אויסער דעם, ווייס איך ניט, צי וועלן זיי פאַרשטיין דעם ייִדיש, וואָס סעמיאָן נאַומאָוויטש רעדט. בײַ אים איז אַ ליטעראַטורנער ייִדיש, ווי אין די ביכלעך.

— ניט קיין ליטעראַטורנער, נאָר אַ ליטעראַרישער זאָגט מען, — שטעלט סעמיאָן נאַו־מאָוויטש זיך פאָרט אַרײַן.

— די נאַפּקעמינע מיר. זאָל זײַן ליטעראַרישער, — גיט אים דער שנײַדער נאָך. — בעקי־צער, האָט אים גאָט צוגעשיקט מיך, און פּונקט אין אָט די שאָען וואָרט ער שוין דאָ אויף מיר, און מיר ריידן זיך אָן, ווי די פּויקן. נאָר אַזױװי קומענדיקן כוידעש קלײַבן מיר זיך פּונ־דאַנען אַריבער אין אַ נײַעם מיקראָ־ראַיאָן, מע גיט מיר דאָרט מיט דער אַלטיטשקער מײַנער אַ באַזונדער דירעלע, איז סעמיאָן נאַומאָוויטש געוואָרן אויס מענטש. איז דאָך גאָט, ווי זאָגט מען עס, אַ פּאָטער און האָט צוגעשיקט סעמיאָן נאַומאָוויטשן אין אַנדערן אויף מײַן אָרט. — ראָמאַן דאַנילאָוויטש טרעט אָפּ זײַן פּלאַץ לעבן דעם דאָצענט נאַכמענען און קוקט שוין אויף אים, ווי אויף אַ מענטשן, וועמען ער האָט איבערגעגעבן די איניאָנים.

קוים עס האַלט שוין אַזוי ווײַט, אַז באַם איבערגעבן אים די איניאָנים, מוז ער זיך שוין, זאָמער, אַרײַנמישן, און כאַטש ער פאַרשטייט, אַז דאָס איז אויך ניט מער ווי אַ שפּאַס, דאָך אײַלט ער זיך צו זאָגן, אַז ער איז בעסאַכאַקל דאָ אַ גאַסט, אין עטלעכע טעג אַרום פאָרט ער שוין אַוועק, און פאַרייִנוועגס טוט ער שוין אַ פרעג דעם דאָצענט:

— פונוואַנען קומט צו אײַך אַזאַ גוטער ייִדיש?

— אַ שיינע זאַך. כ׳בין דאָך אַ מאַלעווער. אַ גאָרקער בין איך געוואָרן ערשט נאָך דער מילכאָמע. אין גאָרקי פעלן אויך ניט אויס קיין ייִדן, וואָס קענען אַ שיינעם ייִדיש. און דאָ, מיינט איר, פעלן זיי אויס? איך לערן מוזיק מיט קינדער אין עטלעכע ייִדישע הײַזער, ווייס איך.

— זעט, כ׳האָב עס גאָר ניט געוווּסט, — פאַלט אים אַרײַן אין די רייד דער שנײַדער, — הײַנט וואָס זאָרגט איר זיך אַזוי, וואָס איר ווערט מיך אָן?

— ראָמאַן דאַנילאָוויטש, הערט, זײַט מויכל, אויף. מע רעדט דאָך עפּעס ערנסט.

וויבאַלד מע רעדט ערנסט, האָט נאַכמען זאָמער צו אים נאָך איין פרעגע, אויף וועלכער אים קומט אויס זיך אָפּט פאַרטראַכטן באַם שרײַבטיש. וואָס וועלן אים אויף דעם ענטפערן די צוויי ניט־אויסגעטראַכטע געשטאַלטן אין דער ניט־אויסגעטראַכטער דערציילונג, וואָס ער וועט שרײַבן.

— וואָס געפינט איר אַזעלכעס אין דעם, וואָס איר קאָנט זיך דורכריידן אויף ייִדיש?

ביידע קוקן אויף אים, ווי זיי זאָלן ניט באַנעמען, וואָס פרעגט ער.

— כ׳פאַרשטיי, — נעמט זיך נאַכמען פאַרענטפערן, — אַז איר רעדט צווישן זיך אויף ייִדיש וועגן דעם זעלבן, וואָס איר וואָלט גערעדט אויף רוסיש צי אויף אוקראַיִניש.

— נו, פאַרשטייט זיך, אַז וועגן זעלבן, — רופט זיך אָן סעמיאָן נאַומאָוויטש, אַרופּרוקנ־דיק העכער די אונטערטאַנצנדיקע פּענסנע אויף דער לענגלעך־פאַרשפּיצטער נאָז. — וואָס זשע דען? נו, ווי זאָל איך עס אײַך זאָגן. אײַך קומט דאָך מיסטאָמע אויס צו זײַן אויף קאָנ־צערטן. איצט שטעלט זיך פאָר, אַז דער זינגער גיט אײַך מיטאַמאָל אַ זינג אויס אַ ייִדישע ליד. איך בין דאָ אַנומלטן געווען מיט מײַנעם אַ באַקאַנטן אַרמענער אויף אַ קאָנצערט. האָט איר געמעגט אַ קוק טאָן, ווי יענער האָט זיך עס צעשײַנט, ווען די זינגערן האָט געזונגען אַן אַרמענישע ליד. אַזוי איז עס שוין. הײַנט, אַז ניט אַלע טאָג קומט מיר אויס ריידן אויף ייִדיש, איז בענקט זיך.

— ע, סעמיאָן נאַומאָוויטש, איר זאָלט אַזעלכעס זאָגן. מיר האָבן, דאַכט זיך, פאַרן זומערדיקן סעזאָן ניט דורכגעלאָזט מיט אײַך קיין איין טאָג.

— כוץ זומער, ראָמאַן דאַנילאָוויטש, איז פאַראַן אַ ווינטער מיט אַן אָסיען, און ביכלאַל... שײַעך, אַז מע האָט ניט אַלע טאָג מיט וועמען זיך דורכריידן אויף מאַמעלאַשן, ווי מע זאָגט, איז הייבט מען אָן נאָך דעם בענקען, ווי אויף דער עלטער נאָך דער קינדהײַט, כאָטש אַ

קינדהײט, נאָך וועלכער מע זאָל דאַרפֿן בענקען, האָב איך בײַ אַ טאַטן אַ מעלאַמעד, ווי איר פֿאַרשטייט אַליין, ניט געקאָנט האָבן. צו זעכציק יאָר ווערט מען ניט קיין טשײַקאָווסקי, ניט קיין רובינשטיין. נאָר אויף דער עלטער האָב איך מיטאַמאָל אָנגעהויבן פֿאַרפּאַסן מעלאָדיעס, ייִדישע ניגונים. און ווען איך פֿאַרפּאַס אַ ייִדישן ניגון, איז בײַ מיר אַ געפֿיל, ווי איך זאָל זיך דורכריידן מיט טאַטע־מאַמע, ווי אין דער קינדהײט אויף אונדזער מאָלעווער ייִדיש.

איצט, ווען נאָכמען זאָמער ווייסט שוין, אין וועלכער שאָ אַן ערעך קאָן ער דאָ טרעפֿן זײַנע צוויי נײַע באַקאַנטע, צעשיידט ער זיך נאָך דערווײַל ניט, נאָר געזעגנט זיך, ווי מע געזעגנט זיך, געוויינלעך, מיט באַקאַנטע, מיט וועלכע מע באַגעגנט זיך אָפֿט. און אַז אין די טעג, וואָס ער וועט דאָ זײַן, וועט ער זיך נאָך ניט איין מאָל מיט זיי באַגעגענען, האָט נאָכמען ניט וואָס צו קווענקלען. דאָס בערעזעווע סעדל, וואָס האָט מיט זײַן זויבערער ווײַסקייט אים שטענדיק דערמאָנט אין דער יאָמטעוודיקער ליכטיקייט פֿונעם ערשטן שניי, געפֿינט זיך אין רעכטן מיטן שטאָט, און אויסמײַדן עס, אויב ער וויל ניט אָנלייגן קיין איבעריקן וועג, איז פּשוט אוממעגלעך.

וואָס איז מיט אים פּלוצעם אַזעלכעס געשען, וואָס ער האָט זיך געגעבן אַזוי האַסטיק אַ הייב אויף פֿון אָרט און זיך שיִר ניט געלאָזט לויפֿן, האָט ער זײַנע באַקענטע שוין ניט באַוויזן צו זאָגן. און געשען איז דאָס, וואָס ס'איז אים פּשוט אַרויס פֿון זינען, אַז אויף דער פּאָסט קאָן אויף אים פֿון לאַנג שוין וואַרטן אַ בריוו פֿון קאָבעליאַקע, פֿון זײַנער אַן אַלטער אומבאַקאַנטער באַקאַנטער. אינעם דאָזיקן בריוו דאַרף זי אים געבן צו וויסן, ווען און ווו זאָל ער אויף איר וואַרטן און לויט וועלכע סימאָנים וועט ער זי גלײַך דערקענען.

וועגן דעם, אַז טײַבלען, ווי מע רופֿט זײַן אומבאַקאַנטע באַקאַנטע פֿון קאָבעליאַקע, וועט ניט אָפּשטעלן די סאַקאָנעסדיקע היץ און זי וועט קומען צו פֿאָרן, האָט נאָכמען קיין רגע ניט געקווענקלט. אין איטלעכן בריוו אירן האָט טײַבל אים געשריבן, אַז טאָמער מאַכט זיך אים אַ געלעגנהײט זײַן הי, זאָל ער איר באַצײַטנס געבן צו וויסן, און זי וועט אומבאַדינגט קומען צו פֿאָרן זיך זען.

דעם ערשטן בריוו פֿון איר האָט נאָכמען דערהאַלטן נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען ס'איז דערשינען זײַן בוך „נעכטן און הײַנט”, וווּ אין איינער פֿון די דערציילונגען דערמאָנט ער דעם קינדערהיים. און כאָטש ער רופֿט דאָרט קיינעם ניט אָן מיט די עמעסע נעמען, האָט טײַבל אַלעמען דערקענט.

ענלעכע אַזעלכע בריוו האָט זאָמער באַקומען אויך פֿון אַנדערע שטעט, ווו סע וווינען אַצינד זײַנע אַמאָליקע כאַווײרים פֿונעם פּאָלטאַווער קינדערהיים, און אַלע קימאַט מיט דער זעלבער באַקאָשע: טאָמער מאַכט זיך אים אַ געלעגנהײט זײַן אין זייערע קאַנטן, זאָל ער באַצײַטנס זיי געבן צו וויסן. די דערהאַלטענע בריוו זײַנען געווען ניט בלויז פֿון די, וועלכע ער געדענקט, נאָר אויך פֿון די פֿיל ייִנגערע פֿון אים, אָט ווי טײַבל, וואָס אויב ער איז אַפֿילע אַ שטיקל צײַט געווען מיט זיי צוזאַמען, האָט ער זיי שוין אויך ניט געקענט געדענקען. אַלצײנס אָבער איז יעדער פֿון די דאָזיקע בריוו געווען אים טײַער, ווי ער וואָלט נאָך אַזויפֿיל יאָר, און נאָך אַזעלכע יאָר, אָפּגעזוכט אַ ברודער צי אַ שוועסטער. אין קינדערהיים האָבן זיי זיך ־דאָך טאַקע געפֿילט ווי לײַבלעכע ברידערלעך און שוועסטערלעך, און דאָס דאָזיקע געפֿיל, זעט אויס, האָט זיך ניט אינגאַנצן אויסגעוועפּט. עפּעס פֿון דעם איז פֿאַרבליבן אין יעדן פֿון זיי, און אויך בײַ אים, אַפֿן גאַנצן לעבן.

קיין ניידער, אַז ער וועט זיך ביכלאַל דאָ ניט נוצן מיט די טראָלייבוסן און אווטאָבוסן, נאָר גיין דורכויס צופֿוס, קעדיי טיפֿער דערפֿילן אין זיך די שטאָט פֿון זײַנע ווײַטע ייִנגלשע יאָרן, האָט ער זיך דאָך ניט געגעבן! און ווען אַפֿילע יאָ, איז צוליב אַזאַ באַגעגעניש, ווי סע שטייט אים פֿאָר, מעג ער אים אויוועך זײַן. זײַנען, ווי אַפּצולאָכעס, מיטאַמאָל אַנטרונען געוואָרן אַלע טראָלייבוסן און אווטאָבוסן, וואָס גייען פֿונדאַנען צום קאָרפּוסנעם, ווו די פּאָסט איז, און דער ניידער, וועלכן ער האָט זיך ניט געגעבן, בלײַבט דערווײַל אַ ניידער.

קיין סאַך צײַט פֿון דעם, וואָס ער גייט צופֿוס און ניט ער פֿאָרט, האָט נאָכמען, דאַכט זיך, ניט פֿאַרלאָרן. ער געדענקט גאָר ניט, צי האָט ער דאָ ווען־ניט־איז געשפּאַנט מיט אַזאַ ברייטן האַסטיקן טראָט, כאָטש וואָס קאָנען אים שוין געבן די עטלעכע מינוט, וואָס ער וועט מיט זײַן יאָגן דערבײַ אויסשפּילן. אויב פֿונעם בריוו, וועלכער וואַרט דאָרט אויף אים, וועט זיך אַרויסווײַזן, אַז די באַגעגעניש האָט געזאָלט פֿאָרקומען הײַנט אינדערפֿרי, — האָט ער דאָך אַלצײנס שוין פֿאַרשפּעטיקט. „און ביכלאַל, ווער טוט עס אַזוי, דערצו נאָך בענעגייע אַ פּרוי, — מוסערט זיך נאָכמען, — אַ טעווע, וואָס איז צו אים געקומען ניט לאַנג צוריק, געבנדיק אים דערמיט אָנצוהערן, אַז ער האָט גענומען זיך לעצטנס שטאַרק עלטערן, כאָטש ער אַליין וויל זיך נאָך אין דעם ניט מודע זײַן, — ווילסט זיך מיט איר זען, איז פֿאָרט מען

אראָפּ קיין קאָבעליאַקע, ביפּראַט נאָך, אַז דו קלײַבסט זיך פונדאַנען קיין קרעמענטשוק, און דאָס שטעטל קאָבעליאַקע ליגט אַפן סאַמע מיטן וועג, אַפן זעכציקסטן קילאָמעטער. מאַלע וואָס זי האָט דיר געשריבן, אַז דו זאָלסט איר באַצײַטנס געבן צו וויסן, ווען דו וועסט דאָ זײַן, און זי וועט קומען צו דיר! לויט אַלע כעזשבוינעס, דאַרף זי דאָך שוין אויך זײַן ווײַט ניט קיין יונגע. אויסקויפן זיך באַ איר, טאָמער האָב איך, כאָלילע, פאַרשפּעטיקט, וועל איך קאָנען בלויז מיט איינס. אראָפּפאָרן צו איר. וועל איך טאַקע אַזוי טאָן. באַשטימט".

פון די אַלע רייד אָבער, וואָס נאָכמען טײַנעט זיך אויס מיט זיך אַפן וועג, ווערט זײַן טראָט אַף קיין האָר ניט קלענער, ער כאַפּט קוים איבער דעם אָטעם. ער שטעלט זיך אָן ערעך פּאָר, וואָס קאָנען טראַכטן וועגן אים די אַלע, וועלכע באַגעגענען זיך אים אין וועג. ווײַל טאַקע. ס׳איז דאָך ניט מאָסקווע, וועגן וועלכער די, וואָס זײַנען דאָרט יאָ געווען און ניט געווען, האָבן אַ פאַרשטעלונג, אַז אין מאָסקווע גייט מען ניט! דאָרטן לויפט מען. און ווי קאָן ער עס אָפּלייקענען, אַז ער איז ניט אַרופגעגאַנגען, נאָר אַרופגעפלויגן אַף די דרויסנדיקע טרעפּ פון דער פּאָסט, וואָס געפינט זיך אין איינעם פון די ליכטיקע פּאַלאַצן, וועלכע רינגלען אַרום דעם גרויסן קײַלעכיקן קאָרפּוסנעם סאָד.

אָפּגעעטעמט זיך האָט נאָכמען בלויז דעמלט, ווען פונעם בריוו, וואָס ער האָט אין איין אויגנבליק דורכגעלייענט, ניט אָפּגייענדיק פונעם פענצטערל, ווו ער האָט אים אָפּגענומען, האָט ער זיך דערוווּסט, אַז די באַגעגעניש זײַנע מיט טײַבלען וועט ערשט פאָרקומען מאָרגן, צען אַזייגער אינדערפרי, און טאַקע דאָ אַף דער פּאָסט. ער וועט זי, ווי זי שרײַבט, לײַכט דערקענען. זי וועט האַלטן אין דער האַנט זײַן ביכל.

איז נאָכמען, וויבאַלד אַזוי, שוין ווידער פרײַ, און ער קאָן, ווידער אָן אַ שום פאַרוועזן און אָן אַ שום פאַרוואָס, בלאָנקען איבער דער שטאָט גאַס־אײַן און גאַס־אויס. צו ביילען האָט ער דערווײַל סײַווי ניט וואָס זיך צו שלעפּן. די שאָלעם־אַלייכעמסקער זײַנען אין די דאָזיקע שאָען נאָך אַף די זאַוואָדן און פאַבריקן, און צו ענדע טאָג איז נאָך היפּש ווײַטלעך.

פאַרקערעוועט ער, נאָכמען, אַרויסגייענדיק פון דער פּאָסט, אַף דער ערשטער גאַס, וואָס קומט אים אָן אַנטקעגן. אַף דער פרונזע־גאַס, וואָס האָט אין זײַנע צײַטן געהייסן די קאָבעליאַקער און וועלכע ציט זיך העט־העט ווײַט אַרוף. וויפל קילאָמעטער, — טראַכט נאָכמען באַ זיך, — האָט ער מיט דער דאָזיקער גאַס דורכגעמאַכט דאָ ייִנגלווײַז, גייענדיק טאָג־אײַן, טאָג־אויס אין דער באָלניטשנער קלויז צו גאָלאָדן דעם געמאָרע־מעלאַמעד אין כיידער, און שפּעטער, — ווען ער האָט שוין געטראָגן אָן עמאַלענעם קאָמיוגישן צייכן אַף דער ברוסט, — אין דער שכיינעסדיקער אַפּטייק, ווו ער האָט געוואַשן פלעשלעך פון רעפּועס, אַרומגעווישט דעם שטויב, פאַרקערט דעם דיל. דער וועג אַהין האָט געפירט פאַרבײַ דעם מאַרק. איצט פירט ער אים אויך אַזוי. צום מאַרק איז נאָך גאַנץ ווײַטלעך, נאָר נאָכמען דערפילט מיטאַמאָל אַ הײַליקײַט אַף די ציין פון ניט־צײַטיקע ווײַנשל און עפּל און אַ זיסלעך־קלעפּיקן רייעך פון איבערגעצײַטיקטע באַרן און דיניעס. ווי ער זאָל געווען אין זיך אַרײַנלאָזן מיט אַלע זײַנע טאַמען און רייכעס איינעם פון יענע ווײַטע טעג.

דער מאַרק איז שוין ניט דער, וואָס דעמלט, — ער לאָזט זיך איצט אַרומכאַפּן מיטן אויג, — און דער טומל אַפן מאַרק איז אויך שוין ניט דער, וואָס דעמלט. דאָס נעמט זיך, אַפּאָנעם, דערפון, וואָס, פּונקט ווי אַף אַלע מערק, האָט מען אויך דאָ קימאַט אויפגעהערט זיך דינגען. וויפל מע באָט אָן, אַזויפיל באַצאָלט מען, פּונקט ווי אין די קלייטן. און דאָס האַלבקײַלעכיקע מויערל פון דער אַפּטייק אַפן ראָג גאַס איז אויך, דאַכט זיך, ניט אינגאַנצן שוין וואָס געווען, ס׳איז עפּעס ווי קלענער געוואָרן.

אין דעם, אַז ער וועט אין דער אַפּטייק קיינעם ניט טרעפן פון די, מיט וועמען ער האָט דאָרט אַמאָל געאַרבעט, האָט זאָמער ניט וואָס צו סאָפעקן. דאָך איז ער אַהין אַרײַן. און ווידער דאָס זעלבע, ווי עס זאָל אין אים פונסנײַ זיך פאַרקלײַבן איינער פון יענע ווײַטע טעג. ס׳האָבן אין אים גענומען אויפטויכן די נעמען פון קאָלערליי רעפּועס, וועלכע האָבן פון זיך אַליין אים זיך פאַרגעדענקט בייסן אַראָפּוואַשן די אַלטע עטיקעטקעס פון די פלעשלעך און סלאָיִקלעך, בייסן צוקלײַבן אַף די פּראָוויזאָרישע טישלעך. אַפילע די לאַטײַנישע נעמען פון וואַטע און גאַרטשיטשניקעס — גאָסיפּיום און כאַרטאַ סינאַפּיס, האָבן אין אים אויפגעטויכט, כאָטש די דאָזיקע לאַטײַנישע נעמען, געדענקט זיך אים, האָבן די פּראָוויזאָרן זעלטן־ווען גענוצט.

אויסער ווי באַ דעם אַלטיטשקן, וואָס איז געזעסן באַ דער קאַסע, האָט ער ניט, נאָכמען, באַ וועמען זיך נאָכפרעגן וועגן די, מיט וועמען ער האָט דאָ אַמאָל געאַרבעט. לאָזט זיך גאָר אויס, אַז דער אַלטיטשקער האָט ביכלאַל קיינמאָל ניט געאַרבעט אין קיין אַפּטייק. ביז דער פּענסיע איז ער געווען אַ קאַסירער אין באַנק. נאָר איינעם פון די, וועמען נאָכמען

האָט אים אָנגערופן, דעם פאַרמאַצעווט קאַפּקינען, דעם קען ער. ער באַגעגנט אים אַמאָל אַוונט־צײַט אינעם בערעזעווע סעדל. נו, פאַרשטייט זיך, אַז ער וועט קאַפּקינען אַלץ איבער־געבן. יענער וועט זיך אויך זיכער דערפרייען. און ס'איז דאָך טאַקע א גרויסע פרייד אָנ־טרעפן אין אַזױפיל יאָר אַרום אַן אַלטן באַקענטן אין אַ שטאָט, וואָס די פאַשיסטן האָבן געהאַט כאָרעוו געמאַכט.

דאָס אײַנציקע, מיט וואָס דער הויף פון דער אַמאָליקער באַלניטשנער קלויז האָט דער־מאָנט נאָכמענען אין די ייִנגלשע יאָרן און אים פאַרהאַלטן לעבן זיך, איז דער געפילדער פון די קינדערשע קעלעכלעך, וואָס האָט זיך דערטראָגן פון דאָרט צו דער גאַס. ס'איז גאָר אײַנגאַנצן אַן אַנדער געפילדער און אַן אַנדער טומל. עס הערט זיך ניט אין אים דער אומעטיקער ניגון, מיט וועלכן ער און אַלע כיידער־ייִנגלעך פון זײַן קיטע פלעגן אָפּ פאַר־שיידענע קוילעס אויסזינגען דעם „אָמאַר אבײַע" און דעם „אָמאַר ראַוו פּאַפּאַ".

שטייענדיק בא דער אָפענער קאַליטקע, פּרוּווט נאָכמען זיך דערמאָנען: אָט די אים גוט באַקאַנטע פּאַרקײַלעכיקטע פענצטער, וואָס שטייען צעפּראַלט, האָט ער דעמלט געזען ווען־ניט־איז אָפן? און די זון, מיט וועלכער ס'איז פול דער הויף, האָט דעמלט אַרײַנגעקוקט אַהער? נאָר ווי האָט ער געקאָנט עס דעמלט באַמערקן, אַז זײַענדיק קימאַט אינעם זעלבן עלטער, אין וועלכן עס זײַנען די קינדער, וואָס קוקן אַרויס פון די אָפענע פענצטער, וואָס טראָגן זיך אום האַלב־נאַקעטע איבערן הויף, אַרײַנגעטאָנענע אין דער קינדערשער שפּיל, איז ער גאָר געווען פאַרנומען מיטן בעגעד, אין וועלכן צווייען האָבן ווי מיט צוואַנגען זיך אײַנגעקלאַמערט און יעדער איינער פון זיי טײַנעט, אַז דער בעגעד געהערט צו אים, ער האָט אים געפונען, אָדער ער איז געווען פאַרנומען מיטן איי, וואָס די הון האָט געלייגט אין אַ יאָמטעוודיקן טאָג...

ווען עמעצער זאָל געווען איצט צו אים צוגיין און פרעגן, צי געדענקט ער, אַז דאָ איז געווען אַמאָל אַ מאָקעם־קאָדעש, וואָלט ער מיסטאָמע יענעם געענטפערט, אַז פאַר אים, נאָכמענען, איז אַ מאָקעם־קאָדעש דאָרט, ווו קינדער זיצן בא אָפענע פענצטער און באָדן זיך אין דער זון.

מיט אַ פּאָר קוואַרטאַלן העכער, דאָרט, ווו די פּרונזע־גאַס ברייטערט זיך אויס, ווו דער ווינט האָט שטענדיק געהאַט צו טאָן מיט דער פאַנאַנדערגעשאָטענער שטרוי און היי אָפּן ברוק, וואָס די פויערשע וועגענער פלעגן נאָך זיך איבערלאָזן, האָט פאַר אים, נאָכמענען, שוין דעמלט געהייסן הינטערן שטאָט. „אַהינצו" פלעגט מען שוין פאָרן אָפּ דראָזשקעס און פאַעטאָנען, ווי צום וואָקזאַל. זיך ווונדערן, וואָס איצט גייען אַהין טראָליבוסן, האָט ער, פאַרשטייט זיך, ניט וואָס. ס'איז אים גלאַט אָבער ציקאַווע, ווו ענדיקט זיך אָט דער „אַהינצו". די אָנגעצויגענע עלעקטרישע דראָטן פאַר די טראָליבוסן דערגרייכן אַזש ביזן האָריזאָנט. איז עפּשער... די גאַס האָט דאָך אַמאָל געהייסן קאַבעליאַקער. און כאָטש נאָכמען פאַרשטייט, אַז קיין קאַבעליאַקע וועט ער מיטן טראָליבוס ניט פאַרפאָרן, פונדעסטוועגן זעצט ער זיך אָפּ אים אויף. ער וויל פאַשעט זען די נײַע גרענעצן פון דער שטאַרק אַלטער שטאָט.

שוין זיצנדיק אין טראָליבוס, דערוויסט זיך זאַמער, אַז דער טראָליבוס גייט אין דער ריכטונג פונעם אַלמאַזנעם זאַוואָד, אָפּ וועלכן עס אַרבעטן, ווי ס'האָבן אים פאַרזיכערט ביילע מיט פייגען, שיר ניט גאַנץ נאָוועפּרעלאָזשענע! און אַז דער אַלמאַזנער איז נאָך אויך ניט די גרענעץ פון דער שטאָט! דער טראָליבוס האָט נאָך דאָרט צו גיין און צו גיין.

פון דרויסן איז דער אַלמאַזנער זאַוואָד ווי אַנדערע נײַ־אויסגעבויטע זאַוואָדן, וועלכע נאָכמענען איז אויסגעקומען צו זען: גרויסע ליכטיקע קאָרפּוסן, וואָס ציִען זיך אוועק אָפּ אַ מײַל, און אָנשטאָט ווענט — הויכע, ברייטע פענצטער אָפּ אַרײַנעמען צו זיך די גאַנצע זון. אין הויף, וואָס איז די גרייס פון אַ פעלד, —ביימער־אַלייען און קלומבעס מיט קווייטן.

איבעריקס צום הארצן האָט זאַמער זיך ניט געגומען פון דעם, וואָס ער איז געקומען אַהער פונקט מיטיק־צײַט, ווען ס'איז ניטאָ, ווער ס'זאָל אים אויסשרײַבן אַ דורכלאָז־שײַן אָפּן זאַוואָד. ער איז, פאַרשטייט זיך, ניט אַזוי געענגט אין צײַט, אַז ער זאָל ניט קאָנען איבערוואַרטן די שאָ. אים האַלט אָבער דערפון אָפּ דאָס זעלבע, וואָס האַלט אים טיילמאָל אָפּ בייס זײַנע רײַזעס — דאָס זײַן אָפּ אַ זאַוואָד אַ גאַסט אָפּ אַ ווײַל. און ווירקלעך: פאַר די דרײַ־פיר שאָ, וואָס ער וועט זיך אומדרייען איבערן זאַוואָד, וועט ער די קלוגע געגנג פון די מאַשינעס סײַווי ניט באַנעמען. אַפילע נאָכדעם ווי ער האָט קימאַט אַ גאַנצע וואָך — פון אינדערפרי ביז אָוונט — פאַרבראַכט אָפּ איינעם אַ זאַוואָד, ניט אָפּ אַזאַ גרויסן, ווי דער אַלמאַזנער, האָט ער זיך אויך ניט אונטערגענומען באַשרײַבן די מאַשינעס. אַלנפאַלס, מער וויפל ער ווייסט שוין וועגן דעם אַלמאַזנעם, וואָס ער האָט די טעג אויסגעלייענט פון

א צײַטונג, וועט ער פֿאַר די פּאָר שאָ, וואָס ער וועט דאָרט זײַן, זיך ניט דערוויסן. און וואָס פּאַר א זין האָט ביכלאל פֿאַרפֿירן א רייד מיט א מענטשן, בײַס יענער קאָן קיין רעגע ניט אָפּגיין פֿונעם קאָנווייער, און דערצו נאָך קומט אויס איבערשרײַען די מאַשינעס.

אויסער דעם אַלץ, האָט זאַמערן אָפּגעהאַלטן דערפֿון, אַז ער זאָל ניט אויסוואַרטן די שאָ, אויך דאָס, וואָס אים שטייט נאָך פֿאַר צו זײַן אין דער שטאָט פֿון זײַן יוגנט, אין קרעמענטשוק, און אויף דעם וואַגאָנענבוי־זאַוואָד, ווו ער קלײַבט זיך דאָרט זײַן, וועט מען מיט אים ניט דאַרפֿן שטאַרק אײַנקנעלן, ווי־אַזוי עס הייסן די מאַשינעס, אין וואָס שטעקט זייער כאָכמע, און וואָס טוען זיי אויף. ער קאָן זיך, נאַטירלעך, ניט גלײַכן צו די פֿון זײַנע כאַווייריִם, וואָס זײַנען נאָכן פֿאַרענדיקן די ייִדישע פּראָפֿטעכנישע שול אַוועק אַרבעטן אין די קריוו־קאָווער וואַגאָן־רעמאָנט־וואַרשטאַטן, וואָס אויף יענער זײַט דניעפּער. ער, נאָכמען, איז נאָכן פֿאַרענדיקן די שול אָנגעקומען אין דעפּאָ, און אין דעפּאָ האָט ער דאָך אויך געהאַט צו טאָן מיט וואַגאָנען. דערצו איז ער געוועזן א גאַנץ היימישער מענטש אין די קריוואָקאָווער וואַרשטאַטן, שיר ניט אַריבערגעגאַנגען אַהין אַרבעטן.

אַזוי צי אַנדערש, נאָר זאַמער איז ניט פֿאַרבליבן וואַרטן, ביז בא די נאָוועפּרעלאָזשע־נער פֿונעם אַלמאַזנעם זאַוואָד וועט זיך ענדיקן די מיטיק־שאָ. אַלצײַנס וועט ער זיך דאָך מיט זיי דאָרט ניט זען. ער וועט דאָך ניט אומגיין איבער די צעכן און זיך אין איטלעכן אײַנקוקן, צי איז ער אים ניט קענטלעך, אָדער אומגיין איבערן זאַוואָד און פֿרעגן, צי איז מען ניט קיין נאָוועפּרעלאָזשענער. די גלײַכסטע זאַך, אויב ער וויל זיי באַשרײַבן, איז אַרײַנכאַפּן זיך צו זיי נאָך דער אַרבעט אַהיים. א שאָד, וואָס ער האָט ניט גענומען בא פֿייגע־לעבן איר אַדרעס. אַליין אָן פֿייגען וועט ער דאָך צו זיי ניט טרעפֿן. אומזיסט פֿאַרײַסט ער דעם קאָפּ צו די אָפֿענע באַלקאָנען, עפּשער וועט ער דאָרט דערזען פֿייגען. דאָס קלענסטע הויז איז דאָ, דאַכט זיך, ווי פֿייגע זאָגט, גרעסער פֿון גאַנץ שאָלעם־אַלייכעם־גאַס. ביילע מיט פֿייגען זײַנען אַוואַדע גערעכט. אַזעלכע ברייטע, לאַנגע און שיינע גאַסן, ווי דאָ, און אַזעלכע מעסוקן גרויסע מויערן, ווי דאָ, זײַנען אין שטאָט ניטאָ. ס'איז טאַקע זיך נאָר צו שפּיגלען אין זיי. אָנגעזעטיקט זיך מיט אָט דער שיינקײַט, וועלכע די נאָוועפּרעלאָזשענער האָט זיך אפֿילע קיינמאָל ניט געכאָלעמט, האָט נאָכמען זיך אומגעקערט מיטן טראַלייבוס צוריק אין שטאָט.

כאָטש ס'איז שוין ניט אַזוי פֿרי, נאָר אויף דער שאָלעם־אַלייכעם־גאַס האָט ער נאָך דערווײַל ניט וואָס צו גיין. אפֿילע דער אוילעם, וועלכער איז באַשעפֿטיקט אויף די זאַוואָדן און פֿאַבריקן, וואָס געפֿינען זיך גופֿע אין דעם אַלטן טייל שטאָט, וועט קומען פֿון דער אַרבעט ניט פֿריִער ווי אין א פּאָר שאָ אַרום. און פֿאַר די פּאָר שאָ קאָן ער דערווײַל באַ־ווײַזן אַרײַנכאַפּן נאָך א פּאָר גאַסן, אויף וועלכע ער קלײַבט זיך זײַן. פֿילט ער זיך אָבער שוין גאַנץ מידלעך, און ניט אַזוי פֿונעם אַרומגיין, ווי פֿון דער זון, פֿון וועלכער ס'איז זיך ניט אויסצובאַהאַלטן אויך אויף דער שאָטנדיקער זײַט. אין האָטעל איז אויך ניטאָ פֿון איר קיין רעטונג. וואָס פּאַר א ווערדע האָט בא דער זון אָנגעלײַען די אַראָפּגעלאָזטע שטאָרן אויף פֿענצטער, וואָס פֿאַרנעמט א האַלבע וואַנט, אַז ס'זאָל פֿון זיי טראָגן א היץ, ווי פֿון אן אָנגעהייצטער הרובע. און וואָס פּאַר א זין האָט זיך שלעפּן איצט אין האָטעל, אויב פֿונדאַ־נען, ווו ער איז אַרויסגעשטיגן פֿונעם טראַלייבוס, איז פֿיל נעענטער צו דער ווײַסער בעי־סעדקע, וואָס אין סאַמע עק פֿון דער צענטראַלער אָקטיאַבער־גאַס. פֿאַרײַנס וועט ער שוין פֿאַרגיין אינעם דאָרפֿישן שטיבל, ווו ס'האָט געלעבט דער באַשעפֿער פֿון „נאַטאַלקע פּאָל־טאַווקע" איוואַן קאָטליאַרעווסקי. און זען פֿון דער נאָענט דעם ספּאַסקן קלויסטער, פֿאַרבײַ וועלכן די רוסישע אַרמיי האָט פֿײַערלעך דורכגעמאַרשירט נאָכן זיג איבער די שוועדן.

אַז אין שכיינעס מיט דער האַלב־פֿאַרמאַכטער ווײַסער בעסעדקע, וואָס הענגט אַראָפּ איבער דער גרין־גרינער נידעריקער אומגעגנט, ווי א באַלקאָן פֿון א הימלקראַצער, און אין וועלכער ער האָט ייִנגלווײַז זיך ניט איין מאָל פֿאַרקליבן און פֿון וועלכער פֿאַרליבטע פּאָר־לעך האָבן אים ניט איין מאָל געבעטן זיך פֿון דאָרטן פֿאַרנעמען, איז צוגעקומען נאָך א בעסעדקע און אויך פֿונקט אַזאַ ווײַסע, נאָר אין אן א שיר מאָל א גרעסערע, און אַז אין דער דאָזיקער בעסעדקע קאָן מען זיך מעכאַבעד זײַן מיט די באַרימטע פּאָלטאַווער געריכטן, וועלכע גאָגאָל האָט נאָך באַשריבן, — וועגן דעם האָט נאָכמען זיך דערוווּסט לאַכלוטן צו־פֿעליק. אַרויסגעגאַנגען פֿון קאָטליאַרעווסקיס דאָרפֿיש שטיבל מיט דער דאָרפֿישער קרע־נעצע אין הויף, איז ער, אומדרייענדיק זיך נאָכדעם אַרום דעם ספּאַסקן קלויסטער, פּאַשעט אַרויף אומבאַמערקט אויף אן אַנדער סטעזשקע, וואָס האָט אים געבראַכט צו פֿירן צו אָט דער נײַער בעסעדקע, וועלכע איז פֿון אינעווייניק ענלעך אויף א פּאַלאַץ. פֿון די מאַרמאָרנע

זײַלן און פונעם מאַרמאָרנעם דיל האָט געטראָגן אַ קילקײַט, וואָס בײַ אַזאַ היץ איז עס ניט אָפּצושאַצן.

די האַלב־אָפּענע גאַלערייע אין דער בעסעדקע דרייט זיך ניט אַרום איר אַקס, ווי די זײַלן פונעם „זיבעטן הימל" אויף דעם אָסטאַנקינער טורעם אין מאָסקווע, וווּ נאָכמען איז אַ פּאָר מאָל געווען. און דאָך דערמאָנט אים די האַלב־אָפּענע גאַלערייע דעם זאַל אויפן „זיבעטן הימל", כאָטש די אומגעגנט אין דער טיפער נידער איז דאָ מיט גאָר ניט ענלעך אויף דעם, וואָס ער האָט געזען פון די פענצטער אינעם אָסטאַנקינער טורעם. אַנשטאָט אַספאַלטירטע שאָסייען, איבער וועלכע עס טראָגן זיך אום הין און הער אווטאָמאָבילן, ענלעכע פון דער מעסוקענער הייך אויף קינדערשע שפּילעכלעך און די פּילשטאָקיקע מויערן — אויף קעסטלעך שוועבעלעך, קוויקט זיך דאָ דאָס אויג מיט די גערדיכטע סעדער, מיט די זאַפטיקע גרינע לאָנקעס, מיטן לויטערן וואַסער פונעם שטילן טײַך וואָרסקלע, מיטן לײַכט פאַרנעפּלטן האָריזאָנט...

די זון איז געשטאַנען נאָך גאַנץ הויך, נאָר די היץ האָט זיך שוין ניט אַזוי שטאַרק געפילט, ווען זאָמער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פונעם היגן „זיבעטן הימל" און זיך געלאָזט מיט דער לאַנגער „פּאַריזשער־קאָמונע"־גאַס, דער אַמאָליקער „דוואָריאַנסקער", אויף וועלכער עס וווינט איצט ביילע די נאָוועפּרעלאָזשענערן.

ווי גרויס זי איז ניט, די „פּאַריזשער־קאָמונע"־גאַס, איז פאַר אַ האַלב שאָ צײַט קאָן מען זי דורכמאַכן, אַפילו נאָך פאַר ווייניקער, אָבער בלויז דעמלט, ווען מע איז אַ היגער. נאָר פאַר אַזעלכן, וואָס איז, ווי ער, נאָכמען, בלויז אין די ייִנגלשע יאָרן געווען אַ היגער און וואָס איז אַראָפּגעקומען אַהער צוגאַסט אין אַזויפיל יאָרן אַרום, ווערט דער טאָג אויך זײַן צו קליין. נאָכמענען דוכט זיך, אַז ס'איז בכלל ניטאָ דאָ אין שטאָט די גאַס, וואָס מע זאָל זי קאָנען דורכגיין, ניט אָפּשטעלנדיק זיך בײַ דעם צי יענעם הויז, בײַ דעם צי יענעם סקווערל. נו, ווי קאָן ער, גייענדיק מיט דער דאָזיקער גאַס, דורכלאָזן די בילדער־גאַלעריי און זיך ניט פאַרהאַלטן דאָרטן ווייניקער פון אַ צוויי־דרײַ שאָ. און ווי פאַרהאַלט מען זיך עס ניט בײַ דעם בראָנזענעם דענקמאָל, וואָס שטייט אויפן זעלבן פּלאַץ, אויף וועלכן ס'איז געשטאַנען קעלינס, דעם קאָמענדאַנטס פון דער שטאָט, הויז, וווּ ס'האָט אָפּגערוט נאָך דער זיגרײַכער שלאַכט איבער די שוועדן פּיאָטער דער ערשטער. מיטאַמאָל דערוויסט ער זיך, נאָכמען, אַז אין דער דערבײַיקער שטוב, וואָס קוקט אַרויס צום דענקמאָל מיט אירע אָפּענע פענצטער, האָט מיט פיל־פיל יאָרן צוריק, ווען ער איז נאָך אויף דער וועלט ניט געווען, זיך אָפּגעשטעלט, קומענדיק אַהער אין שליכעס פון לענינען, נאַדעזשדע קרופּסקע. נאָכמען וווּנדערט זיך, וואָס ביז איצט, זײַענדיק שוין אין אַזאַ עלטער, קאָן ער זיך נאָך אַלץ ניט פאָרשטעלן, אַז ס'איז געווען אַ צײַט, ווען ער איז ניט געווען, און אַז ס'וועט זײַן אַ צײַט, ווען ער וועט ניט זײַן...

# III

ווײַזט אויס, אַז ביילע די פאַבריקמאַכערן, וועלכע האָט זיך געקליבן פירן הײַנט נאָכמענען באַווײַזן די שאָלעם־אלייכעם־גאַס, האָט זיך שוין אויף אים ניט געריכט. אויף דער טיר פון איר צימערל אינעם שמאָלן פּינצטערן קאָרידאָרל איז געהאַנגען אַ שלעסל. האָט ער, הייסט עס, מיט זײַן פאַרהאַלטן זיך אין דער בילדער־גאַלעריי, בײַ דעם דענקמאָל און בײַ דעם דערבײַ־שטייענדיקן הויז מיטן מעמאָריאַלן ברעטל פאַרשפּעטיקט צו איר. זיך ערגערן דערפון האָט ער ניט וואָס, ביפּראַט, אַז ער ווייסט ניט, צי האָט ער דערמיט קלאָל עפּעס אָנגעווירן. ווי־ווי, נאָר אויף נאָוועפּרעלאָזשענע, ווי ער איז געוווינט רופן די שאָלעם־אלייכעם־גאַס און פון וואָס ער קאָן בעשום־אויפן זיך נאָך ניט אָפּגעווינען, דאַרף ער, דוכט זיך, ניט, מע זאָל אים באַגלייטן. אים איז דאָרט באַקאַנט ניט נאָר יעדער הויף, יעדעס שטיבל מיט יעדן גאַנעק, נאָר אַפילו יעדעס ביימל, כאָטש ער האָט דאָרט, אייגנטלעך, קימאַט ניט געוווינט. ס'איז אָבער ניט געווען דער טאָג, ער זאָל דאָרט ניט געווען זײַן. נאָוועפּרעלאָזשענע האָט זיך דאָך אָנגעהויבן צוויי־דרײַ טריט פונעם הויף אויף דער קאָטליאַרעווסקי־גאַס, וווּ ער האָט ייִנגלווײַז געוווינט.

נאָכמען זאָמער איז שוין אָפּגעגאַנגען אַ היפּש שטיק וועג, אָנגעשפּאַרט אַזש דאָרט, וווּ די וואַסער־קאָלאָנקע איז אַמאָל געשטאַנען, נאָר קיין גרויסע ענדערונגען, ווי ס'האָט אים אָנגעמאָלט ביילע, זעט ער דאָ דערווײַל ניט. פון וואָס, אַשטייגער, וויל זי, זאָל ער כאַפּן היספּײַלעס? פון דעם, וואָס ער זעט שוין דאָ ניט קיין הילצערנע צעשפּאָלטענע טראָ־

5*

טוארן און קיין צעקרישלטן שטיינערנעם ברוק, נאָר אַספּאַלטירטע טראָטואַרן מיט אַן אַספּאַלטירטן שאָסיי? פון דעם, וואָס אין שעמיאַקינס הויף איז קיין זייכער ניט פאַרבליבן פונעם טיפן אָפּגרונט, ווו עס זײַנען געווען זײַנע זומער־בעדער און וואָס איצטער בליט דאָרט אַ גאָרטן מיט פּילפּאַרביקע בלומען? קאָן ער איר, ביילען, דערציילן, אַז נאָך מיט אַ היפּש ביסל יאָרן צוריק האָט ער שוין געשפּאַנט איבער אַספּאַלטירטע טראָטואַרן אין די אַמאָליקע ייִדישע ייִשובים פונעם קרימער סטעפּ, ווו אַמאָל האָט מען נאָך אַ מינדסט רעגנדל ניט געקאָנט אַ פוס אַרויסשלעפּן פון דער פעטער קלעפּיקער בלאָטע, און אַז פאַרפאַרנדיק מיט יאָרן צוריק, בײַם זײַן אַרומרײַזן איבער די שטעטלעך, אין דער געבענטשטער קאַסרי־לעווקע — וואָראָנקאָווע, ווי שאָלעם־אַלייכעם האָט אָנגערופן דאָס שטעטעלע וואָראָנקאָווע, וואָס האָט אַמאָל געהערט צו דער פּאָלטאַווער גובערניע, האָט ער שוין ניט געפונען קיין זייכער פונעם באַרג, וועלכער האָט געגרייכט „העכער די וואָלקנס". נאַכמענען כידעשט אַפילע ניט, וואָס בײַ איינעם פון די הויפן, פון וועלכן עס פלעגן זיך אין די באַגינענס אַ לאָז טאָן צום מאַרק באַלעגאָלעס און טאַטשקעניקעס, האָט ער דערזען שטיין אַן אַוטאָ־מאָביל. דאָס איינציקע, וואָס נאַכמענען כידעשט דאָ די גאַנצע צײַט און צו וואָס ער קאָן זיך ניט צוגעווינען, — איז די שטילקײַט, וועלכע גייט אים נאָך. עס געדענקט זיך אים ניט, אַז דאָ זאָל ווען־ניט־איז ביכלאַל געווען זײַן שטיל, דערצו נאָך זומער־לעבן, ענדע טאָג, ווען די באַלעגאָלעס מיט די טאַטשקעניקעס מיט די קאַטערינשטשיקעס פלעגן זיך אומקערן פון מאַרק. נאַכמענען געדענקט זיך אויך ניט, אַז זומער־לעבן זאָלן די הײַזער דאָ שטיין מיט צוגעמאַכטע טירן און פענצטער. און די הויפן מיט פאַרמאַכטע טויערן און קאַליטקעס. זומער־לעבן, געדענקט זיך אים, איז אָט די אַראָפּבאַרגיקע גאַס געווען ווי איין גרויסע אָפענע שטוב און ווי איין גרויסער אָפענער הויף, ווו דורכן טאָג האָט זיך געראַשט ווי אָף אַ יאַריד. וועגן דעם, אַז אָט די גאַס האָט מיט אַ צײַט נאָך פאַר דער מילכאָמע שוין ניט געהאַט מער צו טאָן מיטן מאַרק און אַז אין די באַגינענס לאָזט מען זיך פונדאַנען אָף די זאַוואָדן און פאַבריקן, ווייסט זאָמער פון זײַנע פריִערדיקע נעסיִעס אַהער. אָבער ווי ווײַט די זאַוואָדן מיט די פאַבריקן זאָלן פונדאַנען ניט זײַן, דאַרף דער אוילעם, לויט אַלע כעזשבוינעס, שוין לאַנג זײַן אין דער היים. איז פונוואַנען, אויב אַזוי, נעמט זיך פאָרט די דאָ־זיקע שטילקײַט? און צו דעם, וואָס ער זעט קיינעם ניט זיצן אָף די גאַנעקעס און פּריזבעס, איז ער אויך ניט געווינט. ווו איז עס פאָרט דער אוילעם, פאַרשטייט ער ניט. טאָמער באַ־געגנט זיך אים שוין עמעצער, איז ער אָף אַזויפיל ניט ענלעך אָף קיין נאָוועפּרעלאָזשע־נער — און אַ נאָוועפּרעלאָזשענער וואָלט ער, דוכט זיך, דערקענט פאַר אַ מײַל, — אַז ער האָט אים ניט וואָס אָפּצושטעלן און פאַנאַנדערפרעגן וועגן דעם צי יענעם פון זײַנע אַמאָליקע באַקאַנטע. איצט פאַרשטייט ער שוין, נאַכמען, פאַרוואָס האָט ביילע אים געוואָלט באַגלייטן. מיט יעדן ווײַטערדיקן טראָט, וואָס ער מאַכט, פילט ער, ווי ביילע פעלט אים אויס. אָפּאָנעם, אַז קיין אַנדער אויסוועג ווי אָנקלאַפּן אין אַ פאָר טירן, ביז ער וועט סאָפּקאָלסאָף אָנטרעפן אָף אַן עלטן נאָוועפּרעלאָזשענער, בלײַבט אים ניט.

די ערשטע טיר, וווּהין ער וועט אָנקלאַפּן, וועט, פאַרשטייט זיך, זײַן די טיר פונעם אַמאָ־ליקן לייען־שטיבל, ווו זײַן ברודער עליע פלעגט פאַרלייענען אָף אַ קאָל פאַרן צונויפגעזאַמלטן אוילעם שאָלעם־אַלייכעמס אַ מײַסע, אָדער זינגען, ווען דער אוילעם פלעגט צו אים צושטיין, און ווען מען מע האָט, ווי סע דערציילט ביילע, דאָ גאָר אַנדערש ניט גערופן, ווי דער צווייטער קאָזלאָווסקי. נאָר איידער ער וועט אָנקלאַפּן אַהין, מוז ער זיך פריִער אַראָפּלאָזן אין דערבײַיִקן ביסטראָווסקי־געסל, ווו ס'האָבן זיך באַגעגנט און אָף שטענדיק זיך צעשיידט זײַנע קינדערשע און ייִנגלשע יאָרן.

דאָס זעלבע, וואָס איז זיך פאַרלאָפן מיט די סקווערן, מיטן מאַרק, מיטן רויטן מויער פון דער אַפּטייק, איז זיך אויך פאַרלאָפן מיטן ביסטראָווסקי־געסל. אויך דאָס דאָזיקע געסל איז פאַר דער צײַט, וואָס נאַכמען איז דאָ ניט געווען, עפּעס ווי קלענער און שמעלער געוואָרן. נאַכמען באַווײַזט ניט אַרײַנשטעלן אַהין אַ פוס, ווי ער איז שוין באַם הילצערנעם שטיבל מיטן הויכן ציגלנעם פּרונט. אין אַ פײַכט צימערל מיט אַ בּרעקל פענצטערל, אין וועלכעס ס'האָט קיינמאָל ניט אַרײַנגעקוקט די זון, זײַנען אַדורך די לעצטע צוויי־דרײַ יאָר פון זיין קינדהײַט. נאַכמען איז נאָך ניט אינגאַנצן זיכער, צי איז עס טאַקע יענץ שטיבל. קיין זייכער ניטאָ פון די עטלעכע טרעפּלעך, פונעם שטיקל גאַנעק, פון דער טיר. ער זעט איצט פאַר זיך בלויז אַ טויבע פאַרמויערטע וואַנט. עפּשער וועט ער עפּעס דערקענען אין הויף. איז אים פאַרלאָפן דעם וועג די לײַכטע מאַשין, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט באַ דעם הויכן שכיינעסדיקן גאַנעקל.

דערהערט פונעם מיליטערמאַן, וואָס איז אַרויס פון דער מאַשין, אַז דאָרט, ווו ער, נאַכמען,

וויַזט אָן, זײַנען נאָך ביז ניט לאַנג צוריק געווען אי טרעפּלעך, אי א גאַנעק, אי א טיר, דער־צײלט אים נאָכמען, וואָס האָט אים אַראָפּגעבראַכט אהער. נעמט דער מיליטערמאַן דעם גאַסט פאַר דער האַנט און פירט אים אַרוף מיט די טרעפּלעך צו זיך אין שטוב.

אין אָט דעם גרויסן צימער מיט די אינווייניקסטע גרינע לאָדן און מיטן געפּאַרבטן דיל איז נאָכמען זיכער קיינמאָל ניט געווען. און אז די הויכע פּרוי מיטן גוטמוטיקן געזיכט, וואָס האָט באַגאָסן די בלומען־טעפּלעך אַף די פענצטער, האָט ניט קיין שײַכעס צו דער אָנגעכמור־רעטער באַלעבאָסטע, בא וועלכער זיי האָבן געהאַט געדונגען דאָס צימערל, — האָט נאָכמען זיך פאַרגעשטעלט, נאָך איידער זי האָט אים געזאָגט, אז זיי האָבן זיך אַרײַנגעקליבן אהער ערשט נאָך דער מילכאָמע. נאָר יענעם אַרײַנגאַנג האָבן זיי פאַרמויערט ניט לאַנג צוריק. דאָס צימערל, אַף וועלכן ער פרעגט זיך נאָך, האָבן זיי אויך עטוואָס איבערגעבויט: אַרויסגוואָרפן דעם גרויסן רוסישן אויוון, וואָס האָט פאַרנומען קימאַט דאָס גאַנצע צימערל, און געמאַכט גרעסער דאָס פענצטער.

— איך ווייס ניט, צי איר געדענקט, — האָט זיך אָנגערופן דער מאַן אירער, דער באַיאַר־טער קאַפּיטאַן, — דאָרט איז דאָך, אייגנטלעך, ניט געווען קיין פענצטער. א שײַבעלע די גרייס ווי א פּויסט.

וואָס פאַר א ווערט קאָן שוין האָבן פאַר נאָכמענען דאָס צימערל אָן דעם רוסישן אויוון, אַף וועלכן ער איז געשלאָפן מיטן יינגערן ברודערל, אָן דעם ברעקל פענצטער, בא וועלכן ס'איז געשטאַנען א קיך־טיש, אַף וועלכן ס'איז געשלאָפן, די פיס אַראָפּגעהאַנגען קימאַט ביזן דיל, דער עלטערער ברודער, און אָן דער, סײַ זומער, סײַ ווינטער, פאַרשוויצטער טיר, ווו אנטקעגנאיבער איז געשטאַנען א פאַרלאַטעט און איבערגעלאַטעט טאַפּטשאַנדל, אַף וועלכן ס'זײַנען געשלאָפן די מאַמע מיטן שוועסטערל.

פון אַלץ, וואָס איז זיך פאַרלאָפן אין אָט דעם צימערל, ווו הין זיי האָבן זיך אַרײַנגע־קליבן נאָכן פּאָגראָם בא זיי אין שטעטל, פונוואַנען זיי זײַנען געקומען אהער צו לויפן, האָט זיך נאָכמענען מיטאַמאָל דערמאָנט דער פּראָסטיקער ווינטער־טאָג, ווען די מאַמע האָט גע־בראַכט צו טראָגן אײַנגעוויקלט אין א שמאַטקעלע א געל פלעצל, וואָס זי האָט געפונען אין גאַס, ניט ווײַט פון דער טשעקאַ. צי דאָס פלעצל אינעם שמאַטקעלע האָט עמעצער צו־פעליק פאַרלוירן, גייענדיק צו דער אַרבעט, צי ס'איז אָן אָפּגעסאַמטס און עמעצער האָט עס בעקיוון אונטערגעוואָרפן? אין יענע יאָרן האָט אַזעלכעס זיך געקאָנט פאַרלויפן. באַנאַכט פלעגט מען זיך ניט איין מאָל אופכאַפּן פון א שיסערײַ אַף דער גאַס.

מיטאַמאָל ברעכט אָפּ די מאַמע פונעם פלעצל א ביסן, מאַכט צו די אויגן, ווי זי זאָל זיך אָפּגעזעגענען מיט די קינדער, וואָס שטייען אויסגעהונגערטע אַרום איר, און א בלייכע, ווי קרײַד, לייגט זי פאַרזיכטיק אַרײַן דעם ביסן אין מויל. דער געוויין ביז הימל עפן זיך פון די פיר קינדער האָט אויסגעבראָכן שוין נאָכדעם, ווי די מאַמע האָט אַראָפּגעשלונגען דעם ביסן. דאָס איז געווען א געוויין פון קינדער, וואָס קומען צו לויפן אין בעסמעדרעש און פאַלן צו צום אָרנקוידעש, נאָכדעם ווי די דאָקטוירים האָבן זיך אָפּגעזאָגט פונעם כוילע.

אָן אײַבעקײַט איז דורך, ביזוואַנען די מאַמע האָט אופגעעפנט די אויגן און באַדאַנקט דעם אייבערשטן פאַרן יכעסעד, וואָס ער האָט צוגעשיקט פאַר אירע פיר יעסוימימלעך ניט קיין אָפּגעסאַמט קוקורוזענע פלעצל אַף אָפּצופאַסטן זיך נאָך א הונגעריקן טאָג. זי האָט צע־טיילט דאָס פלעצל אַף פיר גלײַכע כאַלאָקים און זיך געשוווירן דערבײַ, אז זי איז ניט הונגעריק.

— ווו האָט איר זיך דאָ אָפּגעשטעלט? — טוט אים א פרעג די באַלעבאָסטע. — אויב איר ווילט, קאָנט איר אַף די עטלעכע טעג, וואָס איר קלײַבט זיך דאָ זײַן, פאַרנעמען דאָס צימערל.

— א דאַנק, — ענטפערט נאָכמען און גיט דערבײַ גלײַך צו, — ווי ליב ס'איז ניט יעדן מענטשן די קינדהייט זײַנע, איז אָבער מײַן קינדהײַט, וואָס איז דורך אינעם דאָזיקן צי־מערל, ניט פון די, מיט וועלכער מע וויל בלײַבן אויג אַף אויג. גענוג פאַר מיר די עטלעכע מינוט, וואָס כ'האָב מיט איר דאָ פאַרבראַכט...

ער הייבט טאַקע בעפּיירעש ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס איז געוואָרן מיט אָט דער גאַס? פונוואַנען האָט זיך צו איר גענומען די סטאַטעטשנע שטילקײַט פון די אַמאָליקע באַלעבאַטיש־טשינאָווּנישע גאַסן און געסלעך, וואָס אַף יענער זײַט קאַרפּוסנעם סאַד און אַרום דעם זוניקן און דעם בערעזעווע סעדל? אפילע אינמיטן דער נאַכט, ווען טיר־און־טויער זײַנען צו, איז דאָ אויך ניט געשטאַנען אזא שטילקײַט. זעט אויס, אז ביילע און פייגע־לעבן זײַנען נאָך מער ווי געווען: ניט נאָר א האַלבע גאַס, ווי זיי זאָגן, האָט זיך אַריבערגעצויגן פונדאַנען אין די מיקראָ־ראַיאָנען, נאָר, דאַכט זיך, אז די גאַנצע גאַס. גלוסט זיך אים טאַקע פרעגן בא דער

זעלבער ביילען און בא דער זעלבער פייגע־לעבן: פאַרוואָס האָט מען, אַריבערקלײַבנדיק זיך פונדאַנען אין די מיקראָ־ראַיאָנען, ניט מיטגענומען מיט זיך אַהין דעם נאָמען פון דער גאַס און ניט אָנגערופן מיט שאָלעם־אַלייכעמס נאָמען א גאַס אין די מיקראָ־ראַיאָנען, ווי דאָס האָבן, צום בײַשפּיל, געטאָן די קיִעווער?

דאָס אַלץ אָבער שטערט ניט נאַכמענען, אַז ער זאָל זיך אײַנקוקן אין איטלעך איינעם, וואָס קומט אים אָן אַנטקעגן. עפּשער וועט ער פּאַרט אָנטרעפן אַף א באַקאַנטן, און אויב נאַכ־מען וועט אים ניט דערקענען, איז עפּשער וועט יענער אים דערקענען. עס קאָן פּאַרט דאָך ניט זײַן, אַז פון די פּאַטאָמסטווענע נאָוועפּרעלאָזשענער זאָל קיין איינער דאָ ניט פאַר־בלײַבן, אַז אַלע זאָלן זיך האָבן פונדאַנען אַריבערגעקליבן און איצט ווױנען דאָ נאָר אָנגעג־פאַרענע, מענטשן מיט גאָר אַן אַנדער אופירעכץ און מיט גאָר אַנדערע מינהאָגים. און אַז ער זאָל אַף דער אַמאָליקער דורכויס יידישער גאַס ניט אָנטרעפן קיין איין יידן, קאָן דאָך ווידער ניט זײַן, ביילע וואָלט דאָך עס אים נעכטן געוויס געוועזן געזאָגט.

— וויפל איז דער שיר סאָפּקאָלאָסאָף אַזוי צו בלאָנקען? — פרעגט נאַכמען בא זיך און גייט אַרוף אַפן געפּאַרבטן גאַנעקל פונעם אַמאָליקן יידישן לייען־שטיבל.

נאַכמען האָט שוין געהאַלטן באַם אָנקלאַפּן אַהין — אויב ער וועט דאָרט ניט אָנטרעפן אַף קיין באַקענטע, וועלן זיי אים עפּשער אָנווײַזן, צו וועמען זאָל ער אָנקלאַפּן, — ערשט ער דערזעט, ווי פון אַן אַנטקעגנדיקן הויף איז אַרויסגעלאָפּן א ייִנגעלע און געלאָזט נאָך זיך האַלב אָפן די קאַליטקע.

— ע, — האָט זאָמער א מאַך געטאָן צו זיך, — איך בין דאָך עפּעס אויך געווען אַמאָל א שטיקל נאָוועפּרעלאָזשענער, וועל איך פאַרגעסן אַף א רעגע אין עטיקעט... — און ניט לאַנג געטראַכט, שטעלט זיך נאַכמען אַרײַן אין דער האַלב־אָפענער קאַליטקע.

דער מאַנספּאַרשוין מיט דער געדיכט אַרומגעוואַקסענער גראָוולעכער באָרד, וועלכער האָט זיך געייסעקט מיט א פּרימוס אַף א זעקסיק טישל, האָט זיך אומגעקוקט ניט אַזוי צו דעם אַרײַנגעקומענעם ווי צו דעם באַכיינטן ווײַבל מיט די יונגע שוואַרצע אויגן, וואָס איז געזעסן אַף דער פּריזבע און געכאַפּט פרישע לופט. אַז דאָס ווײַבל איז א היפּש ביסל ייִנגער פונעם מאַנצבל, זעט נאַכמען גלײַך, אָבער ניט אַף אַזויפיל, אַז ער זאָל זי אָנעמען פאַר יענעמס א טאָכטער. דער מאַנספּאַרשוין מיטן ווײַבל קוקן זיך שווײַגנדיק איבער, וואַרטן, ווי צו זען, דער גאַסט זאָל זיך אָנרופן, וואָרעם וויבאַלד ער איז אַזוי היימיש אַרײַן צו זיי אין הויף, איז מיסטאַמע קער ער זיך מיט זיי עפּעס אָן.

ענדלעך רופט זיך אָן דער מאַנצבל:

— א ביסל א קענטלעכער זײַט איר מיר, זע איך, כ׳קאָן זיך אָבער ניט דערמאָנען, פונ־וואַנען, אַשטייגער. עפּשער ווײַסטו מיר, שיפרע, זיך העלפן דערמאָנען?

— דאַכט זיך, אַז זיי זײַנען מיר אויך קענטלעך. אײַזיק, ס׳איז ניט, — נו, ווי האָט מען זיי גערופן...

— בעקיצער, כּאוועך, זאָגט שוין בעסער אַליין, און לאָמיר אופהערן טרעפן.

דערהערט פון דעם אַרײַנגעקומענעם, אַז שוין א וועלט מיט יאָרן, ווי ער איז פונדאַנען, און אַז דערצו נאָך איז ער ניט אינגאַנצן קיין נאָוועפּרעלאָזשענער, קוקן זיי שוין אַף אים א ביסל אַנטוישט, ווי אַף א מענטשן, וואָס האָט זיי אונטערגעפירט — זיך אַרויסגעגעבן פון אָנפאַנג פאַר גאָר אַן אַנדערן. אָבער דעם עלטערן ברודער זײַנעם קענען זיי.

— און ווער האָט אים דאָ בא אונדז ניט געקענט?

קוים האָט נאַכמענען אָפּגעגליקט און ער האָט סאָפּקאָלאָסאָף אָנגעטראָפן אַף צוויי פּאַטאָמ־סטווענע נאָוועפּרעלאָזשענער, איז נעמט ער זיך בא זיי נאָכפרעגן אַף דעם, אַף יענעם, און וועמען ער געדענקט ניט לויטן נאָמען, איז לויטן צונאָמען, לויטן טועכץ. איז אָבער קיינער פון זיי, אַף וועמען ער פרעגט זיך נאָך, ניט פאַרבליבן: דער איז אומגעקומען אַפן פראָנט, דעם האָבן די פאַשיסטן דאָ אומגעבראַכט, און די, וואָס זײַנען אַרויס פונעם פײַער מיטן לעבן, די האָבן זיך שוין לאַנג אַריבערגעקליבן פון זייערע כאַלופּעס אין די מיקראָ־ראַיאָנען.

— אַלע ביז איינעם? — פרעגט נאַכמען, און סע כאַפּט אים אַרום דאָס זעלבע געפיל, וואָס נעכטן אין אָוונט, ווען ער איז געבליבן שטיין בא דעם אַרומגעצוימטן פּאַרקן, פון הינטער וועלכן ס׳האָט אַרויסגעשטאַרצט דער לאַנגער האַלדז פונעם הייבקראַן, און ניט געוווּסט, ווע־מען זאָל ער מעקאַנע זײַן — די, וואָס האָבן געוווינט אַף דער זײַט גאַס, וועלכע מע טראָגט אַראָפּ, צי יענע, וואָס ווױנען אַנטקעגניבער, ווו אַלץ איז פאַרבליבן ווי געווען.

— נו, און אַז ס׳איז דאָ נאָך פאַרבליבן א צען מישפּאָכעס, הייסט עס דען ניט אַלע?

— פאַרוואָס מיינסטו, אײַזיק, אַז צען? — שטעלט זיך אײַן פאַר דער גאַס די באַכיינטע שוואַרץ־אויגיקע שיפרע. — כ׳וועל דיר באַלד מאַכן א כעזשבן, ווײַסטו זען, אַז מער.

— און אז מיט א דרײַ־פּיר געזינדלעך מערער, נו, איז וואָס? מיט דער צײַט וועלן זיך אַלע פונדאַנען ארויסצײַען און מע וועט אויסבויען דאָ אינגאַנצן א נײַע גאַס און ס׳וועט זײַן אינגאַנצן אויס מיט נאָוועפּרעלאָזשענע.

— מער קיין צאָרעס, זעסטו, זאָלן מיר מיט דיר ניט האָבן.

— זאָלסט אָבער געווען זײַן, שיפרע, אינגאַנצן אַן אונדזעריקע, וואָלסטו אַזוי ניט גע־רעדט. וויפל, אַשטייגער, איז שוין, אַז דער שאָכן אונדזערער האָט זיך אַריבערגעקליבן אַפן אַלמאַזנעם? גייט אָבער ניט דורך די וואָך, ער זאָל ניט אַראָפּקומען אַהער אין געסט און זיך ניט דורכגיין מײַסע־באַלעבאָס איבער דער גאַס. ס׳איז דיר ניט דאָס קאַרפּאָווסקע געסל. נאָך נאָוועפּרעלאָזשענע בענקט מען.

— קאָנסט מיר ניט זאָגן, נאָך וואָס איז פאַראַן דאָ אַזוי צו בענקען? נאָך די כאַלופּעס מיטן באַלקן אַפן קאָפּ? אַבי סע הייסט, מע איז א באַלעבאָס פון אַן אייגענער שטוב מיט אַן אייגענעם הויף. צוויי טריט פון צענטער און מע פּילט ניט, אַז מע לעבט אין שטאָט, און בכּלל... אײַ, וואָס איז דאָ צו ריידן? דו זאָג מיר בעסער, אײַזיק, וויפל איז דער שיר זיך וואָזיען מיטן פּרימוס? מע דאַרף אים אָפּטראָגן צוריק אין קלייט און נעמען אַן אַנדערן, און נאָך בעסער, אויב ווילסט מיך פאָלגן, איז נעמען א קעראָגאַז.

— אַף דעם, זעט איר, האָב איך זיך שוין ניט געריכט, — רופט זיך אָן נאַכמען.

קוקן זיי ביידע אים אָן, פאַרשטייען ניט, זעט אויס, וואָס האָט ער דערמיט געוואָלט זאָגן. דערקלערט ער זיי:

— ווי קומט עס, וואָס מע האָט דאָ נאָך ביז איצט ניט דורכגעפירט קיין גאַז, דעמלט ווען אַפילע אין א סאַך דערפער...

שלאָגט אים אײַזיק גלײַך איבער, אײַלט אים אָפּהיטן פון אַן אווײַרע, וואָס ער וואָלט געקאָנט באַגיין מיט זײַן טרײַבן רעכילעס אַף זייער גאַס.

— וואָס הייסט, ס׳איז ניטאָ קיין גאַז? אַף אונדזער שאָלעם־אַלייכעמסקע איז פאַראַן אַלץ, וואָס אַף אַלע גאַסן.

וויטער זעצט שוין פאַר שיפרע:

— נאָר ווער קאָן עס אין אַזעלכע מעסוקענע היצן שטיין בא דער פּליטע? האָט די שנור אונדזערע געקויפט א פּרימוס, מע זאָל קאָנען קאָכן אין דרויסן. וויל ער אָבער ניט ברענען. אַן אַנדערער אַף מײַן מאַנס אָרט וואָלט אים שוין לאַנג געווען אָפּגעטראָגן צוריק אין קלייט. איז מײַנער דאָך עפּעס א מעכאַניקער, שטייט עס אים ניט אָן. נו, איז וואָזיעט ער זיך מיט אים. א באַלאָנעס, זאָג איך אײַך, פון א מענטש.

קלאָר, ווי דער טאָג. ער האָט אָנגעטראָפן, נאַכמען, אַף אַן אַמאָליקן קוסטאַר, וואָס מע־לאָכעוועט מיסטאַמע שטילערהייט אונטער אַף דער זײַט, אין דער היים, הייסט עס, בא זיך. אַן איבעריקע קאָפּעקע גייט קיינמאָל ניט אין ניוועץ, קומט שטענדיק צוניץ. ניט צוליב אָט דער איבעריקער קאָפּעקע, וואָס ער קאָן דאָ מאַכן, האַלט זיך אַזוי אײַזיק פאַר דער כאַלופּע מיטן נאַקעטן הייפל? גיי ריכט זיך, אַז אַפילע אין יענע ווײַטע יאָרן, ווען אָרעם און אָרעם, מאַמעש אַף טריט און שריט, האָט געווימלט מיט קוסטאַרן, איז אײַזיק אויך ניט געווען קיין קוסטאַר, נאָר א מעכאַניקער אַף א זאַוואָד.

— און איר האָט מיסטאַמע געמיינט, — רעדט שיפרע אויס נאַכמענען, — אַז נאָוועפּרע־לאָזשענע איז געווען א גאַס בלויז פון לומפּנפּראָלעטאַרסקע עלעמענטן. ווען אײַזיק זאָל ניט געווען זײַן קיין ריינער פּראָלעטאַריאַט, וואָלט דער טאַטע מײַנער, ער זאָל האָבן א ליכטיקן גאַניידן, דערלאָזט, איך זאָל כאַסענע האָבן פאַר מײַן מאַן און זיך אַריבערקלײַבן צו אים אַהערצו פונעם פּראָלעטאַרסקן קאַרפּאָווסקן געסל?

— די ליבע דײַנע, שיפרע, האָט דיך אַריבערגעצויגן אַהערצו, — שמייכלט צו זיך אײַזיק אין דער געדיכט־אַרומגעוואַקסענער באָרד.

— מע קאָן טאַקע מיינען... ווי פלעגט דאָרטן זאָגן דער טאַטע מײַנער וועגן דער פּראָ־לעטאַרסקער און בורזשואַזנער ליבע, הא, אײַזיק? מײַן טאַטע איז געווען שטאַרק אין פּאָ־ליטיקע, כאָטש ער איז ניט געווען אין דער פּאַרטיע.

— ווי קומט א פּרומער ייִד צו זײַן אין פּאַרטיע...

אָפּענטפערן דעם מאַן אירן, וואָס האָט זיך מיטאָמאָל צעוואַרטלט, האָט שיפרען ניט געלאָזט דער שלאַנקער באָכער אין דער שטײַף אָנגעצויגענער מײַקע אַפן פאַרברוינטן בראָנ־זענעם לײַב, וועלכער איז פּונקט אַרויסגעקומען פון שטוב, מיט זײַן געבן א פרעג:

— מאַמע, האָסט ניט געזען סוועטעס ביגודי?

— גיב, טאַליק, א קוק אין אַלקער. מיר דוכט זיך, אַז כ׳האָב זיי דאָרטן געזען ליגן אין אַלמערל.

— א שיינער באָכער, — האָט זיך בא נאָכמענען ארויסגעכאַפּט. קיין נײַס פּאַר שיפּרען און איַיזיקן, האָט נאָכמען פאַרשטאַנען, איז עס ניט, נאָר אז ס'האָט זיך בא אים פּאָרט פון זיך אליין ארויסגעכאַפּט. — און אויך א מעכאַניקער?

— ווי דען? אָבער שוין ניט ווי דער טאַטע זײַנער, אָן בילדונג, נאָר מיט א דיפּלאָם. און די שנור אונדזערע איז אויך א מעטאַליסטקע. פאַרענדיקט דעם טעכנאָלאָגישן פאַקולטעט.

— הערט, — טוט נאָכמען סאָפּקאָלסאָף זײַ ביידן א פרעג, — איר קאָנט שוין טאַקע אינ־גאַנצן ניט קיין ייִדיש? — און איז בעעמעס צופרידן, וואָס ביילע איז ניטאָ דערבײַ און ס'איז ניטאָ, ווער עס זאָל אים דערמאָנען, וואָס האָט ער איר נעכטן געענטפערט, ווען זי האָט אים געפרעגט וועגן זעלבן.

— טשעהאָ? — פרעגט איבער שיפּרע. — וואָס הייסט, מיר קאָנען ניט קיין ייִדיש?

— א שיינע זאך, — רופט זיך באלד נאָך איר אָן איַיזיק. — בא אונדז שטייט, אויב איר ווילט וויסן, א גאַנצער קאַסטן מיט ייִדישע פּלאַסטינקעס.

עס גייט אָבער ניט דורך קיין דרײַ מינוט, ווי זיי נעמען שוין ווידער מיט אים ריידן אויף דעם באַזונדערס קלינגעוודיקן האַלב־רוסיש — האַלב־אוקראַיִניש.

נאָר גראַדע איצט קאָן נאָכמען צו זיי קיין טײַנעס ניט האָבן, אויב מע קאָן ביכלאַל האָבן צוליב דעם טײַנעס. אים געדענקט זיך: אין אָנוועזנהײַט פון א מענטשן, וועלכער פאַרשטייט ניט קיין ייִדיש, האָבן ניט זײַנע טאַטע־מאַמע, ניט ער אליין, ניט דאָס ווײַב זײַנס, ניט קיינער פון זײַנע נאָענטע און באַקאַנטע נישט גערעדט צווישן זיך אויף ייִדיש. דאָס איז שוין, אפשר, א לאַנגיעריקער מינהעג בא ייִדן. און אז די יונגע שנור, וואָס איז ארויסגעקומען פון שטוב, ניט דערוואַרטנדיק זיך, קענטיק, אויף איר באַשערטן, וועלכן זי האָט געשיקט זיך דערוויסן בא דער שוויגער, ווו איז די ביגודי, געהערט צו די, אין וועמענס אָנ־וועזנהײַט מע רעדט ניט צווישן זיך, פאַשעט פון אָנשטענדיקײַט וועגן, אויף א שפּראַך, וואָס יענער פאַרשטייט ניט, איז דאָך גלײַך צו זען. דער נאָמען אליין אירער, סוועטלאַנע, זאָגט אונטער, אז איר ניט פאַרשטיין די שפּראַך פון שווער־און־שוויגער איז גאָר אָן אנדערער, ווי טאַליקס, כאָטש מעגלעך, אז טאַליק פאַרשטייט אויך ניט קיין וואָרט פון דעם, וואָס טאַטע־מאַמע ריידן, מיסטאָמע, צומאָל צווישן זיך. ווי האָט אים געזאָגט ביילע וועגן איר שנור: „אָט ווי די מאָדע איז הײַנט".

צי דורך דער אָפן־געבליבענער טיר איז צו דער יונגער שנור דערגאַנגען, וואָס אַזעלכעס האָט געפרעגט בא אירע שווער־און־שוויגער דער אומבאַקאַנטער גאַסט, צי ווײַל בייס איר באַוויזן זיך אין דער טיר האָט די שוויגער אופגעהערט ריידן ייִדיש, נאָר ווען איַיזיק האָט געפרעגט בא דער שנור, אין וועלכער קראָם האָט זי געקויפט דעם פּרימוס, האָט די שנור, צו נאָכמענס גרויס פאַרכידעשונג, אָפּגעענטפערט דעם שווער גראַדע אויף ייִדיש, נאָר מיט דער זעלבער באַזונדער קלינגעוודיקײַט, מיט וועלכער שווער־און־שוויגער ברענגען ארויס דעם האַלב־רוסיש — האַלב־אוקראַיִניש.

— מע קאָן אים טאַקע ניט פאַריכטן?

ווען דאָס יונגע פּאָרפאָלק איז צוריק ארײַן אין שטוב, האָט נאָכמען א זאָג געטאָן ווי צו זיך גופע:

— און איך האָב געמיינט, אז זי איז ניט קיין ייִדישע, ווי די מאָדע איז, זאָגט מען, הײַנט.

— וואָס הייסט, ווי די מאָדע איז הײַנט? ווער האָט עס אײַך געזאָגט?

ער וועט דאָך ניט גיין זיך פאַרופן אויף ביילען, ביפראַט, אז ער האָט עס געהערט, ווי ער דערמאָנט זיך, ניט בלויז דאָ, און איטלעך איינער אויף זײַן אופן האָט עס אים אויסגע־טײַטשט. אויב שוין יאָ פאַרפירן וועגן דעם אלעם א רייד, איז גייט אים, נאָכמענען, צום בײַשפּיל, פיל מערער אָן, פאַרוואָס האָבן זיי ווידער אופגעהערט ריידן מיט אים אויף ייִדיש, בייס ער ווייסט, אז אפילע די יונגע שנור קען ייִדיש.

און אז ער פרעגט עס זיי, ענטפערט אים שיפּרע אָפּ מיט איר קלינגעוודיקן „טשעהאָ?", וואָס דאַרף דאָס מאָל, קענטיק, באַטײַטן: „זעט, און מיר האָבן עס אפילע ניט באַמערקט, ווי מע באַמערקט ניט אָן אלטע געוווינהײַט". אָדער „אײַך גייט עס אזוי שטאַרק אין לעבן, וואָס איר פרעגט זיך אויף דעם אזוי נאָך?" צי עפּשער גאָר... זאָמער באַווײַזט אָבער ניט דער־טראַכטן זיך, וואָס שטעקט אין דעם „און עפּשער גאָר...", ווײַל גלײַך נאָכן „טשעהאָ?" טוט אים שיפּרע א פרעג:

— זאָגט מיר, איר זײַט ניט קיין שוועדסקער טוריסט?

— וואָס דיר קאָן אײַנפאַלן, — פאַרגייט זיך איַיזיק פון געלעכטער, — האָסט דאָך גע־הערט, אז דער מענטש איז א נאָוועפּרעלאָזשענער, איז וואָס...



2



1



3

די שטאָט פּאָלטאַווע
אין פֿאָטאָגראַפֿיעס

1. דער דענקמאָל פֿון רום
2. די ווײַסע „בעסעדקע"
3. דער שטאָטישער מוזיי
4. איינע פֿון די פּאָלטאַווער גאַסן

4



— און אז א נאָוועפּרעלאָזשענער, — שלאָגט אים שיפּרע איבער, — איז וואָס? האָט ער בא היינטיקע צייטן ניט געקאָנט ווערן קיין אינטוריסט?

— געקאָנט, — גיט איר זאָמער נאָך. — כ׳פאַרשטיי נאָר ניט, פאַרוואָס איז אייך מיטאַמאָל איינגעפאַלן מיך עס פרעגן.

— פּאַשעט און פּראָסט. אנומלטן האָט אונדז דאָ אָפּגעשטעלט א שוועדסקער טוריסט און געפרעגט אָן ערעך דאָס זעלבע, וואָס איר. אָט וועט אייך מיין אייזיק דערציילן, ט׳איר הערן א שיינס. אייזיק!

אייזיק, וועלכער נעמט זיך איבער, ווי צו זען, מיט זיין געבילדעט און אָנגעלייגט ווייבל און וועלכער האָט, דאכט זיך, א ביסל אגמעסנעפּעש פון איר זיין שוין צופיל אָף דער וואָך, איילט זיך איבעריקס ניט צו מיט דעם „שיינס", וואָס שיפּרע פאַרלאַנגט, ער זאָל דערציילן דעם גאַסט. אייזיק גייט בעהאדראָגעדיק זיך דורך מיט דער האַנט איבער דער געדיכט אַרומגעוואַקסענער באָרד זיינער, ווי ער זאָל זיך מיט איר מעיאַשעוו זיין, כאָטש וואָס איז דאָ פאַראַן זיך צו מעיאַשעוו זיין, אז דאָס ווייבל נעמט ניט אַראָפּ פון אים די אויגן, וואַרט, ער זאָל אָנהייבן. נאָכמען וואַרט אויך, ער וויל טאַקע וויסן, וואָס אַזעלכעס האָט זי געפרעגט דער שוועדישער אינטוריסט, וואָס שיפּרען איז איינגעפאַלן פאַרגלייכן אים, נאָכמענען, מיט יענעם.

ווידער זיך דורכגעגאַנגען בעהאדראָגעדיק מיט דער האַנט איבער דער באָרד, נעמט אייזיק דערציילן דאָס שיינס:

— קומט דער ליבער זומער, אַזוי הייבן אָן צו אונדז אַראָפּפאָרן טוריסטן פון דער גאַנצער וועלט. בא אונדז איז דאָך אָן איסטאָריטשעסקע שטאָט.

— פּיאָטער דער ערשטער, קאַראָלענקאָ, גאָגאָל, שוועדסקע מאָגילע, שאָלעם־אַליכעם, לונאַטשאַרסקי, קאָטליאַרעווסקי...

— עהע, — שטימט אייזיק איין מיט זיין געבילדעט און אָנגעלייגט ווייבל און זעצט פאָר: — נאָר מער פון אנדערע קומען אַהער די שוועדן. מע קומט אַהער, ווי זאָגט זיך עס, אָף קייווער־אָוועס. איז זיצן מיר זיך אַזוי אַנומלטן אינעם זוניקן סקווער בא שעוטשענקאָס דענקמאָל אַנטקעגן דעם מוזיי, און קאָנען זיך, ווי זאָגט מען עס, מאַמעש ניט אָנשפּיגלען אין אים, גלייך מיר זאָלן זען דעם מוזיי צום ערשטן מאָל. איך בין אָף מיין לעבן, בייס דער מילכאָמע, אויסגעוועזן א וועלט, כוץ פּאַריזש. נאָר די, וואָס זיינען געווען אין פּאַריזש, די זאָגן, אז אַזא בילד־שיינהייט, ווי אונדזער מוזיי, איז דאָרט ניט צו געפינען.

— ער איז שענער פונעם לוווער מיטן נאָטער־דאַם.

— עהע, — קוועלט אייזיק ווידער אָן פון זיין ווייבל, אָף וועמען ער פאַרלאָזט זיך אין אַזעלכע זאַכן, און דערציילט ווייטער, — מיר האַלטן שוין באַם גיין אַהיים, רופט זיך אָן צו אונדז דער יונגערמאַן, וואָס האָט מיט א ווייַלע פריער זיך געהאַט צוגעזעצט צו אונדז אָף דער באַנק, און אַזוי שטיל, ווי ער זאָל פאַרטרויען א סאָד: „ייִדן?" — ענטפערן מיר אים: „און אליין זעט איר ניט?" רופט ער זיך ווידער אָן: „און איר קענט ייִדיש?" ענטפערן מיר אים ווידער: „און פאַרוואָס זאָלן מיר ניט קענען?"

— און אליין, הערט איר, רעדט ער א ייִדיש, אז ס׳איז טאַקע נאָר צום לאַכן. א פּול מויל מיט בולבעס, — שטעלט זיך פונסניי אַריין שיפּרע און טוט בעשאַסמיִסע א הייב אויף אפן מאַן אירע גרויסע שוואַרצע אויגן, — הערט זשע ווייטער.

— בא אונדז אין טאָראָנטאָ, מאַכט ער...

— אין קאַנאַדע, הייסט עס, און ניט אין שוועדן, — גיט שיפּרע גלייך צו.

— בא אונדז אין קאַנאַדע, מאַכט ער, דערציילט מען, אז אייערע ייִדן קענען שוין ניט קיין ייִדיש, ווילן עס ניט קענען, און אז א ייִדישע כאַסענע איז בא אייך איינגאַנצן א זעלטנהייט. פרעג איך אים, דעם יונגנמאַן: „וואָס הייסט, בא אייך א ייִדישע כאַסענע?" מאַכט ער: „א ייִדישע כאַסענע הייסט בא אונדז, אז דער כאָסן איז א ייִדישער באָכער און די קאַלע איז א ייִדיש מיידל, און ניט ווי די מאָדע איז היינט בא אייך". דאָ האָט אים מיין שיפּרע אַרויסגעלייגט א דאָקלאַד פּאָליטיקע מיט אינטערנאַציאָנאַליזם, אז ס׳איז, זאָג איך אייך, ווערט געווען, מע זאָל עס פאַרשרייבן אָף א מאַגניטאָפאָן, ווי איר זעט מיך, הערט איר, א לעבעדיקן.

— סט׳עפּשער זאָגן, אז כ׳בין געווען ניט גערעכט? — הייבט שיפּרע אויף אפן מאַן אירע יונגע שוואַרצע אויגן.

— פּאָטער. האָסט אים געזאָגט, ווי דער רעכטער עמעס איז.

— און אין וואָס באַשטייט דער רעכטער עמעס? — וויל נאָכמען בא זיי דערגיין.

קוקן זיך מאַן־און־ווייב איבער, ווי מע זאָל זיך אָן אייצע האַלטן איינער מיטן צווייטן, ווער פון זיי זאָל ענטפערן דעם גאַסט. אין וועמען שיפּרע האָט, דאכט זיך, ווידער דערזען,

ווייזט זיך נאכמענען אויס, אן אינטוריסט, און פון די, וואָס גלייבן ניט די אייגענע אויגן פונ־דאנען אהין.

— דער רעכטער עמעס איז אין דעם, — ציילט שיפרע די ווערטער, — וואָס די צייט איז איצט אן אנדערע, און די מענטשן, אויב איר ווילט וויסן, זיינען איצט אויך א ביסל אנדערע. מע דאַרף קוקן מיט אָפענע אויגן. הא, אייזיק? ניט אזוי?

— פּאָטער. אוודאי אזוי. וואָס דאַרפן מיר וויים גיין? מירן נעמען אונדזער שאָלעם־אלייכעמסקע. אויב איך האָב ניט קיין טאָעס, האָט אפילע איוואן שעמיאקין, דער באַרעץ, אויך גערעדט בא אונדז יידיש. מיט ווענען אָבער, אדעראבע, זאָגט מיר, האָב איך דאָ אריינ־צוכאפּן א יידיש וואָרט, אז קימאט דער גאנצער אוילעם איז זיך צעפאָרן איבער די מיקראָ־ראיאָנען? כ׳ווייס ניט, צי בא אונדז אין גאס איז פארבליבן איין ייד אַף צען הויפן. און אפן זאוואָד איז דאָך אויך דאָס זעלבע. דער אלמאזנער צי דער מעכאנישער איז דאָך ניט די אמאָליקע זאָקן־פאבריק „נאָגינא״, וועלכע, כוץ דעם, וואָס דאָרט האָבן געארבעט א סאך יידן, איז זי געווען קלענער פונעם קלענסטן צעך אפן מעכאנישן, אַף וועלכן איך ארבעט. כ׳וועל דאָך ניט ארומלויפן איבער די צעכן זוכן, ווי סע פלעגט ארומלויפן אמאָל א פרומער ייד זוכן א צענטן צום מיניען, מיט וועמען אויסצוריידן א יידיש וואָרט, כאָטש כ׳ווייס, אז אפן זאוואָד בא אונדז ארבעט א פיין ביסל יידן. גיי אָבער זוך זיי אַף אזא גרויסן זאוואָד. איז פּאָ אינערציע רייד איך שוין אויך אין שטוב זעלטן־ווען יידיש. מע ווערט פּאָ אינערציע אָפּגעוווינט. מע דאַרף קוקן אַף דעם, ווי מיין שיפרע זאָגט, מיט אָפענע אויגן.

— ס׳איז ניט אינגאנצן אזוי נאָך, ווי דו זאָגסט, אייזיק.

— וואָס, אשטייגער, איז ניט אינגאנצן אזוי? — פרעגט אייזיק זי פארכידעשט איבער.

— אָט טאקע אנטקעגן דעם, וואָס דו זאָגסט פּאָ אינערציע. קארג מאָל כאפּסטו זיך אריין פון אָוונט אינעם קאָרפּוסנעם הערן א יידיש וואָרט? — דערזען, ווי דער גאסט גלאָצט אַף איר פארכידעשט די אויגן, פארגעסט שיפרע אין אייזיקן און נעמט זיך פאר נאכמענען. — פונוואנען זייט איר אהער געקומען, וואָס פאר אייך איז עס אלץ א נייס? בא אייך אין שטאָט קלייבט זיך דען ניט דער עלטערער אוילעם אין די סעדלעך, ווי בא אונדז אינעם קאָרפּוס־נעם, אריינכאפּן א יידיש וואָרט? און אז מע דערהערט ערגעץ שפּילן א יידישע פלאסטינקע, בלייבט מען דען בא אייך ניט צוגעשמידט צום אָרט, ס׳מעג אפילע דונערן און בליצן?

— דאָס איז אויך פּאָ אינערציע, — באשטייט אייזיק אַף זיינס און זעצט פאר איבערזאָגן זיין ווייבס דאָקלאד פּאָליטיקע, וואָס זי האָט איינגעקנעלט מיטן קאנאדער אינטוריסט און וואָס איז ווערט געווען פארשריבן צו ווערן אַף א מאגניטאָפאָן. — מע דאַרף דאָך ניט זיין בלינד. ס׳איז דאָך שוין א וועלט מיט יאָרן, ווי אונדזער שטאָט איז ניט די, וואָס געווען אמאָליקע יאָרן, נו אָט פאר דער מילכאָמע, ווען די שטאָט אונדזערע איז ניט געווען אזוי גרויס און דער אוילעם אונדזערער איז ניט געווען אזוי פאנאנדערגעוואָרפן איבער דער שטאָט, אז מע זאָל דאַרפן פאָרן איינער צום אנדערן ווער ווייסט וויפל, פלעגן פון אָוונט זיך ארויסשיטן אַף דער אָקטיאַבערסקע־גאס אלע יידישע כאסאנים מיט קאלעס פון דער שטאָט. און איצט ווו קאָן זיך באגעגענען א באָכער מיט א מיידל? אָדער אפן זאוואָד, אָדער אינעם זאוואָדסקאָי קלוב. וועסט דאָך ניט נאָכגיין נאָכן באָכער צי נאָכן מיידל און אונטער־זאָגן, אין וועמען זיך יאָ פארליבן און אין וועמען זיך ניט פארליבן, ווער איז יאָ דיין זיוועג און ווער איז ניט דיין זיוועג...

— ביפראט, אז ליבע איז א בלינדע זאך, — איז פייגע־לעבן גיוווער אין זאָמערן זיין ניט־אריינמישן זיך אפילע מיט א וואָרט, בייס ער הערט באשיינפערלעך, אז דאָס, וואָס אייזיק מיט זיין שיפרען דערציילן אים, האָט ער נעכטן געהערט עס שוין פון איר, און אזא פילאָסאָף, ווי איר אייזיק, איז איר לייזער נאָך אויך. דאָס קאָן אים זאָגן ביילע.

אָבער מער מישט זיך נאכמען ניט אריין. ער איז נאָך דערווייל ניט קיין באלעבאָס איבער זיינע פארשוינען, אז ער זאָל זיך ארייננמישן. אָט, אז ער וועט זיך זעצן צום טיש, דאָרט וועט ער זיך שוין אופירן עטוואָס אנדערש, ניט אינגאנצן טאקע מייסע־באלעבאָס, אָבער דאָך...

— פאראן, פארשטייט זיך, טאטע־מאמעס און באָבעס און זיידעס, וואָס מישן זיך אריין אין אָט די דאָזיקע זאכן. מע זוכט אויס צווישן די פענסיאָנערן שאדכאָנים... איך מיט מיינער האָבן פאר אונדזער טאָליקן קיין שאדכאָנים ניט געזוכט. ער האָט אליין זיך אָפּגעזוכט זיין זיווג. דעריקער איז, אז דער מענטש זאָל זיין א מענטש.

— ווי סע זאָגט טעוויע דער מילכיקער בא שאָלעם־אליינעמען.

— עהע! — כאפּט אונטער אייזיק דער מעכאניקער.

שיר ניט בא דער זעלבער שטוב אפן ראָג גאס, בא וועלכער זאָמער האָט נעכטן אָנגע־

טראָפּן אַף ביילען, האָט אים, אומקערנדיק זיך פון אײַזיקן, אָפּגעשטעלט א הויכער שטאַלט־נער מענטש מיט א לענגלעך טונקל פּאָנעם און מיט א געדיכטן געקרײַזלטן קאָפּ האָר און אים אַרײַנגעשטעקט די האַנט:

— זאָמער? נאַכמענקע? — און איידער נאַכמען האָט זיך נאָך אָפּגערופן, איז שוין יענער איבערגעגאַנגען מיט אים אַף דו. — געווינט אַנטקעגן דער באָד? פון וועלכע קאַנטן קומסטו עס אָן? אָט דאָס הייסט א באַגעגעניש. ניין, בעעמעס, דערקענסטו מיך טאַקע ניט? געדענקסט שוין ניט גאַוראָש, וואָס איז געווען מיט דיר אין דער ספּאַרטאַקאָווסקער אָרגאַניזאַציע? — און גאַוראָש האָט אים געגומען אויסרעכענען עפּשער א האַלבע שטאָט ייִנגעלעך און מיידע־לעך — ספּאַרטאַקאָוצעס און ספּאַרטאַקאָווקעס, — וואָס קימאַט איטלעכער פון זיי האָט, כּדי דעם אייגענעם נאָמען, וואָס טאַטע־מאַמע האָט געגעבן, געהאַט נאָך א נאָמען, וואָס מע האָט אליין פאַר זיך צוגעקליבן: מאַרקס, ענגעלס, ליבקנעכט, וולאַדלען, איסקרע, מאַראַט... ער, אַרטשיק, מאָטל דעם שנײַדערס, האָט געהאַט צוגעקליבן פאַר זיך דעם נאָמען גאַוראָש.

— און דו האָסט גאָר ניט געהאַט קיין אַנדער נאָמען, ווי כּוץ נאַכמען? ווי קומט עס? און דעם ספּאַרטאַקאָוועץ פון אײַער קינדערהיים, קאַמאַ, האָסטו אין ערגעץ ניט באַגעגנט? ווי איז געווען זײַן עמעסער נאָמען, געדענקסטו ניט?

פאַרשטייט זיך, אַז ער געדענקט. טעווקע האָט מען אים גערופן. און די געשיכטע, וואָס איז זיך פאַרלאָפן מיט דעם טעווקען, געדענקט נאַכמען, ווי נעכטן זאָל עס געווען פּאַרקומען: אין א וואָכן צוויי צי דרײַ אַרום, ווי טעווקע האָט זיך א נאָמען געגעבן קאַמאַ, האָט ער פאַר־צעם פאַרלאָרן דאָס לאָשן, אינגאַנצן אופגעהערט ריידן, שטום, ווי די וואַנט. ער, נאַכמען, איז אויך געווען צווישן די, וואָס האָבן אין דעם ניט געגלייבט און וואָס האָבן עטלעכע מאָל געוועקט טעווקען אינמיטן דער נאַכט פון שלאָף — עפּשער וועט ער א שלאָפנדיקער זיך אַרויסכאַפּן כאָטש מיט א וואָרט. נאָר אויסער פאַרשטיקטע קלאַנגען פון אַן עכטן שטומען האָבן זיי פון אים ניט געהערט. עמעצער פון די קינדער, וואָס איז געשלאָפן מיט טעווקען אין איין צימער, האָט זיך געשוואָרן, אַז ער האָט איינמאָל אַליין געהערט טעווקען זינגען פון שלאָף. איז נאַכמען ווידער געווען צווישן די, וואָס פלעגן אינמיטן דער נאַכט זיך אונ־טערגאַנוועגען און וועקן טעווקען, ביז מע איז, ענדלעך, געקומען צום אויספיר, אַז דעם, וואָס האָט זיך געשווירן, האָט זיך פּאַשעט עס אויסגעוויזן. און טאַקע. ווי קאָן מען עס א יאָר צײַט ניט אַרויסריידן קיין איין וואָרט, אויב מע איז ניט קיין שטומער. דער דאָקטער, וואָס האָט עטלעכע מאָל באַטראַכט טעווקען, האָט אויך געזאָגט דאָס זעלבע. און מיטאַמאָל, קימאַט אין א יאָר אַרום, האָט טעווקע אָנגעהויבן ריידן, און זײַנע בלויע אויגן האָבן גע־שײַנט פון פרייד, וואָס ער האָט זיך געקאָנט אַזוי פאַרשטעלן פאַר א שטומען, אַז אַפילע די דאָקטוירים זאָלן אין דעם גלייבן. און ווען מע האָט אים געפרעגט, צוליב וואָס האָט ער עס באַדאַרפט, האָט טעווקע געענטפערט, אַז דאָס האָט ער געוואָלט זיך אויספּרווון, צי וועט ער קאָנען זײַן אַזאַ, ווי קאַמאַ, וועגן וועמען ער האָט אויסגעלייענט ערגעץ אין א ביכל, — זיך פאַרשטעלן פאַר וועמען נאָר ער וויל, ווען ער וועט אַרײַנפאַלן צו די סאָנים פון דער אַל־וועלטלעכער רעוואָליוציע אין די הענט.

ווי קאָן ער עס, נאַכמען, אַזאַ טעווקען ניט געדענקען! און אַרטשיקן, וואָס גייט לעבן אים, געדענקט ער שוין איצט אויך. באַ דעם שלאַנקן און שיינעם אַרטשיקן איז געווען א הילכיק קעלכל, און אַף אַלע מיטינגען און פאַרזאַמלונגען פלעגט ער זיך לאָזן הערן פון די הינטער־שטע רייען מיט זײַן קלינגעוודיק קעלכל: „זאַ־ל ל־ע־בן די אַל־וועלט־לע־כע רע־וואָ־ליר־צי־ע".

דערמאָנענדיק זיך וועגן דעם, וועגן יענעם, פאַרגעסן זיי אַף א ווײַל, אי נאַכמען, אי אַרטשיק־גאַוראָש, אַז זיי זײַנען פון לאַנג שוין ביידע זיידעס, און טראָגן זיך ביידע אַריבער אין די ווײַטע ייִנגלשע יאָרן, וואָס זײַנען באַ זיי אַוועק אין איבערמאַכן די וועלט — אין ברעכן די שוין צעבראָכענע וואַנט, וואָס איז „געמויערט גאָר פעסט און גאָר דיק", וואָס פאַרצוימט „די וועגן צום לעבן, צום גליק", און אין אַראָפּוואַרפן די שוין אַראָפּגעוואָרפענע קירכן־גלאָקן, וואָס האָבן געוואָלט „די וועלט פאַרוויגן מיט א שוואַרצן, טויטן ניגן..." — אין יענע ווײַטע ייִנגלשע יאָרן, וואָס האָבן אין איטלעכן פון זיי ביז איצט נאָך עפּעס איבערגעלאָזט פון יענע באַזונדערס־באַזונדערע טעג — אין אַרטשיקן נאָך מער ווי אין נאַכמענען. זאָמער הערט ניט אויף זיך צו וווּנדערן, ווי קאָן מען עס אַזויפיל פאַרגעדענקען. אָט וועמען ער וואָלט באַ־דאַרפט האָבן פאַר א באַגלייטער איבער דער שטאָט.

כּידעשט זיך אַרטשיק:

— ווען איך זאָל אַפילע קיין איין מאָל ניט געווען דאָ זינט פון יענער צײַט אָן, איז שטעל איך זיך אויך ניט פאָר, אַז כ׳זאָל דאַרפן צו עמעצן אָנקומען, מע זאָל מיך פירן באַווײַזן די שטאָט.

ענטפערט אים נאָכמען:

— דאָס דוכט זיך דיר. דו ביסט די גאַנצע צײַט אַ היגער, באַמערקסטו ניט, וויפֿל ס׳האָט זיך דאָ פֿאַר דער צײַט געענדערט און נאָך וואָזוי געענדערט. נעם, אַשטייגער, אונדזער נאָוועפּרעלאָזשענע.

— אונדזער שאָלעם-אַלייכעם-גאַס, — פֿאַריכט אים אַרטשיק. — נו, וואָס איז פֿאַראַן, אייגנטלעך, וואָס צו באַווײַזן און וואָס צו דערציילן? אַ שטאָט, ווי אַלע הײַנטצײַטיקע שטעט.

— פֿונדעסטוועגן? — טרעט ניט אָפּ נאָכמען.

נאָר אַרטשיק-גאַווראָש איז שוין פֿאַרנומען ניט מיט אים. ער איז פֿאַרנומען מיטן מענטשן, וואָס איז אָנגעקומען אַנטקעגן, אויסבאַהאַלטנדיק זיך פֿון דער שוין האַלב פֿאַרגאַנגענער זון אונטער אַ בונטן פּילפּאַרביקן שירעם.

— וויפֿל? — טוט אַרטשיק אים אַ פֿרעג.

— הונדערט זיבעציק אָף אַכציק. און בײַ דיר?

— האַלעוויי אָף וויטער. הונדערט דרײַסיק אָף זעכציק.

אין רעכטן מיטן דערמאָנען זיך וועגן די ספּאַרטאַקאָווצעס און ספּאַרטאַקאָווקעס שטעלט אַרטשיק ווידער אָפּ אַ פֿאַרבײַגייענדיקן מאַנצבל, דערנאָכדעם אַ דריטן און אַלץ מיט דער זעלבער פֿראַגע:

— וויפֿל?

און ווען דער דריטער מאַנצבל, ווען אַרטשיק-גאַווראָש האָט פֿאַרהאַלטן, ראַפּאָרטירט אים אָפּ: „קימאַט ווי די נאָרמע", רופֿט זיך דאַן נאָכמען אָן צו אַרטשיקן:

— דו אַרבעטעסט מיט זיי אָף איין זאַוואָד?

בלײַבט אַרטשיק שטיין און קוקט אָף נאָכמענען, ווי ער זאָל אים אויפֿהערן מיטאַמאָל דערקענען.

— נו, איך זע, דו פֿרעגסט זיך בײַ זיי אַלעמען נאָך אָפּן פּלאַן, איז מיסטאָמע...

— אַ שיינער פּלאַן, — עטעמט אַרטשיק שווער אָפּ. — דאָס פֿרעג איך זיך בײַ זיי נאָך וועגן בלוטדרוק. די מילכאָמע, מײַן טײַערער, לאָזט זיך נאָך פֿילן. פֿאַר אַזעלכע, ווי מיר, וועט זי זיך לאָזן פֿילן ביזן לעצטן טאָג אונדזערן, מיסטאָמע. דער פֿערטער טאָג ערשט, ווי איך בין אופּגעשטאַנען נאָך אַ שווערן קריז. בײַ מיר איז אַ קריז, בײַ דעם אַן אינפֿאַרקט, בײַ יענעם... איז וויפֿל, זאָגסטו, ביסטו שוין דאָ ניט געווען, — שלאָגט אַרטשיק זיך אַליין איבער, — וואָס דו פֿרעגסט זיך וועגן יעדערן אַזוי נאָך?

און ווידער פֿאַרגעסן זיך ביידע אָף אַ ווײַל, אַז זיי זײַנען פֿון לאַנג שוין זיידעס, און ביידע טראָגן זיך צוריק אַריבער אין די ווײַטע ייִנגלשע יאָרן, וואָס האָבן אין איטלעכן פֿון זיי ביז איצט נאָך עפּעס איבערגעלאָזט פֿון יענע באַזונדערס-באַזונדערע טעג.

## IV

פֿונקט צען אינדערפֿרי, ווי ס׳איז געווען אָנגעוויזן אינעם בריוו, וועלכן זאַמער האָט נעכטן געקראָגן פֿון מירען, איז ער שוין געווען אָף דער פּאָסט. נאָר קיין פֿרוי, וואָס זאָל געווען האַלטן אין דער האַנט זײַן ביכל „נעכטן און הײַנט", האָט ער, דערווײַל ניט באַגעגנט. זיך דורכגעגאַנגען איין מאָל און אַ צווייט מאָל איבער די באַלעבטע זאַלן, האָט ער זיך צוגעזעצט אַנטקעגן דעם פֿענצטערל, וואָס גיט אַרויס די בריוו. אַ שאָ אַנדערהאַלבן-צוויי וועט ער פֿונדעסטוועגן אָף איר וואַרטן. מאַלע וואָס מיט יענעם קאָן צומאָל פּאַסירן, ביפֿראַט נאָך אונטערוועגנס. פֿון קאַבעליאַקע האָט זי פֿאַרט דאָך צו פֿאָרן גאַנצע זעכציק קילאָמעטער. נאָר לאַנג אײַנזיצן אינעם טומל קאָן ער ניט. דרייט ער זיך אום איבערן וועסטיביול.

ציי האָט ער, אַרײַנקומענדיק אָף דער פּאָסט, שוין געהאַט געטראָפֿן אין וועסטיביול די פֿרוי מיטן אַשקאַליריקן קאָפּ האָר, וועלכע שמייכלט צו זיך עפּעס מאָדנע, געדענקט ער פּאָשעט ניט. און וואָס האָט ער געהאַט זי צו פֿאַרגעדענקען, אַז אויסער דעם רידיקיול האָט זי אין דער האַנט מער גאָרניט ניט געהאַלטן. עפּשער וואַרט זי אויך אָף עמעצן, און פֿאַר יענעם, אויב ער האָט אויך באַקומען, אַן ערעך, אַזאַ בריוו ווי ער, נאָכמען, דאַרף דער דאָזיקער טונקל-ברוינער רידיקיול דינען פֿאַר אַ סימען זי צו דערקענען. איצט שמייכלט די פֿרוי, ווי נאָכמענען דוכט זיך, שוין ניט אַזוי צו זיך, ווי צו אים. ער פֿילט, ווי אירע אונטערשמייכלענדיקע אויגן גייען אים נאָך, כאָטש נעם און פֿאַרפֿיר מיט איר אַ ריידע, ס׳זאָל זיי ביידן ניט זײַן אַזוי לאַנגוויַליק דאָס וואַרטן.

נאָר אָנגעהויבן דעם געשפּרעך האָט גראַדע זי, אָפּשטעלנדיק זאַמערן מיט איר מאָדנעם

שמייכל בא דער דרויסן־טיר, ווען ער האָט שוין אָנגעהויבן פארלירן די האָפענונג, צי וועט ער זיך הײַנט דערווארטן אַף זײַן קאָבעליאקער אומבאקאנטער שוועסטער.

— ווּהין זשע גייט איר עס אוועק? — האָט זי זיך אָנגערופן, דערלאנגענדיק אים די האַנט. — דאָס בין איך עס די טײַבל, וועלכע איר זוכט ארום. כ׳האָב אײַך גלײַך דערקענט.

נאכמענס פארכידעשטער בליק איז געפאלן אַף איר רידיקיול. זי האָט דאָך אָנגעגעבן אינעם בריוו גאָר אַן אנדער סימען.

— אײַך ווּנדערט, פארשטיי איך, פארוואָס האַלט איך ניט אין דער האַנט אײַער ביכל. איך בין פּאָשעט געווען נײַגעריק, צי וועל איך אײַך אזוי אויך דערקענען. און צווייטנס, צי וועט איר מיך דערקענען. נאָר פּונוואַנען, אַז ס׳איז שוין אַ היפּש ביסל יאָרן, זינט איר זײַט דאָס לעצטע מאָל געווען בא אונדז אין קינדערהיים צוגאַסט. איך בין נאָך דאַן געווען אַ קליינינק מיידעלע, און איצט בין איך שוין אַ באָבע מיט גראָווע האָר. אָבער אײַער „נעכטן און הײַנט" האָב איך מיט זיך. — טײַבל נעמט ארויס פון רידיקיול נאכמענס ביכל מיט די העל־גרינע טאָוועלעך און מיט זײַן פּאָרטרעט אַפן שארבלעטל.

אין עטלעכע מינוט ארום זײַנען זיי שוין געזעסן אין שאָטן אַף אַ זײַטיקער אַלייע אינעם קאָרפּוסנעם סאָד און ניט באמערקט, ווי די זון האָט דורכגעמאכט אַ היפּשן מעהאַלעך און זיך דערקליבן מיט איר טאמעוודיקן פלאמפײַער צו זייער באַנק, ווי אונטערזאָגנדיק מיט דעם, אַז זיי זאָלן זיך וועלן אַלץ דערמאָנען, וועט קיין טאָג מיט קיין נאכט זיי אויך דערוף ניט קלעקן. אָבער ווי דערמאָנט מען עס ניט טאטע־מאמע, די ברידערלעך און שוועסטער־לעך, ווען עס באַגעגענען זיך נאָך אזויפיל יאָר, און אזעלכע יאָר, אַ נאכמענקע מיט אַ טײַבעלען פון דער גרויסער מישפּאָכע „ייִדישער קינדערהיים". און צוויי טעג מיט צוויי נעכט וועט אַף דעם דען קלעקן, אויב ניט אַלעמען, אין וועמען זי דערמאָנט זיך, קען ער, און ניט אַלעמען, אין וועמען ער דערמאָנט זיך, קען זי, כאָטש זיי זײַנען ביידע שוין פון לאַנג אַ באָבע מיט אַ זיידן. ער איז אָבער פאָרט עלטער פון איר אַף אַ יאָר צען. איז זי דאָך טאַקע געווען נאָך גאָר אַ קליינינק מיידעלע, ווען ער איז אין יאָרן ארום, שוין וווינענ־דיק אין אַן אַנדער שטאָט, געווען אין קינדערהיים דאָס לעצטע מאָל צוגאַסט. דאָך לאָזן זיי קיינעם ניט דורך און זײַנען די גליקלעכסטע צווישן די גליקלעכסטע, ווען זיי דערוויסן זיך איינער פונעם צווייטן, ווער סע לעבט, און גרויסן זיך מיט איטלעכן, ווי מיט לײַבלעכע ברידער און שוועסטער, וואָס האָבן ניט פארשעמט זייער מישפּאָכע.

און ווען נאכמען מיט טײַבלען נעמען ריידן וועגן זייערע איבערגעגעבענע טאטע־מאַ־מע — וועגן דעם כאַווער אוראָמען און דער כאַווערטע ווערע, — דערמאָנט זיך נאכמענען: אַ קורצע צײַט פאַר דעם, ווי ער איז דאָס לעצטע מאָל דאָ געווען, האָט ער דערהאַלטן אַ בריוול פון דער מומע ווערען, ווי מע האָט נאָכדעם, שוין ניט אין זײַנע צײַטן, געהאַט גערופן די פארוואַלטערן פון קינדערהיים. דער שנײַדער, בא וועמען די אַלטיטשקע מומע ווערע איז אײַנגעשטאַנען אַף קוואַרטיר, האָט נאכמענען עפּעס מאָדנע באַטראַכט. ס׳האָט אים געווּנדערט, וואָס נאכמען ווייסט ניט, אַז די מומע ווערע — ווערע מיכײַלאָווּנע ברוד־נאָ — איז בלויז צוגעשריבן דאָ אין שטאָט, טאַקע בא אים, באַם שנײַדער, איז זי צוגעשריבן, אָבער וווינען וווינט זי, אין וועלכער שטאָט מע זאָל נאָר ניט אָנרופן!

— און דו האָסט עס דען ניט געוווּסט? — ווּנדערט זיך נאָך מער אַף אים זײַן אָפּגע־זוכטע קאָבעליאקער שוועסטער, און אירע אומעטיקלעך־שמייכלענדיקע אויגן אַפן טונקל־מאַטעווען געזיכט צעלײַכטן זיך העלער. — יעדערער פון אונדז האָט זי גערופן צו זיך וווינען. בא מיר איז זי אויך געווען אַ פּאָר וואָכן צוגאַסט. ווער פון אונדזער קינדערהיים זאָל ניט קומען אהער צו פאָרן, איז גייט ער צו דער מומע ווערען אַף קיוּוער־אָוועס. מיר האָבן זיך אַלע צונויפגעלייגט און געשטעלט איר אַ מאַצייווע, ווי ס׳איז ווערט אַ טרײַע איבערגע־געבענע מאמע.

— ווּעסט מיט מיר צופאָרן אַפן בעסוילעם? — פרעגט שטיל נאכמען.

— ווי קאָן איך? פארגעסט, אַז הײַנט איז ניט שאבעס און ניט זונטיק. איך פארשפּעטיק אזוי אויך שוין. כ׳האָב זיך אָפּגעבעטן פון דער ארבעט אַף אַ האַלבן טאָג. ביז כ׳וועל זיך נאָך דערקלײַבן אהיים... און ווייסט, ווּהין נאָך אונדזערע אײַלן זיך זײַן, ווען מע קומט אהער צו פאָרן? אינעם רויטן צוויישטאָקיקן מויער אַף שעווטשענקאָ־גאַס, ווּ ס׳איז געווען דער קינדערהיים. איצט איז דאָרט אַ ביבליאָטעק. הער, — גיט זי אים אַ נעם אָן, ווי אַ קינד פאַר דער האַנט, — עפּשער וואָלסטו זיך גאָר אראָפּגעכאַפּט צו מיר קיין קאָבעליאקע אַף אַ פּאָר טעג אין געסט?

אוואדע וואָלט זיך אים וועלן אראָפּפאָרן קיין קאָבעליאקע צו זײַן אָפּגעזוכטער שוועסטער טײַבל, נאָר ווי קאָן ער, אַז מיט יעדן טאָג קומען צו אַלץ נײַע און נײַע געענג, וועלכע ער

קאָן ניט אָפּלייגן, פון וועלכע ער קאָן זיך ניט אָפּזאָגן. ווער ווייסט, ווען קאָן אים ווידער דאָ אויסקומען זײַן, און צי וועט אים ביכלאַל אויסקומען נאָך ווען־ניט־איז דאָ זײַן? און יעדער גאַנג נעמט אָפּ בײַ אים שיר ניט אַ האַלבן טאָג. דער הײַנטיקער גאַנג זײַנער אַפן „שוועדישן קייווער"— ווי סע הייסט דאָס גרויסע פעלד הינטער דער שטאָט, ווו דאָס רוסישע כאַיל פון פּיאָטער דעם ערשטן האָט זיך געשלאָגן מיט דער שוועדישער אַרמיי פון קאַרל דעם צוועלפטן, — האָט אַפילע אָפּגענומען בײַ אים אַ גאַנצן טאָג, ווײַל ווי איז מען עס דאָרט און מע לאָזט זיך ניט מיטן פעלד צו די היפּש דערווײַטערטע איינער פונעם צווייטן רעדוטן — צו די הויכע מאַרמאָרנע אָבעליסקן.

מיט איינער פון די אויסגעטראָטענע סטעזשקעס גייט נאָכמען צו דעם גרוי־רויטלעכן גראַניטענעם דענקמאָל, וועלכן די רוסישע אַרמיי האָט געשטעלט די שוועדן. אויסער ווי בײַ זיך אַליין, האָט נאָכמען ניט געהאַט מער בײַ וועמען צו פרעגן, צי קאָן מען נאָך ערגעץ באַגעגענען אַ דענקמאָל, וואָס די זיגער זאָלן געווען שטעלן זייערן אַ באַזיגטן סוינע. נאָכמען לייענט ווידעראַמאָל איבער די אויסגעקריצטע שורעס אַפן צוגעשרויפטן בראָנדזענעם טאָוול: „אייביקער אָנדענק די העלדישע שוועדישע זעלנער, וואָס זײַנען געפאַלן אין שלאַכט הינטער פּאָלטאַווע אין דעם זיבן־און־צוואַנציקסטן טאָג פון כוידעש יון טויזנט זיבן הונדערט נײַנטן יאָר", און ענטפערט שוין ניט זיך, נאָר דעם באָכער מיטן מיידל, וואָס זײַנען צוגעקומען און אויך אויסגעלייענט אַף אַ קאָל די אויסגעקריצטע שורעס:

— בלויז אַן אַרמיי, וואָס ווייסט ניט פון קיין אייביקער סינע אַפילע צו אירע גרעסטע געוועזענע סאָנים, קאָן אָפּגעבן קאָוועד די געפאַלענע זעלנער פון איר קעגנער אַפן שלאַכט־פעלד.

נאָכדעם ווי זאָמער איז געווען בײַ דער הויכער גראַניטענער הלּיבע — בײַ דעם דענקמאָל, וועלכן די שוועדן האָבן געשטעלט זייערע געפאַלענע שלאַכטלײַט, האָט ער זיך ווידער אויפגעהויבן מיט די פּילצאָליקע גראַניטענע טרעפּ אַפן הויך אָנגעשאָטענעם באַרג, אונטער וועלכן ס'האָבן געפונען זייער אייביקע רו טויזנט דרײַ הונדערט פינף און פערציק רוסישע סאָלדאַטן און אָפיצערן, געפאַלענע דאָ אין שלאַכט. צווישן די אויסגעקריצטע עטלעכע נעמען פון גענעראַלן און אָפיצערן האָט ער קיין ייִדישע נעמען ניט געזען. נאָר ער איז זיכער: ווען עס זאָלן געווען זײַן אויסגעקריצט אויך די נעמען פון די געפאַלענע סאָלדאַטן, וואָלט ער צווישן זיי אָנגעטראָפן די עלטער־עלטערזיידעס פון די נאָוועפּרעלאָזשענער, די וווקסיקע קרעפּטיקע שמידן, באַלעגאָלעס, טרעגער, קאַצאָווים, ייִדן דעמבן...

אינעם בלעטער־גערויש פון דער הויכער טונקעלער בעריאָזע, וואָס שטייט אָנגענייגט איבערן ברודער־קייווער, דערהערט נאָכמען מיטאַמאָל:

Надо мной, чтоб вечно зеленея,
темный дуб склонялся и шумел...

ער קוקט זיך אום. לעבן אים שטייט דער זעלבער באָכער, מיט וועמען ער איז פריִער געשטאַנען בײַ דעם רוסישן דענקמאָל די שוועדן און געהאַט אי זיך, אי אים פאַרטײַטשט דעם זין פון די אויסגעקריצטע שורעס אַפן בראָנזענעם טאָוול...

דערויף, אַז ווי נאָר ער וועט זיך דערנעענטערן צו דער שוואָטשענקאָ־גאַס וועלן פון דער ווײַטער קינדהײַט אַרויסלויפן אים אַנטקעגן די ברידערלעך און שוועסטערלעך זײַנע פונעם קינדערהיים, אים אַרײַנעמען צו זיך אין אַ קרײַז און שוין ניט אַרויסלאָזן, האָט נאָכמען זיך געקאָנט ריכטן. און אַז איטלעך איינער פון זיי וועט נעמען אים מיט עפּעס דערמאָנען וועגן דעם רויטן צוויישטאָקיקן מויער אַפן ראָג, דערויף האָט ער זיך אויך גע־קאָנט ריכטן.

דאָס דאָזיקע געפיל, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט זאָמערן, ווי נאָר ער איז אַרויף אַף דער לאַנגער און גרינער שעווטשענקאָ־גאַס, — אַ געפיל, צו וועלכן מע דאַרף אין זײַנע יאָרן האָבן אַ מער שטאַרקער האַרץ, מיט מער שטאַרקערע לונגען, — האָט אים פּוסטריט באַגלייט, ווען ער האָט אַרײַנגעקוקט אין די פענצטער פונעם מויער, זיך אַרומגעדרייט איבערן הויף, זיך אויפגעהויבן מיט די קילע מירמלנע טרעפּ אַפן אַנדערן שטאָק און געעפנט די הויכע טיר. אין דער ערשטער רעגע האָט ער ניט קלאָר נאָך באַנומען, פאַרוואָס איז אַזוי שטיל אין אָט דעם גרויסן ליכטיקן זאַל, ווו ס'האָט זיך שטענדיק געטומלט. ניט געווען, דאַכט זיך, אין קינדערהיים קיין איינער, וואָס זאָל צען מאָל אַ טאָג זיך ניט אונטערגאַנווענען צו דער פּיאַנע, וועלכע איז געשטאַנען אַנטקעגניבער בײַ דער וואַנט, און זיך ניט דורכגיין כאָטש מיט איין פינגער איבער אירע פּערלאַמוטערנע ווײַסע און קויל־שוואַרצע קלאַווישן. נאָכמען הערט בלויז דאָס שאָרכען פון צײַטונגען און ביכער, דאָס שעפּטשען זיך פון די לייענער

באַ די טישלעך. אים איז ביז גאָר מאָדנע — אַרײַנקומען אַהער און זאָל און ניט טרעפֿן דאָ קיין איין קינד! אים ווילט זיך פֿרעגן די לייענער באַ די טישלעך, צי ווייסט כאָטש עמעצער פֿון זיי, אַז אינעם דאָזיקן מויער איז געווען אַמאָל אַ יידישער קינדערהיים. עפּשער וועט אים דערויף ענטפֿערן דאָס קאַרטאָטעקע־קעסטעלע, וואָס ער האָט אַרויסגערוקט פֿונעם קאַטאַלאָג? אין קיין איין ביבליאָטעק האָט ער אַזוי ניט געגאַרט דערזען צווישן די ביכער אויך זײַן בוך „נעכטן און הײַנט". ער זאָל זיך גלײַך ניט אַנטוישן, האָט זאָמער ניט געײַלט איבערקוקן די קאַרטלעך. און ווען ער האָט אָנגעטראָפֿן אויף זײַן ביכל, אָנגעטראָפֿן אויף אַ שטיקל זייכער פֿון דעם, וואָס דאָ איז אַמאָל געווען, האָט ער שיר ניט אויסגעשריִען פֿון פֿרייד: אין זײַן „נעכטן און הײַנט" דערציילט ער דאָך וועגן די, וואָס האָבן אָנגעפּילט די ליכטיקע צימערן פֿון אָט דעם מויער, ווו ס'איז אַצינד די ביבליאָטעק, מיט זייערע הילכיקע קינדערשע קעלעכלעך.

נאָכמען בעט די בלאָנדע ביבליאָטעקערן מיט די דורכזיכטיק־בלויע אויגן, זי זאָל אים געבן אַ קוק טאָן דאָס ביכל. ענטפֿערט זי אים, אַז ס'איז אויף די הענט, עמעצער לייענט עס, און פֿאַרשטייט ניט, פֿאַרוואָס איז ער אַזוי צופֿרידן פֿון דער דאָזיקער בסורע. נאָכמען פֿרעגט זי אָבער מער גאָרניט. ער זאָל זיך ניט געווען שעמען פֿאַר זיך אַליין, וואָלט ער, אַרויסגייענדיק פֿון ביבליאָטעק, זיך אַרופֿגעכאַפּט, ווי אין די ייִנגלשע יאָרן, אויף צערייצטן בראָנזענעם לייב, וואָס ליגט באַם צופֿוסנס פֿונעם אָבעליסק דעם קאָמענדאַנט פֿון פֿאָלטאַווער פֿעסטונג בייס דער מילכאָמע מיט די שוועדן, דעם פֿאָלקאָווניק קעלין...

צי האָט עמעצער באַ זיי אין קינדערהיים, וואָס האָט אין יענע ווײַטע יאָרן זיך געשפּילט דאָ, ווי ער, נאָכמען, מיטן אויסגעבויגענעם עק און מיט דער גערדיכטער הריווע פֿונעם צערייצטן לייב, געוווּסט, וואָס איז אַזוינס אַ דענקמאָל און ווען מען האָט געשטעלט עס דעם דענקמאָל? און צי האָט עמעצער פֿון זיי געוווּסט, אַז אויפֿן זעלבן פּלאַץ, עטלעכע טריט פֿונעם קינדערהיים, איז געווען די פֿעסטונג, וועלכע די שוועדישע אַרמיי האָט באַלאַגערט, געשטורעמט און זי ניט אײַנגענומען? און צי האָט עמעצער באַמערקט, אַז דער בראָנזענער לייב איז קימאַט אין איינע יאָרן מיט זיי? ער, אַלנפֿאַלס, נאָכמען זאָמער, האָט זיכער וועגן דעם אַלץ ניט געוווּסט, פּונקט ווי ער האָט דעמלט ניט געוווּסט, אַז אויף דער נאָענטער שכײַנעסדיקער גאַס קליין־סאַדאָווע האָט געוווינט קאָראָלענקאָ, נאָך וועמענס נאָמען ער איז נאָכגעגאַנגען אינעם כמורנעם שנייִקן ווינטער־טאָג, און ווער איז אַזוינס געווען דער פֿאַרשטאָרבענער, אויסער דעם, אַז ער איז געווען אַ גוטער מענטש, אַז די מאַמע האָט אים ביטער באַוויינט, און אַז אין די באָטעמדראַשים האָבן ייִדן געזאָגט נאָך אים טילים, ווי נאָך אַ גרויסן צדיק.

און פֿונוואַנען האָט ער געקאָנט דאַן וועגן דעם אַלץ וויסן, ער, אַ ייִנגעלע, וואָס איז מיט אַ יאָר פֿאַר דעם געקומען אַהער אין שטאָט פֿון אַ קליין שטעטעלע, און אויסער דעם כומעש מער גאָרניט געלערנט, און אויסער מאָטקע כאַבאַדס מײַסעס, וועלכע טאַטע־מאַמע פֿלעגן אין ווינטערדיקן פֿרײַטיקצונאַכטס דערציילן, קיין אַנדערע מײַסעס ניט געהערט, און ניט געוווּסט נאָך, אַז אַכוץ ספֿאָרים זײַנען דאָ ביכער.

ווען ער נעמט און דערציילט עס, אַשטייגער, אַלץ איבער אָט די ייִנגעלעך, וואָס שפּילן זיך דאָ דערבײַ, — האָט נאָכמען אַ קלער געטאָן באַ זיך, — וואָלטן זיי אים מיסטאָמע ניט געגלייבט. ער אַליין גלייבט דאָך שוין, אייגנטלעך, אויך ניט אין דעם. איז ווי ווי וועט ער וועגן דעם שרײַבן? פֿריִער פֿון אַלץ, ווען ער זעצט זיך צום שרײַבטיש, דאַרף ער אַליין גלייבן אין דעם, וואָס ער קלײַבט זיך דערציילן, אויב ער וויל, אַז דער לייענער זאָל אים טרויען און גלייבן...

שוין אַ וועלט מיט יאָרן, ווי זאָמער איז צום ערשטן מאָל אַריבערגעטראָטן די שוועל פֿון אָט דעם איינשטאָקיקן ליכטיקן שטיבל, וואָס קוקט אַרויס מיט זײַנע פֿענצטער צו דער שטילער גרינער גאַס, און דאָך געדענקט ער יענעם טאָג, ווי דאָס זאָל נעכטן ערשט געווען זײַן, געדענקט אַפֿילע, אַז ס'איז געווען פּונקט אַזאַ הייסער זוניקער טאָג, ווי הײַנט. איבער די באַשיידן מעבלירטע צימערן מיט די האַלב־צוגעמאַכטע לאָדן האָט אים דעמלט באַגלייט אַ מיטלוווּקסיקע באַיאָרטע פֿרוי, וועלכע האָט נאָך מײַדלוויִז זיך געכאַוועט מיט קאָראָלענקאָס טעכטער און געווען דאָ אין שטוב, ווי אַן אייגענע. די דאָזיקע ייִדישע פֿרוי, וועלכע דאַרף שוין זײַן אַ טיפֿע זקיינע, האָט נאָכמען שוין דאָ איצט ניט געטראָפֿן, נאָר איר געשטאַלט האָט אויך הײַנט אים באַגלייט, אַרומגעפֿירט פֿון צימער צו צימער, פֿון סטענד צו סטענד, פֿון בילד צו בילד, אים פֿאַרהאַלטן לאַנג אין צימער, ווו עס דערציילט זיך וועגן קאָראָלענקאָס צונישט מאַכן אויפֿן צאַרישן געריכט דעם בילבל אויפֿן אודמורטער פֿאָלק — אויף

די פּויערים פונעם דערפל גרויס־מולטאַן, און אין קנאַפּע צוואַנציק יאָר אַרום דעם בילבל אַף די יידן — אַף דעם קיִעווער מענדל בייליסן... שטייענדיק איצטער אינעם דאָזיקן צימער, דוכט זיך זאַמערן, אַז ער הערט, ווי די פרוי, וואָס האָט זיך דאָ אופגעהאַלטן ווי אַן אייגענע, דערציילט אים מיט איר שטיל קאָל: „...איז גיי איך מיר אַזוי איינמאָל אַפן מאַרק עפּעס איינקויפן, און אין יענע טעג, ווען ס'האָט זיך געטומלט מיטן צאַרישן מאַניפעסט, איז גיין אַפן מאַרק געווען שוין געפערלעך. מע האָט זיך געריכט אַף אַ פּאָגראָם. די אַנגערייצטע אונטערוועלט האָט שוין געשאַרפט די מעסערס, און אַף נאָוופּערעלאָזשענע האָט מען זיך געגרייט באַגעגענען די פּאָגראָמשטשיקעס. איז ווי איך גיי מיר אַזוי איבערן מאַרק, דערזע איך פלוצעם אַן אַנגעלאָף פון מענטשן. אַף אַ וואָגן, אַרום וועלכן ס'האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם, שטייט אַ יונג מיט אַ צעפּאַטלטן קאָפּ האָר און פאָכט מיט די הענט, ווי בא אַ געשלעג. ער איז שוין הייזעריק פונעם שרייַען, אַז מע דאַרף אָנלערנען די יידן, ווי מע האָט זיי שוין אָנגעלערנט אין אַנדערע שטעט. און דאָ דערהער איך לעבן זיך, ווי איינער אַ פּויער אינעם רעדל רופט זיך אָן: „קאָראָלענקאָ האָט אַנומלטן, ווען ער איז געווען אַפן מאַרק, זיך מיט מיר צערעדט, מיר געגעבן צו פאַרשטיין, ווער ס'איז שולדיק, וואָס אונדז איז אַזוי שווער צו לעבן, און, געזעגענענדיק זיך, דערלאַנגט מיר די האַנט. ניין, די האַנט מייַנע, וועלכע ס'האָט געדריקט קאָראָלענקאָ, וועט קיין אומשולדיק בלוט ניט פאַרגיסן! הערט אים ניט, פּראַוואָסלאַוונע!“ — האָט דער פּויער אויסגעשריִען און אָנגעוויזן אַפן יונג מיטן צעפּאַטלטן קאָפּ האָר, וואָס איז געשטאַנען אַפן וואָגן.

אין שטאָט בא אונדז האָבן קינד־און־קייט געוווּסט, אַז ווי נאָר ס'פלעגט זיך אין יענע טעג נעמען טומלען אַפן מאַרק, פלעגט וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש גלייַך קומען אַהין צו גיין, און ניט דערלאָזן, ס'זאָל פאַרגאָסן ווערן אומשולדיק בלוט. אונדזער שטאָט איז קימאַט די איינציקע אַף אוקראַיִנע, וווּ ס'איז אין יענער צייַט ניט געווען קיין פּאָגראָם, און דאָס האָבן די פּאָלטאַווער יידן אַ סך צו פאַרדאַנקען אויך דעם אַווטאָר פון דעם באַרימטן ווערק וועגן דעם קעשענעווער פּאָגראָם, „דאָס הויז נום. 13“.

און אַז זאַמער איז אַרייַנגעקומען אינעם צימער, ווו בא דער וואַנט שטייט אַ פאַרבעט אייַזערן בעטל, אַף וועלכן קאָראָלענקאָ האָט אויסגעהויכט די נעשאָמע, און בא דער אַנטקעגניבערדיקער וואַנט לעבן פענצטערל — אַ נידעריק שוסטער־בענקעלע, דערהערט ער אין זיך ווידער דאָס שטילע קאָל פון דער פרוי: „וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטש האָט זייער ליב געהאַט די שוסטערשע אַרבעט. זי האָט אים געשפּייַזט, בייס ער איז געווען אין פאַרשיקונג. מייַנע שיך האָט ער אויך ניט איין מאָל פאַריכט. איינדערפרי, אַז מיר פלעגן זיך אופכאַפּן, האָט יעדערער פון אונדז געטראָפן זייַנע שיך שוין אויסגעפּוצטע, מייַנע אויך. איר ווילט נאָכאַמאָל איבערלייענען שאָלעם־אַליכעמס בריוו צו וולאַדימיר גאַלאַקטיאָנאָוויטשן? ברענג איך זיי אייַך באַלד צו טראָגן“.

ווער איז נאָך געזעסן אונטער דעם אַקאַציע־בוים אין הויף, אויסער אים און קאָראָלענקאָסביידע טעכטער, ווען זייער לאַנגיאָריקע כאַווערטע האָט ווידער געבראַכט אים צו טראָגן די בריוו און געבעטן, אַז ער זאָל זיי דאָס מאָל פאַרלייענען אַף אַ קאָל, — געדענקט ער שוין איצט ניט.

די סטעזשקע באַם זייַטיקן אַרייַנגאַנג אינעם דערבייַיִקן שטאָטישן גאָרטן האָט צוגעפירט נאָכמענען צו דער נידעריקער מאַציייווע פון רויטן גראַניט אַף קאָראָלענקאָס קייווער... ווי הויך ס'איז ניט געשטאַנען די זון און געבלענדט די אויגן, האָט עס ניט געשטערט נאָכמענען, אַז ער זאָל דערזען איצט פאַר זיך דעם גרויען ווינטערדיקן טאָג, ווען דער רעבע האָט געהייסן צומאַכן די געמאָרעס און גיין אַף דער לעווייַע פונעם גרויסן צאַדיק זיכרוינוי ליוראָכע, וואָס איז ניפטער געוואָרן. נאָכמען האָט זיך דורכגעשטופּט דורך דעם האַמוין, וואָס האָט פאַרפולט די גאַסן, און זיך דערקליבן צום אָרן, אין וועלכן ס'איז געלעגן מיט אַ ברייט צעקעמטער באָרד דער מענטש, וועמען ס'האָט אַרויסבאַגלייט אין זייַן לעצטן וועג די גאַנצע שטאָט, נאָך וועמען מע האָט געזאָגט טילים אין די באָטעמעדראָשים, וועמען עס האָט מיט ביטערע טרערן באַווייַנט זייַן מאַמע, דער מענטש, וועמען די דעלעגאַטן פונעם נייַנטן אַלרוסלענדישן ראַטן־צוזאַמענפאָר האָבן באַערט זייַן אָנדענק מיט אופשטיין...

## V

מעשונע מאָדנע גיך, ווי אונטערטרייַבנדיק איינער דעם אַנדערן, זייַנען דורכגעלאָפן די טעג, וואָס נאָכמען איז דאָ געווען, און ס'איז אָנגעקומען דער טאָג, ווען ער האָט זיך געדאַרפט שיידן מיט דער שטאָט פון זייַנע ווייַטע ייִנגלשע יאָרן. דער צוג, וואָס וועט אים

הײַנט אָפּפירן אין דער שטאָט פון זײַן יוגנט, קיין קרעמענטשוק, גייט אָפּ אינעם צווייטן האַלבן טאָג. און ווײַל ער ווייסט ניט און קיינער קאָן אים ניט זאָגן, צי איז אים באַשערט נאָך ווען־ניט־איז זײַן אין אָט די ליבע היימישע קאַנטן, האָט ער געזען וואָס מער אַרײַנ־צוכאַפּן. און ווי מיד ער איז ניט געווען פון די אַלע גענג, האָט ער ניט דורכגעלאָזט דעם טאָג, ער זאָל זיך גלאַט ניט דורכשפּאַצירן איבער דער שטאָט, זיך אָנזעטיקן מיט איר, ווי איינער, וואָס וויל פאַרן כּוידעש צײַט, וואָס ער איז באַם יאַם, זיך אָנעמען מיט זון אויף אַ גאַנץ יאָר.

אויף הײַנט אָבער, כאָטש צום אָפּגיין פון זײַן צוג האָט נאַכמען נאָך אַ וועלט מיט צײַט, האָט ער אָבער איבערגעלאָזט פאַר זיך בלויז איין־און־איינציקן גאַנג, אַ גאַנג, וואָס ניט מע טאָר און ניט מע קאָן אים צונויפפּאָרן מיט אַנדערע גענג. וועגן דעם, אַז אויפן בעסאַל־מען, וווּהין ער פאָרט, וועט ער ניט געפינען זײַן מאַמעס קייווער און אַז ער האָט אים ניט וואָס דאָרט צו זוכן, האָט נאַכמען געוווּסט פון מיט יאָרן נאָך צוריק, ווען ער איז אײנגיכן נאָך דער מילכאָמע געקומען אַהער צו פאָרן און באַווײַזן נאָך זען דעם גרויסן כורבן, וואָס די דײַטשישע ראָצכים האָבן נאָך זיך איבערגעלאָזט אויך אויפן בעסאַלמען. נאָר פון דעם, וואָס ער ווייסט ניט, ווו ליגט זײַן מאַמעס געביין, איז דאָס פעלד פאַר אים ניט ווייניקער הייליק. וואָס קאָן זײַן הייליקער פונעם פעלד, ווו ס'האָט געפונען איר אייביקע רו די מאַמע? פאַר נאַכמענען איז דאָס פעלד, וווּהין ער פאָרט, הייליק מיט נאָך איינעם אַ קייווער.

„צי קאָן זיך אַמאָל ניט מאַכן, — טוט נאַכמען באַ זיך אַ קלער, ווען דער אווטאָבוס איז שוין אויסער דער שטאָט, — אַז באַ דער מאַציייווע, וועלכע די קינדער פונעם קינדערהיים האָבן געשטעלט דער מומע ווערען, זאָל ער אָנטרעפן אויף אַ ברודערל צי אַ שוועסטערל, ווי דאָס איז זיך באַ אים פאַרלאָפן דאָ מיט טײַבלען?"

„וואַרט, וואַרט, — ווילט זיך אים מיטאַמאָל אויסשרײַען צו זיך, — אויב איך האָב ניט קיין טאָעס, איז הײַנט, דאַכט זיך..."

ניין, נאַכמען זאָמער האָט ניט געהאַט קיין טאָעס. ס'איז הײַנט טאַקע דינסטיק. ערעוו טישעבאָוו. ער האָט דאָך געהאַט אָפּגערעדט מיט ביילען און פײַגע־לעבן, אַז טאָמער וועט ער זיך פאַרהאַלטן ביז דינסטיק, איז פאַרגייט ער נאָך זיי און מע פאָרט צוזאַמען אויפן הייליקן פעלד. זיי וועלן זיך פּרוּוון אים העלפן אָפּזוכן זײַן מאַמעס קייווער, אויב ער געדענקט, ווען זי איז ניפטער געוואָרן. אָנזאָגנדיק אים, ווען איז טישעבאָוו, האָט ביילע גע־כאַפּט דערבײַ אַ קוק אינעם לועכל, וואָס איז געלעגן באַ איר אונטער דער הויכער וואַזע אויפן סערוואַנטל. צי האָט ביילע ניט אַרײַנגעקוקט אין קיין פּאַראַיאַריקן לועך, וואָס אויסער אים, נאַכמענען, איז אינעם אווטאָבוס, וואָס גייט אין דער ריכטונג פונעם בעסאַלמען, ניטאָ קיין איין ייִדי? און זיך פאָרשטעלן, אַז אויף גאַנץ שטאָט איז פאַראַן בלויז איין לועך, אָט דער, וואָס ליגט באַ ביילען אונטער דער וואַזע אויפן סערוואַנטל, איז דאָך געוויס ניט שײַעך. עפּשער האָט דער אוילעם זיך געפּעדערט אויף קייווער־אָווער, ווען ער איז נאָך געשלאָפן? הײַנט איז דאָך דינסטיק, ניט זונטיק. גיכער פון אַלץ, אָפּאָנעם, גייט דער אוילעם אין אַזאַ טאָג, ווי הײַנט, אויף קייווער־אָוועס נאָך דער אַרבעט. ווען ער, נאַכמען, וועט שוין זײַן אויף יענער זײַט קאָבעליאַקע.

אין דעם, אַז אויסער אים, איז איצט מער קיינער ניט געפאָרן אויפן הייליקן פעלד, האָט נאַכמען ניט געהאַט קיין טאָעס. פונעם אווטאָבוס, וואָס איז אַוועק ווײַטער, איז בלויז ער איינער אַרויסגעשטיגן אויפן ראָג פון דער שטויביקער ניט־ברוקירטער באַלאַקינאָ — די גאַס, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ ווי אין אַ טאָל און הייבט זיך נאָכדעם אויף אויף אַ באַרג מיט ענג צונויפגערוקטע מאַציייוועס. אין זײַנע, זאָמערס, צײַטן האָט די דאָזיקע גאַס געהייסן פּאַברי־קאַנסקע, און מיט דער דאָזיקער גאַס פלעגט מען זיך שילטן אויף נאָוופּרעלאָזשענע.

דאָס אופגעוואַכטע ייִנגעלע אין אים, נאַכמענקע, דערמאָנט דעם עטלעכע־און־זעכציק־יאָריקן נאַכמען זאָמערן, אַז אַפילע בייס די געשלעגן סימכעסטוירע, נאָכן אַרײַנקערן אין זיך באַ דער סודע די פײַנע קויסע בראַנפן, ווי נאָוופּרעלאָזשענער באַלעגאָלעס און טרעגער קאָנען אַרײַנקערן, איז די גרעסטע קלאָלע באַ זיי געווען: „מע זאָל דיך פירן אויף פּאַברי־קאַנסקע". מיט וואָס האָט די דאָזיקע קלאָלע אַזוי אויסגענומען אויף נאָוופּרעלאָזשענע, וואָס מע האָט זיך מיט איר געשאָפן אַ סאַך אָפטער ווי מיט אַנדערע, און מיט וואָס איז זי געווען שרעקלעכער פון אַזעלכע, אַשטייגער, קלאָלעס, ווי מע זאָל ווערן „באַגראָבן", „דערהאַר־געט", „פאַרברענט", „דערטרונקען", און נאָך און נאָך, קאָן נאַכמען ביז איצט ניט פאַרשטיין. עפּשער האָט די דאָזיקע קלאָלע אַזוי אויסגענומען מיט אירע פּייען און נונען, וואָס לאָזן זיך אַרויסזינגען? דעם איצטערדיקן נאָמען פון ד'ער גאַס — באַלאַקינאָ — האָט מען ניט אַרײַנ־גענומען אין די קלאָלעס, זעט אויס, ניט ווײַל ס'איז ניט אַזוי מעלאָדיש — אײַנגאַנצן איין

נון און קיין איין פּיי. אַף נאָוופּרעלאָזשענע זידלט מען זיך שוין פון לאַנג ניט. און אין דעם אַלמאַזנעם מיקראָ־ראַיאָן, וווּהין ס'האָט זיך אַריבערגעצויגן, ווי פייגע־לעבן זאָגט, קיין מאַט א האַלבע גאַס, האָט נאַכמען אויך ניט געהערט, מע זאָל זיך זידלען. אָפּגעשטאָרבן מיט מאַזל די יידישע קלאָלעס, און פאַרבליבן מיט מאַזל בלויז די יידישע בראָכעס, וואָס לאָזן זיך אויך צונויפשטעלן לויטן אַלעפבייס. ער האָט עס שוין א פּאָר מאָל געפּרוווט.

אינעם אָפענעם טויער פונעם בעסוילעם, אַרוף־באַרג, האָט זאָמער נאָך פונדערווייטן דערזען עמעצן שטיין. דאַכט זיך, דאָס קוקט מען אַרויס אַף אים: צי איז עס ניט טאַקע די זעלבע פייגע־לעבן פונעם אַלמאַזנעם? נאַכמען האָט ניט באַוויזן נאָך רעכט זיך אָפּעטעמען פון דעם קלעטערן אַרוף־באַרג, ווי דער מאַנצבל אין טויער איז צוגעלאָפן צו אים, דער־לאַנגט אים די האַנט און הילכיק, ניט לויט די יאָרן נאָך, געגעבן פון זיך א זינג אַרויס:

— נאָך וועמען וועט איר אַזוי גוט זיין באַשטעלן בא מיר א מאָלע?

אויב אַזוי, איז האָט שוין ניט נאַכמען וואָס צו פאַנאַנדערפרעגן דעם דאָזיקן מענטשן מיט די לויפּנדיקע אויגן אונטער די שיטערע ברעמען, וועלכער האַלט אים אַלץ נאָך פאַר דער האַנט, ווי ער זאָל מוירע האָבן, אַז נאַכמען קאָן זיך אַרויסרייסן און אַנטלויפן, — וועמען ער איז און וואָס ער איז. און וואָס איז דער מענטש אויסן געווען מיט זיין געבן גלייך א זאָג, אַז היינט באַנאַכט איז טישעבאָוו, האָט נאַכמען בא אים זיכער ניט וואָס צו פרעגן, ביפראַט נאָך, אַז יענער האָט עס אים אַליין באַלד אויסגעטייטשט:

— איר ווייסט, וואָס איז אַזוינס קעהי־אויר? איז קעהי־אויר בין איך שוין געווען דאָ, און ביז איצט נאָך קיין פּאַטשין אַפילע ניט געהאַט. איר זענט עפּשער אויך פון יענע יידן?

— פון וועלכע, אַשטייגער?

— אָט פון די, — ענטפערט יענער אָפּ מיט צוגעמאַכטע אויגן, ווי א הון בייסן טרינ־קען, — וואָס אַף קייווער־אָוועס ערעוו טישעבאָוו און ערעוו יאָמים־נוירואָים קומט מען גראַדע צו גיין, נאָר מאַכן אַן אייל מאָלע ראַכמים זאָל גאָט שוימער און מאַצל זיין.

ווי א יונגער הירש, טוט דער מענטש זיך א לאָז צו דער פּרוי, וואָס באַווייזט זיך אין טויער, און גייט איר נאָך א שטיקל וועג צווישן די קוואָרים, איינטייענענדיק מיט איר עפּעס גאַנץ הייס. מיסטאַמע זיינע א באַקאַנטע, — טראַכט נאַכמען, — בא וועלכע ער מאָנט אוף אַן אַלטן כויוו...

צוריק גייט דער מענטש שוין א סאַך פּאַמעלעכער און זעט שוין ניט אויס אַזוי סאָלדאַ־טיש אויסגעמושטרירט, ווי פריער.

— אַן אומזיסטע טירכע געווען. היינטיקע יידן און היינטיקע יידענעס. זי האַלט ניט, זאָגט זי, דערפון. רעב ייד, — גיט ער זיך א זעץ אַראָפּ צו נאַכמענען אַף דער באַנק אונטער דעם אַלטן אויסגעקרימטן בוים, — איר ווילט פאַרדינען א מיצווע, איז גיט מיר אַף א פּאַטשין. וועמען האָט איר דאָ?

— א מוטער.

— איז וואָס זשע זיצן מיר מיט אייך? קומט.

— וווּהין, — שטעלט אים נאַכמען אָפּ, — אַז איך ווייס ניט, ווו איז איר קייווער.

אַף דעם, ווי צו זען, האָט דער מענטש זיך שוין לאַכלוטן ניט גערעכט. און ווײַבאַלד נאַכמען איז זיינער ניט קיין קונד, איז הערט ער אים אוף אָנגיין. ער רוקט זיך אָפּ פון נאַכמענען אַפּן צווייטן ברעג באַנק און קוקט זיך איין אין דער זוניקער ווייט, צי פּאַרט ניט און צי גייט ניט קיינער אַהער, קעדיי ער זאָל באַצייטנס זיך לאָזן אַנטקעגן, ווי א יונגער הירש. מיטאַמאָל גיט ער זיך א הייב אוף פון באַנק און א פּאַך צו נאַכמענען מיט ביידע הענט:

— מענטש איר איינער. אינעם טילים קאַפּיטל טעס ווערט געזאָגט, אַז אויב מע קומט אַף א בעסאָלמען און מע ווייסט ניט, ווו דער קייווער איז, דאַרף מען דעמלט מאַכן א מאָלע אינמיטן פעלד. פרעגט בא א ראָוו, ט'איר הערן, וואָס ט'ער אייך זאָגן.

בא די ווערטער טוט דער מענטש הילכיק א ניס, פונקט ער זאָל דערמיט ווילן זאָגן „צום עמעס געגנאָסן”, און כאַפּט בעשאַסמײַסע אַן דעם רעכטן אויער מיט דער לינקער האַנט, שפּרינגט א פּאָר מאָל אונטער, ווי באַם זאָגן קאָדעש, און שעפּטשעט דערביי עפּעס שטיל פּאַר זיך. דוכט זיך, אַז ער הערט דעם מענטשן שעפּטשען די זעלבע ווערטער, וואָס עס פלעגט אים, נאַכמענען, זאָגן די מאַמע זיינע, אַלעהאַשאָלעם, באַם ניסן: „צו געזונט, צו קוועלן צו דער כופּע צו שטעלן”. ווי שטאַלטנע און אויסגעמושטרירט דער דאָזיקער מענטש איז ניט, זעט ער אָבער ניט אויס פון קיין מענטשן, וואָס זאָל אויסרעכענען, אַז ער קאָן נאָך שטיין אונטער דער כופּע. אויב ניט אַלע אַכציק, איז א יאָר פינף־זעקס און זיבעציק דאַרף אים שוין זיכער זיין. דאָס, וואָס עס באַהאַלט אויס זיין יונגער טראָט, גיט אַרויס דער אויסגעצויגענער צעקנייטשטער האַלדז. די מיליטערישע אויסמושטרירונג זיינע איז ניט פון

6*

קיין סאָלדאַט פון דער לעצטער מילכאָמע. אַף דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע, נאַכמען ווייסט עס לויט זיך, איז ניט געווען קיין צײַט אַף מושטרירן, און ס'איז קײנעם אין קאָפּ ניט געלעגן זיך פאַרנעמען דערמיט. עפּעס צו לאַנג האַלט זיך דער מענטש פּאַרן אויער און שעפּטשעט. זאָמער איז ניט פון די שריפטשטעלער, וואָס זאָלן נעמען יענעם פאַנאַנדער־פּרעגן וואָס און ווען. ער גייט מיט דעם גאַנג, אַז אויב אַ מענטש איז גענייגט צו דערציילן און האָט וואָס צו דערציילן, וועט ער דערציילן אָן דעם, מע זאָל אים אויספרעגן און פאַנאַנדערפרעגן. נאָר הײַנטיקס מאָל, ער ווייסט אליין ניט פאַרוואָס, איז ער אָפּגעגאַנגען פון דעם און דערצו נאָך זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ פראַגע, מיט וועלכער ער האָט זיך געקאָנט ביכלאַל קאַליע מאַכן, וואָרעם ס'איז אויסגעקומען, ווי ער זאָל דערמיט פון אים אָפּלאַכן, און נאָך ווו, אַפן הייליקן אָרט:

— דאָס האָט איר געדאַוונט שאַכרעס?

— וואָס פאַר אַ שאַכרעס! דאָס האָב איך געזאָגט טילים, קאַפּיטל מעם טאָוו.

וויבאַלד דער מענטש לאָזט זיךריידן, איז גיט אים נאַכמען ווידער אַ פראַגע, אָבער שוין מער געהיטער, ער ווייסט, אַז מיט אײן פאַרזיכטיק וואָרט קאָן מען אַמאָל אײַנלאָזן אַ געשטאַלט, וואָס ניט יעדער וואָך און ניט יעדן כוידעש טרעפט מען אָן אַף אַזעלכן, און דער דאָזיקער מענטש פאַרמאָגט אין זיך אַזעלכעס, וואָס קאָן צוניץ קומען.

— און שטענדיק, בייס איר ניסט, זאָגט איר אַ קאַפּיטל טילים?

— וואָסי, איך האָב קיין צײַט ניט? און אַשער יאַצאַר, אַז מע זאָגט, נעמט עס אָפּ, מיינט איר, וויינקער צײַט? און אַשער יאַצאַר קומט אויס זאָגן פאַרן טאָג עטוואָס אָפּטער, ווי דאָס קאַפּיטל מעם טאָוו. נו, איז גייען מיר מאַכן אַ מאָלע. גיט, רעב ייִד, אַף אַ פּאַטשין.

— איר האָט דען ניט קיין פּענסיע? — פרעגט נאַכמען און היט זיך נאָך מער מיט אַן איבעריק וואָרט.

— און אַז איך האָב, איז וואָס? — ענטפערט דער מענטש שוין אַ ביסל מיט רוגזע. — די שיינע פּענסיע, וואָס מע האָט עס פון די ייִדישע מעלאָכעס.

— לעמאָשל?

— וואָס לעמאָשל? וויפל קריג איך?

— ניין, ניין, — פאַרלויפט אים נאַכמען דעם וועג, — כ'מיין, וואָס הייסט בא אײַך, לעמאָשל, ייִדישע מעלאָכעס?

— און אליין ווייסט איר ניט?

איז ווי אַפּצולאָכעס אָנגעפאָרן מיטאַמאָל אַ מאַשין, און דער מענטש האָט ווידער באַקומען פלינקײַט אין די פיס. דערזעען, אַז ער איז פאַרשוווּנדן צווישן די ביימער צוזאַמען מיטן יונגנמאַן, וואָס איז אַרויס פון דער מאַשין, האָט נאַכמען זיך אַפילע דערפרייט, וואָס דער פאַרשווין זײַנער וועט באַלד האָבן אַ פּאַטשין. נאָר עפּעס צו גיך האָט נאַכמען אים דערזען אַרויסגיין פון צווישן די געדיכט צעוואַקסענע ביימער, און דער גאַנג איז שוין געווען פון אַ זאָקן.

— הײַנטיקע ייִדן, — האָט ער, שווער אַראָפּלאָזנדיק זיך לעבן זאָמערן אַף דער באַנק, זיך אָנגערופן, — זשאַלעווען אַ קערבל אַף אַ מאָלע.

— אײַנגאַנצן אַ קערבל?

— און וואָס האָט איר געמיינט? אַ הונדערטער? אין אַ נויט קאָן איך מאַכן אַ מאָלע פאַר אַ האַלבן קאַרבאָוואַנעץ אויך. — ער שליסט ווידער צו די אויגן, ווי אַ הון בייסן טרינקען, און רעדט אײַנגאַנצן שוין צו זיך. — די שיינע פּאַרדינסטלעך, וואָס מע קאָן האָבן פון די הײַנטיקע ייִדן, און די גרויסע פּענסיע, וואָס קומט אַרויס פון די אַמאָליקע ייִדישע מעלאָכעס.

נאַכמען וויל פּאָרט דערגיין בא זײַן געשטאַלט, מיט וועלכן ער וועט — ער זעט אויס פּאַרויס — האָבן צו טאָן באַם שרײַבטיש, — וואָס הייסן בא אים ייִדישע מעלאָכעס.

— אַ מעשוירער בא אַ כאַזן און אַ זעצער פון סידורים און מאַכזיירים איז בא אײַך וואָס? אַ סאָוועטסקע מעלאָכע, פאַר וועלכער מע גיט נאָכדעם פּענסיע? און אַזויפיל יאָר אָפּגעווען בא יאַמפּאָלסקין דעם כאַזן אַ מעשוירער! און ניט גלאַט אַ מעשוירער, נאָר דער ערשטער אַלט, און דער ערשטער אַלט בא אַ כאַזן איז ווי דער ערשטער פידל אין אַן אָרקעסטער.

— ווען האָט איר בא אים געזונגען?

— בא יאַמפּאָלסקין? אַלע יאָרן, וואָס ער איז געווען כאַזן אין קאָרשול.

דאָ כאַפּט זיך שוין אַרויס בא נאַכמענען דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט אים נאָך פריער פרעגן:

— מאַ שמייכעם, ווי רופט מען אײַך?

— אוראַם־מייער. וואַסידען?

— אַ שיינע זאַך, — דערפרייט זיך נאַכמען, — מיר זײַנען דאָך מיט אײַך, קאָן מען זאָגן, שטיקלעך קרויווים. איך בין אויך געווען אַ ביסל צײַט אַ מעשורירער באַ יאַמפּאָלסקי דעם כאַזן. און אומאַנסקין דעם כאָרמייסטער געדענקט איר? ער האָט מיט מיר אײַנגעקנעלט די סאָלאָ יאַאַלע טאַכאַנונײנו...

נאַכמען זאָמער איז געווען זיכער, אַז דער ערשטער אַלט וועט זיך באַלד ווארפן צו אים קושן. ביידע האָבן געזונגען אין איין כאָר, באַ איין כאַזן. און אַזויפיל יאָר זיך ניט געזען. ערשט מיטאַמאָל האָט אוראַם־מייער זיך געגעבן אַ רוק אָפּ און בייז אַ קוק געטאָן אַף אים מיט די לויפנדיקע אויגן. אוראַם־מייער האָט ניט גערעדט, נאָר ארויסגעשריִען פון זיך די ווערטער:

— כ׳האָב גלײַך דערזען, אַז איר זײַט יענץ שטיקל סכוירע. זעט נאָר, ווי ער האָט עס מיך אויסגעטאַפּט! רעב ייִד, אויב איר מיינט, אַז איר וועט דאָ מאַכן געשעפט, האָט איר אַ גרויסן טאָעס. איר האָט, דאַכט זיך, געזען, ווי ס׳פּליען אין דער האַנט ארײַן די פּאַרדינסט־לעך. אָנגעפּאַקט פולע קעשענעס מיט לופט. נאַט זעט. וואָס קוקט איר אַזוי אַף מיר? רעב ייִד, דאָ וועט איר מיט מיר ניט זיצן. זוכט זיך אָפּ אַן אַנדער באַנק. דאָ איז מײַן שטאָט. פרעגט איטלעכן, וועט מען אײַך זאָגן. דער אייבערשטער פּאַרלאָזט מיך ניט. פּאַראיאָרן צו יאָמים־נויראָים האָב איך געהאַט צו טאָן מיט אַ קאָנקורענט. ער האָט זיך אויך אָנגעגעבן פאַר אַ מעשורירער, און נאָך באַ וועמען, באַ קווארטינען אַזש. פּאָטער געוואָרן פון איין קאָנקורענט, האָט מיר דער בורע־אוילעם צוגעשיקט אַ צווייטן.

— דאָס מיינט איר מיך? — נאַכמען האַלט קוים אײַן אין זיך דעם שמייכל, וואָס שפּאַרט פון אים ארויס.

— און וועמען דען? דעם רעשעטילאָווער ראַוו?

פּאַרפאַלן. ער וועט אוראַם־מייערן שוין מיט גאָרנישט ניט דערוויַזן, אַז ער איז אים ניט קיין קאָנקורענט. ער וועט אים שוין ניט איבערשפּאַרן ניט מיט דערציילן אים, אַז ס׳איז שוין אַ וועלט מיט יאָרן, ווי ער איז דאָ ניט געווען, און ניט מיטן באַווײַזן אים דעם בילעט, אַז ער פאָרט הײַנט פונדאַנען אוועק. אַפילו דאָס דרײַערל, וואָס ער האָט אים גע־געבן אַף אַ פּאַטשין און וואָס אוראַם־מייער האָט דרײַ מאָל באַשפּיגן, זאָגנדיק דערבײַ עפּעס אַ שפּרוך צי אַ פּאַסעק פון טילים, האָט אויך ניט געהאָלפן דערצו.

אוראַם־מייער איז זיך געבליבן באַ זײַנס. נאַכמען האָט עס ארויסגעזען דערפון, ווי אוראַם־מייער האָט באַם אָנקומען פון אַ צווייטער מאַשין אַ מאַך געטאָן צו אים, נאַכמענען, מיט צעשפּרייטע הענט — ער זאָל ניט וואַגן אַ ריר טאָן זיך פון אָרט, ווײַל דער אָנגעקו־מענער מיט דער מאַשין איז זײַן קונד.

אײַנגאַנצן זיך באַרויִקט האָט אוראַם־מייער ערשט דעמלט, ווען נאַכמען האָט אים געפרעגט, צי האָט ער צופעליק ניט געקענט ווערע מיכײַלאָוונע ברודנאָ, די מומע ווערע, וועלכע איז געווען אַ מאַמע פאַר די קינדער פונעם ייִדישן קינדערהיים, און צי קאָן ער אים ניט אָנווײַזן, וווּ איז איר קייווער.

— הערט, זײַט איר דאָך, אויב אַזוי, שוין טאַקע אַ שאָק מיט יאָרן פונדאַנען, וויבאַלד איר ווייסט ניט, אַז מיר פּאַרמאָגן, באַרעכהאַשעם, שוין פון לאַנג נאָך אַ בעסאַלמען, אַ געמישטן. אײַער מומע ווערע ליגט דאָרט. ס׳איז גאַנץ ווײַטלעך, אַהין גייט אויך אַן אור־טאָבוס. — ער זאָל ניט בלײַבן, אַפּאָנעם, קיין באַלכויוו, ערלעך פּאַרדינען דאָס דרײַערל, טוט ער אַ ווונק צו נאַכמענען. — איר זײַט אַ באַלן אָנקוקן אַ ציקאַווע זאַך? איז קומט, רעב ייִד.

דורכשלאָגנדיק זיך אַ וועג צווישן די ענגע קוואָרים און די פּאַנאַנדערגעוואַקסענע ביי־מער מיט די געדיכטע אַראָפּגעהאַנגענע צווײַגן, האָט אוראַם־מייער צוגעפירט זאָמערן צו אַן אַרומגעצאַמטער נידעריקער מאַצייווע.

— נו? — האָט ער זיך ווי איבערגענומען. — ווי נאָך, אַשטייגער, האָט איר אַזעלכעס? איר זעט? אינעם זעלבן טאָג, וואָס רעב הירשע נעמיראָווסקי איז געבוירן געוואָרן, איז ער פינקטלעך אין הונדערט יאָר אַרום ניפּטער געוואָרן.

ווי אַזוי האָט עס אוראַם־מייער פון צווישן דעם געדיכטן צווײַגן־געפּלעכט דערזען דאָס מיידל מיטן בוקעט בלומען אין דער האַנט, וואָס ער האָט אָנגעיאָגט, האָט נאַכמען ניט אָנגעהויבן באַנעמען. דאָס מאָל איז נאַכמען שוין ניט געבליבן וואַרטן, מיט וואָס וועט זיך פּאַרענדיקן אוראַם־מייערס נאָכלויפן און אײַנטײַנען, און צי וועט דער „פּאַטשין”, וועלכן ער האָט אים געגעבן צו פּאַרדינען, זײַן אַ סגולע דערצו, אַז דער ערשטער אַלט, וואָס איז

געגליכן צו דעם ערשטן פידל אין אַן אָרקעסטער, זאָל סאָפּקאָלסאָף באַווײַזן, אַז עפּעס איז אים נאָך פאַרבליבן פון יענער שטים.

אין גרויס אײַלעניש — עפּשער וועט ער פונדעסטוועגן נאָך באַווײַזן צופאָרן, זאָל זײַן כאָטש אויף עטלעכע מינוט, אַפּן געמישטן בעסאַלמען, ווו עס ליגט די מומע ווערע, — האָט נאַכמען ניט באַמערקט, אַז ער האָט זיך אופּגעזעצט ניט אויף דעם אוטאָבוס. געכאַפּט האָט ער זיך, ווען ער האָט דערזען אין פענצטערל פאַרבײַלויפן די לאַנגע ציגלנע וואַנט, וואָס צאַמט אַרום דעם גרויסן הויף פונעם מעדיצינישן אינסטיטוט. אַרויסשטײַגן דאָ האָט ער שוין ניט באַוויזן, איז ער אַרויסגעשטיגן מיט אַ פּאָר קוואַרטאַלן ווײַטער, און אַלץ ניט געקאָנט נאָך פאַרשטיין, מיט וואָסערע גאַסן איז ער עס געפאָרן, וואָס ער האָט אַפילע ניט באַמערקט, ווי דער אוטאָבוס איז אַרײַנגעקומען אין שטאָט. ער האָט אויך ניט גלײַך דער־קענט דעם ראָג גאַס, ווו ער איז אַרויסגעשטיגן. נאָר אין אַ ווײַלע אַרום איז אים דאָס אַלץ שוין ניט אָנגעגאַנגען. עס האָט אים אַ ציִ געטאָן צו זיך דער רויטער צווייִשטאָקיקער מויער, וועלכן ער האָט אומדערוואַרט דערזען מיטאַמאָל פונדערווײַטן. ס'איז אויסגעקומען, ווי דער אוטאָבוס זאָל אים געווען, נאַכמענען, בעקיוון פאַרפירן אַהער און דערמיט וועלן אים זאָגן: „האָסט ניט באַוויזן זײַן בײַ דער מומע ווערען אַפּן קײַוער, זײַן בײַ דער מאַצייווע, וואָס דײַנע ברידערלעך און שוועסטערלעך פונעם קינדערהיים האָבן איר געשטעלט, איז האָב איך געבראַכט דיך צו פירן צו איר דענקמאָל...״

צו איר דענקמאָל... ווען טײַבל זאָל ניט געווען אַזוי אָנרופן דעם דאָזיקן מויער, וואָלט נאַכמען אים איצט, מיסטאָם, אַזוי אָנגערופן. ער קוקט אויף שוין איצט אויף דעם, ווי אויף אַ דענקמאָל, נאָר ניט בלויז איר איינער, דער מומע ווערען...

ביזן צוג האָט נאַכמען נאָך געגוג צײַט, אַז ער זאָל קאָנען, שוין ניט אַזוי געײַלט ווי דעמלט, זיך דורכגיין איבער די צימערן פון ביידע שטאָקן, שטיין אַ ביסל אַפּן באַלקאָן, דורכקוקן מער געגויער די קאַרטאָטעקע פון די איבערגעזעצטע ייִדישע ביכער. און אויב מע האָט שוין אומגעקערט זײַן בוך און עס נאָך דערווײַל קיינעם ניט אַרויסגעגעבן, וועט ער בעטן די ביבליאָטעקערן, זי זאָל אים געבן אַ קוק טאָן. און אַז די בלאָנדע ביבליאָטעקערן מיט די בלויע דורכזיכטיקע אויגן וועט אים פרעגן, צוליב וואָס דאַרף ער עס, וועט ער שוין ניט אויסבאַהאַלטן פון איר, ווי דערנסטמאָל, אַז ער איז דער אוטאָר פונעם בוך „נעכטן און הײַנט״, און יעדער אוטאָר, ווען ער קומט אַרײַן אין אַ ביבליאָטעק, וויל ער וויסן, צי די לייענער פרעגן זיך נאָך אויף זײַנע ווערק. פאַרריינס וועט ער איר שוין זאָגן, אַז אין דעם דאָזיקן בוך זײַנעם האָט ער באַשריבן אָט דעם מויער, אויף וועלכן די, וואָס האָבן דאָ אַמאָל געוווינט, ווי ס'האָט אים דערציילט טײַבל, קוקן ווי אויף אַ דענקמאָל! ער, נאַכמען זאַמער, קוקט שוין אויך איצט אויף אים, ווי אויף אַ דענקמאָל, נאָר ניט בלויז דער מומע ווערען אַליין...

און כאָטש נאַכמען זאַמער האָט געהאַט אויף דעם אַלץ נאָך געגוג צײַט, איז ער אָבער אין הויז ניט אַרײַן. ער האָט זיך צוגעזעצט אין שאָטן פונעם טאָפּאָל אויף דער באַנק, פונקט אַנטקעגן די פענצטער פונעם צימער, אין וועלכן ער איז דאָ ייִנגלווײַז געשלאָפן. ער וואָלט געקאָנט אַפילע אָנווײַזן דאָס אָרט, ווו ס'איז געשטאַנען זײַן בעטל. די לעוואָנע פלעגט מער ווי צו עמעצן אַנדערש אין צימער אַרײַנקוקן צו אים. פונעם זעלבן הויכן טאָפּאָל פלעגט זי, דאַכט זיך, אַרײַנקוקן צו אים אין בעטל.

ניט ווײַל ער איז מיד, און ניט ווײַל די לופט, וואָס עטעמט פון זיך אַרויס דער דערבײַי־קער שטאָט־גאָרטן, האָט אים פאַרשיקערט, האָבן בײַ נאַכמענען זיך אין אַ ווײַלע אַרום צוגעשלאָסן די אויגן. מיט צוגעמאַכטע אויגן איז עפּעס לײַכטער מאַכן פאַר זיך אַ שטיקל כעזשבן פאַר די אַלע טעג, וואָס ער איז דאָ געווען, קיינער שטערט אים ניט דערבײַ זיך אַריבערטראַגן פונדאַנען אינעם זײַטיקן צימער פון זײַן וווינונג אַפּן צענטן שטאָק און זיך פאָרשטעלן, אַז דאָס זיצט ער איצט אַזוי מיט צוגעמאַכטע אויגן ניט דאָ, נאָר בײַ זײַן שרײַבטיש, זיצט און וואַרט, ס'זאָלן זיך צונויפקומען זײַנע פאַרשוינען. ביז ער רעדט זיך מיט זיי ניט דורך, רירט ער זיך קיינמאָל ניט צו מיט דער פען צום פּאַפּיר. אייגנטלעך קאָן מען שוין אָנהייבן. קימאַט אַלע זײַנען זיך צונויפגעקומען, ווער אַליין, ווער זאַלבע־צווייט, זאַלבעדריט, און ווער מיט דער גאַנצער מישפּאָכע. מיט ווועמען איז עס פייגע־לעבן געקומען צו גיין? אַפּאָנעם, מיט איר לייזערן. נאָר עפּעס איז איר לייזער אינגאַנצן ניט ענלעך אויף קיין פילאָסאָף. ער שפּאַרט אַזש אונטער די סטעליע מיט זײַן געדיכטן קאָפּ האָר, וואָס זיצט פעסט אויף אַ פּאָר ברייטע טרעגערישע אַקסל. ביילע איז אויך ניט געקומען אַליין. זי האָט געבראַכט מיט זיך צו פירן דעם בעניאָכיד אירן — אַ הויכן, שלאַנקן מאַיאָר, און די שנור. דאָס איז ביילע, זעט אויס, באַשטאַנען, אַז די שנור אירע — דאָס כּיִעסדיקע ווײַבל מיט די פריילעכע אויגן און זאַפטיקע ליפּן — זאָל זיך אויספּוצן אינעם אויסגענייטן מיט

אוקראַיִנישע בלימעלעך קאַפּטל און זאָל אָנטאָן דעם בונטן בײַטש קאַרעלן — דער גאַסט, הייסט עס, זאָל גלײַך דערזען, אַז די שנור אירע איז „ווי די מאָדע איז הײַנט״... אײַזיק דער מעכאַניקער איז געקומען מיט דער גאַנצער מישפּאָכע — מיטן ווײַב, מיטן זון, מיט דער שנור, וואָס איז ניט פון די „ווי די מאָדע איז הײַנט״, נאָר אַלע ווייסן, אַז אים, אײַזיקן, איז עס לאַכלוטן אַלציינס, אַבי דער מענטש זאָל זײַן אַ מענטש, ווי סע זאָגט טעוויע דער מילכיקער. סעמיאָן נאַומאָוויטש, דער דאַצענט פון דער מוזיקאַלער שול, וואָס קומט יעדער טאָג אין בערעזעווע סעדל אַרײַנכאַפּן אַ יידיש וואָרט, און דער שנײַדער ראָמאַן דאַניליאָוויטש, וועלכער האַלט באַם אַריבערפאָרן אין אַ מיקראָ־ראַיאָן, זײַנען אויך געקומען. מיט וועמען טײַנעט זיך עס אויס דאָרט אַזוי אין ווינקל טײַבל? דעם דאַזיקן יונגנמאַן אין די גרויסע ברילן זעט נאָכמען פאַר זיך צום ערשטן מאָל. אַליין האָט ער ניט געקאָנט קומען אַהער. עמעצער האָט אים מיט זיך געבראַכט. זאָל זײַן, אַז טײַבל? וואָלט זי דאָך אים וועגן דעם געזאָגט. אָ! ס׳איז דאָך דער קאָנאַדער. ער האָט טאַקע אַ פול מויל מיט בולבעס, בײַס ער רעדט. אַרטשיק־גאַווראָש און אוורעמל־קאַמאָ זײַנען אויך דאָ. איז אָף וועמען וואַרט מען נאָך? אָף יאַמפּאָלסקיס ערשטן אַלט? יענער וועט ניט קומען. ס׳איז ערעוו טישעבאָוו. ער קאָן ניט פאַרלאָזן די „שטאָט״ זײַנע אָף דער באַנק לעבן טויער... בּיפראַט, אַז דער, וואָס לעבט אייביק, וואַרפט אים שטענדיק אונטער אַ קאָנקורענטל, וואָס גיט זיך אַרויס פאַר אַ מעשוירער באַ די גרעסטע כאַזאָנים, אַפילע באַ קוואַרטינען...

— ווי מיינט איר, מע קאָן אָנהייבן? — פרעגט באַ די פאַרזאַמלטע אַרקע־גאַווראָש.

— נו, אוואַדע, — ענטפערט אים אָף הויך און קלינגעוודיק דער „שטומער״ אוורעמל־קאַמאָ.

— עפּשער וועסטו אונדז פונדעסטוועגן זאָגן, וועגן וואָס האָסטו זיך עס שוין ווידעראַ־מאָל אַזוי פאַרטראַכט? — ווענדט זיך אַרקע־גאַווראָש צו נאָכמענען. — עפן אוף די אויגן און טו אַ קוק אַרום זיך. זע, וויפל פאַרשוינען ס׳האָבן זיך הײַנט פאַרזאַמלט באַ דײַן שרײַב־טיש און אַלע ווילן דאָך, זאָלסט וועגן זיי שרײַבן, זאָלסט וועגן זיי דערציילן, זיי זײַנען עס ווערט. פון יעדן איינעם קאָן מען דאָך מאַכן אַ בוך.

— דו זעסט דען ניט, — רופט זיך אָפּ אײַזיק דער מעכאַניקער מיט דער געדיכט־אַרומ־געוואַקסענער באָרד, — אַז ניט וועגן דעם האָט אונדזער אַמאָליקער נאָוועפּרעלאָזשענער זיך פאַרטראַכט. אָט דאָס אַליז, וואָס דו האָסט אים נאָרוואָס דאָ געזאָגט, אַרטשיק, ווייסט ער גאַנץ גוט אַליין. ער האָט אַנומלטן אַליין וועגן דעם געשריבן: אַז ס׳איז דאָ, האָט ער גע־שריבן, וועגן וועמען צו דערציילן, דאָס ווייסט ער. ער ווייסט אָבער ניט, צי האָט ער פאַר וועמען צו שרײַבן, צי האָט ער ווער עס זאָל אים לייענען, וואָרעם ער איז דאָך אַ יידישער שרײַבער, וואָס שרײַבט אָף יידיש.

— אָט־אָט־אָט, — כאַפּט זיך אין דעם גלײַך אָן דער יונגערמאַן אין די גרויסע ברילן. שיפרע אײַזיקס קוקט אים בעשאַסמײַסע אין מויל, ווי זי זאָל ווירקלעך זיך ריכטן דערזען דאָרט אַרומשפּרינגען אַ בולבע.

— נו, און איך? — שטעלט אים אָפּ ביילע.

— איר לייענט דאָך, ביילע, נאָר איסטאָריטשעסקע ראָמאַנען, — ענטפערט איר ראָמאַן דאַנילאָוויטש דער שנײַדער.

— און דאָס, וואָס דער גאַסט אונדזערער שרײַבט, איז דען ניט קיין איסטאָריטשעסקע זאַכן?

— אַ מאָשל.

— כ׳פאַרשטיי ניט, — איז צוגעגאַנגען צום טיש טײַבל און אַרויסגענומען פון איר רי־דיקיול אַ זשורנאַל, וועלכן אַלע האָבן לויט די דרײַ פאַרביקע ווייכע טעוועלעך גלײַך דער־קענט, — צו וואָס האָבן מיר ווידער פאַרפירט אַ רייד וועגן דעם, אָף וואָס אונדזער גאַסט האָט קלאָר און דײַטלעך געענטפערט אי זיך, אי אונדז: „ניין, מיר זײַנען ניט די לעצטע״. אָט הערט...

— אַנטשולדיקט. ווען האָט ער עס געשריבן?

— פאַרפינפיאָרן, נו, איז וואָס?

— און אַליין ווייסט איר ניט, וואָס איז אַזוינס אין אונדזערע צײַטן פינף יאָר? בּיפראַט, אַז דעמלט איז עס שוין אויך ניט געווען אײַנגאַנצן קיין ענטפער, — שפּאַרט זיך מיט איר פייגע־לעבנס מאַן, לייזער דער פילאָסאָף.

— און וואָס פאַר אַן ענטפער האָט איר דערוואַרט פון אים הערן?

— טייקו.

אַלע האָבן זיך אומגעקוקט צו דער טיר.

— טייקו, — האָט מיט צוגעמאַכטע אויגן, ווי א הון בייםן טרינקען, ארויסגעזונגען אוור־ראָם־מייער, וואָס איז א פּאַרסאָפּעטער געקומען צו לויפן.

— וואָס איז דער טייַטש פון דעם?

— דער טייַטש פון דעם איז, — ברענגט אווראָם־מייער ארויס מיט א ניגן, — אַז די קאַשע בלייַבט א קאַשע. ניט ס׳איז דאָ אף דעם אַן ענטפער, און ניט ס׳איז דאָ ווער עס זאָל אף דעם ענטפערן.

— כ׳ווייס ניט, רעב ייִד, ווי מע רופט אייַך, — מישט זיך אַרייַן דער דאָצענט, וואָס האָט געהאַט א טאַטן א מעלאַמעד, — נאָר איר טייַטשט ניט ריכטיק. טייקו הייסט ניט, אַז ס׳איז ניטאָ אף דעם קיין ענטפער און אַז ס׳איז ניטאָ ווער עס זאָל אף דעם ענטפערן! טייקו הייסט, אַז ס׳איז דערווייַל נאָך ניטאָ אף דעם קיין ענטפער, קיין פולער ענטפער, הייסט עס. נאָר ווער עס זאָל געבן אף דעם א פולן ענטפער, איז דאָ.

— עליִיאָהו האַנאָווי וועט איר זאָגן?

— די צייַט וועט ענטפערן! די צייַט, באַ וועמען מיר זייַנען אַלע צוגאַסט אף א ווייַל, וועט מיט דער צייַט אף אַלץ ענטפערן.

— נו, און וואָס וועט אף דעם זאָגן אַליין דער מעכאַבער? ווי טייַטשט ער אויס זייַן זאָגן „נייַן, מיר זייַנען ניט די לעצטע״? ער וויל דערמיט טרייסטן אי זיך, אי אונדז, צי ער גלייבט טאַקע אין דעם?

נאַכמען האָט בּרייט צעעפנט די אויגן און זיך אַרומגעקוקט. ער האָט קיינעם ניט געזען גיין אַהער. דאָס האָט, קענטיק, דער טאַפּאָל זיך א שפּיל געטאָן א רעגע מיט זייַנע בלעטער. די זון אַנטקעגנבער אין פענצטער איז שוין געשטאַנען עטוואָס העכער, נאָר א האַלב שאָ קאָן ער נאָך רויִק דאָ זיצן אין שאָטן. ער וועט נאָך באַווייַזן זיך אָנבאַרענען אף דער זון, וואָס אפילע צו אָוונט קילט זי זיך, דאַכט זיך, ניט אָפּ.

ווען נאַכמען האָט ווידער צוגעמאַכט די אויגן און זיך ווידעראַמאָל פאַרגעשטעלט, ווי ער קומט אַרייַן צו זיך אין זייַטיקן צימער, וואָס גייט ארויס מיטן פענצטער אין הויף, און זעצט זיך צום שרייַבטיש, האָט ער לעבן זיך שוין קיינעם ניט געטראָפן. אַלע זייַנען זיך צעגאַנגען; קיינער איז ניט געבליבן אויסהערן, וואָס האָט ער פונדעסטוועגן געוואָלט דעמלט זאָגן מיט זייַן „נייַן, מיר זייַנען ניט די לעצטע״, און ווי דאַרף מען עס איצט פאַר־שטיין. קלאָר. זיי דערוואַרטן פון אים איצט אַן אַנדער ענטפער. אָוועלכן?

דער טאַפּאָל האָט ווידער זיך א שפּיל געטאָן מיט זייַנע בלעטער און דערמאָנט מיט דעם נאַכמען זאָמערן, אַז ס׳איז צייַט זיך לאָזן אין וועג, אַז אין דער שטאָט פון זייַן ווייַטער יוגנט, וווּהין ער פאָרט פונדאַנען, וואַרטן אויך אף אים פאַרשווינען.



## נאָכעם פרידמאַן *

# ביראָבידזשאַנער לידער

## אין בלי און אין מי

שיין ביסט, מײַן שטאָט, אן איידעס
מילד און באַכיינט פון דוירעס,
אין דײַן מײַיִקן קלייד. ער וויל, אוואדע, זאָגן:
„ליב איז מיר
ווי טשערעדעס שאָף, מײַנע וואַסערן טראָגן
דײַנע אַלייען דורך א קאַנט,
זיך ציִען וואָס איז נײַ־געבוירן,
און א סאָף — פאַרבײַ
צו פעלד, ליכטיקע גאַסן און מויערן".
צו וואַלד,
צו דאָרף.
...פון די טײַגע־וויקעלעך
צאַרט און פײַכט מײַן יונגע שטאָט איך קען.
דער געפליסטער בין איך אַצינד
פונעם בירע־טײַך. ווי א קינד.
א צעקאָוועטער, און דאָך גליקלעך
נאָך ניט גאָר אויפגעוואַכט צו זען
פון ווינטערדיקן שלאָף, אין בלי און אין מי
וועגן עפּעס ער דערציילט איר ליכטיק געשטאַלט,
שטילערהייט.
זען, ווי זוניק צעשטראַלט,
ניט די אויערן —
מילד און באַכיינט
דאָס האַרץ שפּיץ אָן,
זי איז
קעדיי פאַרשטיין
זײַנע רייד. אין איר מײַיִקן קלייד.

## פאָלגט, כעוורע, א גאַנג

פאָלגט מיך, כעוורע, דעם שאָרך
א גאַנג — פון גראָזן־געפלעכט.
א קוישל מיט פויגל־געזאַנג
ברענגט מיר צו טראָגן — רעכט, רעכט...
פון וואַלד.
אויך פון ערד
— באַלד, באַלד... דעם שאַרפן דופט,
א ביסעלע טײַגע־לופט,
פון דאָרט, מיט טערפּקײַט
ווי אַלץ וואַקסט און בליט, דורכגעזאַפּט, —
נעמט אויך, ליבינקע, מיט מיט זיך פאַרכאַפּט.

# עס דערמאָנט זיך, עס געדענקט זיך...

## 1. בערגעלסאָן אין ביראָבידזשאַן

אין טיכאָנקע־ביראָבידזשאַן
האָט מען נאָך דאַן
קיין ביימער ניט געפלאַנצט.
ביימער האָט מען געהאַקט,
קעדיי אָפּראַמען א פּלאַץ
פאַר הילצערנע געבײַען.

אין יִישעוו דעם נײַעם
האָט דעמלט געלעבט
כאָוער בערגעלסאָן
(געהייסן אזוי בא אלעמען).
ער פלעגט די פיס ניט
זשאַלעווען.
ארומגעגאַן איבער דער
שטאָט,
שאָענלאַנג.
מענטשן האָבן מיט אָפּשײַ
א טקיִעס־קאַף אים דערלאַנגט,
געווען איז מען נײַגעריק וויסן,
וואָס און ווען
עס וועט ארויסגעבן
זײַן גאָלדענע פען.
און צי האָט ער ניט
אזא מין פּלאַן —
אָנשרײַבן וועגן ביראָבידזשאַן
א ראָמאַן.
עס האָט זיך אפילע
געפונען עמעץ־ווער,
וואָס האָט אונטערגעזאָגט
א נאָמען
פאַרן נײַעם ווערק.
זאָל עס הייסן
„באַם בירע־טײַך",
אָדער גאָר —
צוליב א קאָנטראַסט־
פאַרגלײַך —
„מיט אלעמען",
אָנשטאָט דעם אמאָליקן
„נאָך אלעמען"...
„מיט אלעמען" —
דעם שרײַבער איז עס
שטאַרק געפעלן.
מיט אלעמען —
דרייסטע טריט אין דער
צוקונפט שטעלן.
אַף דער סאָפּקע
ארופגעקלעטערט,
וויפל מאָל געשטאַנען דאָרט
א פאַרקלערטער,
מיטן שאַרפן בליק
די ווײַטן געבלעטערט.
אָפּט מיטן בירע־שטראָם,
דעם האַסטיקן און קאַלטן,
אויך וועגן עפּעס
זיך אַן אייצע געהאַלטן.

אלץ מיטאַנאַנד די צײַט
פאַרשוווּנקט,
נאָר דאָס האָט זיך
פאַרגעדענקט:
א טײַגע־ווינקעלע
נאָך סאַמע בא דער שטאָט,
א ליבער, א זוניקער
האַרבסטיקער טאָג.
אזא מין בונטקײַט
שעמערירט און פינקלט
פאַר די אויגן,
אז פּאַשעט ניט צו גלויבן,
ניט צו פאַרשטיין —
ווי קאָן יעדעס בלעטעלע
האָבן זײַן אייגענעם קאָליר,
זײַן אייגענעם כיין.

נאָר ווער דורך אָט דער פּראַכט
אונדז אנטקעגן גייט?
דאָוויד בערגעלסאָן.
מאָדנע געקליידט! —
אין א קורץ רעקל,
לאַנגע שטיוול אַף די פיס,
אין דער האַנט — א שטעקל,
איבער דער פּלייצע — א ביקס.
ס'איז אוודע
אויסגעשלאָסן,
ער זאָל פון אָט דער ביקס
האָבן געשאָסן.
איז צוליב וואָס דער גאַנצער
יעגערישער אנטוראַזש?
פרעגן וועגן דעם
וואָלט געווען פּאַשעט נאַריש...
פּלוצעם פון הינטער א הוסט
שפּרינגט ארויס
עפּעס א יאַטל
מיט א פּאָטאָ־אַפּאַראַטל.
אזא זעלטענער קאַדר!

צי האָט זיך דאָס בילדל
באַקומען, פאַרהיט?
א גרויסער שאָד,
טאָמער ניט...

## 2. קינאָ־טעאַטער „קאַמינטערן”

אין יעדער שטאָט
שאַפן א מעמאָריאַל —
דאָס איז, פאַרשטייט זיך,
ניט רעאַל.
דאַרף מען ניט האָבן קיין
פאַריבל,
ווען פלוצעם ס'ווערט נעלעם
א זעלטנהייט —
א פאַרגעדענקלעך שטיבל...

אָבער פאַר דעם באַראַק,
וואָס אַמאָל איז געשטאַנען
אנטקעגן דעם איצטיקן פּאַרק
און איז אָן א זייכער
פאַרשווּנדן,
פאַרדריסט טאַקע שטאַרק.

די ערשטע בויונג
אין טיכאָנקע געווען,
פון פרישע צעדער־ברעטער
צונויפגעקלאַפּטע ווענט,
דער ערשטער קלוב
אין טײַגע־וואַלד.
מיט ליכט און מיט לעבן
צעשטראַלט.

די עפענונג איז פאָרגעקומען
אין די אָקטיאַבער־טעג.
צוערשט — א פײַערלעכע
טייל,
דערנאָך איז א טאַנץ אוועק.
פאַרהאַרעוועטע הענט
האָבן יאַשערקעוויעכדיק זיך
געצויגן
צו א יונג באָכערל
מיט באַברילטע,
שמייכלענדיקע אויגן.
„מאַלאָדיעץ, — געזאָגט, —
א דאַנק א גרויסן!”.

עמע קאַזאַקעוויטש
האָט דאָס באָכערל געהייסן.
דעם, וואָס האָט ניט געוווּסט,
האָט מען געגעבן צו
דערקלערן:
א זון פונעם רעדאַקטאָר,
פון „ביראָבידזשאַנער
שטערן”...

ער איז געווען
פון דער נײַבויונג דער
„פּראָראַב”.
קיין צײַט און קיין מי ניט
געקאַרגט,
אַרויסגעוויזן כאַראַקטער
און טאַלאַנט,
בא די דעמלטיקע
שוועריקײַטן
טאַקע מאַמעש צונויפגעפירט
א וואַנט מיט א וואַנט...

א נאָמען דעם נײַגעבוירענעם?
עמע זאָגט:
„די בויער וואָלטן וועלן,
אַז דאָס וואָרט „קאָמינטערן”
אָפן שילד זאָל העלן.

נאָכדעם איז געווען
א כאַווערישע ליאַמע.
האָט מען זיך עס צערעדט,
צעזונגען, צעליאַרעמט!
מיט געמאַכטן פאַרדראָס
האָט זיך עמע געכאָכמעט:
„וויפל לידער האָט עס מיר
אָפּגעקאָסט,
אוואַדע א זאַמלונג
און עפשער נאָך מער”...

און א טרייסט געפונען
טאַקע דאָ אָפן אָרט:
„ס'וועט מיר עפשער דער
בנין
פאַררעכנט ווערן פאַר א
פּאָעמע?
א הילצערנע,
ניט פאַר דער אייביקײַט,
נאָר פאַרט...”

אין יעדער שטאָט
שאַפן א מעמאָריאַל —
דאָס איז, פאַרשטייט זיך,
ניט רעאַל.
אָבער פאַר דעם באַראַק,
וואָס אַמאָל איז געשטאַנען
אנטקעגן דעם איצטיקן פּאַרק
און איז אָן א זייכער
פאַרשווּנדן,
פאַרדריסט טאַקע שטאַרק.





יוסטאַס פּאַלעצקיס

# דאָס לעבן הייבט זיך אָן אָפּסנײַ

אין א זוניקן פרילינג־טאָג האָב איך מיר שפּאַצירט איבער די ווילנער גאַסן. אַף די צווײַגן פון די לינדן־ביימער האָבן זיך קוים פאַנאַנדערגעלאָזן די צאַרטע בלעטלעך. מיט פאַרגעניגן האָב איך געקוקט אַף די גרינע פליטערלעך, און ס׳איז מיר געווען שרעקלעך צו דערמאָנען די ביטערע פרעסט, וועלכע זײַנען דאָס יאָר געווען ניט שוואַכער, ווי אַפן ווײַטן צאָפן. בייס די ווינטערדיקע פרעסט זײַנען די שטאַמען פון די לינדן־ביימער געווען אַזוי נאַקעט און צעקאַרבט, איצט זײַנען זיי גרייט געווען צו זײַן פרילינג־שעלוכים, מעכוטאָנים אַפן פײַער־לעכן יאָמטעוו, וואָס די נאַטור קלײַבט זיך אָפּשפּילן אין דער ליטווישער הויפּטשטאָט, ניט קוקנדיק אַפן שטויב און אַף די שטיינער. דאָרט, ווו פריִער איז א לינדן־ביימעלע אַף א רעפּוע ניט געווען, שטייען זיי איצט אין גלײַכע רייען, און ניט נאָר די יונגיטשקע אַף דער קאָמיוג־גאַס, נאָר אויך די שיינהײַטן, וועלכע זײַנען מיט א קורצער צײַט צוריק געוואַקסן אין וואַלד און האָבן דאָרט אָפּגעציילט עטלעכע צענדליק יאָר. איצט פילן זיי זיך גוט, און זיי זײַנען געוואָרן אײַנגעזעסענע שטאָט־בירגערנס. ס׳איז צו באַוואונדערן, ווי ווילנער גאַסן האָבן זיך געביטן. מיט א קורצער צײַט צוריק זײַנען זיי געווען פאַרוואַלגערט מיט ברוך, איצט שטייען שיינע שטיבער, עס שפּרייטן זיך גרינע סקווערן, עס וואַקסט גראָז און ביימער. און ניט נאָר דער נײַער אַספאַלט, וואָס האָט צוגעדעקט דעם שטיינערנעם ברוק, ניט נאָר די שטיבער און די סקווערן, נאָר אויך נײַע מענטשן זעט מען אַף די ווילנער גאַסן, א נײַ לעבן קומט אויף.

אָט אַזוי, טראַכטנדיק וועגן פרילינג, וועגן דעם נײַעם לעבן פון דער אַלטער ווילנע, בין איך געקומען אַפן פּלאַץ, וועלכן מיר רופן, לויט אונדזער אַלטער געוווינהײַט, דער קאַטעדר־ראַלער. מיר דאַכט, אַז דאָס איז דער וווּנדערלעכסטער פּלאַץ אין גאַנץ ליטע. דער גרויסאַר־טיקער געוועזענער קאַטעדראַלער טעמפּל מיט די מעכטיקע זײַלן, פון איין זײַט, די שיינע שטיבער פון אויסגעזוכטער אַרכיטעקטור צווישן גרינע ביימער, פון דער אַנדערער זײַט, און דאָ דערנעבן דאָס אומפאַרגעסלעכע אָרט, וואָס מאַכט אַזוי אומרויִק דאָס האַרץ, איך מיין דעם

געדימינער באַרג, אויפֿן באַרג — דער אַלטער טורעם־שלאָס מיט די סאָוועטישע פֿאָנען, וואָס פֿלאַטערן איבער אים, — דאָס אַלץ מאַכט אַזאַ אײַנדרוק, פּונקט ווי ס׳וואָלט געווען ניט קיין פּלאַץ, נאָר אַ ריזיקער זאַל פֿון דער גאַנצער שטאָט ווילנע. דעם אײַנדרוק פֿאַרגרעסערן די גלײַכע גלאַטע פּליטעס פֿון צעמענט, וועלכע האָבן צוגעדעקט דעם אַמאָליקן זאַמד און שטויב איבערן פּלאַץ, די ירושה פֿון דער פּילסודסקי־שליאַכטע.

דאָ איז אָנגענעם צו זײַן בײַס די גרויסע פֿאָלקס־יאָמטויווים, ווען דער גאַנצער פּלאַץ איז אײַן אָוונט באַלויכטן מיט אַ סאַך שײַן. אַ מענגע מענטשן באַוועגט זיך לעבהאַפֿטיק אין טאַנץ, און דער גאַנצער אַרום איז פֿול מיט מוזיק־קלאַנגען. ס׳איז אויך אָנגענעם אין אַ וואָכעדיקן שיינעם טאָג דאָ שפּאַצירן. אין אַ זוניקן טאָג פֿאַרנעמען דעם פּלאַץ פֿרויען און קינדער־וועגעלעך. בײַ די וועגעלעך, אין וועלכע עס שלאָפֿן פּיצלעך, לויפֿן און שפּילן זיך זייערע עלטערע שוועסטערלעך און ברידערלעך. ס׳איז אוממעגלעך דורכצוגיין רויִק, בײַס די קינדער פֿאַרפּילן דעם פּלאַץ. ווי דו זאָלסט ניט זײַן פֿאַרכמאַרעט, באַהערשט פֿון וואָכעדיקער אַרבעט און זאָרג, שמייכלסט זיך, ווען דו קוקסט אויף די סוידעסדיקע בלומען, אויף די ליבע שנעקלעך, וואָס ליגן אין די וועגעלעך, און אויף זייערע מאַמעס.

אַנומלטן האָב איך זיך דאָ אָפּגעשטעלט, און ס׳האָט מיך אַרומגענומען אַזאַ אָנגענעמע וואַרעמקײַט, און צוגלײַך מיט דעם בין איך פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון אַ שטורעם פֿון פֿאַרשיידענע געפֿילן, ווען איך האָב דערזען אַ גליקלעך־שמייכלענדיקע מוטער, אַ געבויגענע איבער אַ קינדער־וועגעלע, וווּ ס׳איז געלעגן איר אייפֿעלע, און דערנעבן האָט זיך געשפּילט אַ שיין שוואַרצשייִנעוודיק מיידעלע.

די מאַמע און איר קינד — דאָס איז דער סאַמע פֿײַערלעכער סימבאָל פֿון לעבן בײַ אַלע פֿעלקער, אין אַלע צײַטן.

נאָר די מוטער, וועלכע כ׳האָב דערזען, איז געווען עפּעס גאָר אַ באַזונדערע. איר שמייכל, איר מאַמע־גליק האָבן געשאַלט, ווי אַ לעבנס־טריִומף. דאָס קאָן באַנעמען בלויז דער, ווער עס ווייסט איר פּערזענלעכע געשיכטע. די פֿרוי — דאָס איז אַ טראָפּן אין מענטשלעכן ים. און ווי אין אַ טוי־טראָפּן שפּיגלט זיך אָפּ די זון, אַזוי שפּיגלט זיך אָפּ אין בליק דער פֿרויס גורל, איר טיטאַנישער קאַמף פֿון צוויי וועלטן מיט צוויי פֿאַרשיידענע פּנימער.

ראָזע גליקבערג איז געווען צווישן די מענטשן, וועלכע כ׳האָב די ערשטע באַגעגנט אין טויזנט נײַן הונדערט פֿיר־און־פֿערציקסטן, בײַס איך בין צוריקגעקומען קיין ווילנע, גלײַך ווי זי איז באַפֿרײַט געוואָרן.

אַ גרויליק־שווער בילד האָט דאַן פֿאָרגעשטעלט מיט זיך ווילנע. כוץ רויִנען, איז דאָרט גאָרנישט ניט געווען. אינדערלופֿטן האָט געשוועבט דער רייעך פֿון אומקום. נאָר די מיליטערלײַט האָבן אַרײַנגעטראָגן אַ ביסל לעבן. קיין ציווילע באַפֿעלקערונג איז קימאַט ניט געווען אין שטאָט. דורך די נעכט זײַנען געפֿלויגן דײַטשישע עראָפּלאַנען, וועלכע די זעניט־אַרטילעריע האָט באַשאָסן. די כאָרעווע גאַסן האָבן געציטערט פֿון די באָמבע־אופֿרײַסן, וואָס האָבן געמערט די כורוועס.

אין יענער צײַט בין איך שאָענלאַנג אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט. עס איז געווען זייער שווער צו גיין איבער די גאַסן, פֿאַרוואַלגערטע מיט קופּעס ציגל. אויף אַ סאַך צעשעדיקטע הײַזער האָבן זיך געזען אויפֿשריפֿטן: „פֿאַנאַנדערגעמינירט“, „דורכגעקאָנטראָלירט פֿון מינעס“. יעדער מיטשמועסער האָט אומבאַדינגט געהאַט צו דערציילן אָן אַ שיר געשיכטעס וועגן באַפֿרײַטע שטעט, וווּ ס׳זײַנען קעסיידער געווען אופֿרײַסן און נאָך קאָרבאָנעס. גאַנץ אָפֿט האָט מען געקאָנט לייענען אויף די ווענט דײַטשישע אויפֿשריפֿטן „אָקטיאַבער“ און „שאָלעם“. ס׳איז געווען צו פֿאַרשטיין, אַז אין דער היטלער־אַרמיי האָבן זיך געפֿונען דײַטשן, וועלכע האָבן ריכטיק געטראַכט וועגן דעם אָקטיאַבער און געגאַרט נאָך שאָלעם.

אין יענע צײַטן איז געווען אַ פֿרייד צו באַגעגענען באַקאַנטע אויף די ווילנער גאַסן. וויניק זײַנען לעבן געבליבן נאָך דער אָקופּאַציע. די מענטשן זײַנען ווי געקומען פֿון אַן אַנדער וועלט, עס האָט זיי דאָך אָפּגעטיילט פֿון אונדז אַ מעהאַלעך פֿון העכער דרײַ יאָר מילכאָמע. פֿאַרשטייט זיך, ס׳איז געווען טשיקאַווע צו הערן, וואָס זיי דערציילן, זיך דערוויסן, אַז זיי וואַרטן אויף עפּעס גוטס אין דער צוקונפֿט.

אין יענער צײַט איז געווען שווער צו געפֿינען אַן אַנשטאַלט. מענטשן פֿלעגן אָפּשטעלן איינער דעם אַנדערן און זיך אָנפֿרעגן דעם וועג. אַזוי טאַקע האָט ראָזע גליקבערג מיך אַנומלטן אָפּגעשטעלט און געפֿרעגט בײַ מיר וועגן איינעם אַן אַנשטאַלט. איך האָב זי אַהין באַגלייט, און אַזוי ווי דאָס איז געווען ניט זייער נאָענט, האָבן מיר זיך אויפֿן וועג צעשמועסט.

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ראָזע גליקבערג איז איינע פֿון די זעלטענע, וואָס זײַנען לעבן געבליבן הינטערן שטעכדראָט פֿון קאָוונער געטאָ. איר מאַן האָבן די פֿאַשיסטן דער־


יוסטאס פאלעצקיס

שאָסן אין 1943 יאָר. דערשאָסן פּראָסט־פּאָשעט, איבער א לעבעלע ברויט. א גוטהאַרציקער מענטש איז צוגעקומען צום געטאָ־טויער און געוואָלט דערלאַנגען ראָזעס מאַן א לעבל ברויט, גליקבערג האָט אויסגעשטרעקט זײַן האַנט, אָבער דאָס האָט דערזען דער וואַכמאַן און אים דערשאָסן.

ראָזען האָט זיך אײַנגעגעבן צו אַנטלויפן. זי איז אַרויס־געשפּרונגען פונעם צוג, מיט וועלכן זי איז, ווי א סאַך אַנדערע, געשיקט געוואָרן אין א דײַטשישן קאָנצענטראַציע־לאַגער. די ערשטע טעג האָט זי זיך באַהאַלטן בא פּויערים. דערנאָך האָט איר אָפּגעגליקט, און זי האָט זיך פאַרבונדן מיט פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן געקעמפט אַרום טראַקײַ. מיט די פּאַרטיזאַנער אײנייגעם האָט זי אויסגעפילט אַלערליי געפערלעכע אויפגאַבעס, זי האָט אָנטיילגענומען אין שלאַכטן. אינגיכן האָט די סאָוועטישע אַרמיי באַפרײַט די געגנט.

בײַס זי האָט זיך אומגעקערט, איז איר אויסגעקומען אויסצוהערן געגנוג ביטערע געשיכטעס, זיך דערוויסן וועגן שרעקלעכע טראַגעדיעס. זײַער זעלטן האָט מען דערציילט, וויאַזוי ס'האָט זיך עמעצן אײַנגעגעבן צו ראַטעווען זיך. ליטווישע פּויערים, אַרבעטער און אינטעליגענטן זײַנען געווען אָפּפאַרוויליק, זיי האָבן אײַנגעשטעלט דאָס לעבן, קעדיי צו ראַטעווען פון די היטלערישע נעגל פאַרמישפּעטע אויף טויט. באַנאַנד מיט אַזוינע גרויסמוטיקע מענטשלעכע אויפטוען זײַנען נאָך אָפּשטויסנדיקער, נאָך שרעקלעכער געווען די רעציכעס פון די היטלעריסטן און פון די ליטווישע נאַציאָנאַליסטן — די אָסטליאַנדערן.

בײַס יענעם שמועס האָט ראָזע גליקבערג אַפּילע ניט דערמאָנט וועגן איר סאַמע טראַגישער איבערלעבונג. זי האָט געענדיקט דערציילן וועגן דער באַגעגעניש פון די פּאַרטיזאַנער מיט דער סאָוועטישער אַרמיי. און איצט, האָט זי געזאָגט, בין איך אין ווילנע, און איך האָף צו קריגן אַרבעט אין אַן אַנשטאַלט אָדער אין א פאַבריק.

— מע קאָן זאָגן, אַז דאָס מאַזל באַגלייט אײַך. טאַקע נאָר אַזוי, ווי ס'קלינגט אײַער פאַמיליע־נאָמען, „בערג מיט גליק". נאָך אַזויפיל געפאַרן, נאָך אַזעלכע ביטערע איבערלעבענישן זײַט איר, איינע פון טויזנטער, געבליבן לעבן, — האָב איך צו איר געזאָגט, ווען מיר זײַנען שוין צוגעקומען צום אַנשטאַלט, וועלכן איך האָב איר געהאָלפן צו געפינען. אָבער ווי נאָר כ'האָב אַרויסגעבראַכט די ווערטער, האָט מיך דורכגענומען א קאַראַטע־געפיל. ראָזע גליקבערג האָט אויף מיר א קוק געטאָן טרויעריק:

— א באַרג גליק, זאָגט איר... וואָס פאַר אַן אומדערהערטע איראָניע... בעסער וואָלט איך הונדערט מאָל געשטאָרבן...

זי האָט ניט געענדיקט דעם געדאַנק, אירע גרויסע פײַכט־געוואָרענע אויגן האָבן שײַן־ריידנדיק אַרויסגעוויזן אומענדלעכן פּײַן.

— אַנטשולדיקט... — האָב איך געזאָגט. ס'האָט מיך דורכגענומען א ווייטעק און א ציטער, ווײַל איך האָב דערפילט, אַז איך האָב זיך צוגערירט צו אַן אָפענער ווונד.

שפּעטער פלעג איך גאַנץ אָפט באַגעגענען ראָזע גליקבערג, זי האָט זיך טאַקע אײַנגעאָרדנט אין דעם אַנשטאַלט, וווהין איך פלעג גאַנץ אָפט אַרײַנגיין. נאָר מער האָב איך ניט גערעדט מיט איר וועגן דער צײַט פון דער דײַטשישער אָקופּאַציע. דער עמעס גייט אָבער אַרום, ווי בוימל אויפן וואַסער. כ'האָב זיך שפּעטער דערוווּסט פון אירע מיטאַרבעטער וועגן דער טראַגעדיע, וואָס זי האָט דורכגעלעבט אין געטאָ. ס'איז געווען אומגלייבלעך, אַז דעם ווייטעק און די פּײַן זאָל די צײַט קאָנען פאַרהיילן.

אין מײַן פאָרשטעלונג איז דאָס וואָרט „אַקציע" אַלעמאָל געווען ווי עפּעס פאַרברעכערישס, עס האָט דערמאָנט אין עקספּלואַטאַציע, אין ווערטפּולע פּאַפּירן, וואָס באַנקירן ספּעקולירן מיט זיי. מיט איין וואָרט, ס'האָט געשמעקט מיט ביזנעס, מיט קאַפּיטאַליזם, ניט זעלטן האָבן אַקציעס פאַנאַנדערגעבונדן מילכאָמעס אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. בא אונדז איז דאָס וואָרט „אַקציע" פאַרבונדן מיט די מײַסים פון רעאַקציאָנערן, קלעריקאַלן, שוואַרצמייעניקעס. אַזוי האָבן מיר גערופן די „קאַטוילישע אַקציעס".

איצטער האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן א נײַעם באַטײַט פונעם וואָרט „אַקציע". דאָס איז די „אַקציע פון קראַנקע", די „אַקציע פון אינטעליגענטן", די „אַקציע פון אַלטע לײַט",

„קינדער־אקציעס“, „אלגעמיינע אקציעס“. א בלוטיק, בייז־געדאכטער באטייַט פונעם וואָרט „אקציע“ בא די פאשיסטן.

וויפל קרעכצן און זיפצן, וויפל טרערן האָבן פארגאָסן גלייביקע מענטשן, הערנדיק אָדער לייענענדיק די ביבל־לעגענדע וועגן דעם קינדער־פארטיליקער, דעם מיילעך איראָד. דער דאָזיקער מיילעך איז געוואָרן א סימבאָל פון פארברעכערישקייַט. ער האָט באפוילן צו דערהארגענען די קינדער פון איין ייִדישן דאָרף און דער אומגעגנט. מיט וואָס פאר א הארצווייטיק האָבן מענטשן אויסגעהערט פעלעדעס געשיכטע וועגן דעם טרויעריקן גורל פון קאטריוקע און פעטריוקאס. און אויב אזוי, פרעגט זיך: וואָס פאר א מענטשלעך הארץ בלוטיקט ניט אין אַנגעזיכט פון די טראַגעדיעס, וואָס די היטלעריסטישע גאַרגלשנײַדער האָבן נאָך זיך איבערגעלאָזן?

בייס מיר זײַנען געווען אף די פראָנטן און מיר האָבן געהערט וועגן די פארברעכנטע דערפער איינעם מיט די מענטשן, האָבן מיר נאָך דאַן ניט געוווסט וועגן קרעטינגע, ווו די היטלעריסטן האָבן געוואָרפן מענטשן אין פלאַם פון די ברענענדיקע הײַזער, געשפּאַלטן קינדערשע קעפּ אין די סטויפּעס. ערשט דערנאָך האָבן מיר באגעגנט מענטשן, וועלכע האָבן דאָס געזען מיט די אייגענע אויגן און אפילע עס אליין איבערגעלעבט.

וואָס קאָן זײַן מער שוידערלעך, ווי דאָס, וואָס עס דערציילן די אײַנוווינער פון קאַ־שעדאר. אף דער קאשעדארער סטאנציע האָט זיך אָפּגעשטעלט א צוג מיט סאָוועטישע קאָל־ווירטניקעס, וועלכע זײַנען געפירט געוואָרן פון קאלינינער געגנט. פונעם צוג זײַנען ארויס־געשפרונגען שיקערע עסעסאָווצעס, וואָס האָבן אים באגלייט. זיי האָבן געהאלטן קליינע קינדער פאר די פיסלעך און זיך א לאָז געטאָן צו די פרויען מיט די מאנצבלען, וועלכע זײַנען געשטאנען לעם וואָקזאל, און זיי האָבן אויסגעשריִען:

— קויפט די קינדער, אָדער מיר וואַרפן זיי אריַין אין ברונעם!

דער ברונעם האָט זיך געפונען זייער נאָענט, קיינער פונעם אוילעם, וואָס איז געשטאַ־נען באַם וואָקזאל, האָט ניט געצווייפלט, אז די דאָזיקע כײַעס קאָנען טאקע די קינדער אַרײַנשלײַדערן אין ברונעם. דעריבער האָבן די מענטשן אויסגעטרייסלט די לעצטע מאַט־בייעס פון די קעשענעס, און פאר זעקס־זיבן מארקעס האָבן זיי אויסגעקויפט די קינדער און זיי געראַטעוועט פון די ראָצכישע הענט. די עסעסאָווצעס, ווידער, זײַנען אוועק אין בופעט, דערגיסן שנאפּס אין די גיריקע גאָרגלען.

עס איז א כילעלהאשעם צו אָנרופן די דאָזיקע גאָרגלשנײַדער „וועלף“, „שאקאלן“, „היִע־נעס“. אומעגלעך איז צו געפינען כײַעס, וואָס מע קאָן צו זיי פארגלײַכן די פאשיסטישע מענוואָלים. ניטאָ אזעלכע כײַעס, וועלכע זאָלן אופרעסן קינדער פונעם אייגענעם מין.

ס'איז אומעגלעך צו גלייבן, אז דאָס איז ניט קיין אומגעדאכטער כאָלעם, אז דאָס איז טאקע געווען. טאקע אזוי האָבן זיך פארווײַלט די פאשיסטישע הענקער. ס'איז זיך שווער פאָרצושטעלן, אז עס זײַנען לעבן געבליבן די, וואָס האָבן עס געזען מיט די אייגענע אויגן! ווי האָבן דאָס אריבערגעטראָגן די מאמעס, די טאטעס, די שוועסטער און די ברידער פון די אומגעבראכטע קינדער...

דאָס איז געשען סאָף אפּרעל 1944. דער איבערבראָך אפן פראָנט האָט קיין צווייפל ניט ארויסגערופן. די סאָוועטישע ארמיי האָט געבייקערט די היטלעריסטן אין אוקראַינע, אין קרים און זיך דערנעענטערט צו רומעניע. די שלאכטן זײַנען געגאנגען אין דעם סאָוועטישער עסטלאַנד. „היטלערס טעג זײַנען געציילט“, — האָבן געמאָלדן די מאָסקווער אופרופן. די היטלעריסטישע פּראָפּאגאנדיסטן האָבן נאָך געפּרוווט אָפּנארן און פארפירן די מענטשן, זיי האָבן פארשפּרייט קלאַנגען, אז דאָס זײַנען צײַטווײַליקע מאפּאָלעס, אז אינגיכן וועט דער פיורער אַנווענדן אזא מין געהיים געווער, וואָס וועט א דריי טאָן דאָס מאזל אף זײַן זײַט. אָבער גלײַכצײַטיק האָבן די פאשיסטן געפּאקט די טשעמאָדאנעס, ווײַל זיי האָבן געוואָרט אף נײַע אָנגריפן פון דער סאָוועטישער ארמיי.

אין יענער צײַט האָט געקע, דער קאָמענדאנט פון קאָוונער געטאָ, אופגעפלאמט מיט ליבע צו די קינדער. עס איז דערגאנגען דערצו, אז ער האָט געלאָזט רופן א מין אסיפע פון די פארשפּארטע אין געטאָ, ווו ער האָט זיך געקלאָגט, אז די מינדעריעריקע זײַנען ניט געגוג העפלעך צו אים, זיי באגריסן זיך אפילע ניט, און ער האָט געלאָזט וויסן, אז ער האָט זייער ליב קינדער, און בייס זיי זײַנען געהאָרכזאם און העפלעך, איז ער זייער גוט צו זיי. געקע האָט זיך צערעדט וועגן פעדאגאגיק און דערציִונג, וועגן דער געפאר, וואָס דראָעט די קינדער אין געטאָ, בייס די סאָוועטישע אעראָפּלאנען נעמען באָמבארדירן.

אָט די זאָרג, וואָס געקע האָט באוויזן, האָט ארויסגערופן גרויס אומרו בא די פאר־שפּארטע אין געטאָ. אזא מין „ליבע“ האָט קיין גוטס ניט צוגעזאָגט. די קאָוונער געטאָ האָט

שוין געוווּסט פון כּײַשע קאָמענדאַנטן, נאָר געקע איז געווען דער כּײַשסטער פון די כּײַעס.

זײַן פּאָנעם האָט דערמאָנט אין די שאַרבנס, וואָס זײַנען געווען אָנגעמאָלט אויף די אַרבל פון די עסעסאָווצעס. קוים פלעגן די קינדער פונדערווײַטן דערזען געקען, פלעגן זיי זיך גלײַך באַהאַלטן.

ראָזע האָט קעסיידער געציטערט און געפלאָטערט איבערן גורל פון איר דרײַיאָריק ייִנגעלע. פאַר די אויגן זײַנען נאָך געשטאַנען די שוידערלעכע סצענעס בײַס די „קינדער־אַקציעס".

דער גערודער פון לאַסטמאַשינעס, הארצרײַסנדיקע קוילעס, מוירעדיקע קלאָגעריי, גע־בילערײַ פון געסטאַפּישע הינט, געשרייען און זידלערײַען פון די עסעסאָווצעס, קעסיידער־דיקע שיסערײַ — אַזאַ איז געווען די „מוזיק", וואָס האָט באַגלייט יעדע אַקציע. דאָס סאַמע שרעקלעכע און אומגעדאַכטע בײַ די „קינדערשע אַקציעס" איז אָבער געווען דאָס אוועק־רײַסן די קינדער פון די עלטערן.

אין אָנהייב האָט מען ווי־עס־איז געגלייבט די בײַדערטרעכטיקע צוזאָגעכצן, אַז מע פירט אוועק די קינדער אין קינדערהיימען, קעדײַ זיי זאָלן ניט שטערן די עלטערן צו אַרבעטן. נאָר די אוועקגעפירטע קינדער פלעגן שפורלאָז פאַרשווינדן, ווי אין וואַסער אַרײַן. וווּהין מע האָט זיי אוועקגעפירט, איז קיינעם ניט געווען באַוווּסט. אויף אַלע פראַגן האָבן די עס־עסאָווצעס געהאַט איין ענטפער: „זיי זײַנען אין אַ באַשטימט אָרט".

— ניין, — האָט ראָזע געטײַנעט, — איך וועל זיי מײַן קינד ניט אוועקגעבן, זאָלן זיי מיט מיר טאָן וואָס זיי ווילן!

פאַר אירע אויגן זײַנען געשטאַנען די גרויליקע בילדער, זי האָט דאָך אַליין געזען, ווי די געסטאַפּאָווצעס האָבן מיט די שפּיזן אופגעהויבן קינדער און געוואָרפן אין לאַסטמאַ־שין. איר כאַווערטע מיליע טאַרפונק האָט זיך קעגנגעשטעלט, זי האָט ניט אוועקגעגעבן איר קליינינק מיידעלע, האָבן די געסטאַפּאָווצעס זי דערשאָסן אויפן אָרט, און זיי האָבן ניט גע־לאָזט מעקאַבער זײַן איר גוף אַלס בײַשפּיל פאַר אַנדערע. אייניקע מאַמעס האָבן נעבעך באַרוּיקט און אײַנגערעדט די קינדער: „גיי, גיי צום פעטער"... אַזוי האָבן זיי געזאָגט, בײַס זייערע הערצער האָבן געפּלאַצט פון ווייטעק.

אין אַ וואָך אַרום נאָך דער אַסיפע, וועלכע געקע האָט צונויפגערופן, זײַנען אָנגעקומען לאַסטמאַשינעס. דאָס האָט באַטײַט אַ נײַע אַקציע. דאָס מאָל האָט מען באַפוילן, אַז אין די לאַסטמאַשינעס זאָלן זיך זעצן די אופזעער און די פּאָליצײַען פון געטאָ. מע האָט געזאָגט, אַז מע פירט זיי אוועק אין דער טורמע פון קאָוונער פאָרט. די געטאָ־אײַנוווינער האָבן גע־מיינט, אַז מיט דעם וועט זיך די זאַך ענדיקן און אַ „קינדער־אַקציע" וועט ניט פאָרקומען. נאָר אויף מאָרגן, בײַס אַלע מאַנצבלען זײַנען געווען אויף דער אַרבעט און אין געטאָ זײַנען געבליבן נאָר פרויען, קינדער, אַלטע און קראַנקע, האָבן זיך פּלוצעם אַרײַנגעריסן עטלעכע גרופּעס עסעסאָווצעס און גענומען שלעפּן די קינדער, פּאָדערנדיק, מע זאָל אַרויסגעבן יענע, וואָס זײַנען באַהאַלטן.

עס האָבן זיך ווידער איבערגעכאַזערט די באַקאַנטע סצענעס: מאַמעס, באָבעס און די מער דערוואַקסענע קינדער האָבן געכאַפּט די קלענערע און זיך געײַלט אַנטרונען צו ווערן. אַנדערע מאַמעס האָבן אפילע געהאַט אָנגעגרייט ספּעציעלע רעפּועס, וואָס זיי פלעגן אײַנ־שפּריצן די קינדער, און בײַס יענע פלעגן ווערן שלעפעריק, איז זיי גרינגער געווען צו באַהאַלטן.

אָבער די עסעסאָווצעס האָבן אַלץ געטריבן און געשלעפּט קינדער צו די לאַסטמאַשינעס. מיט די ביקסן האָבן זיי אָפּגעטריבן די עלטערן.

די קליינינקע רינע קאַגאַן האָט זיך געבעטן בא אַ געסטאַפּאָוועץ, וואָס האָט געשלאָגן איר מאַמע:

— שלאָג ניט מײַן מאַמינקע, כ'וועל אַליין גיין מיט אײַך!

דער זעקסיאָריקער באַריע באַלצער האָט זיך אַרויסגעריסן פון זייערע הענט, צוגעלאָפן צום קאָמענדאַנט און אויסגעשריִען:

— פאַרוואָס וויל מען מיך אוועקפירן, איך בין דאָך שוין אַ גרויסער, איך קען אַליין אַרבעטן!

דער עסעסישער אָנגעלויף איז פאַר ראָזע גליקבערג געווען אומדערוואַרט, זי האָט קוים באַוויזן צוצולויפן צו איר קינד, וואָס האָט זיך געשפּילט אין הויף, נאָר די עסעסאָווצעס זײַנען שוין דאָרט געווען. זי האָט צוגעדריקט דאָס קינד צו זיך, געוואָלט אומקומען מיט דעם איינציקן. די הענקער האָבן זי גענומען שלאָגן. זי איז אומגעפאַלן. זיי האָבן זי געטראָטן

מיט די שטיוול, אָנגערייצט אַף איר הינט. זי האָט פאַרלאָרן דאָס באַוווסטזײַן, און דאַן האָבן זיי אוועקגעריסן דאָס קינד פון איר.

ווי די שכיינים האָבן זי אופגעהויבן און אוועקגעטראָגן, האָט זי שוין ניט געפילט. בײַס מע האָט זי אַפּגעמינטערט, האָט זי אַ קוק געטאָן צום בעטעלע און דערזען, אַז עס איז ליידיק...

נאָך דער אַקציע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז „סע פעלן" עטלעכע קינדער. דער געסטאַפּאָ־וועץ פאָן קיומעל האָט אַרומגעגנישטערט מיט די הינט, ביז ער האָט געפונען זיבן באַהאַל־טענע אייפּעלעך. ער האָט זיי אוועקגעפירט צום „פאַרט פון טויט" און מיט די אייגענע הענט זיי דערשאָסן.

צווישן די קינדער איז געווען אַ שיין און קלוג ייִנגל מיט דער פאַמיליע שעפער. פאָן קיומעל האָט אַפּט געזאָגט שעפערס עלטערן, אַז דאָס ייִנגל איז זײַן ליבלינג, און ער האָט אים געקרוינט מיטן נאָמען „מײַן אַדיוטאַנט". פאָן קיומעל האָט געגלעט שעפערן דאָס קעפּל, און יענער האָט געציטערט פון דעם געסטאַפּאָוועס מילדקײַט. בײַס דער „קינדערשער אַק־ציע" האָט די מוטער באַהאַלטן דאָס ייִנגל, זי האָט געגלייבט, אַז וויבאַלד פאָן קיומעל האָט אַזוי ליב איר זון, וועט ער העלפן אים ראַטעווען און ס'וועט זיך אײַנגעבן אים אַרויספירן פון געטאָ צו גוטע מענטשן. שעפערס עלטערן האָבן צונויפגעזאַמלט וואָס זיי האָבן געהאַט אַף אונטערצוקויפן דעם געסטאַפּאָוועץ. פאָן קיומעל האָט טאַקע אַלץ גענומען, נאָר דאָס ייִנגל איז דערשאָסן געוואָרן אינאיינעם מיט די אַנדערע.

דאָס איז געווען די לעצטע „קינדער־אַקציע" אין קאָוונער געטאָ, ווײַל קיין קינדער זײַנען שוין דאָרט מער ניט געווען.

די וואָכלײַט און די פּאָליצײַען, וועלכע מע האָט געפירט קלוימערשט אין טורמע, האָבן זיך אויך מער אין געטאָ ניט אומגעקערט. אוועקגעפירט האָט מען זיי, קעדיי זיי זאָלן זיך ניט קעגנשטעלן, ווען מע וועט וואַרפן אין די לאַסטמאַשינעס זייערע קינדער.

וועגן גורל פון די אַרויסגעפירטע קינדער האָט מען אין קאָוונער געטאָ גאָרנישט ניט געוווּסט. מע האָט גערעדט, אַז אין דײַטשלאַנד מאַכט מען איבער זיי מעדיצינישע עקספּע־רימענטן. אַנדערע, ווידער, האָבן געזאָגט, אַז מע האָט דערשאָסן די קינדער אין פאָנאַר. ס'איז אַרומגעגאַנגען אַ געוויסער קלאַנג וועגן איינעם אַ דײַטשישן סאָלדאַט, וועלכער האָט בײַס דער צעשיסונג, אַ דערשיטערטער, אָנגעהויבן שרײַען:

— פאַרשאָלטן זאָל זײַן דער פירער!

ניט לאַנג איז אים אויסגעקומען צו שרײַען, ער איז דערשאָסן געוואָרן אַפן אָרט, און מע האָט אים באַגראָבן אינאיינעם מיט די קינדער.

ערשט נאָך דעם, ווי פּוילן איז באַפרײַט געוואָרן, האָט מען זיך דערוווּסט דעם שרעק־לעכן עמעס. די קינדער פון קאָוונער געטאָ זײַנען אוועקגעשיקט געוואָרן קיין אַשווענטשים. מיטן בלוט, וואָס מע האָט פון זיי אויסגעצאַפּט, האָט מען געהיילט די דײַטשישע פאַרווו־דעטע. אײַנגאַנצן אַנטבלוטיקטע און שוין קוים לעבעדיקע, זײַנען זיי אוועק אין די גאַז־אויוונס פון אַשווענטשים.

די לעבנגעבליבענע געפאַנגענע פון אַשווענטשים האָבן דערציילט, אַז דער דרײַצניאָ־ריקער וויקטאָר לעווינאַס פון קאָוונע, וואָס איז אינאיינעם מיט אַנדערע קינדער געטריבן גע־וואָרן צום אויוון, האָט אויסגעשריִען צו זײַנע כאַווירים:

— די סאָוועטישע אַרמיי וועט נעקאָמע נעמען פאַר אונדז!

אַט די אַלע געשיכטעס און דערמאָנונגען, די בילדער און פאַרשיידענע געדאַנקען האָבן זיך געמישט אין מײַן מויעך אַפן קאַטעדראַל־פּלאַץ, בײַס איך האָב באַגעגנט ראָזע גליקבערג, וועלכע איך האָב ניט געזען עטלעכע יאָר. יאָ, איר לעבן האָט זיך אָנגעהויבן אַפסניי.

ראָזעס צווייטער מאַן — אַבעל טעישערסקיס — איז אויך געגוג איבערגעקומען. לויט זײַן אַרבעט איז ער פאַרן סאַמע אָנהייב פון דער מילכאָמע אוועקגעפאָרן קיין קאָוונע. פאַר־טיק געוואָרן מיט די אינייאַנים, האָט ער זיך געזעצט אין צוג, ער האָט זיך געאײַלט קיין קרע־טינגע, ווײַל זונטיק האָט ער געוואָלט פאַרברענגען מיט זײַן מישפּאָכע אין פּאַלאַנגע. גראָד דעם זונטיק האָט אויסגעבראָכן די מילכאָמע, קרעטינגע איז געווען איינע פון די ערשטע שטעט, וואָס די פאַשיסטן האָבן פאַרכאַפּט.

טעישערסקיס האָט זיך געפונען צווישן טעלדז און שאַוול. ער האָט פאַנאַנדערגעפרעגט בײַ מענטשן וועגן זײַן ווײַב און די צוויי קינדער. די פאַשיסטן האָבן אַזוי פלוצעם פאַרכאַפּט קרעטינגע, אַז קיינער האָט ניט באַוויזן זיך פון דאָרט צו ראַטעווען.

שפּעטער האָט דער מילכאָמע־שטורעם אוועקגעשלעפּט טעישערסקיסן קיין טיף רוס־

לאַנד. ווען סאָוועטישע בירגער פון ליטע האָבן גענומען פאָרן צו די ברעגן פון דער וואָלגע, ווו עס האָט זיך פאָרמירט די ליטווישע דיוויזיע, איז אַהין אויך אוועק טעישערסקיס.

ווי אַלע אין דער ליטווישער דיוויזיע, האָט ער זיך געריסן אַפן פראָנט, קעדיי נעקאָמע נעמען פון די פאַשיסטן. אומעטום האָט ער געזוכט און פאַנאַנדערגעפרעגט, צי מע האָט ניט באַגעגנט עמעצן פון קרעטינגע. ענדלעך האָט ער איינעם געפונען פון דאָרטן.

אין אַלעקסייעווקע איז טעישערסקיס פאַרווונדעט געוואָרן, און ער האָט זיך געפונען אין לאַזאַרעט. פון דאָרט האָט מען אים געשיקט אין אַן אָפּרו־הויז, און דאָ האָט ער באַגעגנט מאַזשייקאַ, דעם געוועזענעם מיליציאָנער פון קרעטינגע.

מאַזשייקען איז געווען באַשערט דורכצולעבן די ערשטע מילכאָמע־נאַכט. ער האָט דורכן פענצטער געזען, ווי עס לויפן היטלערישע סאָלדאַטן, און כּמעט ער איז אַליין געלאָפן מיט די גערטענער, האָט ער געזען, ווי די היטלעריסטן שיסן און ווו־ניט־ווו האָבן שוין געפלאַמט סרייפעס. אים האָט זיך אײַנגעגעבן אוועקצוגיין איניינעם מיט אונדזער אַרמיי, און טעישערסקיסן האָט ער גאָרנישט ניט געקענט זאָגן וועגן דעם, וואָס יענער האָט בא אים געפרעגט.

ערשט שפּעטער האָט מען זיך דערוווסט, אַז די פאַשיסטן זײַנען געווען אומבאַראַכמאָנעסדיק צו די קרעטינגער אײַנוווינער, אַ סאַך פון זיי האָט מען פראָסט דערטרונקען אין גרויסן פרוד.

די ניצכוינישע שלאַכטן פון דער סאָוועטישער אַרמיי האָבן געבראַכט די לאַנג דערוואַרטע פרײַהײַט. שווער איבערצוגעבן די פרייד, בייס די ליטווישע דיוויזיע, איניינעם מיט אַנדערע מיליטערישע איינהײַטן, האָט נאָך די שלאַכטן בא וויטעבסק אַריבערגעשפּאַנט די ליטווישע גרענעץ. מיט אַ פײַערדיקן בעזעם האָט די סאָוועטישע אַרמיי אויסגעקערט פון ליטע די גאַנצע פאַשיסטישע אומריינקײַט.

איניינעם מיט דער פרייד איז אויסגעקומען איבערצולעבן דעם שרעקלעכן עמעס וועגן די אומגעקומענע נאָענטע. אַ סאַך סאָלדאַטן פון דער דיוויזיע האָבן געפונען בלויז קוואָרים און סימאָנים פון די פאַרברענטע הײַזער, אַ סאַך האָבן ניט געפונען אַפילע קיין קוואָרים. צווישן די לעצטע איז געווען אָבעל טעישערסקיס. ער האָט בלויז געוווסט, אַז זײַן מישפּאָכע איז, ווי אַ סאַך יִדישע קרעטינגער מישפּאָכעס, אומגעבראַכט געוואָרן.

פונדעסטוועגן האָט נאָך אין אים געגליט אַ פונק האָפענונג, טאָמער, עפשער האָט זיך פּאָרט עמעצער געראַטעוועט... ליטווישע פויערים האָבן דאָך יאָ פאַרבאַהאַלטן אייניקע, באַזונדערס קינדער. ניין, טעישערסקיס האָט וועגן זײַן מישפּאָכע גאָרנישט ניט געהערט און זיך ניט דערוווסט...

ער האָט אויך קיין צײַט ניט געהאַט צו זוכן, דער סאָלדאַט דאַרף מילכאָמע האַלטן ביזן סאָף. אַקשאָנעסדיק און מוטיק האָט טעישערסקיס, זײַענדיק שוין אַ קאַפּיטאַן, מילכאָמע געהאַלטן מיט די פאַשיסטן. און ס'איז געקומען דער טאָג, בייס די ליטווישע דיוויזיע, איניינעם מיט אַנדערע סאָוועטישע מיליטער־טיילן, וואָס האָבן, ענדלעך, פאַרענדיקט די מילכאָמע אין קורלאַנד, איז אַרײַן אין ליטע.

געקומען פון מילכאָמע, האָט אָבעל טעישערסקיס זיך אײַנגעאָרדנט אַרבעטן אין ווילנע. טאַקע דאָ האָט ער זיך באַקאַנט מיט ראָזע גליקבערג (גליקבערגענע, ווי מע האָט זי גערופן אַף ליטוויש). אינגיכן האָבן זיי פאַרקניפּט אַ נײַע מישפּאָכע.



און אָט זע איך ראָזען, אַ געבויגענע איבערן קינדער־וועגעלע, ווו עס ליגט איר אייפעלע, און לעם וועגעלע שפּילט זיך איר גרעסער מיידעלע, און עס שאַלט די פרייד אַפן קאַטעדראַל־פּלאַץ.

מיט נײַגער קוק איך אַף דער מוטערס פּאָנעם, וואָס שײַנט פון גליק, אַף אירע שיינע קינדערלעך. דאָס איז דאָך דער טריומף פון לעבן, דער סימבאָל פונעם זיג, וועלכן מיר האָבן דעראָבערט.

די אויסגעפײַניקטע מוטער האָט באַנײַט איר לעבן, און אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן פונדאָסנײַ.

איבערגעזעצט פון ליטוויש — שירע גאָרשמאַן

## א רעגן

ס'איז באנאכט געגאן א רעגן,
אויסגעוואשן דעם פרימאָרגן,
ריין געמאכט פון שטויב די וועגן
און דאָס הארץ — פון אלע זאָרגן...

און די זון — ס'איז איר מיסטאמע
אויכעט ליב דער פרישער רעגן!
שמייכלט זי מיט מיר צוזאמען,
זאָגט מיר אף איר לאַשן שטומען:

„ס'דען א רעגן?
ס'איז א מאמע
אויסגעצוואָגן די נעשאָמע,
פינקלט זי דער זון אנטקעגן,
צו דער וועלט באנאכט געקומען!”

## גיט מיר אַייערע הענט

כ'האָב געזען א כאָלעם:
די ערד
איז ביזן הימל
מיט גרויען אש פארשאָטן...
איך האָב זיך אופגעכאפט,
פון שטוב ארויס,
איך זע:
אש־גרויע וואָלקנס...
נאָר כ'ווייס,
איך גלייב,
איך וואָרט —
באלד וועט זיי דורכשפּיזן
א העל־רויטער, ווי דאָס בלוט פון מײַן הארצן,
א וואַרעמער, ווי די באקן פון מײַן געליבטער,
א לוסטיקער, ווי די אייגעלעך פון מײַן
טעכטערל, —
א שטראַל...
א שטראַל!

ער וועט באהעלן
די גרינע סעדער,
די נײַע ווײַסע הײַזער,
די העקרווײַטע וועגן
און אונדזער צײַט, —
די גרויזאמע צײַט,
די קלוגע צײַט,
די צײַט פון גרויסער האָפענונג...

גוטע מענטשן!
אלע, וואָס האָבן העל־רויט בלוט אין הארצן,
אלע, וואָס ציִען זיך צו וואַרעמקײַט,
צו לוסטיקײַט פון קינדער־אייגעלעך, —
גיט מיר אײַערע הענט,
אײַערע קרעפטיקע הענט,
אײַערע זיכערע הענט —
איך זאָל פארגעסן דעם אש־גרויען כאָלעם...

## דער צוג

דער צוג איז ברייטהארציק. באזאָרגט
ער האָט מיט געגעם מיך און מיט גאַניידן...
איך האָב געהאַט צעשיידונג־זאָרג,
און הײַנט איך האָב באגעג'ניש־פריידן!

פאר דעם איך בין אים מויכל באלד,
וואָס ער מיט שטאָלענער נעקאָמע
פלעגט צונעמען בא מיר מיט גוואַלד
די בעסטע העלפט פון מײַן נעשאָמע...

## איך דארף נאָר איינס

און אויב עס איז אין דיר געוועגדט, —
איך וויל קיין ברייה ניט פון דער פרעמד.

און זאָל דײַן בייגעלע פאפיר
קיין גרוס ניט איבערגעבן מיר.

געדענק: איך וויל פון דיר ניט זען
קיין וואָרט, קיין אײַנגעטונקטע פען!

איך דארף נאָר איינס: דײַן וואַרעמע האַנט —
מיט מײַנער זײַן זי זאָל באנאַנד.

## אַף גרינע שטעכן

עס וואקסט א גרעזעלע —
אזוי קליין!
עס רינט א קוועלעכל —
לויטער־ריין.

פון גראָז און גרעזעלעך
א לאָנקע ווערט.

דאָס קליינע קוועלעכל
די וואָלגע נערט.

אַף גרינע שטעכן
עס בליט די פרייד,
מיט שטראָמען מעכטיקע
דאָס לעבן גייט!

## קאיאָר

די פרישקײַט פונעם טוי,
דער ציטער פונעם בלאט,
די סוידעס פון דער בלוי,
וואָס נערט דעם הימל זאט;

דאָס ערשטע צוויטשערײַ
פון שוועלבעלע אַף בוים,

דער ערשטער שטראל־געשריי
אין אופגעלעבטן רוים, —

אלץ, אלץ עס גייט א קאָן:
„באלד יאוועט זיך די זון!"
און דו זאָגסט אויך מיר אָן:
„איך קום! איך קום! איך קום!"

---

# כראָניק

### דער טיראזש — 100.000

מיט א מאסן־טיראזש פון 100.000 עקזעמפּליארן זיינען דערשינען אין מאָסקווער פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל" זאמלונגען פון שמועל גאָרדאָן און מישע לעוו אין דער איבערזעצונג אַף רוסיש.

אין שמועל גאָרדאָנס בוך „באם ווײַנגאָרטן" גייען ארײַן גרעסערע דערציילונגען, נאָוועלן, רײַזע־בילדער. מישע לעווס „ווען ניט די פרײַנט מײַנע" שליסט אײַן די דערציילונגען „קורסאנטן", „אומערטום צוזאמען", „ווידער אין שלאכט" און „פּעראָ רוס".

### א שעפערישע רײַזע פון א שרײַבערן

די שרײַבערן שירע גאָרשמאן האָט זיך אומגעקערט פון א שעפערישער רײַזע איבער שטעט און שטעטלעך פון ליטע און ווײַס־רוסלאנד.

אין ווילנע, קאָוונע און באָברויסק האָט ש. גאָרשמאן זיך באגעגנט מיט לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד".

אין די שמועסן האָבן זיך באטייליקט פאָרשטייער פון די אָרטיקע שרײַבער־אָרגאניזאציעס.

---

### ערע זײַן אָנדענק!

אין ניו־יאָרק איז פלוצלינג געשטאָרבן דער מיטגליד פונעם פּאָליטישן קאָמיטעט פונעם צק פון דער אמעריקאנער קאָמוניסטישער פארטיי כײַמע לומער, וועלכער איז געווען הויפּט־רעדאקטאָר פונעם טעאָרעטישן אָרגאן פון דער פארטיי „פּאָליטיקל אפערס" און אויך פון דעם זשורנאל „דזשויִש אפערס" („ייִדישע איניאָנים").

די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד" ווייסן כײַמע לומערן, ווי אן אָנגעזעענעם מארקסיסט־אינטערנאציאָנאליסט, אן אקטיוון קעמפער פאר די אינטערעסן פון די פאָלקס־מאסן, איינעם פון די פירנדיקע פערזענלעכקײַטן אין דער ייִדישער פּראָגרעסיווער באוועגונג פון פּשא. די פּובליציסטישע ארבעטן פון כײַמע לומער האָבן געהאָלפן און העלפן אויך איצט אינעם קאמף קעגן די אָנפאלן אַף די לענינישע פּרינציפּן אין דער נאציאָנאלער פּאָליטיק און אין דער קולטור־בויונג אַף ייִדיש.

די רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד" דריקט אויס איר טיפן מיטלײַד דער ייִדישער קאָמיסיע באם צענטראל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי אין אמעריקע, דער מישפּאָכע און די פרײַנט פונעם פארשטאָרבענעם.

■ ■ ■

זכרוינעס

## כאַים טאַמאַרקין

# וואַרשעווער יאָרן

די צײַטונגען האָבן גערוישט מיטן אָנהייב פונעם בייליס־פּראָצעס. דער „הײַנט", וועלכער האָט אין קיִעוו געהאַט א באַשטענדיקן קאָרעספּאָנדענט, האָט געדרוקט סטענאָגראַפישע באַריכטן פונעם פּראָצעס. אין מעשעך פון עטלעכע וואָכן האָט געהערשט א נערוועזע אָנגעשטרענגטקײַט. דער „הײַנט" האָט אין איינעם פון די נומערן אָפּגעדרוקט אַף דער ערשטער זײַט א לייטאַרטיקל, געווידמעט וו. ג. קאָראָלענקאָן, וועלכער איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן די שוואַרצמייעניקעס.

דעם 9 נאָיאַבער האָט די צײַטונג אַרויסגעלאָזט אַן עקסטרע־בײַלאַגע: „בייליס באַפרײַט!". אָבער נאָך א סאַך טעג און וואָכן האָט מען פאַרגעזעצט שרײַבן וועגן דעם פּראָצעס, געדרוקט אָפּקלאַנגען. מיר האָט זיך פאַרגעדענקט א פּאָטאָ: בייליס נאָך דער באַפרײַונג מיט זײַנע רוסישע שכיינים, און בא אַלעמען — פריילעכע פּנעמער. אָבער די שוואַרצע מייע באַרויִקט זיך ניט: מע דראָעט בייליסן, ער קלײַבט זיך מיט דער מישפּאָכע אַוועקפאָרן פון קיִעוו. מע גיט איבער, אַז אין קאַליפאָרניע האָט בייליסעס שוועסטער פאַר אים צוגעגרייט א „דזשאַב", מאַמעש א גליק: א דאָרטיקער אייגנטימער פון א מוזיק־האָל צי פון א רעסטאָראַן לייגט אים פאָר דרײַ טויזנט דאָלאַר פאַר יעדער אַרויסטרעטונג אָדער אַפילע פאַר דעם, וואָס ער וועט זיך נאָר באַווײַזן פאַר די באַזוכער. שפּעטער דרוקט דער „הײַנט" א רעפּאָרטאַזש פון זײַן אייגענעם קאָרעספּאָנדענט גאָלדבערגן וועגן דעם, ווי ער האָט באַגלייט בייליסן מיט זײַן מישפּאָכע פון קיִעוו אין אַן אָפּגעזונדערטן וואַגאָן ביז דער גרענעץ. דער גאַנצער וועג איז דורכגעגאַן אין גרויס שרעק און בעסאָד־סוידעס. ערשט אַף יענער זײַט גרענעץ האָט מען פרײַער אָפּגעאָטעמט. גאָלדבערג האָט באַגלייט בייליסן דורך עסטרײַך ביז טריִעסט, פונוואַנען יענער איז מיט זײַן מישפּאָכע אָפּגעפאָרן ווײַטער אַף א שיף.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט די עפּאָפּיי אַרום בייליסן און דעם בלוט־בילבל.

אין א קורצער צײַט אַרום האָט זיך אין קיִעוו אָנגעהויבן א פּראָצעס קעגן דעם רעדאַקטאָר פונעם „קיִעוולייאַנין" וו. שולגין. די שוואַרצמייעניקעס האָבן שולגינען באַשולדיקט, אַז די ייִדן האָבן אים אונטערגעקויפט, ער זאָל אין זײַן צײַטונג אַרויסטרעטן קעגן דעם בלוט־בילבל און ריינוואַשן בייליסן. מיט וואָס האָט זיך דאָס פאַרענדיקט, געדענק איך ניט, נאָר אויך אַרום דעם דאָזיקן פּראָצעס האָט זיך גענוג געטומלט אין קיִעוו, אין פּעטערבורג, אין די דומע־קרײַזן.

און נאָך א סענסאַציע: די צײַטונגען האָבן מיטגעטיילט וועגן א לופט־קאַטאַסטראָפע, בייס וועלכער עס זײַנען אומגעקומען די פליִער פירשט שאַכאָווסקי, אַבראַמאָוויטש און לוריע. וועגן דעם, אַז אַבראַמאָוויטש איז מענדעלע מויכער־ספאָרימס אייניקל, האָט מען ניט געשריבן...

די צוויי ייִדישע טעאַטערן האָבן איבערגעלעבט א שווערן קריזיס. עס האָבן ניט געהאָלפן ניט די פּיקאַנטע אָפּערעטקעס און מעלאָדראַמעס, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט פּאָפּולערע טאַלאַנטפולע שוישפּילער, ניט די באַרימטע גאַסטראָליאָרן פון יענער זײַט יאַם. קאָמפּאַניִיעצעס טרופּע איז זיך צעפאָרן, אין „עליזעום" האָט שוין קיין ייִדישער טעאַטער ניט געשפּילט, געצאַנקט האָט אויך דער קאַמינסקי־טעאַטער. און דאָ האָבן מיטאַמאָל זיך באַוויזן גרויסע אַפישן, אַז עס קומט עסטער־ראָכל קאַמינסקע. די בילעטן זײַנען גיך אויספאַרקויפט געוואָרן. נאָר פּלוצעם איז געשטאָרבן די זייער טאַלאַנטפולע נײַנצניאָריקע רעגינאַ, די טאָכטער פון עסטער־ראָכל און אווראָם קאַמינסקי. די צײַטונגען האָבן געדרוקט גרויסע נעקראָלאָגן און אַרטיקלען וועגן דעם גרויסן פאַרלוסט פאַרן ייִדישן טעאַטער.

עסטער־ראָכל קאַמינסקע האָט נאָך די טרויער־טעג געמוזט שפּילן די אָנאָנסירטע ספּעקטאַקלען.

---

סאָף. זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 6 און 7, 1976.

אין יענע טעג איז נאָך אָפטע שטראָפן פאַרמאַכט געוואָרן „דער פרײַנד", אָבער גאָר אײַנגיכן האָט אָנגעהויבן דערשײַנען אַ נײַע צײַטונג — „דאָס לעבן" (רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער י. בעקער), וועלכע האָט געמאָלדן, אַז אַלע אַבאָנענטן פונעם „פרײַנד" גייען אַריבער צו איר, און זי נעמט אָן די איניאָנים און פרעטענזיעס פון דער פריִערדיקער אויסגאַבע. עס וועלן זיך דרוקן אין איר, אויסער די מיטאַרבעטער פונעם „פרײַנד", אויך באַוווּסטע שרײַבער — י.־ל. פּערעץ, באַל־מאַכשאָוועס, דר. מוקדויני.

דערווײַל זײַנען געגאַנגען די האַרבסטיקע יאָמטויווים. אין די ייִדישע גאַסן האָט זיך געטומלט, די יאָמטעוודיקע שטימונג האָט אַלעמען פאַרכאַפּט. ייִנגלעך האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט אילוסטרירטע וויצן־בלעטלעך, וועלכע דער אוילעם האָט צעכאַפּט ווי אַ פרײַלעכן צוגאָב צום יאָמטעוו־טיש.

דאָס גאַנצע הויז, ווו כ'האָב געוווינט, איז געווען פּוסט. דער באַלעבאָס איז אַוועקגעפאָרן צו שווער־און־שוויגער אַף יאָמטעוו. ווען ער זאָל דאָ זײַן, וואָלט די גאַנצע שטוב פול געווען מיט די קלאַנגען פון זײַן פידל. פאַר דעם יאָר, וואָס איך וווין אין וואַרשע, האָב איך נאָך אַזאַ מין באַלעבאָס ניט געהאַט. באַקאַנט האָב איך זיך מיט אים צופעליק. לייענענדיק אַן אַפישע לעבן דעם קאַמינסקי־טעאַטער, האָבן מיר זיך צערעדט און גיך היימיש געוואָרן. מיר זײַנען דערנאָך אַוועק מיט אים איבער די גאַסן, און ער האָט מיר פאָרגעלייגט אַרײַנגיין צו אים. אין דעם מיטלסטן צימער, וווּהין ער האָט מיך אַרײַנגעפירט, האָב איך דערזען אַ סאַך ביכער און זשורנאַלן. איך האָב זיי גענומען בלעטערן, און מײַן באַקאַנטער האָט דערווײַל גענומען אין דער האַנט אַ פידל. אַזוי שפּילן און אַזאַ מוזיק האָב איך געהערט דאָס ערשטע מאָל.

— שאָפּען, — האָט ער געזאָגט. — וואָס זשע, איר ווייסט גאָר ניט?

וועגן שאָפּענען האָב איך אין וואַרשע געהערט פיל מאָל, נאָר זײַן מוזיק — צום ערשטן מאָל.

— זײַנט איר, הייסט עס, אַ פידלער?

— איך שפּיל שוין לאַנג, נאָר קיין פידלער בין איך נאָך ניט דערווײַל.

ער האָט דערציילט, אַז פון קינדווײַז אָן האָט ער געהאַט אַ גרויסע נעטיִע צו שפּילן פידל. זײַנע עלטערן, ניט קיין רײַכע, נאָר גרויסע מעיוכאָסים האָבן ניט געוואָלט, אַז זייער בעניאָכיד זאָל זיך לערנען אַ פּראָפעסיע, נאָר דאָס שפּילן אַף אַ פידל איז געווען גאַנץ אָנשטענדיק. מע האָט ניט געזשאַלעוועט צו פאַרבעטן די בעסטע לערער. שפּעטער איז דער יונגערמאַן געוואָרן אַן איידעם אין אַ רײַכער באַלעבאַטישער שטוב, געזעסן אַף קעסט.

— צו מײַן שווערס געשעפטן האָב איך קיין כיישעק ניט געהאַט, און עפּשער ניט געטויגט אויך, — האָט ער מיר געזאָגט. — זיך קוים אַרויסגעריסן קיין וואַרשע. דערווײַל לעב איך אָפן שווערס כעזשבן, ביז איך וועל זיך דערשלאָגן צו אַ געשעפט. איצט איז מײַן ווײַבל באַ די עלטערן, שוין אין די הויכע כאַדאָשים.

ער האָט מיר פאָרגעלייגט אַריבערגיין צו אים וווינען: אים וועט זײַן היימלעכער. עס איז מיר געפעלן געוואָרן אָט דער מאָדנער סימפּאַטישער יונגערמאַן, איך וועל אין באַקוועמען צימערל קאָנען לייענען אָן אַ שיר און דערצו נאָך הערן קעסיידער שיינע מוזיק.

אינגיכן האָב איך זיך טאַקע אַהער איבערגעקליבן. מײַן נײַעם באַלעבאָס האָט מען גערופן יויעל פישמאַן. גאַנצענע טעג פלעגט ער שטיין אין זײַן ווינקל, קוקן אין די נאָטן און שפּילן.

עס האָבן אָנגעהויבן אַרײַנקומען צו מיר מײַנע כאַווײרים. זיי זײַנען מיר מעקאַנע געווען אַף דער דירע און באַזונדערס אָפן מוזיקאַלישן באַלעבאָס. ווען ער איז אַוועקגעפאָרן אַף יאָמטעוו צו שווער־און־שוויגער, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער דערווידערט ניט, אויב מיך וועלן באַזוכן פרײַנט, נאָר זאָל מען זיך פירן אַקוראַט, ניט מאַכן קיין איבערקערעניש אין שטוב.

אין איינעם אַן אָוונט זײַנען טאַקע געקומען צו מיר עטלעכע געסט. דערזען, אַז אין שטוב איז גאָר ניט יאָמטעוודיק און אַז איך בין אַליין, האָט מען באַלד גענומען גרייטן אַ באָכערישע וועטשערע, צונויפגערופן נאָך באַקענטע. עס איז געוואָרן פריילעך, לעבעדיק. נאָך דער סודע האָט מען דעקלאַמירט דאָוויד איינהאָרנס לידער. זוסמאַן סעגאַלאָוויטשעס באַלאַדע „רייזעלע דעם שויכעטס" האָט מען סײַ געזונגען, סײַ פאָרגעלייענט. דער טרויעריקער סאָף האָט געשניטן באַם האַרצן. באַזונדערס פלעגן ווישן די אויגן אונדזערע מיידלעך...

עס האָט זיך פאַרגעדענקט אויך אַ ליד פון א. וועוויאָרקע. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך זי אין ערגעץ ניט געלייענט:

עס איז געווען אַ מיידל
מיט אויגן פײַער־שוואַרץ,
און פאַרמאָגט האָט דאָס מיידל
פול מיט היץ אַ האַרץ.
אַ פולע האַנט מאַטאָנעס
האָט גאָט באַשענקט דאָס מיידל,
אויסער זאַכן צוויי פאַרפעלט:
ברויט אַ שטיקל און אַ קליידל.
און עס רופט אין גאַס דאָס מיידל:
„קויפט סכוירע, גאָר אַ פראַכט:
פון דער בעסטער פירמע —
פון גאָט אַליין געמאַכט".
און עס קויפן מענטשן,
מענטשן זײַנען גוטע,
נאָך צו קויפן סכוירע
טײַערער פון פרוטע.
צעברעקלט איז דאָס האַרץ,

ברעקלעך מענטשן קויפן.
„א פּאַסטעק!” — שעפּטשען פרומע,
שפּײַען אויס און אַנטלויפן.
געשטאָרבן איז דאָס מיידל
אין א שטאַל פאר פערד,
אומזיסט האָט זי באַקומען
פיר איילן ערד.
שאַ, שטיל, אָן קאַדעש
ווערט גאָטס סכוירע באַגראָבן.
זאָרגט ניט, מענטשן, זיפצט ניט,
אנדערע וועט איר האָבן.
און ווען דאָס לעצטע הײַפל ערד
האָט צוגעדעקט דאָס מיידל,
האָט די לופט געברומט דאַן
אַלץ איבער א קלײדל...

שטאַרק אויסגענומען האָבן רייזענס נאָוועלן. באָכערים פלעגן לאַכן, מיידלעך פלעגן פארשעמט אַראָפּלאָזן די אויגן און זיך רויטלען, ווען מע האָט געלייענט זײַנע „שטילע טריט”, „פארמאַשקנט זיך אליין”, „באַליידיקט א פרוי”. ביכלאַל איז רייזען געווען דער סאַמע באַליבטער שרײַבער. באַזונדערס אָפּט האָבן געקלונגען זײַנע „מאַ קעמאַשמעלאָן”, „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן”.

אין רעגנדיקע אָוונטן איז געווען באַקוועם און היימלעך אין אָט דער וווינונג אָן באַלעבאַטים. עמעס, עס האָט געפעלט דאָס פידל־שפּילן פונעם באַלעבאָס, נאָר עמעצער האָט געבראַכט א מאַנדאָלינע, האָט מען געזונגען ש. הורוויצעס „דאָס ליד וועגן די נייטערקעס”, זייער א פּאָפּולערע בא דער יוגנט:

אין א קליינעם שטיבעלע
בא א לאַנגן טיש
זיצן יונגע מיידעלעך
און דרייען מיט די פיס.
זיי דרייען די מאַשינדעלעך
פון דער פרי ביז נאַכט,
און עס ווערן העמדעלעך
טוצנווײַז געמאַכט.
העמדעלעך איר ווײַסינקע,
זאָגט, וואָס זײַנט איר נאַס?
מיידעלעך איר שײנינקע,
זאָגט, וואָס זײַנט איר בלאַס?
העמדעלעך און מיידעלעך
רעדן ניט א וואָרט,
אויסער די מאַשינדעלעך
הודזשען אימער פאָרט...

איינמאָל איז צו מיר אַרײַנגעקומען א כאַווער און מיך אַוועקגעפירט אין א פּאַשעטער יידישער אַרבעטער־שטוב. אין דעם גרויסן צימער און אויך אין די זײַטיקע צימערלעך איז געווען פול מיט יוגנט. אָף בענקלעך, אָפן בעט, וואָס איז געשטאַנען אין א זײַט, זײַנען געזעסן יינגלעך און מיידלעך, גערעדט, געזונגען, געלאַכט. איך האָב קיינעם פון זיי ניט געקענט, נאָר גלײַך זיך דערפילט היימיש. מע האָט מיך אַוועקגעזעצט בא א ווינקל־טיש.

צווי מיידלעך האָבן דערלאַנגט עסנוואַרג. נאָך דער סודע האָב איך זיך אויך אָנגעשלאָסן אין שמועס, וועלכער האָט אָנגערירט פארשיידענע סאָציאַלע פראַגן.

אין יענעם אָוונט האָב איך זיך באַפרײַנדעט מיט איינעם א באָכער — ייסראָעל ווישעגראַד. ער האָט מיר דערציילט, אז אהער אין שטוב קומען אַלע טאָג נײַע יונגעלײַט, קעדייַ צו פארברענגען די צײַט. אָפּט קומען אויך אַרײַן פארטייישע לײַט, וואָס אַגיטירן און רופן — יעדערער צו זיך אין פארטיי, נאָר באַלאָנים זײַנען געווען ווייניק: גיי ווייס, ווער עס איז גערעכט און וועמענס פּראָגראַם איז די ריכטיקע. צו אונדז איז צוגעגאַנגען נאָך איין באָכער — גאָלדבערג. מיר האָבן, אַלע דרײַ, אַרויסגעזאָגט א ווונטש: עפשער וואָלט געווען קעדייַ צו שאַפן א קרײַז, וואָס זאָל זיך פארנעמען מיט געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער אַנטוויקלונג, מיט זעלבסטבילדונג.

אין די נאָענטסטע טעג האָבן מיר שוין אָנגעשריבן א „פּראָגראַם”, אויסגעוויילט א קאָמיטעט פונעם „קרײַז פאר זעלבסטדערציִונג”, אײַנגעשטעלט מיטגליד־אָפּצאָל, עס זאָל זײַן אָף דינגען א זאַל. גאָלדבערגן האָט מען אויסגעוויילט אַלס פּאָרזיצער, מיך אַלס געהילףּאָרזיצער (דעם קאָוועד האָב איך פארדינט דערמיט, וואָס איך בין געווען דער, וואָס פארשטײַט מער פון אנדערע רוסיש). שוין אין דעם ערשטן אָוונט האָבן מיר אָנגענומען בא פופצן מיטגלידער.

אַלע פרײַטיק אין אָוונט פלעגן מיר זיך צונויפקלײַבן. צוערשט האָבן מיר זיך פארנומען מיט זעלבסטבילדונג, יעדערער האָט זיך געטיילט מיט די קענטענישן, וואָס ער האָט פארמאָגט. גאָלדבערג פלעגט אָנשרײַבן זײַנע אַרויסטרעטונגען. ער האָט גערעדט וועגן רעליגיע, וועגן איר ווירקונג אָף דער יוגנט. מיך האָט מען געבעטן, איך זאָל רעדן א ביסל רוסיש. גלאַט אזוי: „דו רעד, און מיר הערן. מיר ווייסן ניט, וויאזוי מע רעדט רוסיש”. האָב איך פאָרגעלייענט גאָרקיס א מײַסעלע און דעם „שטורעמפויגל”. איך האָב זיי צוגעזאָגט, אז צו מיר דאַרף קומען מײַנער א לאַנדסמאַן, ער דינט דאָ אין אַרמיי. אין דער היים איז ער געווען אַן „עקסטערנע”, וועט ער קענען מיט די כעוורע רוסיש.

אינגיכן האָבן מיר אָפּגעדונגען פאר אונדזערע פרײַטיקדיקע אָוונטן א זאַל אָפן זעקסטן שטאָק בא איינעם א שנײַדער. מע האָט געזונגען, געטאַנצט, גערעדט וועגן ליטעראַטור, דעריקער וועגן פערעצן, געלייענט זײַנע דערציילונגען.

מיר האָבן זיך געגרייט צו דער עפענונג פונעם ליטעראַטן־קלוב „הזמיר” („האזאָמיר”), וועגן וועלכן מע האָט שוין אזויפיל דערציילט. ס'האָט גערייצט דעם געדולד. נאָר ביז וואָסווען פלעגן מיר אין די פרײַטיק־אָוונטן זיך אַרופקלײַבן אָף דעם זעקסטן שטאָק, מיט הארצקלאַפּעניש — די פּאָליציי זאָל ניט דערשמעקן, כאָטש אויס קאָנספּיראַציע האָבן מיר

יעדע צוזאמענקומעניש געמאכט ווי א מין קאנסאמאָל אָדער ווי א שטילע כאסענע. א מאנ־דאָלינע, א גיטארע און א קלארנעט זײַנען געווען בא אונדז, האָט מען זיך געהאלטן ווי מעכוטאָנים, נאָר זיך געהיט ניט פארשלעפן אהער עפעס א טריף־פאָסל. אונדזער „געזעל־שאפט" האָט שוין געהאט בא צוואנציק מיט־גלידער און זי וואָלט געקענט האָבן צוויי מאָל אזויפיל, נאָר מע האָט זיך אָפגעהיט פון א גוט־אויג...

מײַן לאנדסמאן, דער עקסטערנער שײַע, איצט א סאָלדאט, האָט מיך, דאָ אין ווארשע אָפגעזוכט און איז געקומען צו מיר אף די שאבעסדיקע טעג, אף וועלכע מע פלעגט אָפ־לאָזן יידישע סאָלדאטן. ער איז געווען על־טער פון מיר. ווען איך האָב אים געבראכט צו אונדזערע כעוורע אין איינעם א פרײַטיק־צונאכטיקן אָוונט, האָט ער געמאכט אף זיי א גרויסן רוישעם. ער האָט גערעדט גאנץ שיין יידיש, נאָר די כעוורע האָבן פארלאנגט, מיר זאָלן צווישן זיך רעדן רוסיש. ער האָט גע־לאכט, געטײַנעט, אז מיט מיר האָט ער קיינ־מאָל קיין רוסיש ניט גערעדט, און ביכלאל האָט ער זיך פארבענקט נאָך א יידיש וואָרט. נאָר עס האָט ניט געהאָלפן. האָבן מיר גערעדט א ביסל רוסיש. די בײַוועזנדע האָבן שטיל, מיט נײַגער זיך אײַנגעהערט.

דער באלעבאָס פון דער דירע יויעל פיש־מאן האָט זיך אומגעקערט פון שווער־און־שווי־גער א פארזאָרגטער. זײַן ווײַבל איז געבליבן דאָרט מיטן נײַ־געבוירענעם קינד. מע האָט זי ניט אָפגעלאָזט קיין ווארשע. ער וועט מוזן פארלאָזן די דירע און זיך אומקערן צו שווער־און־שוויגער. דער שווער גיט אים שוין מער ניט קיין געלט אף צו זיצן אין ווארשע. מיר איז זייער א שאָד זיך שיידן מיט אים און מיט דעם באקוועמען צימער. ביז ער פאָרט אָפ, שפילט ער א גאנצן טאָג אפן פידל. איך לייג אים פאָר ארויסטרעטן דעם נאָענטסטן פרײַטיק פאַר די מיטגלידער פון אונדזער „געזעל־שאפט". ער איז מאסקים. איך האָב אים פאָר־געשטעלט אלס מײַנעם א באקאנטן. די כא־ווײרים, וועלכע האָבן אים געקענט, האָבן שמייכלענדיק געשוויגן. ווען ער האָט פארענ־דיקט שפילן, זײַנען אלע געווען אנציקט. פון די רוישיקע אפלאָדיסמענטן איז ער צעטומלט געוואָרן, געשאָקלט מיטן קאָפ.

— איצט, — האָט ער געזאָגט, — וועל איך אָפשפילן יידישע כאסענע־מאָטיוון.

געשפילט האָט ער באדכאָנישע שטיק, דער־נאָך א „שער", און דער אוילעם האָט געטאנצט.

ווען ער איז אוועקגעגאנגען, האָט דער פאָרזיצער געגעבן צו וויסן, אז עס וואַרטן דאָ שוין פון לאנג „צוויי פארטייִשע כאווײ־רים", זיי ווילן עפעס זאָגן. איינער האָט גלײַך אָנגעהויבן רעדן וועגן זײַן פארטיי, דערווײַזנ־דיק, אז זי איז די איינציקע פאָרשטייערן פור־נעם יידישן ארבעטער־קלאס. דער צווייטער האָט אים איבערגעשלאָגן. ס'האָט זיך צעפלאַ־קערט א דיסקוסיע. און דאָ האָט זיך ארײַנגע־מישט אונדזערס א מיידל, די שוין באקאנטע פעלטשיע, וועלכע איז ביז איצט געשטאנען אין א זײַט. זי האָט ביידנס כקירעס צונישט געמאכט: אָפּאָרטוניזם, נאציאָנאליזם, אָפגעזונ־דערטקײַט!

די דיסקוסיע האָט זיך נאָך מער צעפלאַ־קערט, נאָר דאָ האָט זיך ארײַנגעמישט דער באלעבאָס פון דער דירע:

— דאָס געפעלט מיר ניט. עס שמעקט מיט פאָליציי. איך וויל ניט אײַנשטעלן דעם קאָפ. געזונגען, געשפילט, געטאנצט — מעכטייסע, מער ניט. צעגייט זיך איינציקווײַז, און וואָס גיכער!

אין עטלעכע טעג ארום איז דער באלעבאָס אוועקגעפאָרן. איך האָב זיך איבערגעקליבן צו ווישעגראַדן. איצט זײַנען מיר אינעם צימער זאלבעדרײַ. מע שמועסט ביז שפעט אין דער נאכט. ווישעגראד לייענט דינע ביכעלעך אף רוסיש. קיין עלעגישע לידער שרײַבט ער שוין ניט...

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער ווינטער־סעזאָן אין „הזמיר". דער לאָקאל האָט זיך געפונען אף לעשנאָ־גאס, 40, אפן צווייטן שטאָק. באם „הזמיר" זײַנען געווען א ליטעראריש־דראמא־טישע סעקציע, א מוזיקאלע סעקציע און א כאָר פון 120 מענטשן. א טיכטיקן אָנטייל האָט דאָרט גענומען דער באוווסטער זינגער, זאמ־לער פון יידישע פאָלקסלידער און מוזיק מע־נאכעם קיפניס. ער האָט געהאט זייער א שיי־נע טענאָר־שטים, געווען א סאָליסט פון דער פוילישער אָפערע, דער איינציקער ייד דאָרט, אַן אויסגעצייכנטער ארטיסט.

אין דער פארוואלטונג פון „הזמיר" זײַנען ארײַן די שרײַבער און געזעלשאפטלעכע טוער: דר. גערשן לעווין, דר. עליאשעוו (באַל־מאכ־שאָוועס), דר. א. קאפעל (מוקדויני), ש. גאָ־רעליק און אנד. פאָרזיצער — י.־ל. פערעץ.

פון יאנוואר 1914 זײַנען אלע שאבעס פאָר־געקומען לעקציעס, פאָרלעזונגען פון ליטעראַ־רישע ווערק. פערעץ הירשביין האָט געלייענט „די פוסטע קרעטשמע", דר. ציפויר — „וואָס פעלט דער יידישער ליטעראטור", י.־ל. פע־רעץ — „די נאציאָנאלע פערזענלעכקײַט אין דער יידישער ליטעראטור".

אין פעוורואל איז געווען געמאָלדן, אז אלע זונטיק וועלן דורכגעפירט ווערן „קעסטל־אָוונטן". אונדזער קאָמיטעט האָט באשלאָסן שטעלן די פראגע: „וואָס פעלט דער יידישער ליטעראטור?". איך האָב געדארפט ארײַנוואַרפן א צעטעלע מיט אָט דער פראגע אין קעסטל און באצײַטנס באזאָרגן בילעטן אפן ענטפער־אָוונט פאַר דער גאנצער גרופע. דעם אויפטראג האָב איך אויסגעפילט.

אין מיטן פעוורואל איז פאָרגעקומען דער ערשטער „קעסטל"־אָוונט. איך האָב געזען, ווי מוקדויני נעמט ארויס א זשמעניע פאפירלעך, צעלייגט זיי, לייענט זיי דורך, שמייכלט. עט־לעכע צעטעלעך גיט ער איבער פערעצן, און פערעץ לייענט זיי פאָר אף א קאָל, ענטפערט

קורץ. ער לייענט א פראַגע: „ווען וועט שוין די דומע באַשטימען, אז מע דאַרף געבן יידן בירגער־רעכט?" פערעצעס ענטפער: „די פראַגע איז באַ אונדז ניט געשטאַנען, און מיר קאָנען זי ניט לייזן. פרעגט זיך אָן אין דער דומע". אַף דער פראַגע „וואָס איז אַזוינס מאָראַל?" באַמערקט ער: „ווער סע האָט פאַרגעבן די פראַגע, וויל עפּשער זי מאָטיווירן אָדער זיך אַרויסזאָגן?". מע שווײַגט. ער גייט צו צום באַלעמער, טראַכט א ווײַלע און הייבט אָן רעדן. אין זאַל ווערט שטיל. איך הער פערעצן דאָס ערשטע מאָל. ער רעדט קלאָר, פאַרשטענדלעך, מיט א בילדערישער שפּראַך. די קורצע פראַגע „וואָס איז מאָראַל?" האָט זיך בא אים צעוויקלט אין אן אימפּראָוויזירטער לעקציע. ער ציטירט די גריכישע מיטאָלאָגיע, דעם טאַלמוד, ווערק פון גאוינים, און אַזוי לײַכט, אַף אויסווייניק, אז עס איז פּאַשעט צו באַוואונדערן...

פערעץ האָט זיך אומגעקערט צום פּרעזידיום־טיש, עפּעס געזאָגט צו מוקדוני, געשמייכלט אין די געדיכטע שוואַרץ־גרויליכע וואָנצן. נאָך דער לעקציע איז ער אָפּגעגאַנגען אין א זײַט, און מע האָט אים אַרומגערינגלט. מיר, יונגע, זײַנען מעקאַנע געווען די נאָענט שטייענדיקע, אַלעמען האָט זיך געוואָלט כאַפּן פערעצעס א וואָרט, עפּעס פרעגן.

עס איז געמאָלדן געוואָרן, אַז אַפן קומענדיקן „קעסטל"־אָוונט וועט באַהאַנדלט ווערן די פראַגע: „וואָס פעלט דער יידישער ליטעראַטור?".

מיר זײַנען געקומען אַפן אָוונט נאָך גאַנץ פרי. אַפן טראָטואַר זײַנען שוין געשטאַנען א סאַך מענטשן, און דער אוילעם ווערט אַלץ גרעסער. אַזוי קומט מען אין טעאַטער אַף באַוווּסטע ספּעקטאַקלען. מיר גייען פון די ערשטע אַרײַן, און כאָטש איך בין שוין דאָ געווען, באַטראַכט איך דעם זאַל אָפּסנײַ. דער פּרעזידיום־טיש און דער באַלעמער שטייען אין דער סאַמע מיטן, בא דער פאַרגלאָזטער טיר, וואָס פירט אַפן באַלקאָן. פון ביידע זײַטן טיש שטייען שטולן. עס זיצן פערעץ, דינעזאָן און אַנדערע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג. אין ביידע עקן זאַל, א ביסל אין א זײַט, שטייען רייען שטולן. מיר זיצן ניט ווײַט פון פערעצן. דר. מוקדוני שטייט באַם טיש. זײַן פיגור און דער גאַנצער אויסזען מאַכן אַן אײַנדרוק, ווער עס זעט אים צום ערשטן מאָל, קאָן דאָס אויג ניט אָפּרײַסן פון אים. א גרויסער שיינער קאָפּ מיט געדיכטע שוואַרץ־גראָוולעכע האָר. אויך די וואָנצן שוואַרץ־גראָווע. מוקדוני וואַרט, עס זאָל ווערן שטיל, און נעמט לייענען די צעטעלעך, ענטפערט קורץ, ענדלעך, נעמט ער די פראַגע, וואָס מיר האָבן פאַרגעבן: „וואָס פעלט דער יידישער ליטעראַטור?". ער גיט זי איבער פערעצן. פערעץ לייענט איבער אַף א קאָל און פרעגט, ווי געוויינלעך:

— עפּשער וויל דער, וואָס האָט פאַרגעבן די פראַגע, עפּעס צוגעבן, אַרויסזאָגן זײַן מיינונג?

מיר האָבן נאָך פריער באַשלאָסן, אז ייִסראַעל ווישעגראַד זאָל אַרויסטרעטן מיט עטלעכע ווערטער. מיר שטורכען אים און שפּאַטשען, ער זאָל גיין, נאָר ייִסראַעל זיצט א געליימטער, א דערשראָקענער. פערעץ באַמערקט עס, כאָזערט נאָכאַמאָל איבער די פראַגע און טוט א שמייכל אין אונדזער זײַט. ווישעגראַד הייבט זיך אוף, גייט צו צום באַלעמער און זאָגט מיט א ציטערדיק קאָל:

— די יידישע ליטעראַטור איז נאָך אַלץ פאַרנומען מיט שילדערן דאָס אָפּגעלעבטע שטעטל. זייער ווייניק שרײַבט מען וועגן דער גרויסער שטאָט, וועגן דער אַרבעטער־יוגנט...

פערעץ טוט אים שמייכלענדיק א דריק די האַנט. ווישעגראַד קערט זיך אום ניט טויט ניט לעבעדיק אַף זײַן אָרט. און דעמלט רופט אוף מוקדוני פערעצן.

עס איז געוואָרן שטיל, מע האָט זיך גערייט הערן. א סאַך זײַנען געשטאַנען לעבן דער וואַנט, קיין פרײַע ערטער זײַנען ניט געווען. איך האָב באַמערקט, ווי דער יונגער העברעיש־יידישער שרײַבער יאַנקעוו שטיינבערג איז אופגעשטאַנען פון אָרט בא דער וואַנט אין אָנגעשטרענגטער דערוואַרטונג. צווישן די צוהערער זײַנען געווען, אויסער שרײַבער, סטודענטן, אַרבעטער־יוגנט, אויך פאַרשטייער פון פאַרשיידענע פאַרטייען. אין יענער צײַט האָט מען פיל געשריבן און גערעדט, אז פערעץ האָט זיך אָפּגעקערט פונעם אַרבעטער־קלאַס, זיך אָפּגעזאָגט פון זײַנע פרײַערדיקע אידייען. די שטימונג אין זאַל איז געווען אַן אָנגעשטרענגטע און גלײַכצײַטיק א יאָמטעוודיקע. פערעץ רעדט, און שוין פון די ערשטע פראַזן באַהערשט ער דעם אוילעם. זײַנע גרויסע אויגן נעמען דורך אַלעמען, זײַן שטים שטאַרקט זיך. איך הער אים דאָס צווייטע מאָל אין לעבן, און איך בין, ווי אַלע, פאַרקישעפט. פערעץ רעדט וועגן דעם צושטאַנד פון דער יידישער ליטעראַטור און וועגן די פאָדערונגען, וואָס עס שטעלט צו איר אַרויס דער נײַער פּרינציפּיעלער און אַנטוויקלטער לייענער.

מוקדוני, וועלכער איז די גאַנצע צײַט געזעסן, אָנגעווענדעט מיטן גאַנצן קערפּער אַף רעכטס צו פערעצן, איז אופגעשטאַנען, ווען יענער האָט פאַרענדיקט זײַן רעדע, און געוואַרט, ביז עס האָבן זיך אײַנגעשטילט די אַפּלאָדיסמענטן.

לעבן פערעצן איז געשטאַנען א גלאָז טיי, נאָר בעשאַס דער אַרויסטרעטונג האָט ער זיך ניט צוגערירט צו איר. איצט האָט ער גענומען די קאַלטע גלאָז, מיטאַמאָל אויסגעטרונקען, געזאָגט עפּעס צו דינעזאָנען און איז אַרויס פונעם זאַל. מע האָט אים נאָך אַלץ אַפּלאָדירט. דעם פאָרזיצער — מוקדונין גיט מען איבער צעטעלעך. הייסט עס, מע וועט נאָך אַרויסטרעטן. מיר טיילן זיך מיט דעם אײַנדרוק פון פערעצעס רעדע. אויך אַנדערע אין זאַל רעדן זיך איבער. א שטילער געוויש הערט זיך פון אַלע זײַטן. מוקדוני שטילט אײַן דעם אוילעם

און גיט א וואָרט יעכעזקל קאָטיקן. ניט לאַנג צוריק האָב איך איבערגעלייענט זײַנע צוויי בענדער „מײַנע זיכרוינעס". אינעם ערשטן באַנד איז אָפּגעדרוקט זײַן בילד: א ייִד מיט א גרויסאַרטיקער באָרד. און דאָ גייט אַרויס א נידעריק געזעצטער מענטש אָן א באָרד, מיט געדיכטע גראָוולעך־שוואַרצע וואָנצן. ער גייט דורך לעבן אונדז, קוקט אָף אונדז היימיש, גוטברודעריש, שמייכלט. מע וואונסירט אים מיט אַפּלאָדיסמענטן. ער רעדט פּראָסט, ווי ער זאָל זיך אַרויסזאָגן באַ א טיש זיצנדיק. ער דערווײַזט, אַז דער ייִדישער ליטעראַטור פעלט... זיכרוינעס. א ליטעראַטור אָן זיכרוינעס וועגן דער פאַרגאַנגענהײַט איז, זאָגט ער, ווי א בוים אָן וואָרצלען...

דער וואַרשעווער ציִיעניסטישער מאַנהיג ייִצכאָק גרינבוים האָט טײַנעס צו דער ייִדישער ליטעראַטור, לעמײַ זי שפּיגלט ניט אָפּ די אידייִ פון דער ציִיעניסטישער באַוועגונג. דערנאָך באַקומט א וואָרט עפּשטיין, דער לידער פונעם וואַרשעווער „בונד", וועלכער איז באַוווּסט פון דער בונדישער פּרעסע מיטן פּסעוודאָנים „בען יאַקיר". א נידעריקער הויקער, שוואַרצע גלאַנציקע האָר און פײַערדיקע גרויסע אויגן. עס איז געוואָרן שטיל. מיט פלאַמיקן טעמפּעראַמענט שיט ער זײַנע ווערטער, געווענדט צו פּערעצן: „פּאַרוואָס האָט ער פאַרגעסן זײַנע „יאָמטעוו־בלעטלעך", אַוועק פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, פּאַרוואָס באַזינגט ער דעם כאַסידיזם, דעם „ייִדישן גײַסט" אאַוו. אין דער מיט פון די רעדעס האָט זיך פּערעץ אומגעקערט אין זאַל, זיך געזעצט אָף זײַן אָרט, אַרויסגענומען זײַן קליין נאָטיץ־ביכעלע, גיך געשריבן. ווען ער איז אין זאַל ניט געווען, האָט פאַרנאָטירט די אַרויסטרעטונגען דינעזאָן. איצט גיט ער אים איבער די פאַרנאָטירונג.

פּערעץ טרעט אַרויס מיט א שלוס־וואָרט. ער זאָגט סאַרקאַסטיש:

— מע דאַרף אַרויסנעמען די שפּילקעס, וואָס מע האָט מיר אַרײַנגעשטאָכן...

ער זאָגט, אַז ליטעראַטור, קונסט ביכלאַל, איז קעסיידער אין וועג, ווערט פאַרטיפערט און באַרײַכערט. עס וועט נאָך פיל צוקומען, נאָר א סאַך וועט נאָך פעלן, און די ליטעראַטור וועט ניט באַפרידיקן אַלעמען — יעדע שיטע, יעדע ריכטונג. גאַנץ מעגלעך, אַז די יונגע שעפערישע קויכעס אין אונדזער פאָלק וועלן אונדז דערפרייען מיט נײַע פרישע מאָטיוון פונעם ייִדישן לעבן, און זיי וועלן אונדז באַרײַכערן מיט נײַע גרויסע טאַלאַנטן. דאָך וועלן אויך שפּעטער זיך געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן קומען מיט טײַנעס און פּרעטענזיעס...

ביידע זײַטן זאָל, איינע אַנטקעגן דער אַנדערער, אַפּלאָדירן. צו פּערעצן גייען צו שרײַבער, צווישן זיי די יונגע צוויי הירשקאָן און עפראַיִם קאַגאַנאָווסקי, רינגלען אַרום דעם „רעבן". עס גייט צו פּערעצעס פרוי. דער עולעם צעגייט זיך, און, אַרויסגייענדיק פון זאַל, קוקט מען נאָך אַלץ אין פּערעצעס זײַט.

פּערעץ גייט פּאַמעלעך. אייניקע געזעגענען זיך מיט אים. די פרוי האַלט אים אונטערן אָרעם. מיר, די יוגנט, גייען אים נאָך עטוואָס אָפּגעווײַטערט. אינמיטן זאַל באַווײַזט זיך א גרופּע מיידלעך, זעט אויס קורסיסטקעס, מיט קורץ געשוירענע האָר. זיי מאַכן א קרײַז אַרום פּערעצן, רעדן עפּעס, לאַכן. פּערעץ שמייכלט. ווען מיר גייען צו נעענטער, הער איך, אַז זיי רעדן צו פּערעצן אָף רוסיש. מיך וווּנדערט די דרייסטקײַט פון די מיידלעך. זיי פאַרגיבן אים פראַגן, פּערעץ ענטפערט, זיי לאַכן. איך הער, ווי איין מיידל פרעגט פּערעצן:

— וואָס איז אַזוינס ליבע? דאָס איז אַזא געפיל צי אָן אָנשטעקנדיקע קרענק, וואָס קאָן מיט דער צײַט אויסגעהיילט ווערן?

פּערעץ קלײַבט נאַכעס פון דעם כיינעוודיקן קאָקעטישן מיידל, נעמט זי באַ דער האַנט און זאָגט:

— שטעלט די פראַגע אָף אונדזער א „קעסטל"־אָוונט, וועלן מיר געבן אָן אויסשעפּנדיקן ענטפער...

— אָ! — רופט זיך אָן א צווייט מיידל. — דאָס וועט דאָך געדויערן א שטיק צײַט, און זי קאָן אַזוי לאַנג ניט וואַרטן!..

דאָס מיידל רויטלט זיך. מע געזעגנט זיך מיט פּערעצן.

— זעט, — זאָג איך צו מײַנע כאַווײרים, — נאָר מיידלעך קאָנען האָבן אַזא האָזע — אָפּשטעלן פּערעצן און רעדן מיט אים אַזעלכע פּוסטע רייד... מיר וואָלטן ניט געקאָנט!

מיר זײַנען זיי מעקאַנע.

פּערעץ גייט אַרויס, צוזאַמען מיט דינעזאָנען, מוקדוינין און מיט נאָך עמעצן פון די שרײַבער, צו דער לעשנאָ־גאַס. פיל פון די, וואָס שטייען אָפן טראָטואַר, הייבן אוף די קאַפּעליושן. פּערעץ הייבט אויך אוף זײַן קאַפּעליוש, שאָקלט צו מיטן קאָפּ. מיר שטייען ניט ווײַט. עס פאָרן צו דראָזשקעס. פּערעץ און זײַנע נאָענטע פרײַנט, זעצן זיך אַרײַן און פאָרן אַוועק. עס טראָגן זיך פאַרבײַ די לעצטע באַנאַכטיקע טראַמווײַען. מיט א מונטערער שטימונג שפּאַנען מיר איבער די שטילע וואַרשעווער גאַסן.

אין איינעם א זונטיק איז אין „הזמיר" די טעמע געווען — פּערעצעס „באַנאַכט אָפן אַלטן מאַרק". די בילעטן האָט מען צעכאַפּט. און וואָס פאַר אַן עולעם עס איז געקומען! ניט נאָר יוגנט, וואָס פלעגט אָפּט פאַרפולן דעם זאַל, נאָר אויך עלטערע און, זעט אויס, פיל פון פּערעצעס כסידים, געוויס שרײַבער, פאַרשיידנאַרטיקע אינטעליגענץ.

ווו צו זיצן איז ניט געווען, האָט מען זיך באַנוגנט מיט א פרײַ ווינקל ערגעץ באַ דער וואַנט. מע וואַרט און מע שמועסט זיך איבער. עס איז נאָך אַלץ ניט שטיל אין זאַל. מע שטופּט זיך. קיין ערטער זײַנען שוין פון לאַנג ניטאָ, און אין הויף איז פול מיט מענטשן. מוקדוינין עפנט די טיר, וועלכע גייט אַרויס אָפן באַלקאָן, טאַקע לעבן דעם פּרעזידיום־טיש, און

בעט פונעם באַלקאָן, מע זאָל זיך צעגיין. צו ביסלעך ווערט שטיל.

פערעץ האָט אָנגעהויבן. ער רעדט גאַנץ אַנדערש, איידער אַף זײַנע לעקציעס און בײַ די דעבאַטן. ער האַלט אין די הענט דאָס אָפּגעדרוקטע ווערק, טוט אַ בלעטער דאָס ביכל, און ווײַטער לייענט ער שוין אַף אויסווייניק. זײַן קאָל איז גאָר אַן אַנדערס. די אויגן קוקן ברייט אין פּולגעפּאַקטן זאַל אַרײַן. ער רעדט פאַר אַלע פּערסאָנאַזשן, פאַר די לעבעדיקע און פאַר די טויטע. מעכטיק קלינגען די אינטאָנאַציעס און אויסרופן: „היט אײַך פאַר פײַער! אין שול אַרײַן, אין שול אַרײַן!". עס נעמט דורך אַ ציטער, עס גרוילט. מע הערט אָנגעשטרענגט, און דער באַקאַנטער טעקסט באַקומט גאָר אַ נײַעם טיקן.

אַן איבערײַס. פערעץ טרינקט אַפּגיך אויס זײַן קאַלטע גלאָז טיי. מוקדוינַי דערלאַנגט אים צעטעלעך מיט פראַגן. ער זיצט אַ ווײַלע, לייענט. מע וואַרט, מע טיילט זיך שטיל מיט די אײַנדרוקן. פערעץ שטעלט זיך אויף, ענטפערט קורץ, שוין אין אַן אַנדער צושטאַנד, וועגן דער אידיי פונעם ווערק. דער זאַל אַפּלאָדירט. מע דאַנקט פערעצן פאַר דעם גרויסן עסטעטישן פאַרגעניגן, וואָס ער האָט אַלעמען פאַרשאַפט מיט זײַן לייענען.

אין די צוואַנציקער יאָרן האָט גראַנאָווסקי געשטעלט אין מאָסקווער יידישן קאַמער־טעאַטער „באַנאַכט אַפן אַלטן מאַרק" (מוזיק פון אַלעקסאַנדער קריין, דעקאָראַציעס פון ר. פאַלק). מיכאָעלס און זוסקין האָבן געשפּילט אַ צווילינג־ראָל. עס האָט זיך באַקומען אַ וווּנדערלעכע סימפאָניע פון הויכער קונסט. איך האָב דעם ספּעקטאַקל געקוקט ניט איין מאָל, און אַלעמאָל האָב איך זיך דערמאָנט דעם אָוונט אין וואַרשעווער „הזמיר", ווען איך האָב געזען פערעצן און געהערט זײַן קאָל. אומגעווייגלעך איז געווען דער אײַנדרוק, וואָס ער האָט געמאַכט אַף די צוהערער. בעשאַסן ספּעקטאַקל אין מאָסקווע האָב איך געפילט, ווי עס ציט זיך אַן אָנזיכטיקער פאָדעם צו פערעצן, דעם שעפער פון „באַנאַכט אַפן אַלטן מאַרק". עס איז מיר אָבער געווען אַ שאָד, וואָס גראַנאָווסקי האָט פון פערעצעס אַזוי אויך שפּאָרעוודיקן, געפרעסטן טעקסט איבערגעלאָזט ווייניק שורעס...

אָפט, באַזונדערס אַף יאָמטויווים, פלעגן אין די צײַטונגס־קיאָסקן זיך באַווײַזן דינע זשורנאַלן, איליוסטרירטע בלעטלעך אָדער גלאַט אויסגאַבעס פון גרופּעס אומבאַקאַנטע שרײַבער. קיין דערפאָלג האָבן אָט די אויסגאַבעס ניט געהאַט. אַף אַנדערע זשורנאַלן, צײַטשריפטן האָט מען אַרויסגעקוקט, באַזונדערס אַף דער צײַטשריפט „יודיש" אונטער פערעצעס רעדאַקציע. דאָ האָבן נײַע, יונגע טאַלאַנטן געדרוקט דערציילונגען, סקיצן, ראָמאַנען. מיט פאַרגעניגן האָט מען געלייענט דעם זשורנאַל „אייראָפּעישע ליטעראַטור" אונטער אַווראָם רייזענס רעדאַקציע. דאָ האָט מען זיך געקאָנט אָפט טרעפן מיט אַזעלכע שרײַבער, ווי מירבאָ, עדגאַר פאָ, דזשעק לאָנדאָן, איבסען, מעטערלינק, פראַנץ וועדעקינד, אַנאַטאָל פראַנס, יאַנוש קאָרטשאַק, פשיבישעווסקי.

אין זשורנאַל „ראָמאַן־צײַטונג" האָט אַ. ווערוויאָרקע געדרוקט אין פאָרזעצונגען זײַן „די פורימדיקע מאַשקע"; ש. הורוויטש (אַ. ליטווין) איז אַרויסגעטראָטן אין פאַרשיידענע זשאַנערן — אַלס פּאָעט, פּובליציסט, קריטיקער. מיר האָט זיך פאַרגעדענקט זײַן אַרויסזאָגונג וועגן שאָלעם־אַליכעמען: „עס וועלן אַוועקגיין צענדליקער, הונדערטער יאָרן. עס וועט ניט בלײַבן קיין זייכער פונעם יידישן לעבן אין דער „טשערטאַ". אַלץ וועט זיך אינגאַנצן ענדערן, און קיין סימען וועט ניט זײַן, ווי ס'האָבן אַמאָל יידן געלעבט אַלס אַ פאָלק מיט זייערע ליידן און פריידן. געלערנטע וועלן נעמען זוכן און פאָרשן, אויסגעפינען אַ שפּור פון יענער צײַט, און ווען זיי וועלן לייענען שאָלעם־אַליכעמען, וועט זיך פאַר זיי קלאָר און בוילעט אַנטפּלעקן די געשיכטע פונעם יידישן פאָלק..."

דער באַוווּסטער שרײַבער און זשורנאַליסט אַ. י. לייזעראָוויטש (איסידאָר לאַזאַר), וועלכער האָט טעגלעך געדרוקט אין „הײַנט", אין זײַן באַשטימטן ווינקל, אַרטיקלען און פעליעטאָנען אַף פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע טעמעס, האָט אויך אין דער „ראָמאַן־צײַטונג" איבערגעלאָזט ליטעראַרישע שפּורן. דער זייקאָרן האָט פאַרהיט זײַנע אַ ליד, וואָס מיר האָבן זי באַלד אויפגעכאַפּט און דעקלאַמירט:

פעסטער, פעסטער, מײַן געליבטע,
זע, די נאַכט, זי גייט אַוועק,
און מיט אַזעס קומט דער מאָרגן —
גיכער, גיכער מאַך אַן עק.
ווי אַ שפּיק, ער קוקט אין צימער,
ווײַזט אַף אונדז און לאַכט און לאַכט...
און פאַרשווּנדן וועט די טײַווע,
וואָס פאַרהיילט האָט די נאַכט.
זע, דער הימל ברענט אין פלאַמען,
שטערן לעשן זיך פון שרעק.
פעסטער, פעסטער, מײַן געליבטע —
אוי, די נאַכט, זי גייט אַוועק...

אַוועק זײַנען די ווינטערדיקע כאָדאָשים. די לעצטע באַנאַכטיקע פרעסטלעך האָבן זיך אָנגעטראָפן אַף לינדע פרילינגדיקע ווינטלעך און אָפּגעטראָטן זיי דעם וועג. און אָט אין יענע זוניקע טעג פון אָנהייב אַפּרעל האָבן זיך אין די צײַטונגען באַוויזן מיטיילונגען, אַז שאָלעם־אַליכעם קומט צו פאָרן קיין וואַרשע, אין דעם ערשטן טאָג כאָלעמויד פּייסעך.

מיר, יונגע, זײַנען וועגן דעם געווירע געוואָרן מיט אַ פאַרשפּעטיקונג. ווען מיר זײַנען געקומען אַפן וואָקזאַל, האָט די פּאָליציי אונדז נאָענט ניט צוגעלאָזט. פונדערווײַטנס זײַנען געשטאַנען הונדערטער מענטשן און אַ סאַך דראָזשקעס. מע האָט געזען, ווי פערעץ גייט זיך זעצן אין אַ פאַעטאָן מיט שאָלעם־אַליכעמען און נאָך מיט עמעצן.

אין אָוונט איז געווען א פריילעכער קאבאָלעס־פּאָנעם פאר שאָלעם־אלייכעמען אין „הזמיר". אהינצו ארײַנקומען איז געווען אוממעגלעך. אף אזא יאָמטעוו איז פאראן גענוג מעיוכאָסים־געסט. אין הויף פונעם „הזמיר" איז געווען עפשער מער מענטשן, ווי אין זאל. דאָס מאָל איז מוקדויני ניט ארויס אפן באלקאָן צו בארויִקן דעם אוילעם, הייסן אים זיך צעגיין. ער איז, זעט אויס, געווען שטארק פארנומען. מע איז געדולדיק געשטאנען אין הויף, געהערט דורך אן אָפענעם פענצטער פערעצעס באגריסונג און וויִאזוי שאָלעם־אלייכעם האָט אָנגעהויבן זײַן רעדע מיט די ווערטער: „קול הזמיר נשמע בארצינו". ווען שאָלעם־אלייכעם איז ארויס פון „הזמיר", האָט דער אוילעם אים באגריסט פון נאָענט און פון ווײַט. און בלויז נאָך דעם, ווי ער מיט זײַנע באגלייטער זײַנען זיך צעפאָרן, האָט מען גענומען זיך צעגיין.

דעם צווייטן טאָג כאלעמויד איז אינעם טעאטער „מיניאטור" פאָרגעקומען שאָלעם־אלייכעמס ערשטע פאָרלעזונג. וואָס דאָרט האָט זיך געטאָן, קאָן מען ניט איבערגעבן. ס'איז ניט מעגלעך געווען צו קריגן א בילעט. א. מוקדויני האָט אין יענע טעג געשריבן אין דער צײַטונג „דאָס לעבן": „אף שאָלעם־אלייכעמס פאָרלעזונגען קומען ייִדן באלעבאטים קויפן בילעטן צו צען שטיק און מער. פאר דער גאנצער מישפּאָכע — פאר די זין און איידעמס, פונקט ווי ער פארזאָרגט פאר זיי מאצעס און פייסעכדיקן ווײַן. מע זשאלעוועט ניט קויפן די טײַערסטע בילעטן. אף די אָוונטן פון „הזמיר" קומען יונגעלײַט, און די בילעטן, וואָס קאָסטן דאָרט צו 30 קאָפּעקעס, איז פאר זיי טײַער. אהין גייען אויסדערוויילטע, און אף שאָלעם־אלייכעמען גייען אלע שיכטן פונעם פאָלק".

באל־מאכשאָוועס האָט געשריבן: „אין די ווארשעווער ליטערארישע קרײַזן וויל מען מאכן א באנקעט צוליב דעם טײַערן גאסט. די אטמאָספער איז אָבער אזא, אז עס איז ניט נייטיק קיין באנקעט. דער קלוגער טאטע שאָלעם־אלייכעם פארשטייט עס און וועט קיין פאריבל ניט האָבן, אז עס וועט ניט זײַן".

אינעם לעצטן כאלעמויד־טאָג איז פאָרגעקומען שאָלעם־אלייכעמס צווייטע פאָרלעזונג, און ווידער זײַנען אלע בילעטן אויספארקויפט געוואָרן. הונדערטער מענטשן האָבן געווארט אין דרויסן.

אינעם לעצטן פייסעך־אָוונט האָב איך מיט כאווײרים שפּאצירט איבער די אלייען פונעם זאקסישן גאָרטן. דער פרילינג איז געשטאנען אין פולן גלאנץ, די ביימער — באדעקט מיט צוויט און מיט געדיכט צעוואקסענע בלעטער.

מיר זײַנען געגאנגען הין און צוריק איבער דער אזויגערופענער ליטערארישער אלייע. דאָ, זאָגט מען, שפּאצירן קעסיידער די ייִדישע שרײַבער. און פלוצעם האָט עמעצער אויסגעשריגן:

— כעוורע, שאָלעם־אלייכעם!

עס האָט ווי א בליץ געטאָן פאר די אויגן און א קיל געטאָן אין הארצן. אלע האָבן זיך א קער געטאָן און דערזען אין דער שכיינעסדיקער אלייע, צווישן די צווײַגן און בלעטער, צווייען: שאָלעם־אלייכעמען און ספּעקטאָרן.

אין דער מינוט זײַנען מיר ווי פארגליווערט געוואָרן. שאָלעם־אלייכעם איז שטיין געבליבן און מיט א שמייכלענדיק פּאָנעם געקוקט אין אונדזער זײַט. ספּעקטאָר אָבער האָט א נעם געטאָן שאָלעם־אלייכעמען אונטער דער האנט און אים אוועקגעפירט צום ארויסגאנג. מיר האָבן זיך אויך א לאָז געטאָן אהין, נאָר זיי זײַנען שוין ארויס פון טויער און פארשוווּנדן אין דער נאָענטער קאוויארניע. אונדזער אימפּעט און דער טומל, וואָס מיר האָבן געמאכט, לויפנדיק צום טויער, האָבן באלד באמערקט דער גאָראָדאָוואָי און דער זשאנדארם. זיי האָבן פארשטעלט דעם ארויסגאנג, אויך אליין ווי צעטומלט געוואָרן, געפײַפט און געשריגן: „סטאָי!". באם טויער האָט זיך שוין אָנגעזאמלט א היפּשער אוילעם. די יוגנט האָט געשריגן אף פויליש: „צע נאש שאָלעם־אלייכעם! פּיסארזש שאָלעם־אלייכעם!" אונדז האָט אָפּגעגליקט זיך דורכרײַסן, און מיר האָבן זיך גיך געלאָזט צו דער קאוויארניע. מיר קומען צו דער טיר — זי איז פארשלאָסן. מיר קלאפּן — מע ענטפערט ניט. מיר האָבן אזוי לאנג געקלאפּט, ביז די טיר האָט זיך געעפנט און עס האָט זיך באוויזן דער באלעבאָס:

— וואָס ווילט עטץ? גייטס ענק פון דאנעט. די קאוויארניע איז פארמאכט!

— מיר ווילן זען שאָלעם־אלייכעמען! — האָבן מיר אלע אין איין קאָל אויסגעשריִען.

— וואָס פאר א שאָלעם־אלייכעם?

— נאָרוואָס זײַנען צו אײַך ארײַן צוויי מענטשן: שאָלעם־אלייכעם און ספּעקטאָר, ייִדישע שרײַבער.

— יאָ, טאקע ארײַן צוויי. נאָר ארויסגעגאן דורך דער אנדערער טיר און אוועקגעפאָרן אף א דראָזשקע.

אין דער ערשטער העלפט מײַ איז געמאָלדן געוואָרן א ליטערארישער אָוונט פון די שרײַבער מענאכעם באָריישאָ, ה. נאָמבערג און ז. ווענדראָף. דער אָוונט האָט צוגעצויגן א גרויסן אוילעם.

דער ערשטער טרעט ארויס מענאכעם באָריישאָ, זייער א שיינער יונגערמאן, מיט א געדיכטן קאָפּ שווארצע האָר, פארכאָלעמטע שווארצע אויגן. אן עמעסער פּאָעטישער אויסזען. ער לייענט זײַן נײַע פּאָעמע „פּרילן", און כאָטש זי איז שוין געווען פארעפנטלעכט, הערט מען זי מיט אינטערעס.

נאָמבערג איז אָנגעטאָן אין א פּאָשעטן גרויען אָנצוג. ער האָט קורץ געשאָרענע ליכטיקע האָר, זעט אויס אינגאנצן וואָכעדיק, גאָרניט ווי א שרײַבער, נאָר ווי א פּריקאזטשיק. און לייענען לייענט ער זײַן דערציילונג „שווײַג, שוועסטער" עפּעס ווי א זײַטיקער, ניט ווי דער מעכאבער פון אזא הארצרײַסנדיקער געשיכטע.

ז. ווענדראָף לייענט זײַנע „מעשומאנדים" און „פּראוואָזשיטעלסטוואָ". אָט איז ער צוגעגאנגען צום טיש, א קוק געטאָן אין זאַל מיט א קלוג שמייכעלע, וואָס האָט גלײַך דערנענטערט צו אים אלעמען, ווי ער וואָלט פאַרבעטן: אָט הערט זיך אײַן, וואָס פאַר א טשיקאַווע מײַסע איך וועל אײַך דערציילן. ער האָט טאַקע געהאַט וואָס צו דערציילן און געקאָנט גלײַך פאַרינטערעסירן דעם צוהערער...

סטאַביל ייִדיש טעאַטער האָט שוין לאַנג ניט געשפּילט אין ווארשע. ס'פלעגן פאָרקומען צופעליקע גאַסטראָלן, ספּעקטאַקלען. מיטאַמאָל א נײַס: עס קומט צו פאָרן פון אמעריקע די באַרימטע דראַמאַטישע אַקטריסע מאַלווינע לאָבעל. די גאַסטראָלן האָבן זיך געדאַרפט אָנהייבן אין דער ערשטער העלפט יוני. אינגאַנצן וועט זי שפּילן זעכצן ספּעקטאַקלען. אויף דעם ערשטן — „מאַדאַם איקס" לויט דיומאַ — האָב איך באַצײַטנס געקויפט בילעטן. איך בין געזעסן מיט מײַנע כאַווייריםאויף א זײַטיקן באַלקאָן און געזען אין דער ערשטער ריי פונעם פּאַרטער, אויף לינקס פון דער סצענע, פּערעצן, דינעזאָנען, מוקדוינין און נאָך אייניקע שרײַבער. די טראַגישע ראָל אין דער פּיעסע „מאַדאַם איקס" האָט לאָבעל גלענצנד געשפּילט, דער זאַל האָט איבערגעלעבט. איך האָב געקוקט אויף פּערעצן, געזען, אז ער איז אויך באַגײַסטערט פון דער אַרטיסטקע. ווען דער פאָרהאַנג פאַלט און עפנט זיך ווידעראַמאָל, גייט פּערעץ צו צו דער ראַמפּע, אפּלאָדירט, לאָבעל קניט פאַר אים, ער קושט איר די האַנט, און זיווישט די טרערן פון גליק...

יול איז געווען דער לעצטער פרידלעכער כוידעש ערעוו דער ערשטער וועלט־מילכאָמע. מע האָט אויף גאָרנישט ניט געוואַרט, ניט פאַרשטאַנען, אז עס רוקט זיך אָן א שווערע כמאַרע. אין דעם, וואָס די צײַטונגען האָבן געשריבן, איז שווער געווען זיך פאַנאַנדערקלײַבן. ערשט שפּעטער איז געוואָרן קלאָר, אז אלע פּאַסירונגען פאַר אָט דעם כוידעש האָבן שוין געהאַט א שײַכעס צו דער מילכאָמע. די צײַטונגען האָבן געשריבן, אז אויף די גרעסטע זאַוואָדן אין פּעטערבורג קומען פאָר אַלגעמיינע שטרײַקן און דעמאָנסטראַציעס, זיי וואַרפן זיך אריבער אויך אין אנדערע שטעט. מע האָט גערעדט, אז אין ווארשע גרייט זיך עפּעס. די לאַגע איז געווען אָנגעשטרענגטע, איבער אייניקע גאַסן פלעגט מען זען ארומפאָרן קאַזאַקן. מע האָט זיי נאָכגעקוקט מיט סינע און אומרו.

איינמאָל, שאַבעס באַטאָג, בין איך געגאַנגען פון כלאָדנע־גאַס אויף זשעלאַזנע צו באַקאַנטע. אין אָט דעם ראַיאָן זײַנען געווען א סאַך פאַבריקן און זאַוואָדן. מיטאַמאָל האָבן זיך פון די דערבײַיִקע גאַסן און געסלעך, ווי פון אונטער דער ערד, א לאָז געטאָן ארבעטער, גיך און האַסטיק זיך צונויפגעגאָסן אין איין קאָלאָנע. פאַר עטלעכע מינוט איז אויסגעוואַקסן א מעכטיקע דעמאָנסטראַציע. פון פאָרנט און באַ די זײַטן האָט מען אויפגעהויבן רויטע פאָנען, געזונגען רעוואָליוציאָנערע לידער. די שטימונג איז געוואָרן א געהויבענע, און זי האָט פאַרכאַפּט די פאַרבײַגייענדיקע, וועלכע זײַנען צוגעשטאַנען צו דער דעמאָנסטראַציע. איך בין אויך מיטגעגאַנגען. מע האָט שוין געזאָלט פאַרקערעווען אויף א נײַער גאַס, ווי פּלוצעם האָבן זיך באַוויזן קאַזאַקן אויף פערד. די קאָלאָנע האָט זיך צעשאָטן אין אלע זײַטן. די קאַזאַקן האָבן מיט נאַהײַקעס זיך געוואָרפן אויף די מענטשן. איך בין ארײַן אינעם הויף, וווּ מײַנע באַקאַנטע האָבן געוווינט, און דערנאָך שוין פון דעם איבערשטן שטאָק געזען, אז די גאַס איז פּוסט, בלויז קאַזאַקן און גאָראָדאָוואָיעס טרײַבן די איינציקע פאַרבײַגייער פון די טראָטואַרן.

און אָט נאַ דיר — א מילכאָמע! דעם 1 אויגוסט האָבן די צײַטונגען אויף די ערשטע זײַטן געדרוקט דעם צארישן אוקאַז וועגן מאָביליזאַציע.

איך בין געבליבן אָן ארבעט. דאָס זעלבע אויך פיל מײַנע כאַווייריםאון באַקאַנטע. וואָס ווײַטער, האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל ארבעטסלאָזע און הונגערנדיקע. מיר, א גרופּע כאַוויירים, האָבן זיך צונויפגערעדט וועגן שאַפן א געזעלשאַפטלעכע גאָרקיך. מײַן באַלעבאָסטע, באַ וועלכער איך האָב אין יענעם זומער געוווינט, איז מאַסקים געווען, אז די גאָרקיך זאָל זײַן באַ איר. גאַנצפרי פלעגן עטלעכע יונגע פאָרלעך ארומגיין מיט קוישלעך איבער די קראָמען, בעקערײַען, אויפן מאַרק און אויפזאַמלען פּראָדוקטן, וואָס מע האָט זיי געגעבן פאַר די הונגערנדיקע. מיר האָבן אָנגעהויבן ארויסגעבן אומזיסטע מיטיקן, צוערשט פאַר 20 מענטשן, דערנאָך האָט זיך די צאָל פאַרגרעסערט. ס'איז געשאַפן געוואָרן א קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך ספּעציעל מיט דעם פאַרנומען. הונגעריקע זײַנען געוואָרן אלץ מערער, און מיר האָבן שוין ניט געקאָנט אלעמען באַזאָרגן.

איינמאָל, אין די ערשטע וואָכן פון דער מילכאָמע, בין איך ארומגעגאַנגען אויף מײַן גאַס נאַוואָליפּע און דערזען א דעמאָנסטראַציע פון עטלעכע צענדליק ארבעטער מיט א רויטער פאָן. זיי האָבן געטראָגן פּלאַקאַטן מיט אויפשריפטן: „נידער מיט דער מילכאָמע, נידער מיט דער סאַמאָדערזשאַוויִע!". אין דער ערשטער ריי איז געגאַנגען אונדזער באַקאַנטע פעלטשיע. א סאַך האָבן זי געקענט און זײַנען צוגעשטאַנען צו דער פּראָצעסיע. מע האָט געזונגען רעוואָליוציאָנערע לידער.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט, ווי פון ערגעץ־ווו זײַנען אָנגעלאָפן גאָראָדאָוואָיעס. זיי האָבן געפײַפט, געאַרבעט מיט די נאַהײַקעס און שווערדן, נאָר צו דער פאָן זיך ניט דערקליבן. פעלטשיען האָט עמעצער פאַרשטעלט, און דורך א הויף איז זי ארויס אויף אן אנדער זײַט. די גאַס איז גיך ליידיק געוואָרן...

אין עטלעכע טעג ארום האָב איך באַגעגנט

דעם באקאַנטן ליטעראַט, געזעלשאַפטלעכן טוער, מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון „הזמיר" דר' גערשן לעווין. ער איז שוין געווען אָנגעטאָן מיליטעריש, געטראָגן פּאָגאָנעס פון אַ שטאַבס־קאַפּיטאַן. סאָלדאַטן גיבן אים אָפּ „טשעסט". עס איז געווען זייער מאָדנע: אַ ייִד אַן אָפיצער! טאַקע זייער אַ ייִדישלעכער אָפיצער, מיט זײַן ספּעציפיש ייִדיש־דאָקטעריש בערדל און ברילן.

די צײַטונגען האָבן געדרוקט מיט גרויסע קעפּ מיטיילונגען וועגן ניצחונות פון דער רוסישער אַרמיי אין גאַליציע. פון דער היים האָט מען מיר געשריבן, אַז מײַן עלטערער ברודער איז שוין אויף דער מלחמה (אין אַ האַלב יאָר אַרום איז ער אומגעקומען). מײַן מאַמע בעט מיך לעמאַנעשעם זיך אומקערן פון וואַרשע. ווו נעמט מען אָבער אויף אַ בילעט?

מײַן פריִערדיקער באַלעבאָס האָט מיר פאַרלייגט גיין צו אים ווידער אויף אַרבעט, נאָר אויף אַ קלענערן געהאַלט. ער טוט מיר אַ טויווע, וויל מיר אַרויסהעלפן. פּאָרט קימאַט אַ לאַנדסמאַן. אַזוי צי אַזוי, מע האָט געמוזט מאַסקים זײַן. איך בין געווען פאַרנומען פון פרי ביז שפּעט און שוין ניט געקאָנט אָפּגעבן גענוג צײַט דער געזעלשאַפטלעכער גאָרקיך. מײַן כאַווער ייִסראָעל ווישעגראַד איז ווי פריִער, געווען זייער אַקטיוו, ער האָט מיר געזאָגט, אַז אויך אין אַנדערע ערטער האָבן זיך געשאַפן אומזיסטיקע סטאָלאָווקעס, נאָר סיוויי קומען צו אַלץ מער עסערס, שווערער ווערט צו קריגן פּראָדוקטן.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט אין אונדזער גאָרקיך די פּאָליציי צעטריבן אַלעמען אינמיטן מיטיק און עטלעכע מענטשן אַרעסטירט. מיר האָט די באַלעבאָסטע פון דער דירע געהייסן ניט גיין פון דער אַרבעט אַהיים, נאָר צו איר שוועסטער, אַהין האָט מען שוין אַריבערגעטראָגן מײַנע זאַכן.

עס איז אַוועק נאָך אַ וואָך. איך האָב ניט געוווּסט, וווּהין ס'איז אַהינגעקומען ייִסראָעל ווישעגראַד. האָט זיך אַזוי געטראָפן, אַז טאַקע אים, דעם איינציקן פון אַלע מײַנע וואַרשעווער כאַווירים, האָב איך באַגעגנט אין זעקס יאָר אַרום. אין 1920, ווען איך בין געווען אין דער רויטער אַרמיי אין יעקאַטערינאָסלאַוו, בין איך צופעליק אַרײַנגעגאַנגען אין אַ קלוב, ווו די באַוווּסטע רעוואָלוציאָנערע טוערן פאַניע ניורינאַ האָט געלייענט אַ לעקציע. איך זעץ זיך אַוועק צווישן אַלעמען. פון אַ זײַט קוקט אויף מיר איינער, דערנאָך גייט ער צו. מיר דערקענען זיך. דאָס איז ייִסראָעל ווישעגראַד. ווי קומט ער אַהער? לאָזט זיך אויס, אַז אין וואַרשע האָט מען אים דעמאָלט אַרעסטירט, און ער איז לאַנג געזעסן אין טורמע, דערנאָך פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. ער איז געוואָרן אַ באָלשעוויק, שוין אויסגעווען נאָך דער רעוואָלוציע אין אייניקע שטעט. איצט אַרבעט ער אין אַגיטפּראָפּ פונעם גובקאָם פון קאָמסאָמאָל, רעדט שוין גוט רוסיש, נאָר מיט אַ וואַרשעווער „ניגן".

עס זײַנען דורכגעגאַנגען נאָך יאָרן. איך בין געווען מיט דער טעאַטער־סטודיע „פרײַקונסט" אויף גאַסטראָלן אין קרעמענטשוק. ס'איז געגאַנגען לייוויקס „דער גולעם". ווי קעסיידער, פלעג איך פאַר דעם אָנהייב פון די ספּעקטאַקלען אַרויסטרעטן מיט אַ וואָרט, קעדיי פאַרשטענדלעכער מאַכן דעם אינהאַלט. און ווי גרויס איז געווען מײַן פרייד, ווען בייסן אַנטראַקט איז צו מיר אַרײַן מײַן אַמאָליקער כאַווער ווישעגראַד! אין קרעמענטשוק האָט ער געאַרבעט אויך אין אַגיטפּראָפּ, נאָר שוין פונעם פּאַרטיי־קאָמיטעט פון דער שטאָט און געדרוקט אַרטיקלען אין דער אָרטיקער צײַטונג. אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן איז ער אַוועק זיך לערנען אין מאָסקווער אינסטיטוט פון זשורנאַליסטיק, געאַרבעט אַלס זשורנאַליסט. זײַנע ווײַטערדיקע שפּורן זײַנען פאַרפאַלן געוואָרן.

...נאָר דערווײַל בין איך נאָך אין וואַרשע. בא מײַן באַלעבאָס זײַנען די געשעפטן אַוועק גאָר הויך, אָבער צאָלן צאָלט ער אונדז, אַרבעטער, אַ האַלבן געהאַלט. צונויפגענומען אויף אַ בילעט, בין איך אַוועקגעפאָרן. דער צוג איז געגאַנגען פאַרבײַ סטאַנציעס פון פּאָלעסיע און וואָלין, דורכלאָזנדיק פאָרויס עשעלאָנען צום פראָנט.

אויפן צווייטן טאָג, גאַנצפרי, בין איך שוין אין קיִעוו. איך גיי דורכן קרעשטשאַטיק צו פּאָדאָל, צום דיליזשאַנס, וואָס וועט מיך נאָך הײַנט ברענגען אַהיים. פונקט צוויי יאָר בין איך אָפּגעווען אין וואַרשע.



כאַיִם טאַמאַרקין, דער אווטאָר פון די זיכרוינעס „וואַרשעווער יאָרן" (פאַרעפנטלעכט אין די נומערן 6, 7, 9 פאַרן 1976), איז געבוירן אין 1894 אין שטעטל קאָראָסטישעוו, זשיטאָמירער געגנט. אין מעשעך פון פיל יאָרן איז ער געווען טעטיק אַלס טעאַטער־טוער אין דער קיִעווער סטודיע „קולטור־ליגע", אין טעאַטער „אָנהייב" און אין די מאָסקווער טעאַטראַלע סטודיעס אויף שאָלעם־אַלייכעמס נאָמען און „פרײַ־קונסט".

אין די ווײַטערדיקע יאָרן פאַרנעמט זיך כ. טאַמאַרקין מיט קולטור־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. וווינט אין מאָסקווע.

געאָרגי וולאַדימיראָוו

# די צווישנפעלקערלעכע ציעניסטישע אָרגאַניזאַציעס און זייער טעטיקייט

דער ציעניזם האָט געשאַפן א פאַרצווייַגטע סיסטעם אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זייַנען טעטיק אין צענדליקער לענדער פון דער וועלט. צווישן זיי זייַנען פאַראַן סיי אָפן־ציעניסטישע, סיי אַזעלכע, וואָס טרעטן אַרויס אונטערן פסעוודאָנים פון פילאַנטראָפּישע, קולטורעלע, אויפקלערערישע, רעליגיעזע, פּראָפעסיאָנעלע קערפּערשאַפטן. ניט געקוקט אַף דער גרויסער צאָל שילדן, שטעלן זיי אָבער אַלע פאָר אַן אָרגאַניזירטע סיסטעם, וועלכע איז אונטערגעאָרדנט אַן איינהייטלעכן אָנפירנדיקן פּרינציפּ.

די קאָמפּליצירטקייט און פאַרפּלאָנטערטקייט פון דער אָרגאַניזאַציאָנעלער סטרוקטור פונעם ציעניזם איז צו דערקלערן, קודעם־כאָל, מיטן פאַרלאַנג אויסצובאַהאַלטן די עמעסע קויכעס־פאַרהעלטענישן, פאַרמאַסקירן די אָרגאַנישע פאַרבינדונג מיט די צווישנפעלקערלעכע אימפּעריאַליסטישע קרייַזן. אַזאַ אָרגאַניזאַציאָנעלע סטרוקטור זיכערט, ערשטנס, די מעגלעכקייט אויסצופילן די צילן, וועלכע דער ציעניזם האָט פּראָקלאַמירט אָפיציעל; צווייטנס, גיט זי די מעגלעכקייט אויסצופילן דעליקאַטע פונקציעס, וועלכע זייַנען פאַרבונדן מיט אידעאָלאָגישע דיווערסיעס, מיט אַרויסרופן שפּאַלטונגען אין די רייען פונעם אַרבעטער־קלאַס און פון דער נאַציאָנאַל־באַפרייַערישער באַוועגונג, מיט מאַכן א דרוק אַף רעגירונגען, פּאָליטישע פּאַרטייען און אַף באַזונדערע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע טוער אין איינציקע לענדער.

די סיסטעם פון די ציעניסטישע פּאַרטייען איז געבויט אַזוי, אַז יידן זאָלן זייַן אָפּגעזונדערט פון דער אַרומיקער סוויווע ניט בלויז לויטן נאַציאָנאַלן סימען, נאָר אויך לויט זייער אָנגעהעריקייט צו פּראָפעסיעס, לויטן געשלעכט, לויט די עלטער־גרופּעס, פּאָליטישע שאַטירונגען. אַזאַ סיסטעם העלפט די ציעניסטן אַרייַנצושמוגלען זיך אין די פּראָפאַרייַנען, אין די יוגנט־ און פרויען־פאַרבאַנדן און אין די אַנדערע פאַרייניקונגען אין באַזונדערע לענדער, אויך אינעם צווישנפעלקערלעכן מאַסשטאַב. דאָס וויכטיקסטע אָרט אין דער טעטיקייט פון די ציעניסטישע אָרגאַניזאַציעס ווערט אויסגעטיילט דער אַרבעט פון זייער אָפענער און געהיימער אַגענטור אין די פּאָליטישע פּאַרטייען, מעלוכע־אָרגאַנען, אינפאָרמאַציע־מיטלען, — דאָס גיט זיי די מעגלעכקייט צו ווירקן דירעקט אָדער אומדירעקט אַף דער עפנטלעכער מיינונג, האָבן א דייע באַם אָננעמען פּאָליטישע באַשלוסן וועגן באַזונדערע פראַגן.

די פאַרשיידנאַרטיקייט פון די ציעניסטישע אָרגאַניזאַציעס איז אין א געוויסער מאָס אויך א רעזולטאַט פון אינערלעכע ווידערשפּרוכן, וועלכע זייַנען כאַראַקטעריסטיש פאַרן ציעניזם. אין די ראַמען פון די אַלגעמיינע בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישע און שאָוויניסטישע קאָנצעפּציעס פונעם ציעניזם זייַנען פאַראַן און קומען אין א צוזאַמענשטויס צווישן זיך פאַרשיידענערליי „רעכטע" און „לינקע" שאַטירונגען. פון אָט די שאַטירונגען זייַנען געבוירן געוואָרן גרופּעס און פּאַרטייען, וועלכע פּרעטענדירן אַפן רעכט צו רעפּרעזענטירן דעם „עמעסן" ציעניזם, פאַרשטייט זיך, אין אַזאַ פאָרם, אין וועלכן ער זעט אויס צו זייַן אַמערסטן פּאַסיק פאַר די אַנטשפּרעכיקע שיכטן פון דער יידישער בורזשואַזיע.

דער ציעניזם און זייַנע לידערס באַהויפּטן, אַז „ייד" און „ציעניסט" שטעלן מיט זיך פאָר איין באַגריף. דאָס דאַרף, צווישן אַנדערס, אונטערשטיצן דעם טעזיס, אַז דער ציעניזם איז

א פולשטענדיק ספּעציפישע אלץ ארומכאפנדיקע „נאציִאָנאלע" אידעאָלאָגיע, וואָס שפּיגלט קלוימערשט אָפּ די אינטערעסן פון אלע ייִדן, ווו זיי זאָלן ניט וווינען און צו וועלכע שיכטן פון דער געזעלשאפט זיי זאָלן ניט געהערן.

אפן סמאך פון אָט דער פאלשער קאָנצעפּציע פארנעמען זיך די ציִעניסטן מיט איבערטאשן אָף אָן אומפארשעמטן אויפן די קאָרטן: זיי טומלען, אז די ארויסטרעטונגען קעגן ציִעניזם זײַנען פײַנטלעכע אקטן קעגן די ייִדן ביכלאל. אזויארום שטעלן זיי א גלײַכצייכן צווישן אנטיציִעניזם און אנטיסעמיטיזם. דאָס פארורטיילן דעם ציִעניזם, דער קאמף קעגן אים, ווי קעגן א שאָוויניסטישער טעאָריע און פּראקטיק, האָט אָבער קיין שום געמיינזאמס ניט מיט אנטיסעמיטיזם. פארקערט, א דערשײַנונג פון איין כאראקטער זײַנען דער ציִעניזם און דער אנטיסעמיטיזם, זיי ביידע זײַנען נאָענטע קרויווים לויטן ראסיסטישן מעהוס, זיי ביידע האָבן איין אנטיהומאנישן ציל — ארויסרופן סינע צווישן פארשיידענע נאציִאָנאליטעטן.

די ציִעניסטן באמיִען זיך ארײַנציִען דעם דורכשניטלעכן ייִדן, וואָס נעמט ניט אָן די ציִעניסטישע אידעאָלאָגיע, אין קלוימערשט „ניט־ציִעניסטישע" אָרגאניזאציעס, וועלכע געפינען זיך אָבער פאקטיש אונטער זייער קאָנטראָל. די קאליידאָסקאָפּישע „פארשיידנארטיקײַט" פון די „הומאניטארע", „פילאנטראָפּישע" און רעליגיִעזע אָרגאניזאציעס, וועלכע זײַנען אויסערלעך, אפן ערשטן קוק, ווײַט פון פּאָליטיק, שאפן בא יענע, וואָס זײַנען ניט מאסקים מיטן ציִעניזם, נאָר געפינען זיך אונטער זײַן פּראָפּאגאנדיסטישער ווירקונג, די אילוזיע, אז ארײַנטרעטנדיק אין א קלוימערשט „ניט־ציִעניסטישער" אָרגאניזאציע נעמען זיי דערמיט אָן אָנטייל אין א גוטן איניען, כאָטש אין דער ווירקלעכקײַט דינען זיי די ציִעניסטישע צילן.

אין דער זעלבער צײַט קאָן מען אָפּט זען, ווי ייִדן, וועלכע זאָגן זיך אָפּ צו מיטארבעטן מיט די ציִעניסטן, האָבן אויסצושטיין א גראָבן דרוק, שאנטאזש, דראָונגען.

פון דער גרויסער צאָל אָרגאניזאציעס מיט זייערע אָפּטיילן, פיליִאלן, קאָמיטעטן, פאריינען געווינען די ציִעניסטן אויך דערפאר, ווײַל אין אָט דעם פלאנירטן פלאָנטער רעגיסטרירן זיך צומאָל אלס מיטגלידער איינע און די זעלבע מענטשן, וועלכע ווערן אזויארום אײַנצײַטיק מיטגלידער פון עטלעכע ציִעניסטישע אָרגאניזאציעס. דאָס ברענגט דערצו, אז די צאָל „סטאטיסטישע ציִעניסטן" שטײַגט היפּש איבער די צאָל ווירקלעכע, און דערפון ווערט די גאנצע סיסטעם סאָלידער. אכוץ דעם, גיט די שעפע אָרגאניזאציעס א גרויסע צאָל אָנפירנדיקע פּאָסטנס און ערן־פּאָסטנס, אף וועלכע עס ווערן באשטימט די אפּאראטשיקעס. זיי נעמען גערן אָן די פּאָסטנס ניט בלויז צוליב פּרעסטיזש, נאָר אויך צוליב די גוטע האכנאָסעס.

אינעם אָרגאניזאציִאָנעלן לאבירינט פונעם צווישנפעלקערלעכן ציִעניזם פארנעמט א באזונדער אָרט דער אָנפירנדיקער הויפּט־קערן, דער אידעאָלאָגישער צענטער און קאָאָרדינאציע־אָרגאן: די סיסטעם „ציִעניסטישע וועלט־אָרגאניזאציע — ייִדישע אגענץ". אין די שטאבקוואַרטירן, אין ירושאָלאַיִם און אין ניו־יאָרק, פאראייניקן זיך די פעדעם, וועלכע ציִען זיך „אראָפּצו" — צו די צווישנפעלקערלעכע און טעריטאָריעלע אָרגאניזאציעס, וואָס גייען ארײַן אין דער ברייטער אײַנפלוס־ספער פון דער סיסטעם „ציִעניסטישע וועלט־אָרגאניזאציע — ייִדישע אגענץ"; פון דאָרט גייען די פעדעם „ארויף" — אין די ביוראָען פון די אינדוסטריע־ און פינאנץ־מאגנאטן, וועלכע דיריזשירן קונציק און פעסט מיטן ציִעניסטישן אנסאמבל. ענדלעך, ציִען זיך דירעקטע פעדעם פון דער סיסטעם „ציִעניסטישע וועלט־אָרגאניזאציע — ייִדישע אגענץ" צו די רעגירנדיקע קרײַזן פון ייִסראָעל.

די אָרגאניזאציִאָנעלע פּרינציפּן, וועלכע עס האָבן פאנאנדערגעארבעט די „אָוועס" פונעם ציִעניזם, זײַנען פארבליבן ניט געענדערט ביז הײַנט. די דאָזיקע פּרינציפּן זײַנען: צענטראליזאציע, שטרעבונג ארומצוכאפּן דירעקט אָדער אומדירעקט א מאקסימאלע צאָל ייִדן, אונטערוואַרפן זיי אונטער דעם אידעאָלאָגישן אײַנפלוס פון די צווישנפעלקערלעכע ציִעניסטישע צענטערס, דאָס הייסט פארוואנדלען זיי אין אן אינסטרומענט צו פארווירקלעכן די אינטערעסן פון דער ייִדישער גרויסבורזשואזיע.

די פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע טעטיקײַט פון דער ציִעניסטישער וועלט־אָרגאניזאציע ווערט דערגאנצט מיט דער פינאנציִעל־עקאָנאָמישער, וועלכע די ציִעניסטישע לידערס באטראכטן אלס א ביז גאָר וועזנטלעכער. איינער פון די ערשטע טריט פון דער ציִעניסטישער וועלט־אָרגאניזאציע איז געווען — גרינדן פינאנציִעל־עקאָנאָמישע אָרגאנען און קאָמערציִעלע אינסטיטוציעס, וואָס מיט זייער הילף זאָל פארווירקלעכט ווערן די קאָלאָניזאציע פון פּאלעסטינע — דאָס פארכאפּן און אויפקויפן אראבישע ערד־גיטער. אין 1899 איז געשאפן געוואָרן דער ייִדישער קאָלאָניִאלער טרעסט. הערצל האָט אין אָט דעם טרעסט געזען די „וויכטיקסטע פאָרהאנאָכע פאר קאָלערליי קינפטיקע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אקציעס פון דער ציִעניסטישער אָרגאניזאציע". אין 1901 איז אויסגעבילדעט געוואָרן דער ייִדישער נאציִאָנאלער פאָנד („קערען קאיעמעט"), וואָס האָט היפּש אויפגעטאָן אין פּראט פון אָפּנעמען די ערד בא די אראבער אין פּאלעסטינע און באזעצן אף איר ייִדישע אימיגראנטן.

דער העכסטער אָרגאן פונעם ציִעניזם איז דער קאָנגרעס פון אלע זייערע אינסטאנצן אין די ייִדישע ייִשוּווים, וועלכער באהאנדלט די וויכטיקסטע פראגן פון דער ציִעניסטישער באוועגונג, באשטימט די פּאָליטיק פון דער וועלט־אָרגאניזאציע און וויילט אויס אירע אָנפירנדיקע אָרגאנען. 38 פּראָצענט פון די דעלעגאטן

אפן קאָנגרעס שיקט ייִסראָעל, 29 פראָצענט — די ציִעניסטן פון אמעריקע, 33 פראָצענט — די ציִעניסטן פון די איבעריקע לענדער. די רעדלפירער, וועלכע וווינען אין די פאַרייניקטע שטאַטן און אין ייִסראָעל, פאַרמאָגן, אַזוי־אַרום, צוויי דריטל שטימען פון די דעלעגאַטן און האַלטן דעם קאָנטראָל איבערן העכסטן אָרגאַן פון דער ציִעניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און איבער דער רעאַליזאַציע פון איר פּאָליטיק.

דער קאָנגרעס ווײַלט אויס דעם ציִעניסטישן גענעראַל־ראַט און דעם אויספירקאָם.

דער אויספירקאָם פון דער ציִעניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע — דאָס איז איר אַדמיניסטראַטיווער צענטער, דער אַרבעטס־אָרגאַן, וואָס פירט סיסטעמאַטיש אָן מיט אַלע זײַטן פון איר פּראַקטישער טעטיקייט, אַרײַנגערעכנט די נעץ צווישנפעלקערלעכע ציִעניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

דעם טעטיקייט־דיִאַפּאַזאָן פונעם אויספירקאָם און זײַנע הויפּט־ריכטונגען קאָן מען זען לויט דער סטרוקטור פון זײַן אַפּאַראַט. דער אויספירקאָם פאַרמאָגט ספּעציִאַליזירטע אָפּטיילן, וואָס זייערע אויפגאַבן זײַנען: זאַמלען געלטמיטלען, קאָאָרדינירן די טעטיקייט פון די פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, פאַרנעמען זיך מיט אויסשפּירונג, אָנפירן מיט די יוגנט־ און פרויען־קערפּערשאַפטן, מיט דער „ייִדישער" (לייען — ציִעניסטישער) דערציִונג, מיט דער אַליִע, מיט פּראָפּאַגאַנדע און אָרגאַניזאַציִאָנעלע פראַגן, האַלטן אַ פאַרבינדונג מיט ניט־ייִדישע אָרגאַניזאַציעס, מיט צווישנפעלקערלעכע אָרגאַנען, באַשעפטיקן זיך מיט פראַגן פון רעליגיע און קולטור, מיטן קאָנטראָל איבער דער טעטיקייט פון די אונטערנעמונגען, געשעפטן און געזעלשאַפטן, וואָס געהערן צו דער סיסטעם „ציִעניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע — ייִדישע אַגענץ".

אָנהייבנדיק פון 1921 און ביזן סאָף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דער אויספירקאָם געהאַט צוויי אָפּטיילן — אין ירושלים און אין לאָנדאָן. דאָס איז געווען אַ פּעריִאָד, ווען דער ציִעניזם האָט געשטעלט די הויפּטקאָרט דעריקער אַף ענגלאַנד, און ענגלאַנד האָט ברייט אויסגענוצט דעם ציִעניזם אין די אינטערעסן פון דער בריטישער קאָלאָניִאַלער פּאָליטיק אַפן נאָענטן מיזרח.

אינעם נאָכמלחמה־פּעריִאָד, ווען די קעגנזײַטיקע אינטערעסן האָבן פעסט באַהעפט דעם ציִעניזם און דעם אַמעריקאַנער אימפּעריִאַליזם, האָט דאָס אָרט פון דעם לאָנדאָנער אָפּטייל פאַרנומען די אַמעריקאַנער סעקציע פונעם אויספירקאָם מיט איר שטאַב־קוואַרטיר אין ניו־יאָרק.

דער קאָנגרעס ווײַלט אויס דעם פּרעזידענט פון דער ציִעניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

קעדיי אַרײַנדרינגען אין די טיפענישן פון דער נאַציִאָנאַלער סוויווע, זײַנען אײַנגעשטעלט געוואָרן גאַנץ באַשיידענע באַדינגונגען צום אַרײַנטרעטן אין דער ציִעניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע (די שפּעטערדיקע ענדערונגען זײַנען אומבאַדײַטנדיקע). אַ מיטגליד פון דער ציִעניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע האָט געקאָנט ווערן יעדער ייִד, ניט ייִנגער פון 18 יאָר, אויב ער איז מסכים מיט דער פּראָגראַם פון דער אָרגאַניזאַציע, צאָלט אָפּ דעם שעקעל — דעם יערלעכן מיטגליד־אָפּצאָל. שוין פונעם ערשטן טאָג האָט די ציִעניסטישע אָנפירונג, וואָס איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון דער ייִדישער בורזשואַזיע, מאַנאָפּאָליזירט די רעפּרעזענטאַטיווע און אויספירערישע פונקציעס אין דער אָרגאַניזאַציע און פאַרוואַנדלט אין אַ פיקציע די קלומערשטע „דעמאָקראַטישע" סיסטעם פון פאָרמירן די אָנפירנדיקע אָרגאַנען.

די טיילונג פון די ציִעניסטן אַף אַן אַקטיווער מינדערהייט און פּאַסיווער מערהייט רעדט וועגן נאָך אַ טיפערער דערשײַנונג — וועגן דעם תהום, וואָס ליגט צווישן די אינטערעסן פון דער אָנפירונג, די פונקציִאָנערן און באַאַמטע און פון דער איבערוועגנדיקער מערהייט ייִדן אין אַלע לענדער, וועמען מע בינדט אָן דעם ציִעניזם אַלס אַ מיטל, וואָס קאָן, קלומערשט, לייזן זייערע סאָציִאַלע נויטן.

ניט געקוקט אַף דער העפטיקער פּראָפּאַגאַנדיסטישער טעטיקייט און אַף דער קאַמפּאַניע צו ווערבירן נײַע מיטגלידער אין די ציִעניסטישע אָרגאַניזאַציעס, פאַרבלײַבט דער ציִעניזם פרעמד דער גרונט־מאַסע פון די אַרבעטנדיקע ייִדן. אין 1970 — 1971, ווען עס איז געפירט געוואָרן אַ ברייטע, טומלדיקע קאַמפּאַניע צו פאַרווערבירן נײַע מיטגלידער אין די ציִעניסטישע אָרגאַניזאַציעס, זײַנען אין זיי אַרײַנגעטראָטן פון 1 ביז 5 פּראָצענט מיטגלידער פון די ייִדישע קהילות. פון דעם האַלבן מיליאָן יונגע ייִדן אין די פאַרייניקטע שטאַטן האָט די ציִעניסטן זיך אײַנגעגעבן צו פאַרווערבירן דעמלט בלויז 5 טויזנט מענטשן. „די דאָזיקע פאַקטן, — האָט געשריבן די אורוגווײַער צײַטונג „פּרעסענסיע", — ניט בלויז, וואָס זיי באַשטעטיקן די אומזיניקייט פונעם ציִעניסטישן טעזיס, אַז יעדער ייִד איז אַ ציִעניסט, נאָר זיי באַווײַזן אַפילו דעם אַלץ שטאַרקערן אידעאָלאָגישן אונטערשייד צווישן דער ציִעניסטישער פּאָליטיק און די אינטערעסן פון די ייִדישע קהילות".

אין 1960 איז אָנשטאָט אינדיווידועלער מיטגלידערשאַפט אין דער ציִעניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע אײַנגעפירט געוואָרן קאָלעקטיווע. די ציִעניסטישע אָנפירונג האָט זיך נאָך מער אָפּגעזונדערט פון די מאַסן.

די גרונט־פאָרם פון קאָלעקטיווער מיטגלידערשאַפט אין דער ציִעניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע זײַנען טעריטאָריעלע אָרגאַניזאַציעס פון דרײַ טיפּן: ציִעניסטישע פעדעראַציעס (ווען עס פאַרייניקן זיך די ציִעניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין וועלכן־ניט־איז לאַנד — אַשטייגער, די ציִעניסטישע פעדעראַציע פון בעלגיע); ציִעניסטישע פאַרבאַנדן, ווו עס איז גילטיק אינדיווידועלע מיטגלידערשאַפט (אַשטייגער, דער האָלענדישער ציִעניסטישער פאַרבאַנד); געמישטע ציִעניסטישע פעדעראַציעס,

אין וועלכע עס קאָנען אַרײַן אַלס מיטגלידער סײַ אָרגאַניזאַציעס, סײַ באַזונדערע פערזאָנען (די ציוניסטישע פעדעראַציע פון פראַנקרײַך).

אין 1968 זײַנען אין דער וועלט געווען 33 טעריטאָריעלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס: 14 אין אייראָפּע, 13 אין אַמעריקע, צו 2 אין אַזיע און אַפריקע און 2 אין אווסטראַליע און נײַזעלאַנד.

א צווייטע קאַטעגאָריע מיטגלידער פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע זײַנען די ציוניסטישע אַסאָציאַציעס, זיי עקזיסטירן אין אַזעלכע ערטער, ווו עס זײַנען ניטאָ קיין אויסגעפורעמטע טעריטאָריעלע אָרגאַניזאַציעס אָדער ווו די מיטגלידער האָבן זיך ניט אײַנגעשלאָסן אין די טעריטאָריעלע אָרגאַניזאַציעס. אַלס בײַשפּילן קאָנען דינען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע און „האַדאַסאַ" — די פרויען־אָרגאַניזאַציע אין פשא, וועלכע איז איינע פון די גרעסטע ציוניסטישע קערפערשאַפטן. אין די פאַרייניקטע שטאַטן עקזיסטירט זינט דעם 1970 דער קאָאָרדינאַציע־אָרגאַן פון די דאָרטיקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס — דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער ראַט.

באַזונדערס מערקווירדיק איז דער פאַקט, וואָס אין דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע גייען אַרײַן אויך אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, ווו ניט יעדער מיטגליד איז מעכויעוו צו זײַן אַ ציוניסט. צו אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס געהערן די וועלט־פעדעראַציע פון די ספאַרדישע קעהילעס, דער וועלט־פאַרבאַנד פון ייִדישע סטודענטן און אַ ריי אַנדערע. פונעם שטאַנדפונקט פון עלעמענטאַרן פאַרשטאַנד קאָן מען זיך ניט פאָרשטעלן אַן אָרגאַניזאַציע, ווו עס טרעפן זיך צונויף אײַנצײַטיק די אַנערקענונג פון אַן אידעאָלאָגישער קאָנצעפּציע און די פאָרמעלע אָפגרענעצונג פון איר. עס האַנדלט זיך, הייסט עס, וועגן אַ ניט איבעריקס כיטרען שפּיצל פון די ציוניסטן, וועלכע פּרווון אײַנשטעלן אַף אַזאַ אויפן ניט פּאַשעט זייער „אַפּעטראָפּסעס" איבער די ניט־ציוניסטן, נאָר אויך אָרגאַניזאַציאָנעל אײַנשליסן זיי אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. דאָס איז פון איין זײַט. פון דער צווייטער זײַט, שטעלן מיט זיך פאָר אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס אַ באַקוועמע שירמע, קעדיי אָנטאָן אַף די ציוניסטן די מאַסקע פון ניט־ציוניסטן און דורך דעם אַרײַנשמוגלען זיך אין אַזעלכע געביטן, ווו אָפיציעלע ציוניסטן ווילן ניט אָדער קאָנען ניט אַרויסטרעטן אָפן.

אַן אָנגעזעענע ראָליע אין דער סטרוקטור פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע שפּילן די צווישנפעלקערלעכע ציוניסטישע פּאַרטייען פון אַלע שאַטירונגען — פון די פסעוודאָ־סאָציאַליסטישע ביז די עקסטרעם־רעכטע.

די עקזיסטענץ פון ציוניסטישע פּאַרטייען, וועלכע פאַרייניקן זייערע אָנהענגער לויט דער אָנגעהעריקײַט צו אַוועלכער־עס־איז פּאָליטישער ריכטונג אָדער אידייִשער פּלאַטפאָרם אין די ראַמען פון די אַלגעמיין־ציוניסטישע קאָנצעפּציעס, רעדט וועגן דעם, אַז דער ציוניזם איז פילפּנעמדיק און דערפאַר איז שווער צו דערקענען זײַן עמעסן טאָך. דאָס, וואָס די דאָזיקע פּאַרטייען גייען אַרײַן אין דער סיסטעם פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, באַווײַזט זייער טיפע געמיינזאַמקײַט מיט די פירער פונעם ציוניזם און זייער אונטערגעאָרדנטקײַט צו די אויפגאַבן, וועלכע יענע שטעלן.

די ציוניסטישע לידערס, וועלכע רופן זיך „סאָציאַליסטן", ריידן איצט אַף איין שפּראַך מיט די אויסגעשפּראָכענע פאָרשטייער פונעם גרויסן ביזנעס, צוזאַמען מיט זיי קערעווען זיי דעם רודער פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק. די ווידערשפּרוכן, וועלכע מיר זעען צווישן די ציוניסטישע פּאַרטייען, זײַנען אַן אָפּשפּיגלונג פונעם קאַמף פון פאַרשיידענע גרופּירונגען פאַרן אויבנאָן אין דער באַוועגונג. די אָנפירונג פון די ציוניסטישע פּאַרטייען געפינט זיך, אַלס קלאַל, אין ייִסראָעל און דינט אַלס עפעקטיוו מיטל צו העלפן אַקטיוו די ייִסראָעל־לידערס אינעם פאַרשטאַרקן זייער אײַנפלוס אַף דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און אַף די ייִדישע קעהילעס אין די לענדער, ווו עס זײַנען פאַראַן פיליאַלן פון די דאָזיקע פּאַרטייען. הויכגעשטעלטע טוער פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע האַלטן אונטער אָפענע פאַרבינדונגען מיט די פאַרשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען פון ייִסראָעל, און גאַנץ אָפט קאָן מען אָפן סמאַך פון דער קויכעס־פאַנאַנדערשטעלונג אין דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע באַקומען אַ פּאָליטיש בילד פון דער קאָניונקטור אין ייִסראָעל גופע.

גאָר פון אַ באַזונדער כאַראַקטער זײַנען די באַציִונגען צווישן דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און דער ייִדישער אַגענץ. צווישן זיי עקזיסטירט אַ גאַנץ באַשטימטע פונקציאָנאַלע פאַנאַנדערגרענעצונג, אין דער צײַט, ווען אידייִש און פּאָליטיש זײַנען זיי אייניהײַטלעך. אַ לאַנגע צײַט זײַנען די אָנפירנדיקע אָרגאַנען פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און פון דער ייִדישער אַגענץ געווען פאַקטיש צונויפגעגאָסן אין איין אָרגאַן. די ייִדישע אַגענץ איז געשאַפן געוואָרן אין 1929 אַלס אַ זעלבשטענדיקע קערפערשאַפט, וואָס פירט איר טעטיקײַט צוזאַמען מיט דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. די שטורמישע טעטיקײַט פון די ציוניסטן אין פּראַט פון דער קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע (באַ דער שטיצע פון דער בריטישער מאַנדאַט־אַדמיניסטראַציע) האָט אַרויסגערופן די נייטיקײַט צו שאַפן אַ ספּעציעלן אָרגאַן, וואָס זאָל, ערשטנס, דינען אַלס פאַרבינדונגס־רינג צווישן דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און די ייִדישע געלט־זעק, וועלכע זײַנען גרייט צו העלפן די ציוניסטן, נאָר זיי ווילן ניט אַרײַנטרעטן אַלס מיטגלידער אין די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס; צווייטנס, וואָס זאָל זיכערן די גאַנצע שווערע טעכנישע זײַט פון דעם איניען, וועלכע איז פאַרבונדן מיטן אָרגאַניזירן און פינאַנסירן די אַליִע, מיט באַזעצן און אײַנאָרדענען די אוילים אדג. אָט די

# אזוי ווילדעווען די ציִעניסטישע עקסטרעמיסטן



אן אבלאווע



„די הענט אין דער הייך!"

אביטוריענטן פון אכטן און ניינטן קלאס
שליסט זיך אן אין דעם מיליטערישן
אינטערנאט (הפנימיה הצבאית)

גערעט־פראיעקט פון אינערן־מיניסטעריום

פינגער־אפדרוקן וועלן גענומען ווערן
ביי אלע איינוווינער פון דער מדינה

עירית תל־אביב־יפו

פרייוויליקע פרויען
וועלן קומען קאנטראלירן
דעם שיץ־בונקער אין אייער הויז

זיי צעבלאָזן דעם מילכאָמע־פסיכאָז

הינטער די גראטעס

אויך פרויען און קינדער
זשאלעווען זיי ניט

# אזוי ווילדעווען די ציוניסטישע עקסטרעמיסטן



אזוי צעטרײַבט מען א דעמאָנסטראַציע אין יערושאָלאַים



מע שלאָגט א מענטשן

אלט־יערושאָלאַים „פרידנסצײַט"...



אלע פונקציעס האָט גענומען אַף זיך די ייִדישע אגענץ.

לויטן פלאַן האָבן אין די אָנפירנדיקע אָרגאַנען פון דער ייִדישער אגענץ די ציוניסטן און ניט־ציוניסטן געדארפט זײַן פארטראָטן גלײַך אַף גלײַך, דער פרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאניזאציע וועט גלײַכצײַטיק זײַן פרעזידענט פון דער ייִדישער אגענץ. צווישן דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאניזאציע און דער ייִדישער אגענץ איז אײַנגעשטעלט אן ארבעט־צעטיילונג: די ערשטע איז געבליבן דער אידעאָלאָגישער, פּאָליטישער און קאָאָרדינאציאָנעלער הויפּט־צענטער פונעם צווישנפעלקערלעכן ציוניזם, די צווייטע האָט גענומען אַף זיך די פראקטישע טעטיקײַט אין פראַט פון רעאליזירן די ציוניסטישע פּראָגראם. אינעם אויספירקאָם פון דער ייִדישער אגענץ האָבן די ציוניסטן שנעל פארנומען א הערשנדיקע לאגע, דער לעצטער ניט־ציוניסט איז ארויס פונעם אויספירקאָם אין 1947. דערנאָך האָבן די אויספירקאָמען פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאניזאציע און פון דער ייִדישער אגענץ זיך צונויפגעגאָסן אין איין אָרגאן. אָט דער אומשטאנד האָט געגעבן די געלעגנהײַט צו באהויפטן, אז שפעטער, נאָך דער צונויפגיסונג און ביז דער רעאָרגאניזאציע פון דער ייִדישער אגענץ אין 1971, האָבן די ציוניסטישע וועלט־אָרגאניזאציע און די ייִדישע אגענץ פאקטיש פאָרגעשטעלט מיט זיך איין גאנצעס. אינדערעמעסן אָבער איז די פונקציאָנאלע פאנאנדערגרענעצונג פון די פליכטן צווישן די אָרגאנען פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאניזאציע און דער ייִדישער אגענץ פארבליבן.

דער צווישנפעלקערלעכער ציוניסטישער צענטער, וואָס טרעט ארויס אין איינע פאלן אלס ציוניסטישע וועלט־אָרגאניזאציע, אין אנדערע פאלן אלס ייִדישע אגענץ, האָט באקומען די מעגלעכקײַט צו מאנעווורירן אין א ברייטן מאסשטאב. ניט די לעצטע ראָליע האָט אויך געשפּילט די שטרעבונג פון דער סיסטעם „ציוניסטישע וועלט־אָרגאניזאציע— ייִדישע אגענץ" צו אויסמײַדן די שטײַערן־געזעצגעבונג, וועלכע עקזיסטירט אויסער די גרענעצן פון ייִסראָעל, באזונדערס אין די פאראייניקטע שטאטן פון אמעריקע, און היפש פארקירצן די גרייס פון די שטײַערן, צאָלנדיק זיי אין נאָמען פון איין אָרגאניזאציע, ניט פון צוויי.

גלײַכצײַטיק מיט דער צונויפגיסונג פון די אויספירקאָמען פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאניזאציע און פון דער ייִדישער אגענץ אין איין אָנפירנדיקן אָרגאן פון דער סיסטעם „ציוניסטישע וועלט־אָרגאניזאציע — ייִדישע אגענץ" איז אין 1945 — 1946 געשאפן געוואָרן די אזויגערופענע אמעריקאנער סעקציע פונעם אויספירקאָם, וועלכע איז געוואָרן דער צווייטער אָנפירנדיקער צענטער פון דער גאנצער סיסטעם.

פונעם ערשטן טאָג פון איר אויפקום האָט די אמעריקאנער סעקציע געטראָגן א בוילעט אויסגעדריקטן פּאָליטישן כאראקטער. זי האָט אײַנגעשטעלט פארבינדונגען מיט די רעגירונגס־קרײַזן פון די פאראייניקטע שטאטן, מיטן קאָנגרעס, מיט דער אָנפירונג פון די סאמע אײַנפלוסרײַכע אמעריקאנער ייִדישע אָרגאניזאציעס. אין 1947, ווען אין דער אָרגאניזאציע פון די פאראייניקטע נאציעס איז באהאנדלט געוואָרן די פּאלעסטינער פראגע, האָט די אמעריקאנער סעקציע א סאך געטאָן, אז די פאראייניקטע נאציעס זאָלן אנערקענען די ייִדישע אגענץ אלס אָפיציעלן אָרגאן, וועלכער טרעט ארויס אין נאָמען פון דער ייִדישער באפעלקערונג פון פּאלעסטינע. זײַענדיק באזונדערס אקטיוו אין געביט פון אינפאָרמאציע און פּראָפּאגאנדע, פארעפנטלעכט די אמעריקאנער סעקציע ביכער, בראָשורן און אנדערע מאטעריאלן, וועלכע פּראָפּאגאנדירן די אידייען פונעם ציוניזם און די פּאָליטיק פון ייִסראָעל.

די עצם עקזיסטענץ פון דער אמעריקאנער סעקציע באם אויספירקאָם פון דער סיסטעם „ציוניסטישע וועלט־אָרגאניזאציע — ייִדישע אגענץ" רעדט וועגן דער באזונדערער ראָליע, וועלכע עס שפּילן די ציוניסטישע אָרגאניזאציעס פון די פאראייניקטע שטאטן. די דאָזיקע סעקציע שאפט פאר די אמעריקאנער ציוניסטישע לידערס פּאסיקע באדינגונגען צו ריכטן די טעטיקײַט פונעם צווישנפעלקערלעכן ציוניזם לויט אזא ליניע, אז זי זאָל זײַן אין העסקעם מיט די אינטערעסן פון די מאָנאָפּאָליסטישע קרײַזן פון אמעריקע. פון דער צווייטער זײַט, האָט דער ירושאָלאַיִמער אויספירקאָם, וואָס איז פארבונדן מיט דער מעלוכע־אָנפירונג פון ייִסראָעל און אין וועלכן עס גייען ארײַן אפילע מיטגלידער פון דער רעגירונג, באזאָרגט די רעגירונגס־קרײַזן פון ייִסראָעל מיט א שטארק מיטל פון אופווירקונג אַף די צווישנפעלקערלעכע ציוניסטישע אָרגאניזאציעס. אלס באווײַז קאָן מען ברענגען דאָס, וואָס עשקאָל, לעמאָשל, ווען ער איז געווען פינאנץ־מיניסטער פון ייִסראָעל, האָט גלײַכצײַטיק פארנומען דעם פּאָסטן קאזנאטשיי פון דער ייִדישער אגענץ. ביז ניט לאנג צוריק איז בעראָש פונעם אויספירקאָם פון דער ייִדישער אגענץ געשטאנען פ. סאפיר, דער געוועזענער פינאנץ־מיניסטער און איינער פון די סאמע אײַנפלוסרײַכע טוער פון דער פירנדיקער פּארטיי אין דער רעגירונגס־קאָאליציע „מאַי". אין יאנוואר 1976 איז פּאָרזיצער פונעם אויספירקאָם פון דער ייִדישער אגענץ געוואָרן יאָסיף אלמאָגי, דער געוועזענער בירגערמײַסטער פון כײַפע, דעפּוטאט פון קנעסעט. די אָנפירנדיקע טוער פון ייִסראָעל און די לידערס פונעם אמעריקאנער ציוניזם זײַנען געוואָרן יענע צוויי מאָסגעבנדיקע קרעפטן אין דער סיסטעם פון די צווישנפעלקערלעכע ציוניסטישע אָרגאניזאציעס, וועלכע האָבן אײַנגעשטעלט איבער זיי דעם קאָנדאָמינימום[1] פון אמעריקע און

[1] קאָנדאָמינימום — א צווישנפעלקערלעכער יורידישער טערמין, וואָס באטײַט, אז די אָנפירונג מיט

ייִסראַעל, דער מעלוכישער און פּאַרטייִשער
מעכאַניזם פֿון ייִסראַעל איז, אַזויאַרום, גע־
וואָרן אַן אָרגאַנישער און ביז גאָר אײַנפֿלוס־
רײַכער טייל אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער
סטרוקטור פֿונעם צווישנפֿעלקערלעכן ציִוניזם.

אין 1952 האָט די קנעסעט אָנגענומען אַ גע־
זעץ וועגן דעם סטאַטוס פֿון דער „ציִוניסטי־
שער וועלט־אָרגאַניזאַציע — ייִדישע אַגענץ״
פֿאַר ייִסראַעל. דאָס איז געווען, ווי עס האָט
זיך אויסגעדריקט דער דעמאָלטיקער פּרעמיער־
מיניסטער פֿון ייִסראַעל בען־גוריאָן, „איינער
פֿון די וויכטיקסטע ,געזעצן״ פֿון דער מעדינע.
אין העסקעם מיט אים איז אין 1954 געשלאָסן
געוואָרן אַ פֿאַרשטענדיקונג צווישן דער ייִס־
ראַעל־רעגירונג און דער סיסטעם „ציִוניסטי־
שע וועלט־אָרגאַניזאַציע — ייִדישע אַגענץ״.
דער געזעץ און די פֿאַרשטענדיקונג האָבן
פֿעסט פֿאַרבונדן ייִסראַעל מיטן צווישנפֿעלקער־
לעכן ציִוניזם און פּראַקטיש פֿאַרפֿיקסירט די
קעגנזײַטיקע היסכּײַוועסן פֿון דער מעדינע און
די ציִוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. אינעם געזעץ
און אין דער פֿאַרשטענדיקונג ווערט אונטער־
געשטראָכן, אַז די גאַנצע טעטיקײַט פֿון דער
סיסטעם „ציִוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע —
ייִדישע אַגענץ״ ווערט געפֿירט אויף סמאָך פֿון
„מיטאַרבעט און קאָאָרדינאַציע מיט דער מעלו־
כע ייִסראַעל און איר רעגירונג״. אַ וויכטיקער
טראָט אינעם ווײַטערדיקן פֿאַרפֿעסטיקן די דאָ־
זיקע צווישנבאַציִונגען איז געווען דאָס אונ־
טערשרײַבן דעם 15 מאַרט 1964 די קאָמוניקע
פֿון דער ייִסראַעל־רעגירונג און פֿונעם אויספֿיר־
קאָם פֿון דער ציִוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַ־
ציע — ייִדישע אַגענץ, ווו עס איז באַזונדערס
באַטאָנט געוואָרן, אַז „...די באַמיִונגען אין גע־
ביט פֿון אײַנגלידערן אינעם לעבן פֿון די ייִדן
דעם ציִוניסטישן גײַסט איז אַ געמײנזאַמער
איניִען פֿון דער מעלוכע ייִסראַעל און פֿון דער
ציִוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע״. דערמיט
האָט די ייִסראַעל־רעגירונג אָפֿיציעל גענומען
אויף זיך וויכטיקע היסכּײַוועסן בענעגײַע דעם
צווישנפֿעלקערלעכן ציִוניזם.

צוזאַמען מיט דער סיסטעם „ציִוניסטישע
וועלט־אָרגאַניזאַציע — ייִדישע אַגענץ״ טראָגן
די רעגירנדיקע קרײַזן פֿון ייִסראַעל די אַכרײַ־
עס פֿאַר דער טעטיקײַט פֿון די ציִוניסטישע
אָרגאַניזאַציעס און זייער אַגענטור אינעם
צווישנפֿעלקערלעכן מאַסשטאַב. די לידערס פֿון
ייִסראַעל שפּילן אַן אָנגעזעענע ראָליע אין
פֿאָרמולירן און דורכפֿירן די פּאָליטיק פֿון דעם
צווישנפֿעלקערלעכן ציִוניזם. וועגן דעם זאָגט
איידעס זייער אַקטיווער אָנטייל אינעם טעאָ־
רעטישן פֿאַנאַנדעראַרבעטן די ציִוניסטישע
אידייען אויף הײַנטיקן עטאַפּ און אין די פֿאַר־
שיידענערלײַ ציִוניסטישע אַסיפֿעס, ווו די
פֿאַרשטייער פֿון ייִסראַעל, וועלכע פֿאַרנעמען
הויכע אָפֿיציעלע פּאָסטנס, טרעטן אַרויס אַלס
טאָנגעבער אין די טומלדיקע פּראָפּאַגאַנדע־
קאַמפּאַניעס קעגן די סאָציאַליסטישע לענדער,
קעגן דער אַראַבישער נאַציאָנאַלער באַ־
פֿרײַונגס־באַוועגונג און קעגן יענע אַלע, וועלכע
דעמאַסקירן דעם עמעסן מעהוס פֿונעם ציִוניזם.

נאָך דער מילכאָמע פֿון 1967 האָט די מיט־
אַרבעט פֿון די רעגירונגס־קרײַזן פֿון ייִסראַעל
מיט די צווישנפֿעלקערלעכע ציִוניסטישע אָר־
גאַניזאַציעס באַקומען נאָך ברייטערע מאַס־
שטאַבן. די פֿינאַנציעל־עקאָנאָמישע הילף,
וועלכע די מעדינע באַקומט פֿון יענע אָרגאַני־
זאַציעס, איז געוואָרן אַ שטאַרק מיטל צו פֿאַר־
גרעסערן דעם קריגס־פּאָטענציאַל פֿון ייִסראַעל,
אַ שטיצע פֿאַר דער פּאָליטיק „פֿון די פּאָזיציעס
פֿון קויעך״. די ייִדישע אַגענץ איז געוואָרן
דער אינסטרומענט אויף אויסנוצן די קאָלאָסאַלע
סומעס, וועלכע די ציִוניסטישע אָרגאַניזאַציעס
זאַמלען פֿאַר ייִסראַעל.

אין 1971 איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס
וועגן רעאָרגאַניזירן די ייִדישע אַגענץ. ווי
„דאָס אַמעריקאַנער ייִדישע יאָרבוך״ פֿאַר 1972
באַהויפּט, איז דער ציל פֿון דער רעאָרגאַניזאַ־
ציע באַשטאַנען דערין, מע זאָל „אין דער
טעטיקײַט פֿון דער אַגענץ אויסטיילן אַ מער
וויכטיק אָרט פֿאַר יענע, וועלכע טראָגן אַרײַן
גרויסע געלט־סומעס אין די פֿאָנדן און פֿאַרנע־
מען זיך מיט זאַמלען געלט״. באַם רודער פֿון
דער רעאָרגאַניזירטער אַגענץ האָבן זיך גע־
שטעלט נעגידים, וועלכע פֿינאַנסירן די ציִוני־
סטישע טעטיקײַט און גיבן ייִסראַעל סובסי־
דיעס.

איינער אַ פֿאַרשטייער פֿון דער ייִדישער
אַגענץ האָט געזאָגט, אַז „מיט דער דאָזיקער
פֿאַרשטענדיקונג האָבן די ניט־ציִוניסטן פּאַק־
טיש גענומען אויף זיך אַ כײלעק פֿון דער
פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט פֿאַר דער טעטיקײַט פֿון
דער ציִוניסטישער וועלט־באַוועגונג. וועגן
דעם, וועמען מע מיינט מיט די „ניט־ציִוניסטן״,
ווערט קלאָר פֿונעם אַרטיקל, וואָס איז פֿאַר־
עפֿנטלעכט געוואָרן אין דעם דערמאָנטן „יאָר־
בוך״. אינעם אַרטיקל ווערט געזאָגט: „אויב
די פּערזאָנען, וועלכע ווערן אויסגעוויילט דורך
די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס אַלס זייערע פֿאָר־
שטייער אין דער ייִדישער אַגענץ, קאָנען פֿאָר־
מעל זײַן ניט קיין ציִוניסטן, איז ניט ריכטיק
צו קלאַסיפֿיצירן די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס אַלס
ניט־ציִוניסטישע״, ווײַל זיי זײַנען „ניט בלויז
אינגאַנצן מאַסקים מיט די צילן פֿונעם ציִו־
ניזם, נאָר זיי גיבן אויך געלט פֿאַר זײַנע
פּראָיעקטן״.

די רעאָרגאַניזירטע ייִדישע אַגענץ איז גע־
וואָרן דער אָרגאַן, וואָס האָט פֿאַרייניקט די לי־
דערס פֿונעם צווישנפֿעלקערלעכן ציִוניזם, די
רעגירער פֿון ייִסראַעל און די ייִדישע פֿינאַנץ־
און אינדוסטריע־מאַגנאַטן אין די מײַרעוו־לענ־
דער, און וואָס פֿילט אויס, ווי עס שרײַבט „ניו־
יאָרק־טײַמס״, די ראָליע פֿונעם „אָפּעראַטיוון
פֿליגל פֿונעם ציִוניזם״.

בעראָש פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿון דער ייִדי־
שער אַגענץ, וואָס באַשטייט פֿון 40 מענטשן,
איז אין 1971 געשטאַנען דער מיליאָנער מ. פּיז־

---

א באַשטימטער טעריטאָריע געהערט צו צוויי אָדער
עטלעכע מעלוכעס.

שער — איינער פון די אײַנפלוסרײַכע „ניט־ציִוניסטישע" ייִדישע טוער אין די פֿאראייניקטע שטאטן, אן אקטיווער אָרגאניזאטאָר פון פֿאָנדן לעטויוועס ייִסראָעל.

אינעם אויספירקאָם פון דער ייִדישער אגענץ, וואָס באשטייט פון 12 מענטשן, גייען ארײַן 6 פאָרשטייער פון ייִסראָעל, 5 — פון די פאראייניקטע שטאטן און 1 — פון ענגלאנד. פון 1974 ביז 1975 אײַנגעשלאָסן איז פאָרזיצער פונעם אויספירקאָם געוועזן פּ. סאפּיר. ווי שוין געזאָגט, פארנעמט איצט אָט דעם פּאָסט י. אלמאָגי.

אין דער פינאנציִעלער הינזיכט שטיצט זיך די ייִדישע אגענץ אף די צוויי גרעסטע אָרגאניזאציעס, וועלכע פארנעמען זיך מיט געלטזאמלונגען, — „פאראייניקטער ייִדישער רוף" אין די פאראייניקטע שטאטן און „קערען האיעסאָד" („דער פאראייניקטער רוף פון ייִסראָעל"), וואָס איז טעטיק אין 69 לענדער פון דער וועלט און ווערט מיט רעכט גערופן „די פינאנציִעלע האנט פון דער ייִדישער אגענץ".

פון 1948 ביז 1971 אײַנגעשלאָסן האָבן די דאָזיקע צוויי אָרגאניזאציעס צונויפגעזאמלט פאר דער ייִדישער אגענץ 2 מיליארד 15 מיליאָן דאָלער, דערבײַ קימאט צוויי דריטל פון דער סומע — אין די פאראייניקטע שטאטן. לויט די אָפיציִעלע אָנגאבן, האָבן די ייִסראָעל־הויצאָעס פון דער ייִדישער אגענץ באטראָפן פאר דעם דאָזיקן צײַט־פעריִאָד 3 מיליארד דאָלער. דער בודזשעט פון דער אגענץ אפן פינאנץ־יאָר 1974/75 האָט באטראָפן קאָרעוו פון 580 מיליאָן דאָלער. די ריזיקע מיטלען, וועלכע די ייִדישע אגענץ טיילט אויס אף צו דעקן די אליִעהויצאָעס, דערלויבן ייִסראָעל צו ארויסבאפרײַען רעסורסן פאר דער מיליטאריזירונג פונעם לאנד, אײַנצוקויפן גרויסע פארטיעס געווער אין די פאראייניקטע שטאטן און אין אנדערע מײַרעוו־לענדער.

די ייִדישע אגענץ טרעט ארויס אין ייִסראָעל אלס אייגנטימער און אקציאָנער פון לערערך 60 קאָמפּאניעס פון דער אינדוסטריע, טראנספּאָרט און האנדל. די גרעסטע צווישן זיי זײַנען דער „ייִדישער קאָלאָניִאלער טרעסט", די „ייסראָעל־קאָמפּאניע פאר דער אנטוויקלונג פון די ערד־גיטער", די אוויִאציע־קאָמפּאניע „על־אל", די טראנספּאָרט־קאָמפּאניע „צים" און אנד.

דער פארלאנג פון די ציִוניסטן ארונטערצונעמען אונטער זייער אײַנפלוס אלע ייִדן פון דער וועלט האָט געבראכט דערצו, אז עס איז געבוירן געוואָרן די אידיי פון עפּעס „אן אלגעמיינער וועלט־אָרגאניזאציע", וואָס האָט קלוימערשט ניט קיין שײַכעס צום ציִעניזם, זי זאָרגט זיך אויסשליסלעך וועגן „זיכערן און פארטיידיקן די בירגערלעכע, רעליגיִעזע און פּאָליטישע רעכט" פון די ייִדן אין דער וועלט. די לידערס פונעם ציִעניזם האָבן אָנגעהויבן די ארבעט צו שאפן אזא אָרגאניזאציע אינמיטן פון די 30־ער יאָרן, ספּעקולירנדיק אפן צאָרן, וועלכן עס האָט ארויסגערופן דער אנטיסעמיטיזם פון די פאשיסטן אין דײַטשלאנד און איטאליע. מיט דער האסקאָמע פונעם דעמלטיקן פרעזידענט פון דער ציִעניסטישער וועלט־אָרגאניזאציע כאִים ווייצמאן האָט זײַן קאָלעגע נאָכעם גאָלדמאן זיך גענומען צו שאפן א „ניט־ציִעניסטישן" וועלט־קאָנגרעס. אין 1936 איז דער ייִדישער וועלט־קאָנגרעס געשאפן געוואָרן. אין אים גייען ארײַן אָרגאניזאציעס פון העכער 60 לענדער. זײַן אויספיר־קאָמיטעט איז צעטיילט אף פיר רעגיִאָנעלע סעקציעס — צאָפן־אמעריקאנישע, אייראָפּעיִשע, ייִסראָעלדיקע און דאָרעם־אפריקאנישע. פרעזידענט פונעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס איז זינט 1951 נאָכעם גאָלדמאן. ביזן 1968 איז ער געוועזן גלײַכצײַטיק פרעזידענט פון דער ציִעניסטישער וועלט־אָרגאניזאציע.

אינעם „ניט־ציִעניסטישן" ייִדישן וועלט־קאָנגרעס גייען ארײַן א גאנצע ריי ציִעניסטישע אָרגאניזאציעס. גענוג צו זאָגן, אז בלויז אין די פאראייניקטע שטאטן זײַנען אין אים אָנגעשלאָסן אלס מיטגלידער די „ציִעניסטישע אָרגאניזאציע פון אמעריקע", דער „אמעריקאנער ייִדישער קאָנגרעס" און 10 אנדערע ציִעניסטישע פאראייניקונגען.

דער ייִדישער וועלט־קאָנגרעס פארנעמט אין דער סיסטעם פונעם צווישנפעלקערלעכן ציִעניזם אן אייגנארטיקע לאגע. אונטער דער מארקע פון אן „אומאָפּהענגיקער" אָרגאניזאציע ווערט ער ברייט אויסגענוצט אין די אינטערעסן פונעם ציִעניזם און פון די רעגירנדיקע קרײַזן פון ייִסראָעל, ער פארנעמט זיך מיט אזעלכע איניאָנים, וואָס פון זיי סטארען זיך שטיין פונוויַיטן די אָפן ציִעניסטישע אָרגאניזאציעס. לעמאָשל, ער נעמט אן אָנטייל אין דער ארבעט פון צווישנפעלקערלעכע אָרגאניזאציעס און פאָרומס, ווי אויך פון אייניקע אָרגאנען, וועלכע טראָגן א צווישן־רעגירונג־כאַראקטער.

די באמיִונגען צו פארשפרייטן דעם ציִעניזם, דאָס אונטערהאלטן אין אלע טאָך־פראגן די הערשנדיקע קרײַזן פון ייִסראָעל, די ארײַנמישונג אין די אָנגעלעגנהײַטן פון די סאָציִאליסטישע לענדער — דאָס אלץ איז געוואָרן די הויפּט־ריכטונג אין דער טעטיקײַט פונעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס.

די VI סעסיע פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס אין פעווראל 1975 האָט מיט אומרו אנערקענט, אז די אנטיציִעניסטישע שטימונגען אין דער וועלט ווערן שטארקער. זי האָט רעקאָמענדירט אויסצונוצן דעם טעזיס, אז דער אנטיציִעניזם איז הײַנט א באהאלטענע פאָרם פון אנטיסעמיטיזם.

דער ייִדישער וועלט־קאָנגרעס שענקט פיל אופמערקזאמקײַט דער פארשפרייטונג פון דער אידיי וועגן דער „אָרגאנישער פארבינדונג פונעם גאָלעס מיט ייִסראָעל", ער גיט זיך פיל אָפּ דער פּראָפּאגאנדע פון דער אליִע. א באזונדערע זאָרג רופט ארויס בא דער אָנפירונג פונעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס די פּאָליטישע איזאָליאציע פון ייִסראָעל, וואָס די סיבע דערפון

ליגט אינעם עקספאנסיִאָניסטישן קורס פון די רעגירנדיקע קרײַזן. דער ייִדישער וועלט־קאָנגרעס האלט פאר נייטיק צו אויסנוצן אלע צוטריטלעכע קאנאלן אף בײַקומען די דאָזיקע איזאָליאציע סײַ אין די מײַרעוו־לענדער, סײַ אין די זיך אנטוויקלענדיקע לענדער.

האנדלענדיק פאריינס מיט דער ציִעניסטישער וועלט־אָרגאניזאציע, שטייט דער ייִדישער וועלט־קאָנגרעס אף די פאָזיציעס פון אנטיקאָמוניזם, ער נעמט זיך דאָס רעכט ארויסצוטרעטן אין נאָמען פון די ייִדן, בירגער פונעם סאָוועטנפארבאנד און פון די אנדערע סאָציִאליסטישע מעלוכעס.

רופנדיק פאקטיש צום קאמף קעגן דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע און צום ארײַנמישן זיך אין די אָנגעלעגנהײַטן פון די סאָציִאליסטישע לענדער, טרעט אין דער זעלבער צײַט ארויס די אָנפירונג פונעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס בעראָש מיט נאָכעם גאָלדמאנען דערפאר, אז מע זאָל זיך אָפזאָגן פונעם פרימיטיוון אנטיסאָוועטיזם, פון די וולגארע פאָרמען פון מאכן א דרוק אף די לענדער פונעם סאָציִאליזם, אף וויפל אזעלכע מעטאָדן האָבן א פארקערטן עפעקט און זיי באווײַזן דעם עמעסן פארצעף פונעם ציִעניזם און זײַנע אָנהענגער. דאָס שטערט אָבער ניט דעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס אקטיוו אײַנצושליסן זיך אין די ציִעניסטישע אנטיסאָוועטישע קאמפאניעס און זײַן דער איניציִאטאָר אָדער אן אָנטיילנעמער פונעם פראָוואָקאציִאָנעלן באהאנדלען די „לאגע פון די ייִדן" אין פססר און אין די אנדערע סאָציִאליסטישע לענדער.

דער ציִעניסטישער וועלט־קאָנגרעס זאָרגט זיך פאר אונטערהאלטן זײַן רעפוטאציע פון א „ליבעראלער" אָרגאניזאציע מיט ברייטע אָנשויונגען, וועלכע דערלויבט זיך אפילע צו קריטיקירן דעם ציִעניזם אין ייִסראָעל אין אייניקע טאקטישע פראגן. די פערספעקטיוולאָזיקײַט פונעם קורס פון די ציִעניסטישע רעגירנדיקע קרײַזן אין ייִסראָעל אין די פראגן וועגן דער אײַנרעגולירונג אפן נאָענטן מיזרעך, דאָס פאלן פונעם צווישנפעלקערלעכן פרעסטיזש פון ייִסראָעל האָט בא א טייל ציִעניסטן ארויסגערופן אן אומרו פאר די פאָלגן, צו וועלכע עס קאָן דערפירן דעם ציִעניזם אינגאנצן גענומען די אומזיניקע פאָליטיק פון דער רעגירונגסקליקע אין דער מעדינע. באזונדערס אָפן האָבן זיך אנטפלעקט די דאָזיקע שטימונגען אין די דערקלערונגען און האנדלונגען פון נאָכעם גאָלדמאנען און זײַנע אָנהענגער אין דער אָנפירונג פונעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס. נאָך דער מילכאָמע פון 1967 האָט נאָכעם גאָלדמאן ניט איין מאָל זיך ארויסגעזאָגט פאר איבערקוקן די פאָליטיק פון ייִסראָעל אין דער ריכטונג פון מער בייגעוודיקײַט און אָפזאָגן זיך פונעם צעיושעטן אנטיסאָוועטיזם. נ. גאָלדמאן האלט, אז אינעם אײַנרעגולירונגס־פראָצעס איז אין די אינטערעסן פון ייִסראָעל גופע צו אנטקעגנקומען די פאָדערונגען פון די אראבישע לענדער וועגן אומקערן זיי די אָקופירטע טעריטאָריעס, אנערקענען די אָרגאניזאציע פון דער באפרײַונג פון פאלעסטינע. דער ציל פון ייִסראָעל דארף זײַן פרידלעכע קאָעקזיסטענץ מיט די אראבישע לענדער, גאראנטיעס פון די גרויסמאכטן און אף דעם סמאך א נייטראלער סטאטוס. נ. גאָלדמאן האָט אנערקענט, אז ס'איז אומעגלעך אײַנשטעלן א שאָלעם אפן נאָענטן מיזרעך אָן דעם אָנטייל פונעם סאָוועטנפארבאנד, ער האָט זיך ארויסגעזאָגט פאר צונויפרופן די זשענעווער פרידנס־קאָנפערענץ און האָט פארורטיילט דעם מעטאָד פון „בעהאדראָגעדיקער אײַנרעגולירונג".

די רופן צו קוקן רעאליסטיש אף דער אײַנרעגולירונג־פראָבלעם און די קריטישע שטעלונג צו דער פאָזיציע פון דער ייִסראָעל־רעגירונג האָבן די אָנפירנדיקע קרײַזן פון דער ציִעניסטישער וועלט־אָרגאניזאציע און פון דער מעדינע אופגענומען אף מעסערס. דער קאָנפליקט צווישן נאָכעם גאָלדמאנס אָנהענגער און דער אָנפירונג פון דער ציִעניסטישער וועלט־אָרגאניזאציע איז דערגאנגען צום העכסטן פונקט אין אָנהייב פון 1972, ווען מע האָט דעם פרעזידענט פונעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס ניט דערלויבט ארויסצוטרעטן אפן 28־טן ציִעניסטישן קאָנגרעס און דערציילן וועגן זײַנע אָנשויונגען.

די לידערס פון דער ציִעניסטישער וועלט־אָרגאניזאציע און פון ייִסראָעל נעמען אָן ענערגישע מיטלען, קעדיי דערשטיקן דעם בונט אף דער ציִעניסטישער שיף. אין 1972 איז דורכגעפירט געוואָרן א באשלוס, אז „פון איצט אָן וועט דער ייִדישער וועלט־קאָנגרעס האָבן א קאָלעקטיווע אָנפירונג און וועט ניט זײַן אָפהענגיק פון די פערזענלעכע אָנשויונגען פונעם פרעזידענט". קעדיי צו זיכערן אן עפעקטיוון קאָנטראָל איבערן קאָנגרעס, איז אין 1975 אָנגענומען געוואָרן א ראדיקאל מאָסמיטל. אויב פריִער האָט די ציִעניסטישע וועלט־אָרגאניזאציע געהאט אינעם קאָנגרעס אן אָפיציִעלן סטאטוס פון א באאָבאכטער, האָט זי איצט באקומען דאָס רעכט צו רעקאָמענדירן אירע פאָרשטייער אף די אָנפירנדיקע פאָסטנס.

דער דאָזיקער קאָנפליקט באווײַזט, אז אפילע די קלענסטע אנטפלעקונג פון קריטיק טרעפט אָן אף א שארפן ווידערשטאנד מיצאד דעם ציִעניסטישן אויבערקעפל. מע טאָר אוודע ניט מעגאזעם זײַן די באדײַטונג פון די פאראנענע מיינונגס־פארשיידנהײַטן, מע טאָר זיי אָבער אויך ניט מאכן צו קליינגעלט, ווײַל זיי שפיגלען אָפ דעם קריזיס־צושטאנד פון דער ציִעניסטישער אידעאָלאָגיע.

אין די ראמען אָדער אונטער דער עגידע פון דער סיסטעם „ציִעניסטישע וועלט־אָרגאניזאציע — ייִדישע אגענץ" זיינען טעטיק: די וועלט־פעדעראציע פון אלגעמיינע ציִעניסטן; די וועלט־פעדעראציע פון ציִעניסטן־רעוויזיִאָניסטן; די וועלט־אָרגאניזאציע פון ייִדן־אָרטאָדאָקסן; דער וועלט־פארבאנד פאר א פראָגרעסיוון יודאיִזם; דער צווישנפעלקערלעכער פאר־

באַנד פון ייִדישע אַרבעטער; דער וועלט־ראַט פון ייִדישע אַרבעטנדיקע; די וועלט־אַסאָציִאַציע פון ייִדישע האַנטווערקער; דער וועלט־פֿאַר־באַנד פון ייִדישע סטודענטן; די אָרגאַניזאַציע פון דער ציִוניסטישער יוגנט; די וועלט־פֿעדע־ראַציע פון דער יוגנט, וואָס רעדט אַף הע־ברעיִש; דער וועלט־קאָנגרעס פון ייִדן־זשור־נאַליסטן; דער וועלט־ראַט פון ייִדישע פּרויִען; די אַלוועלטלעכע ציִוניסטישע פֿרויען־אָרגאַני־זאַציע; די וועלט־אָרגאַניזאַציע פון זאָרג וועגן קינדער, וועגן געזונט און היגיִענע צווישן די ייִדן; דער וועלט־ראַט וועגן באַזאָרגן די ייִדן מיט סאָציִאַלער פֿאַרזיכערונג; די צווישנפֿעל־קערלעכע פֿעדעראַציע פון ספּאַרדים; דער וועלט־ראַט פון ספּאַרדים; די וועלט־אַסאָציִאַציע פון דער איווריט־שפּראַך און איוריט־קולטור; דער קאָנגרעס פון ייִדישער קולטור (אַף ייִדיש) אאַז״וו. מיט קאָאָרדינירן די טעטיקייט פון די ציִוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פֿאַרנעמען זיך ספּעציִעל דער „קאָאָרדינאַציע־ראַט פון ייִדישע אָרגאַניזאַציעס" און דער „קאָנסולטאַ־טיווער ראַט פון ייִדישע אָרגאַניזאַציעס".

אין דער פּראָפּאַגאַנדע פון די ציִוניסטישע אידייען און אינעם פּאַנאַנדעראַרבעטן די מאַגי־סטראַל־ריכטונגען פון דער פּראַקטיק פֿאַרנעמט אַ וויכטיק אָרט די טעאָרעטישע טעטיקייט פון דער ציִוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. דער צענטער פון דער דאָזיקער טעטיקייט זײַנען אירע וועלט־צוזאַמענפֿאָרן.

די באַזלער פּראָגראַם פון 1897 האָט פּראָק־לאַמירט דעם ציל פון דער ציִוניסטישער באַ־וועגונג צו „שאַפֿן פֿאַר די ייִדן אַ היים אין פּאַלעסטינע", באַקומען די האַסקאָמע פון די גרויסמאַכטן אַף צו פֿאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן פּלאַן.

ווען עס איז אופֿגעקומען די פֿראַגע וועגן דער צוקונפֿט פון פּאַלעסטינע נאָכן ליקווידירן דעם ענגלישן מאַנדאַט, האָבן די איניציִאַטיוו אינעם באַשטימען די פּראָגראַם־צילן פֿונעם ציִוניזם געגומען אין זייערע הענט די אַמערי־קאַנער ציִוניסטן, וועלכע זײַנען אַרויסגעטראָטן אין דער ראָליע פון דורכפֿירער פון די אינטע־רעסן פון די פֿאַרייניקטע שטאַטן אַפֿן נאָענטן מיזרעך. אין 1942 האָט די קאָנפֿערענץ פון די אַמעריקאַנער ציִוניסטן אָנגענומען די באַלטי־מאָרער פּראָגראַם, וועלכע האָט אָפּגעשפּיגלט דעם „נײַעם אָנגרײַפֿנדיקן געדאַנקען־סטיל פֿו־נעם אַמעריקאַנער ציִוניזם" און האָט גערופֿן אָפּצושאַפֿן די באַגרענעצונגען אַף דער אימיג־ראַציע פון ייִדן קיין פּאַלעסטינע און שאַפֿן אַף דער גאַנצער טעריטאָריע פֿונעם לאַנד אַ ייִדי־שע מעלוכע. די דאָזיקע פּראָגראַם איז באַווי־ליקט געוואָרן דורכן 22־טן ציִוניסטישן קאָנג־רעס אין 1946.

נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון דער מעדינע איז אופֿגעקומען די באַדערפֿעניש „אָפּסנײַ צו פֿאָרמולירן דעם טאָך פֿונעם ציִוניזם". די ירושאָלאַיִמער פּראָגראַם פון 1951 האָט דער־קלערט אַלס זײַן הויפּט־אופֿגאַבע די אַלמעג־לעכע פֿאַרשטאַרקונג פון ייִסראָעל — צונויפֿ־קלײַבן אין ייִסראָעל די ייִדן, פֿאַרשטאַרקן דאָס „ייִדישע זעלבסטבאַוווסטזײַן" און די פֿאַרבינ־דונגען פֿונעם „גאָלעס" מיט ייִסראָעל.

די שפּעטערדיקע ציִוניסטישע קאָנגרעסן האָבן קאָנצענטרירט די אופֿמערקזאַמקייט אַף די פֿראַגן, וועלכע זײַנען פֿאַרבונדן מיט דער אַגיטאַציע פֿאַר אַליִע און מיט אונטערהאַלטן די פּאָליטיק פון די רעגירנדיקע קרײַזן פון ייִסראָעל. אַזאַ ריכטונג אין דער טעטיקייט פֿו־נעם צווישנפֿעלקערלעכן ציִוניזם האָט אָפּגע־שפּילט אַ היפּשע ראָליע אינעם שטויסן ייִסראָעל צו אַוואַנטיורעס און צום צוגרייטן די אַגרעסיע פון 1967.

אין 1968 האָבן די ציִוניסטן אָנגענומען די דריטע, די אַזויגערופֿענע נײַע ירושאָלאַיִמער פּראָגראַם, וואָס איז אַף דורך און דורך דורכ־געזאַפּט מיטן גײַסט פון עקספּאַנסיע און רעאַקציע.

די נײַע ירושאָלאַיִמער פּראָגראַם דריקט אויס די סאָלידאַריטעט פֿונעם צווישנפֿעלקער־לעכן ציִוניזם מיט דער אַגרעסיווער פּאָליטיק פון ייִסראָעל און אַנערקענט אָפֿן, אַז דער ציִו־ניזם איז אַ שוטעף אינעם רעאַליזירן זי.

אויסערסט וויכטיק אינעם דורכפֿירן דעם ציִוניסטישן אײַנפֿלוס זײַנען די מיטלען פון מאַסן־אינפֿאָרמאַציע און מאַסן־פּראָפּאַגאַנדע. אָנהייבנדיק פון 1921 יאָר עקזיסטירט די „ייִטאַ" (ייִדישע טעלעגראַפֿן־אַגענטור), וואָס איז געוואָרן דער צענטראַלער אינפֿאָרמאַציע־אָר־גאַן פֿונעם צווישנפֿעלקערלעכן ציִוניזם. אין די פֿאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע נוצן זיך מיט דער דאָזיקער אַגענטור קימאַט אַלע פֿערזאַדיי־שע אויסגאַבעס פון די ציִוניסטישע אָרגאַניזאַ־ציעס, די „ייִטאַ" האַלט אונטער ענגע קאָנ־טאַקטן מיט די אַנדערע ציִוניסטישע אינפֿאָר־מאַציע־אָרגאַנען.

אין דער גאַנצער וועלט דערשײַנען אַף פֿאַר־שיידענע שפּראַכן אַרום 900 ציִוניסטישע פּע־ריאָדישע אויסגאַבעס, קימאַט אַ דריטל פון זיי — אין די פֿאַרייניקטע שטאַטן. זיי ווערן סובסידירט דורך די ציִוניסטישע פֿאָנדן און דורך דער ייִדישער גרויסבורזשואַזיע. ניט קיין קלענערע אופֿמערקזאַמקייט ווערט געשענקט אויך דער באַאַרבעטונג פון די ניט־ייִדן מיצאַד די בורזשואַזע אָרגאַנען פון דער מאַסן־אינ־פֿאָרמאַציע, ווו דער ציִוניסטישער אײַנפֿלוס לאָזט זיך שטאַרק פֿילן. די בורזשואַזע פּרעסע שליסט זיך סאָלידאַר אײַן אין די פּראָפּאַגאַנ־דיסטישע קאַמפּאַניעס פֿאַר ייִסראָעל און באַ־לײַכט די געשעענישן אַפֿן נאָענטן מיזרעך אין אַזאַ גײַסט, ווי דאָס לוינט די ציִוניסטן.

אָן אַקטיווע פּראָפּאַגאַנדיסטישע טעטיקייט פֿירן די אינפֿאָרמאַציע־אַמטן פון דער ציִוניסטי־שער וועלט־אָרגאַניזאַציע און פון דער ייִדישער אַגענץ. דער דעפּאַרטאַמענט פון אָרגאַניזאַציע און אינפֿאָרמאַציע בײַ דער וועלט־אָרגאַניזאַציע גיט אַרויס אין ענגליש, פֿראַנצויזיש און שפּאַ־ניש די דרײַכאָדאָשימדיקע אויסגאַבע „דער ציִוניזם אין טאַט" און אַ סעריע „קאָנפֿראָנטיי־שני", געווידמעט די אידעאָלאָגישע פּראָבלע־

מען פונעם ציִעניזם. די צווייוואָכיקע צײַטשריפט אין ענגליש „איסראַעל דײַדזשעסט" דרוקט איבער מאַטעריאַלן פון דער ייִסראַעל־פּרעסע. עס דערשײַנט א ספּעציִעלע אויסגאַבע אף ענגליש און פראַנצויזיש פאַר די לענדער פון אַפריקע. אין א טיראַזש פון 3 מיליאָן עקז. זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן 40 בראָשורן פון דער סעריע „ייִסראַעל הײַנט". עס האָט זיך אָנגעהויבן די פּובליקאַציע פון דער „ציִעניסטישער ביבליאָטעק".

רעגולער ווערן געגרייט קאַדרען ציִעניסטישע פונקציאָנערן. בלויז פאַר די יאָרן 1968 — 1972 האָבן אין די ספּעציִאַליזירטע סעמינאַרן זיך געלערנט 2000 מענטשן פון פופצן לענדער.

פאַר די באַדערפענישן פון דער פאַרשפּרייטונג פונעם ציִעניסטישן אײַנפלוס ווערט אויסגענוצט די געלט־זאַמלונג לעטיוועס ייִסראַעל. אין א ברייטן מאַסשטאַב פּראַקטיקירט מען רעקלאַם־רײַזעס קיין ייִסראַעל פאַר יענע, וואָס זײַנען מענאַדעוו געלט פאַר דער מעלוכע. דער דורכשניטלעכער בײַטראַג באַטרעפט העכער 10 טויזנט דאָלאַר. דאָס גיט א פאַרשטעלונג וועגן דעם, ווער עס זײַנען פון סאָציִאַלן שטאַנדפּונקט די „מענאַדווים".

אַרויסשטעלנדיק אין פאָדערגרונט די „פילאַנטראָפּישע" און „אופקלערערישע" טעטיקײַט, לאָזן די ציִעניסטן בעקיוון איבער אין שאָטן די פּאָליטישע זײַט, וואָס איז, פאַרשטייט זיך, די וויכטיקסטע.

דער ציִעניזם אלס א ריזיק צעצווײַגטע סיסטעם פון אָרגאַניזאַציעס איז געקומען אף דער וועלט ווי א פּראָדוקט פון דער עפּאָכע פונעם אימפּעריאַליזם, דעם אַלגעמײַנעם קריזיס פונעם קאַפּיטאַליזם. דער ציִעניזם איז געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל פונעם וועלט־אימפּעריאַליזם.

## כראָניק

### דער קינסטלערישער ראַט פון „מאָסקאָנצערט" וועגן דעם ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל

דער קינסטלערישער ראַט פון „מאָסקאָנצערט" האָט אף א ספּעציִעלער זיצונג באַהאַנדלט די אַרבעט פונעם מאָסקווער ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל. די אַרטיסטן האָבן באַוויזן פאַר די מיטגלידער פון דעם קינסטלערישן ראַט זייער ספּעקטאַקל „דער פאַרקישעפטער שנײַדער".

דער ספּעקטאַקל איז אופגענומען געוואָרן מיט אינטערעס. אינעם מיינונגס־אויסטויש האָבן זיך באַטייליקט דער קינסטלערישער אָנפירער און דירעקטאָר פון „מאָסקאָנצערט" אי. סאַפּאָנאָוו, די פאַרוואַלטערן פון דער קאָנצערט־אָפּטיילונג פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פאַר קולטור־איניאָנים פונעם מאָסקווער שטאָט־אויספירקאָם נ. מיכײַלאָווא, די מיטגלידער פונעם קינסטלערישן ראַט וו. נאָסקאָוו, אָ. סמירנאָוו, מ. פּײַבושעוויטש, וו. זובקאָווא, דער רעזשיסער פונעם אַנסאַמבל יויסעף ריקלין, דער דירעקטאָר פונעם קאָלעקטיוו אַלעקסאַנדער פּײַדער, די אַרטיסטן זינאָווי קאַמינסקי, ראָזע קורץ און אַנד.

דער קינסטלערישער ראַט האָט אָנגענומען א באַשלוס וועגן פאַרברייטערן די גאַסטראָלן פונעם אַנסאַמבל איבער די שטעט און ייִשווים פון דעם סאָוועטנפאַרבאַנד און וועגן דער נייטיקײַט צו באַרײַכערן דעם רעפּערטואַר, באַזונדערס מיט ספּעקטאַקלען אף דער הײַנטצײַטיקער טעמע.

### ייִדישע ראָמאַנסן פון א יונגן קאָמפּאָזיטאָר

• די אַלפאַרבאַנדישע פירמע „מעלאָדיע" האָט אַרויסגעלאָזט א גראַמאָפאָן־פּלאַט „גיגאַנט" מיט ראָמאַנסן פונעם קאָמפּאָזיטאָר סערגיי טשעבאָטאַריאָוו אף די טעקסטן פון אָרן ווערגעליס.

די דרײַצן ראָמאַנסן, וואָס זײַנען פאַרשריבן אף דעם פּלאַט אין א רוסישער איבערזעצונג, זײַנען א רעזולטאַט פון דער שעפערישער צוזאַמענאַרבעט פונעם יונגן קאָמפּאָזיטאָר מיטן דיכטער. די מערהײַט פון די ווערק זײַנען געווען פאַרעפנטלעכט אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" אונטער דער רובריק „לאָמיר זינגען נײַע לידער". די אויספירער זײַנען אַנאַטאָלי מאַקסיאַקאָוו (באַריטאָן), מאַרינע גאָרדאָן (סאָפּראַנאָ), א. פּיסייסקי און דער אווטאָר פון דער מוזיק (אינסטרומענטאַלע פּאַרטיעס).

עס ווערט אויך צוגעגרייט א ייִדישער וואַריאַנט פון דעם גראַמאָפאָן־פּלאַט.

דער רוסישער פּלאַט וועט אײַנגיכן זיך באַווײַזן אין פאַרקויף אין די מוזיק־מאַגאַזינען (נומער פונעם דיסק — 4־06503 — 10 C).

### ווילנער פאָלקס־טעאַטער צו־גאַסט אין האָמעל

מיט גרויס באַפרידיקונג האָט די האָמלער באַפעלקערונג אופגענומען דעם דראַמאַטישן קאָלעקטיוו פונעם ווילנער ייִדישן פאָלקס־טעאַטער, וועלכער איז אַרויסגעטראָטן אין שטאָטישן קולטור־פּאַלאַץ אף לעניס נאָמען.

דעם ערשטן טאָג האָבן די ווילנער אַרטיסטן באַוויזן זייער נײַע אַרבעט — הירש קאַנאָוויטשעס פּיעסע „די פּאָליציי־שאַ", וועלכע איז געווידמעט די שוידערלעכע טעג פון דער היטלערישער אָקופּאַציע פון ווילנע.

אפן אַנדערן טאָג האָט דער טעאַטער באַוויזן א קאָמעדיע אין צוויי אַקטן לויט בוזי מילערס פּיעסע „פונעם הימל פאַלט גאָרניט אַראָפּ". רעזשי — פון יודל קאַץ, וועלכער פּילט אויך אויס די הויפּט־ראָל.

ד. כאַיעט

■ ■ ■

סערגיי טשעבאָטאריאָוו

# גרויסע הומאניסטישע קונסט

(צום 70־טן געבורטסטאָג פון ד. ד. שאָסטאקאָוויטש)

פײַנפול איז די דערמאָנונג וועגן יענעם טריבן פרימאָרגן דעם 14־טן אווגוסט. די לעבהאפטיקײַט, וואָס האָט געהערשט נעבן דעם גרויסן זאל פון דער מאָסקווער קאָנסערוואטאָריע, איז דאָסמאָל געווען ווײַט ניט קיין פריידיקע. אליין דער גרויסער קאָנצערטזאל האָט אויסגעזען עפּעס מאָדנע גרויזאם — שווײַגנדיק און ניט היימלעך. ער האָט זיך הײַנט געזעגנט מיט איינעם פון זײַנע אמערסטן באליבטע קינסטלער — מיט דמיטרי דמיטריִעוויטש שאָסטאקאָוויטשן. קען ער דען פארגעסן די פילצאָליקע גראנדיִעזע מוזיקאלע פּײַערונגען, ווען דאָס פּובליקום פלעגט שטייענדיק אָפּלאָדירן דעם גרויסן מײַסטער, און שאָסטאקאָוויטש אליין פלעגט באשיידן און געהאָרכזאם זיך אופהייבן אף דער בינע און הארציק באדאנקען די באגײַסטערטע אאודיטאָריע?

די מוזיקער און מוזיק־ליבהאָבער זײַנען שוין געווינט געווען צו דעם, אז צוויי־דרײַ מאָל אין סעזאָן זאָל זיי דער דאָזיקער מילדער מענטש, דער אומדערמידלעכער שעפער, באשענקען מיט נײַע און נײַע שעדעווורען, אָבער הײַנט, אין דעם דאָזיקן טרויעריקן טאָג, האָט שוין יעדערער פארשטאנען, אז מער וועט דאָס דאָזיקע ווונדער ניט געשען, אז עס איז שוין נאָך אלעמען. אין די געדאנקען פון די, וואָס זײַנען געקומען אהער, איז דערבײַ ניט געווען קיין שעמעץ פון עגאָיִזם, עס איז בלויז געווען אן אומענדלעכער מענטשלעכער ווייטעק איבער דעם, וואָס די ווונדערלעכע לירע איז אנשטומט געוואָרן, און אזוי פלוצלינג און שוין אף שטענדיק. דאָס דאָזיקע „שוין אף שטענדיק" האָט זיך אָפּגערופן מיטן טיפסטן ווייטעק אין די הערצער פון די אלע, וואָס האָבן אים געזען, געהערט, געקענט באם לעבן. מיר האָבן זיך אזוי צוגעווינט צו דעם, אז דער לעבעדיקער מײַסטער שאָסטאקאָוויטש שאפט זײַנע ווערק, אזוי צו זאָגן, „בא אונדז פאר די אויגן", אז ס'וועט נייטיק זײַן א באשטימטער צײַט־אָפּשניט, קעדיי אין איר גאנצער גרייס אופצופאסן די דערשײַנונג שאָסטאקאָוויטש, האגאם זײַן אופטו איז שוין לאנג ארײַן אין דער קונסט, ווי איינע פון אירע גרעסטע אנטפלעקונגען. ביז איצט אָבער האָבן מיר די דאָזיקע דערשײַנונג אופגענומען ניט אָפּגעטיילט פונעם מענטשן — דעם שעפער.

יעדעס מאָל, ווען לעבן און טויט קומען אין באריר איינס מיט דעם צווייטן, לאָזט זיך דער מענטש פארטראכטן איבער זייער פילאָסאָפישער צווישנבאציִונג. באזונדערס לאָזט זיך עס פילן, ווען עס גייט אוועק פון לעבן א מענטש פון א גרויסן געזעלשאפטלעכן באטײַט. דאן ווערט בוילעט אופגעשטעלט אין זיקאָרן דאָס אלץ, וואָס ער האָט אופגעטאָן, און ווירדיק אָפּגעשאצט די ווערט פון זײַן יערושע פאר דער מענטשהײַט. הײַנט־צו־טאָג זײַנען מיר געוואָרן איידעס פון דעם, ווי אונדזערער א מיטצײַטלער האָט איבערגעשפאנט די שוועל פון אומשטערבלעכקײַט.

וועגן דמיטרי שאָסטאקאָוויטשעס שאפן זײַ־

נען אָנגעשריבן פּיל ביכער, און זײַנע ווערק וועלן אויך אַף ווײַטער פאַרבלײַבן א ברייט פעלד פאַר פאָרשערישער ארבעט. איינס איז אָבער קלאָר און צווייפללאָז: אין אלע פאָר־שונגען וועגן אים וועט דער אויסגאַנג־פּונקט זײַן — די גרויסע פּרינציפּן פון פּאַטריאָטיזם און הומאַניזם, וועלכע זײַנען שטענדיק געווען די באַוועג־קראַפט פון דעם אַלעמען, וואָס ער האָט געשאַפן.

שאָסטאַקאָוויטשעס סימפאָנישע ווערק ווערן ניט זעלטן כאַראַקטעריזירט אַלס מוזיקאַלישע כראָניק פון דער געשיכטע פון אונדזער לאַנד, פון זײַנע רעוואָליוציאָנערע דעראָבערונגען. ס'איז גענוג צו דערמאָנען די עלפטע סימפאָניע — „דאָס יאָר 1905", די צוועלפטע — „דאָס יאָר 1917, צום אָנדענק פון וו. אי. לענין", די דרײַ סימפאָניעס, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט די שווערע ניסיונעס פון די מילכאָמע־יאָרן (די 7־טע — „די לענינגראַדער", די 8־טע און די 9־טע), וועלכע שטעלן מיט זיך פּאָר א מוזיקאַליש־פילאָסאָפישע פאַראַלגעמיינערונג פון דער גײַסטיקער אַנטוויקלונג, פון דער מאָראַלישער שיינקייט און העראָישקייט פונעם סאָוועטישן פאָלק.

דאָס גײַסטיקע לעבן פון דער געזעלשאַפט, פונעם באַזונדערן מענטשן, דער מענטשלעכער גורל זײַנען שטענדיק געווען אין צענטער פונעם קאָמפּאָזיטאָרס אויפמערקזאַמקייט. ער איז באַזונדערס געווען פילבאַר צו יעדן, וואָס נייטיקט זיך אין הילף, אומבעראַכמאָנעסדיק צו גרויזאַמקייט און באַרבאַרישקייט, צו דעם אַלעמען, וואָס פאַרלעצט די רעכט פונעם מענטשן אַף גליק. פונעם דאָזיקן טיפן מיטגעפיל לעגאַבע דעם מענטשלעכן גורל, וואָס עס דולדעט ניט קיין שום גלײַכגילט, ציִען זיך אומזעבאַרע פעדעם צו דאַנטען און שעקספּירן, מאָצאַרטן און פּושקינען, דאָסטאָיעווסקין און שאָלעם־אַלייכעמען. שאָסטאַקאָוויטש האָט פּאָרגעזעצט די הומאַניסטישע טראַדיציעס, אָן וועלכע ס'איז ניט דענקבאַר קיין שום עכטע קונסט. צו וועלכע טעמעס דער קאָמפּאָזיטאָר זאָל זיך ניט געווען ווענדן, זאָל עס זײַן די פאַרגאַנגענהײַט פון אונדזער היימלאַנד (די וועלט פון אומרעכט און רוטינע, וועלכע שטויסט קאַטערינע איזמאַילאָווע צו באַגיין א פאַרברעכן; די וועלט פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג און פּײַן אינעם ציקל „פון דער יידישער פאָלקס־דיכטונג"), אָדער די קריטיק פון די רעשטלעך פונעם אָוואַר אין דער 13־טער סימפאָניע און אין די ראָמאַנסן אַף יע. דאָלמאַטאָווסקיס לידער, — אומעטום לאָזט זיך פילן די ברענענדיק־אַקטועלע איבערלעבונג פונעם קינסטלער, זײַן לייד און פּײַן, זײַן טיפער מיטגעפיל צו די געליטענע. ס'איז דער נאָגנדיקער האַרצווייטעק פון א שעפער — א הומאַניסט. „דער גרויסער עמעס וועגן דעם קליינעם מענטשעלע" — אַזוי האָט בילדעריש אָנגערופן א. סאָכאָר זײַן אַרטיקל וועגן דעם יידישן ציקל פון ד. ד. שאָסטאַקאָוויטש.

דאָס דאָזיקע ווערק, וואָס איז געפּרעסט אין פאַרנעם, קאָן לויט זײַן רעאַליסטישער דראַמאַטישער שפּאַנונג און גוואַלדיקער עמאָציאָנעלער אָנגעגליטקײַט געשטעלט ווערן אין איין ריי מיט די בעסטע שאַפונגען פונעם קאָמפּאָזיטאָר. עס איז בעלי־סאָפּעק איינס פון די אָנגעזעענסטע ווערק אין דער סאָוועטישער מוזיק.

אין יעסאָד פונעם ציקל זײַנען אויסגעקלייגט יידישע פאָלקסטימלעכע לידער אין א רוסישער איבערזעצונג. לויט זײַן סטרוקטור קאָן ער אײַנגעטיילט ווערן אין צוויי אָפּטיילן. אין ערשטן קומט די האַנדלונג פאָר אין דער גרויליקער ווירקלעכקײַט פונעם פאַררעוואָליוציאָנערן רוסלאַנד, אינעם צווייטן ווערט געשילדערט די סאָוועטישע וואָר, בייס יעדער מענטש פון די פריִער אונטערדריקטע פעלקער האָט צוערשט דערפילט זײַן פּערזענלעכע מענטשלעכע ווירדע. דער קינסטלערישער „איבערוואָג" פאַלט, אָן סאָפּעק, אַף דעם ערשטן טייל. און דאָס איז ניט שווער צו דערקלערן: עס זאָלן אין דער פולער מאָס אָפּגעשאַצט ווערן די שינויִים, וועלכע זײַנען פאָרגעקומען אינעם מאַטעריִעלן און גײַסטיקן לעבן פון דעם סאָוועטישן מענטשן, איז אומבאַדינגט נייטיק דער פאַרגלײַך מיט דעם, וואָס איז געווען אין דער פאַרגאַנגענהײַט. דאָס געוועזענע דערשײַנט איצט פאַר אונדז ווי א קאָשמאַרפולער כאָלעם, אָבער דאָס פאָלק האָט אים אויסגעווייטעקט און אָנשוילעך פאַרקערפּערט אין זײַן דיכטונג. און ווען דאָס ווערט אויפגעלעבט אונטער דער צויבער־פעדער פון א גרויסן קינסטלער, דערשיטערט עס דעם צוהערער און צווינגט אים אַרײַנדרינגען אינעם וועלטל פונעם „קליינעם מענטשעלע", זיך פרייען מיט זײַנע פריידן, זיך פּײַניקן מיט זײַנע ליידן. כאַראַקטעריסטיש איז דאָס, וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר באַמיט זיך געבן אין יעדן מוזיקאַלישן נומער א טיפּיש פּסיכאָלאָגיש שטייגעריש בילדל, דאָסראָוו אין דער פאָרם פון א מאָנאָלאָג אָדער דיִאַלאָג. אין דער דאָזיקער שעפערישער מאַניר לאָזט זיך אײַנזען א בוילעטער העמשעך פון די טראַדיציִעס פון דער רוסישער רעאַליסטישער שול. ס'איז גענוג צו דערמאָנען מ. מוסאָרגסקין מיט זײַנע שטייגעריש־מוזיקאַלישע בילדלעך פונעם לעבן פון דעם פּראָסטן פאָלק („קאַליסטראַטושקאַ", „די לידער און טענץ פון טויט").

אין שאָסטאַקאָוויטשעס ציקל „פון דער יידישער פאָלקס־דיכטונג" זײַנען די געשטאַלטן,

וי אין אַן אָפּערע, פּערזאָניפיצירט און עקספּאַנירט. דאָס זײַנען לעבעדיקע מענטשן, זייער איבערליידן זיך ווערט איבערגעגעבן מיט דער הילף פון מוזיקאַלישן דיאַלאָג, זייערע טרוימען און מאַכשאָוועס — דורך דער מאָנאָלאָג־פאָרם. וויפל געשטאַלטן — אַזויפיל פאָרמען פון קינסטלערישער פאַרקערפּערונג. עס באַקומט זיך דער אײַנדרוק, אַז דער קאָמפּאָזיטאָר האָט דאָס אָדער יענץ בילדל ערגעץ־ווו צוגעזען, ערגעץ־ווו אונטערגעהערט. ער איז דערבײַ בײַגעווען אַלס לעבעדיקער איידעס. ס'זײַנען מערקבאַר געוויסע באַריר־פּונקטן צווישן שאָסטאַקאָוויטשן און אַזעלכע קינסטלער, לאָמיר זאָגן, ווי דאָסטאָיעווסקי און שאָלעם־אַליכעם.

אין סאַמע אָנהייב פונעם ציקל הערן מיר א שמועס צווישן צוויי פרויען: איינע דערציילט דער צווייטער פּראַטים וועגן דעם טויט פון דער שכײנעס א פּיצל קינד. געטויט האָט דאָס אייפּעלע דער הונגער, דער דאַלעס. די דאָזיקע טרויעריקע געשיכטע בילדעט א מין פּראָלאָג צו דעם גאַנצן ערשטן טייל פונעם ציקל — עס האָט אַן אָטעם געטאָן מיט טויט. „דאָס געוויין איבער דעם געשטאָרבענעם אייפּעלע" — אַזוי הייסט די ערשטע ליד פונעם ציקל.

די צווייטע ליד שטעלט מיט זיך פאָר א פאַמיליען־סצענקע („די זאָרגפולע מאַמע און די מומע"). דאָ האָבן מיר יענץ קליינטשיק „פרייד־אינדזעלע", אָן וועלכן דאָס לעבן פונעם מענטשן אין יענע אומדערטרעגלעכע באַדינגונגען וואָלט פאַרלאָרן יעדן רעאַלן זין. דאָס טמימעסדיקע ניגנדל פאַרייניקט האַרמאָניש אין זיך שטריכן פון קינדערישער שפּילעוודיקײַט און נאַציאָנאַלער מעלאָדישקײַט.

„א וויגליד" — די מוטער האָט זיך אָנגעבויגן איבער דעם וויגעלע, מיר זעען אירע טרערן, הערן אירע זיפצן, וועלכע זי באַמיט זיך פאַרהילכן מיט דעם זיך איבערכאַזערנדיקן רעפרען „באַיו־באַיו".

„פאַר דער צעשיידונג אַף לאַנג" — א דיאַלאָג צווישן א באָכער און א מיידל. זייער ערשטע ליבע האָט זיך נאָך ניט באַוויזן צו צעבליִען און איז שוין פאַרורטיילט צום אומקום. די אומשטענדן, אין וועלכע זיי לעבן, לאָזן ניט, אַז זיי זאָלן גליקלעך זײַן אַף דער דאָזיקער ערד.

„די וואָרענונג" — דאָס איז א מוזיקאַלישע צײַכענונג פון דער לעבנס־כאָכמע פונעם ייִדישן פאָלק.

„דער פאַרלאָזענער פאָטער" — א טרויעריקע געשיכטע וועגן סאָציאַלן אומרעכט, וועלכער געבוירט פאַרברעכנס און צעשטערט נאָרמאַלע באַציִונגען צווישן נאָענטע מענטשן.

„דאָס ליד וועגן דער נויט" — א טראַגישער פריילעכס. דאָ דערגרייכט דער ייִעש דעם העכסטן שטאַפּל.

„ווינטער" — א שוידערלעך בילד פונעם דערוואַרטעטן טויט־אָנקום. דאָס געהויל פונעם שניי־שטורעם, וואָס גייט איבער אין א ווײ־געשריי, איז א דערשיטערנדיקער לויט איר דראַמאַטישער און קלאַריסטישער קראַפט קינסטלערישע האַמצאָע פונעם געניאַלן קינסטלער־הומאַניסט.

ווינטער! וויפל פרייד ברענגט געוויינלעך פאַר די קינדער די דאָזיקע צײַט פון יאָר! דאָ אָבער אַסאָציִירט זיך דער ווינטער מיט שווערע ליידן.

טויט שרײַען, טויט יאָמערן, קינדער,
ס'איז ווידער דער ווינטער שוין דאָ!

א קורצע באַשרײַבונג פון דער עמאָציאָנעלער אָנלאָדונג פון באַזונדערע לידער אינעם ציקל איז, נאַטירלעך, ניט בעקויעך איבערצוגעבן אפילו א הונדערטסטײַלעך פון דער אומיטלבאַרער אויפווירקונג פון דער מוזיק אַף דעם צוהערער, זי העלפט נאָר אויפצונעמען דעם מעהוס פון דער טעמע. די פּראָבלעם פון סאָציאַלער אומגערעכטיקייט, פון דער בײַטיקײַט פון סאָציאַלע ענדערונגען — איינע פון די שאַרפסטע און אייביק אַקטועלע טעמעס — האָט שטענדיק געדעגט די בעסטע פאָרשטייער פון דער פּראָגרעסיווער קונסט. אין זײַן ציקל „פון דער ייִדישער פאָלקס־דיכטונג" באַמיט זיך שאָסטאַקאָוויטש אויפצודעקן די דאָזיקע טעמע אין פסיכאָלאָגישן פּלאַן.

ביז די לעצטע טעג פון זײַן לעבן איז דער קאָמפּאָזיטאָר געווען קאָמפּראָמיסלאָז לעגאַבע יעדער דערשײַנונג פון בייז און גוואַלדטאַט, פון צוויִעס און שעקער. אין מעשעך פון זײַן גאַנצער שעפערישער טעטיקײַט, אין פאַרשיידענע זײַנע אַרבעטן, האָט ער שאַרף קריטיקירט די נעגאַטיווע דערשײַנונגען, וועלכע זײַנען אין א גרויסער מאָס צו אונדז געקומען אַלס יערושע פון דער פאַרגאַנגענהייט, — צום בײַשפּיל, אין די „סאַטירעס" אַף די טעקסטן פון סאַשאַ טשאָרניס לידער, אין די ראָמאַנסן לויט די טעקסטן פונעם זשורנאַל „קראָקאָדיל" אין דער 13־טער סימפאָניע.

די דאָזיקע „ניט גאָר געוויינלעכע" סימפאָניע, וועלכע איז צוערשט אויפגעפירט געוואָרן אינעם גרויסן זאַל פון דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע דעם 18 דעקאַבער 1962, האָט גלײַך צוגעצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקײַט פון דער מאָסקווער געזעלשאַפטלעכקײַט. א „ניט גאָר געוויינלעכע" דערפאַר, ווײַל זי שטעלט מיט זיך פאָר א סינטעז פון וואָרט און

מוזיק. די „מיטארבעט״ צווישן וואָרט און מוזיק איז קלאל קיין נײַס ניט אין דער מוזיק־געשיכטע. קאנטאטעס, אָראטאָריעס, אָפערעס, כאָרן, לידער, רעליגיעזע מוזיק — אין די אלע אויסגערעכנטע זשאנרען גיסן זיך ענג צונויף די דאָזיקע ביידע מעקוירעס. אָבער וואָס האָט עס צו טאָן מיט א סימפאָניע? קעדיי צו ענטפערן אָף דער דאָזיקער פראגע, איז נייטיק שטעלן א צווייטע: וואָס איז אזוינס א סימפאָניע?

קוידעמקאָל, איז עס א גרויס ציקליש ווערק, וואָס ווערט אויפגעפירט פון אן אָרקעסטער. מיט דעם וואָרט „סימפאָניע״ אסאָציִירן מיר געוויינלעך אויסערסט באדײַטנדיקס, צומאָל אָף אזויפיל ערנסטעס, אז פאר דעם ניט געשולטן צוהערער דערשײַנט עס קימאט ווי אזוינס, וואָס שטייט איבער דעם מענטשלעכן פארשטאנד. ניט צופעליק ווערט אין דער כאראקטעריסטיק פונעם שאפן פון יעדן גרויסן קאָמפאָזיטאָר קוידעמקאָל אָפגעמערקט די סימפאָנישע שאפונג. זי איז די העכסטע דערגרייכונג צווישן די קאָלערליי מוזיקאלישע פאָרמען און זשאנרען, ווײַל זי האָט זיי אלע סינטעזירט און איז דעריבער דערהויבן צו אזא מין קונסט־פאָרם, אין וועלכער די וועלט־אָנשויונג פונעם מענטשן האָט געפונען איר אמייסטן פולע און שליימעסדיקע אָפשפיגלונג. באזונדערע טיילן פון א סימפאָניע שפיגלען אָפ די באציִונג פונעם מענטשן צו פארשיידענע לעבנס־אספעקטן. דער סימפאָנישער ציקל צוזאמענגענומען בילדעט די סומירונג און אנטהאלט אין זיך אָף אזא אויפן א באשטימטע פילאָסאָפישע קאָנצעפציע. עס איז דאָ א באגריף „סימפאָניזאציע״, וועלכער באטײַט א מין פאראלגעמיינערונג, א מין דיִאלעקטישע אנטוויקלונג אין דער מוזיק, אן ארויסגעזאָגטע קאָנצעפציע. אזא מין אָפעראציע האָט שאָסטאקאָוויטש דורכגעמאכט מיט דעם טעקסטועלן מאָקער פון זײַן 13־טער סימפאָניע. דער קאָמפאָזיטאָר האָט „סימפאָניזירט״ 5 באזונדערע לידער פון יע. יעווטושענקאָ, זיי דערהויבן צו א טיפער פילאָסאָפישער פאראלגעמיינערונג. די פינף לידער אנטשפרעכן די פינף טיילן פונעם סימפאָנישן ציקל.

דער ערשטער טייל איז „באבי יאר״. דער אָנהייב פון דער סימפאָניע גיט שוין גלײַך דאָס רעכט זיך אָפצוטראָגן צו שאָסטאקאָוויטשעס סאמע פובליציסטישע ווערק. דאָ ווערט אָנגעגריפן איינע פון די אומענטשלעכע דערשײַנונגען אין דער מאָדערנער וועלט — די ראסן־דיסקרימינאציע, עס ווערט פראָקלאמירט די אידיי פון פעלקער־סאָלידאריטעט. דאָס, וואָס דער קאָמפאָזיטאָר האָט גראדע אינעם ערשטן טייל אויסגענוצט דעם טעקסט פון „באבי יאר״, זאָגט אײדעס, אז די טעמע רעגט אים שטארק און אז ער איז אויסן, זי זאָל רעגן אויך דעם צוהערער, ניט דערלאָזן, אז יענער זאָל פארבלײַבן גלײַכגילטיק.

די אופווירקונגס־קראפט פון דער סימפאָניע איז אין א גרויסער מאָס באשטימט דורך דעם אָנטייל פונעם כאָר. טאקע דער כאָר איז דאָ דער טרעגער פונעם עפישן יעסאָד. די דערציילונג ווערט געפירט ניט נאָר אין נאָמען פון אן איינצלנער פערזאָן, נאָר אין נאָמען פונעם גאנצן פאָלק. דער סאָליסט און דער כאָר — דער יאָכיד און דאָס פאָלק — זיי זײַנען אייניק אין זייערע שטאנדפונקטן, אייניק אין זייער אָפשאצונג פון דער באבי־יאר־טראגעדיע — דעם סימבאָל פונעם מאָדערנעם וואנדאליזם.

איינע פון די כאראקטעריסטישע באזונדערקײַטן פון שאָסטאקאָוויטשעס פראָגראמאטישע סימפאָניעס איז די אָנוועזנהײַט פונעם טעאטראלן מאָמענט, פון בוילעטע וויזועלע אסאָציִאציעס. אין דער 13־ער סימפאָניע העלפט דער כאָר מיט דער פארשטארקונג פון אָט דעם וויזועלן עלעמענט. פאר דעם צוהערער ווערן מאמעש דעמאָנסטרירט א ריי „קאדרען״ פון די פארברעכנס, וועלכע ראסיסטן זײַנען באגאנגען אין פארשיידענע צײַטן אין פארשיידענע ערד־טיילן. די ארויסגענומענע פונעם אָוואר געשטאלטן פון דרייפוסן און פון אנע פראנק זײַנען ווי אין א ראם אײַנגעפאסט אין דער טעמע פון „באבי יאר״. דאָס איז א רעקוויִעם. א שטומער און גלײַכצײַטיק שרײַענדיקער דענקמאָל, וואָס וואָרנט, אז קיינמאָל און אין קיין שום אָרט, מיט קיין שום פאָלק טאָר זיך אזא טראגעדיע ניט איבערכאזערן.

דער צווייטער טייל פון דער סימפאָניע — „הומאָר״ — אנטשפרעכט דעם כאראקטעריסטישן פאר יעדן סימפאָנישן ציקל טייל, וואָס הייסט געוויינלעך סקערצאָ. דאָס איז א מין געפרעסטע אנטאָלאָגיע פון הומאָר. די טאנץ־ריטמען זײַנען דאָ נאָענט צו די פאָלקסטימלעכע מוזיקאלישע זשאנרען.

דער דריטער טייל — „אין מאגאזין״ — איז א לויבגעזאנג דער פרויען־מי, א הימן דער האָרעפּאשניצע. דער פערטער טייל — „פכאָדים״ — א קריטישער איבערבליק פון די רעשטלעך פון דער פארגאנגענהײַט, וועלכע שטערן דעם פולשטענדיקן אופשווונג פון די גײַסטיקע קרעפטן פונעם מענטשן און האמעווען אין לעצטן סאכאקל די אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט.

דער פינאל פון דער סימפאָניע הייסט „די קאריער״. די לויטערע לירישע מוזיק דעקט אוף דעם זין פונעם באדינגלעכן נאָמען. דער לירישער העלד בלעטערט אוף אין זיקאָרן מוסטערן פון געזעלשאפטלעכער מעסירעס־נע־




די הילע פון דער זאַמלונג „נײַע ייִדישע לידער“ מיט ד. שאָסטאַקאָוויטשעס אַרײַנפֿיר

פּעש אינעם לעבן פֿון אַנגעזעענע אין דער געשיכטע פּערזענלעכקײַטן. דאָס זײַנען מוסטערן, וואָס האָבן, אין בעסטן זין פֿון דעם באַגריף, פּאַרדינט, מע זאָל זיי נאָכפֿאָלגן. עס איז פּאַראַן באַ וועמען זיך צו לערנען לעטויוועס די אידעאַלן פֿון הומאַניזם, לעטויוועס דעם פּאָרשריט פֿון דער געזעלשאַפֿט באַם אויסקלײַבן זיך א וועג אין לעבן — אזא איז, אַזוי צו זאָגן, דער מוסרהאַסקל פֿונעם דאָזיקן טייל.

מיר האָבן דאָ געגעבן א מין קורצן קאָנספּעקט פֿונעם פּראָגראַמאַטיש־טעמאַטישן אינהאַלט פֿון דער 13־טער סימפֿאָניע. איר פֿילאָסאָפֿישער זין, איר קאָנצעפּציע איז די שטרעבונג פֿון אַלע פּאַרגונפּטיקע מענטשן צו שאָלעם און פֿרידלעכער מי, דער ווילן ניט צו דערלאָזן נײַע טראַגעדיעס, דער דראַנג צו באַפֿרײַען די מענטשהײַט פֿון די קייטן פֿון באַרבאַרישקײַט און אומגערעכטיקײַט.

עס איז אומעגלעך אין א קורצן אַרטיקל אַרומצוכאַפּן אַלע זײַטן פֿון שאָסטאַקאָוויטשעס שאַפֿן. נאָר אַף איין כאַראַקטעריסטישן מאָמענט ווילט זיך באַזונדערס אָפּשטעלן. א ריי פֿאַרשער פֿון שאָסטאַקאָוויטשעס מוזיקאַלישן דענקען ווײַזן אָן אַף דער נאָענטקײַט צו דער ייִדישער פֿאָלקס־מוזיק פֿון אייניקע מוזיקאַלע באַאַרבונגען, וועלכע דער קאָמפּאָזיטאָר האָט גענוצט. שווער צו זאָגן, פֿונוואַנען עס שטאַמט די דאָזיקע נאָענטקײַט. אגעוו, איז אזא דערשײַנונג אין דער קונסט, ווען דער אָדער יענער שעפֿער נוצט אויס אין זײַנע ווערק כאַראַקטעריסטישע עלעמענטן פֿון אַן אַנדער קולטור, בעדערעך־קלאַל קיין נײַס ניט. פּאַרקערט, דער אינטערעס צו שכיינעסדיקע אָדער אַפֿילע טעריטאָריַעל און כראָנאָלאָגיש דערווײַטערטע קולטורן לאָזט זיך מערקן אינעם שאַפֿן פֿון פֿיל שרײַבער, מאָלער, מוזיקער.

דעם רוסישן מאָלער ווערעשטשאַגין האָט שטאַרק צוגעצויגן צו זיך די טעמאַטיק פֿון מיטל־אַזיע, נ. רעריך האָט אַרויסגעוויזן א באַזונדערע אופֿמערקזאַמקײַט צו דער בודיסטישער קולטור. דעם פֿראַנצויזישן מאָלער פּ. גאָגען זײַנען געווען צום האַרצן אַפֿריקאַנישע מאָטיוון, זש. ביזע האָט אין זײַן באַרימטער אָפּערע „קאַרמען“ אויסגענוצט אָריגינעלע ציגײַנערישע, שפּאַנישע, קובינישע מעלאָדיעס. מ. ראַוועל האָט א באַדײַטנדיקן טייל פֿון זײַן שאַפֿן פֿאַרבונדן מיט דער שפּאַנישער מוזיקאַלער קולטור (די קאָמישע אָפּערע „די שפּאַנישע שאָ“, דאָס סימפֿאָנישע ווערק „באָלעראָ“ און אַנדערע). וואָס שײַעך דער רוסישער מוזיק — איז דאָ פֿאַשעט אַנטשטאַנען א באַזונדערער שעפֿערישער געביט, וואָס קען באַדינגלעך אָנגערופֿן ווערן „דער רוסישער מיזרעך“. עס איז אַלגעמיין באַקאַנט דער פֿאַקט, אַז עס איז קימאַט ניט געווען קיין איינציקער באַוווסטער רוסישער קאָמפּאָזיטאָר, וואָס זאָל געווען בײַשטיין דעם ניסאָיען, אַף דעם אָדער יענעם אופֿן אָפּצושפּיגלען זײַן אייגענע פֿאַרשטעלונג וועגן דעם מיזרעך. געוונג צו דערמאָנען דעם רײַכן אָריענטאַלישן קאָלאָריט אין רימסקי־קאָרסאַקאָווס „שעכערעזאַדע“, די מיזרעך־טענץ אין טשײַקאָווסקיס באַלעט „שטשעלקונטשיק“, די פּערסישע טענץ אין מוסאָרגסקיס „כאָוואַנשטשינע“, די טעמפּעראַמענטפֿולע טענץ אין גלינקאָס „רוסלאַן און לודמילע“, די פּאָלאָוועצער טענץ אין באָראָדינס „דער פֿירשט איגאָר“, באַלאַקירעווס פֿאָרטעפּיאַנישע פּאָעמע „איסלאַמיי“. די דאָזיקע רעשימע קען מען פֿאַרלענגערן אָן א שיר.

אין דער סאָוועטישער צײַט, אין די ראַמען פֿון אונדזער פֿילנאַציאָנאַלער מעלוכע, וואַקסט נאָך מער דער אינטערעס צו דער קולטור פֿון די ברידערלעכע פֿעלקער, שטאַרקט זיך אַלץ מער דער שעפֿערישער קאָנטאַקט מיט זיי. דער מאָלער פּעטראָוו־וואָדקין, צום בײַשפּיל, באַזוכט אין די ערשטע יאָרן פֿון דער סאָוועטנמאַכט מיטל־אַזיע, שאַפֿט דאָרט א ריי אָריענטאַלישע צייכענונגען און א ליטעראַרישן עסקיז אונטערן נאָמען „סאַמאַרקאַנדיע“. דער קאָמפּאָזיטאָר ס. באַלאַסאַניאַן איז געווען דער שעפֿער פֿון דער ערשטער טאַדזשיקישער אָפּערע „דער אופֿשטאַנד פֿון וואָסע“, און ער האָט זײַן ווײַטערדיקן שאַפֿן פֿאַרבונדן מיט דעם פֿאָלקלאָר פֿון די מיזרעך־לענדער. ס. פּראָקאָ־

פיעוו נוצט אויס אין זײַן צווייטן סטרונע־קווארטעט קאַבאַרדינישע פאָלקס־מאָטיוון, ד. שאָסטאַקאָוויטש שאַפט דעם ציקל „פון דער ייִדישער פאָלקס־דיכטונג".

א באַזונדער אָרט האָט צווישן דער מיזרעך־טעמאַטיק אין דער רוסישער קונסט פאַרנומען די ייִדישע און ציגײַנערישע טעמעס. ראַכמאַנינאָוו שרײַבט זײַן אָפּערע „אַלעקאָ" לויט פּושקינס „ציגײַנער". בא פּושקינען איז דאָ אויך א ליד „אין ייִדישן הײַזל א לעמפּל" — מער ווי מיט א יאָר הונדערט שפּעטער שאַפט שאָסטאַקאָוויטש מוזיק צו דער דאָזיקער ליד. לערמאָנטאָוו זעצט פרײַ איבער צוויי „ייִדישע מעלאָדיעס" פון בײַראָנס ציקל אונטער דעם זעלבן נאָמען. קופּרין שרײַבט זײַן „גאַמברינוס", אין וועלכן ער דעקט אויף א רײ סאָציאַלע מאָמענטן אינעם ייִדישן לעבן. מוסאָרגסקי שאַפט צוויי דערשיטערנדיקע לויט זייער טיפקײַט קאָנטראַסט־געשטאַלטן אין דער פאָרטעפּיאַנער מיניאַטיור „צוויי ייִדן: א גוויר און א קאַפּצן", וועלכע גייט אַרײַן אינעם ציקל „בילדלעך פון דער אויסשטעלונג" (לויט די בילדער פונעם מאָלער הארטמאַן). אין א פריִערן פּעריאָד פון זײַן שאַפן האָט מוסאָרגסקי אָנגעשריבן זײַן „ייִדישע ליד" אָף דעם טעקסט פונעם דיכטער ל. מעי אין דעם דראַמאַטישן מאַנאָלאָג „דער קיניג שאול" אָף בײַראָנס ווערטער. א. בלאָק אינטערעסירט זיך מיט ציגײַנערישער טעמאַטיק אין זײַן ציקל „קאַרמען", און דער קאָמפּאָזיטאָר ס. פּראָקאָפּיעוו שרײַבט אין 1919, לויט דער באַשטעלונג פונעם ייִדישן אינסטרומענטאַלן אַנסאַמבל „זימרא", די „אוווערטיור אָף ייִדישער טעמאַטיק". אין 1934 קומט אויף דער וואַריאַנט פון דער דאָזיקער אוווערטיור פאַר א סימפאָנישן אָרקעסטער. עס איז, אגעוו, דער ערשטער פאַל אין דער רוסישער מוזיק, ווען א קאָמפּאָזיטאָר נוצט אויס אָריגינעלע מאָטיוון פון ייִדישע פאָלקס־לידער (אין דער ערשטער טעמע פון דער אוווערטיור הערן זיך דײַטלעך די באַקאַנטע אינטאָנאַציעס פון דער פּאָפּולערער פאָלקס־ליד „מעכוטאָנים גייען").

שאָסטאַקאָוויטש האָט זיך ניט באַנוצט מיט פאָלקלאָר־אויסצוגן. מיר האָבן בא אים צו טאָן בלויז מיט א טאָנאַלער נאָענטקײַט, דערבײַ האָט ער אַקצענטירט די כאַראַקטעריסטישע באַזונדערקײַטן פון זײַן מוזיקאַלישן דענקען, וועלכע פאַלן צונויף מיט די באַזונדערקײַטן פון דער ייִדישער פאָלקס־ליד. דאָס האָט א שײַכעס אין דער ערשטער ריי צו דער נידעריקער II, צו די הויכע IV און VI שטופן פון זײַן מינאָרישער באַפאַרבונג. ס'איז גוט באַקאַנט, אַז מיט דער דאָזיקער באַפאַרבונג, וועלכע איז אים באַזונדערס נאָענט, האָט ער זיך באַנוצט א צײַט לאַנג איידער ער האָט געשאַפן דעם „ייִדישן ציקל". אינעם ציקל גופא האָט ער זי באַוווסטזיניק אַקצענטירט, דאָס הייסט — ער האָט זי באַנוצט אַלס מיטל באַם שאַפן רעאַליסטיש־רעליעפע געשטאַלטן. נאַטירלעך איז דעריבער די טענדענץ צו אַסאָציִירן מיט די לידער פון דעם ציקל „פון דער ייִדישער פאָלקס־דיכטונג" כאַראַקטעריסטישע פאַר זיי אָדער ענלעכע צו זיי אינטאָנאַציעס אין אַנדערע שאָסטאַקאָוויטשעס ווערק. גאַנץ מעגלעך, אַז ניט שטענדיק טוען מיר עס מיט רעכט. אַליין דער קאָמפּאָזיטאָר האָט די דאָזיקע טעמעס ניט באַצייכנט אַלס „ייִדישע". עס האַנדלט זיך אין א באַשטימטער אידענטישקײַט צווישן די אינטאָנאַציעס. די נאָענטקײַט



ד. שאָסטאַקאָוויטש אָף א שפּאַציר



דמיטרי שאָסטאַקאָוויטש אין דער שטאָט גאָרקי אפן פעסטיוואַל „הײַנטצײַטיקע מוזיק", געווידמעט זײַן שאַפונג. 1964

צו די טאָנאַלקײַטן פון דער ייִדישער פאָלקס־מוזיק, וועלכע מיר טרעפן בא שאָסטאַקאָוויטשן, ווי ביכלאל זײַן אינטערעס צו דער ייִדישער קולטור, זײַנען ניט צופעליק, ווי מיר האָבן עס אויבן געזען, ווען מיר האָבן אופגעדעקט די גנאָסעאָלאָגישע וואָרצלען פון דער דאָזיקער דערשײַנונג. מיר וועלן זיך דערלויבן ברענגען אייניקע בײַשפּילן.

אין דער פרעליודיע fis-moll פונעם פּאָלי־פאָנישן ציקל „24 פרעליודיעס און פוגעס" טרעפן מיר, כוץ דער אויבנדערמאָנטער כאַראַקטעריסטישער באַפאַרבונג, אַזאַ ריטמיש־פאַקטורישע סטרוקטור, וואָס דערנעענטערט די דאָזיקע מוזיקאַלישע פּיעסע צו דער ייִדישער מוזיק. די היסטאָרישע דערפאַרונג באַווײַזט, אַז ווי האַסטיק די מוזיק־קונסט זאָל זיך ניט אַנטוויקלען, איז אויב זי איז עכטע קונסט, רײַסט זי קיינמאָל ניט איבער אירע פאַרבינדונגען מיט איר שטאַם, דאָס הייסט, מיט דער רייד־אינטאָנאַציע (דעם אורקוואַל פון געזאַנג) און מיט דער באַוועגונג (דעם אורקוואַל פון טאַנץ). די ליד און דער טאַנץ זײַנען, ווען זיי ווערן ברייט באַטראַכט, די אורקוואַלן פון דער מוזיק. אין שאָסטאַקאָוויטשעס מוזיק זײַנען די דאָזיקע ביידע געזונטע מעקוירעס שטענדיק אַנוועזנד, נאַטירלעך, אין א באַרײַכערטער און מאָדערניזירטער פאָרם. שאָסטאַקאָוויטש שרעקט זיך ניט אָפּ צו געבן, ווו ס'איז אים נייטיק, א בוילעטן טאַנץ־יעסאָד (מע דאַרף, אגעוו, פאַרמאָגן היפּש דרייסטקײַט, קעדיי צו געברויכן הײַנט־צו־טאָג אַן איינפאַכן דיאַטאָנישן אַקאָרד אָדער סטאַם אַן איינפאַכן ריטם, מע זאָל ניט באַשולדיקט ווערן אין „אַלטמאָדישקײַט"). שאָסטאַקאָוויטש טוט עס טאַקע אין דער דערמאָנטער פרעליודיע: מיר האָבן דאָ אַן אויסגעשפּראָכענעם ריטמישן גרונט, וואָס דערטראָגט די באַוועגונג פון א האַסטיקן ייִדישן טאַנץ, און אין דער מעלאָדיישער שטים לאָזן זיך הערן די שטופנווײַז אַראָפּנידערנדיקע צווייקלאַנגיקע רעפרענען, וואָס זײַנען, ווי באַוווסט, א כאַראַקטעריסטישער עלעמענט אין פיל ייִדישע לידער (צום בײַשפּיל, אינעם פאָלקס־ליד „דאָס פריילעכע שנײַדערל"). עס פאַרדינען אופמערקזאַמקײַט די סטרוקטורישע איבערכאַזערונגען פון מאָטיוון אָדער פראַזעס — אַן עלעמענט, וואָס איז אייגנטימלעך דער פאָלקס־ליד ביכלאל (ניט נאָר דער ייִדישער).

ענלעכס דאַרף געזאָגט ווערן וועגן דער מוזיקאַלישער טעמע פונעם ערשטן טייל פון דעם 7־טן סטרונע־קוואַרטעט. אָבער באַזונדערס זײַנען אין דעם פראַט כאַראַקטעריסטיש די מוזיקאַלישע טעמעס אינעם פינאַל פונעם טריאָ פאַר פידל, וויאָלאָנטשעל און פיאַנאָ צום אָנ־

דענק פון אי. אי. סאָלערטינסקי, דעם קאָמפּאָזיטאָרס א נאָענטן פרייַנט (געשאַפן אין 1945). דאָס דאָזיקע טריִאָ פארמאָגט פיר טיילן און צייכנט זיך אויס מיט דער טיפקייַט פונעם אינהאלט, מיט שפּאָרזאמקייַט פון די קינסטלערישע מיטלען און מיט עמאָציִאָנעלער אָנגעפילטקייַט. דאָס איז א גענִיאַלער העמשעך פון דער סעריע קלאַוויר־טריִאָס „צום אָנדענק פון א גרויסן קינסטלער", וואָס דעם אָנהייב פאר דעם האָט אוועקגעלייגט פּ. אי. טשייַקאָווסקי.

דער אָנפאנג פונעם פינאל, וואָס קומט גלייַך נאָך דער אייַנגעהאלטענער, טיף־טרויעריקער טשאקאָנע (אינעם דריטן טייל), מאכט דעם אייַנדרוק פון עפּעס א פאנטאסטישן טאנץ. אוןווירקלעך, די הויפּט־טעמע, דער רעפרען פון דעם דאָזיקן טייל, וואָס איז געבויט אף זיך איבערכאזערנדיקע מאָטיוון, אסאָציִירט זיך מיט א „ניטבאלעבטן" טאנץ. דער דאָזיקער טאנץ אנטוויקלט זיך לאנגזאם, זייַן טעמבראלע באפארבונג ווערט וואָס ווייַטער אלץ טונקעלער, אלץ גרויזאמער. פון אים ווייעט מיט פראָסטיקער קעלט. עס איז אן אייגנארטיקער „מייסים־טאנץ". די צוויי אנדערע טעמעס שיידן זיך אונטער פון דער ערשטער מיט זייער שטארקער עמאָציִאָנעלער אָנגעלאָדנקייַט. ביידע אויסערסט עקספּרעסיווע טעמעס זייַנען לויטן גייַסט נאָענט צו דער יִדישער מוזיק. כאראקטעריסטיש איז דער פאקט, וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר האָט שפּעטער אויסגענוצט די צווייטע טעמע אין זייַן בארימטן אכטן סטרונעקווארטעט „צום אָנדענק פון די קאָרבאָנעס פון פאשיזם און פונעם קריג". גאנץ מעגלעך, אז אזא מין טעמאטישע „ארקע" איז ניט קיין צופעליקייַט. אינעם קווארטעט קלינגט די דאָזיקע טעמע אף אזויפיל אייַנדרוקספול, אז עס דאכט זיך — ניט די אינסטרומענטן זינגען, נאָר די אין אוניסאָן קלינגענדיקע שטימען פון די פילצאָליקע דערמאָרדעטע און פארברענטע מענטשן.

פון די אלע געבראכטע בייַשפּילן לאָזט זיך זען, אז דמיטרי שאָסטאקאָוויטש האָט אף פארשיידענע אופאנים טראקטירט און אויסגענוצט באזונדערע עלעמענטן פון נאציִאָנאלע מוזיקאלע באפארבונגען. עס דאכט זיך, אז עס איז שווער איבערצושאצן יענעם גרויסן צושטייַער, וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר האָט אריַינגעטראָגן אין דער אנטוויקלונג פון דעם פאָלקסמעלאָס, אינעם אופדעקן די שיינקייַט און די רייַכקייַט, וועלכע ס'פארבאָרגט אין זיך אויך די יִדישע מוזיק.

די דאָזיקע שעפע און פּראכט זייַנען, אדאנק דער שאפונג פונעם גרויסן קינסטלער, געוואָרן א פארמעגן, וואָס געהער צו אלע פעלקער. אליין דער פאקט, וואָס די יִדישע פאָלקסדיכטונג איז פארייביקט געוואָרן אין די ראמען פון פּראָפעסיִאָנעלער קלאסישער קונסט פון א וועלט־ראנג, זאָגט איידעס וועגן שאָסטאקאָוויטשעס גרויסן בייַטראָג אין דער אנטוויקלונג פון דער יִדישער קולטור. די באציִונג פונעם קאָמפּאָזיטאָר גופע צו דער יִדישער נאציִאָנאלער מוזיקאלער קולטור־אנטוויקלונג אין פּסער קאָן מען פארגלייַכן מיט דער אופמערקזאמקייַט, וועלכע מ. גאָרקי האָט געווידמעט דער שאפונג פון שאָלעם־אלייכעמען און פון דער יִדישער ליטעראטור ביכלאל. שאָסטאקאָוויטשעס האקדאָמע צו דער זאמלונג „נייַע יִדישע לידער", וועלכע איז ארויס אין 1970 אין פארלאג „סאָוועטסקי קאָמפּאָזיטאָר", איז דורכגעדרונגען מיט סימפּאטיע, זאָרג און גלויבן אין דער אנטוויקלונג פון דער יִדישער ליד.

די גאנצע פּראָגרעסיווע מענטשהייַט וועט שטענדיק דאנקבאר זייַן דעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר שאָסטאקאָוויטש פאר זייַן הומאניזם, פאר דער נעשאָמע־שיינקייַט, מיט וועלכער ער האָט אונדז אף שטענדיק באשאָנקען. טאקע אף שטענדיק, ווייַל עכטע קונסט איז אומשטערבלעך.

ייִדיש — א. ראסקין



הערש רעמעניק

# נאָטיצן פון א קריטיקער

אין דער ליטעראַטור און אין דער קונסט פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז געוואָרן שטאַרק די טענדענץ צו פילאָסאָפיע און אינטעלעקטואַליזם. דער קינסטלער שטרעבט צו פאַרקערפּערן און אויסדריקן די דערשײַנונגען און געשעענישן פונעם לעבן ניט בלויז דורך קינסטלערישע בילדער און געשטאַלטן, נאָר אויך דורך אידייען און אַמאָל אַפילע, אין טאָך, דורך אופקלערן און איבערגעבן אידייען, אלס גרונט־זשאַנער פונעם ווערק. אין דער פּאָעזיע, אין דער פּראָזע, דראַמאַטורגיע טרעט דער קינסטלער אָפט אַרויס ניט ווי אַ מאָלער, דערציילער, שילדערער, נאָר דעריקער אלס דענקער, פּריידיקער, אינטעלעקטועלער באַטראַכטער פונעם היסטאָרישן לעבן. דאָס קינסטלערישע ווערק באַקומט דעמלט אַ נײַע סטרוקטור. דער צענטער ווערט אַריבערגעטראָגן פון דער דעטאַל אַפן אַלגעמיינעם, פונעם יאָכיד אַפן קלאַל, פון דער אינדיווידועלער פּסיכאָלאָגיע אַף דער סאָציאַלער קאָנצעפּציע, פון דער געשיכטע פונעם מענטשן אַף אַנטפּלעקונג פון דער צײַט. פּיקאַסאָ האָט אַמאָל באַמערקט: „אייניקע האָבן געוואָלט מאָלן די וועלט אַזוי, ווי זיי האָבן זי געזען. איך וויל מאָלן די וועלט אַזוי, ווי איך דענק זי". אַפילע אַזאַ שרײַבער־רעאַליסט, ווי אוליאַם סאַראָיאַן, האָט קאַטעגאָריש דערקלערט: „די פונקציע פון דער ליטעראַטור איז — פאַרוואַנדלען די געשעענישן אין אידייען". די זשאַנערן און פאָרמעס פון דער ליטעראַטור באַקומען אַ נײַעם אויסזען און אַ נײַע קוואַליטעט. עס שאַפט זיך דער קאָנצעפּטואַליסטישער ראָמאַן, די קאָנצעפּטואַליסטישע דראַמע, די קאָנצעפּטואַליסטישע דיכטונג אָדער ליריק.

דערמיט איז ניט געזאָגט, אַז ביז דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז די קונסט ניט געווען פאַרבונדן מיט פילאָסאָפיע, אַז זי האָט בלויז געמאָלט קאָנקרעטע בילדער, גויראָלעס פון מענטשן, קאָנקרעטע געשעענישן און דערשײַנונגען. דאָס קאָנקרעט געשילדערטע איז ניט שטענדיק דאָס באַצויבערנדיקע אין דער ליטעראַטור. דאָס געמיינטע, אָדער אַפילע דאָס געדאַכטע און פאַרבאַרגענע איז אַמאָל מער צוציִענדיק לויט דער ווירקונגס־קראַפט, ווי דאָס קלאָר אָנגעמאָלטע און דערציילטע. געטע האָט געזאָגט: „אַ קינסטלעריש ווערק דערפירט אונדז צו היסלײַוועס און באַגײַסטערונג גראַד מיט יענעם טייל זײַנעם, וואָס איז אומדערגרייכבאַר פאַר אונדזער באַוווּסזיניקער דערקענטשאַפט. פון דעם איז טאַקע אָפּהענגיק די מעכטיקע אופווירקונג פונעם שיינעם און ניט פון יענע טיילן, וועלכע מיר קאָנען אַנאַליזירן פולשטענדיק". אַן עכט קינסטלעריש ווערק איז שטענדיק אומעגלעך אויסצושעפּן אַפילע אין סאַמע דורכדרינגלעכן און טיפן אַנאַליז. נאָך אַזאַ מין אַנאַליז וועט פאַרט בלײַבן עפּעס אַזוינס, וואָס איז „העכער פונעם לאָגישן באַוווּסטזײַן".

די פאַרשטאַרקונג פונעם אינטעלעקטואַליזם אין דער ליטעראַטור פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז פאַרבונדן מיט די אויסערגעוויינלעך גיכע דינאַמישע ענדערונגען אין דער אַנטוויקלונג פון דער וויסנשאַפט און טעכניק, מיט אירע שטורמישע דערגרייכונגען, פון איין זײַט, און מיט די סאָציאַלע היסטאָרישע קאַטאַקליזמען, מיטן אומקום פון אַלטע וועלטן און מיטן אופקום פון נײַע געזעלשאַפטלעכע פאַרמאַציעס, פון דער צווייטער זײַט. דאָס אַלץ האָט געפונען אַ בולטן אויסדרוק אין דער שאַפונג פון אַזעלכע שרײַבער, ווי וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי, בערטאָלד ברעכט און אַנד.

אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז דער שטאַרקסטער אינטעלעקטואַליסטישער קינסטלער געווען י.־ל. פּערעץ, וועלכער האָט געשאַפן קאָנצעפּטועלע ווערק: דראַמעס, לידער און פּאָעמעס, קאָנצעפּטועלע נאָוועלעס. אין פּערעצעס ווערק איז טאַקע וויכטיק דאָס דענקערישע מער, ווי דאָס עמאָציאָנעלע, דאָס געמיינטע מער, ווי דאָס אַרויסגעזאָגטע, דאָס געהיימע מער, ווי דאָס אַנטפּלעקטע.

נאָך פּערעצן האָבן אין דער ייִדישער ליטעראַטור אַנטוויקלט דאָס אינטעלעקטואַליסטישע און דאָס דענקערישע ה. לייוויק, דאַוויד האָפּשטיין, דער ניסטער, ש. האַלקין; אין דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראַטור מוישע אַלטמאַן, יאַנקעוו שטערנבערג, אַרן ווערגעליס, מאַרק ראַזומני.

דער אינטעלעקטואַליזם אין דער קונסט און אין דער ליטעראַטור איז געווענדעט קעגן טאָטאַליטאַריזם, וואָס וויל זיך באַזירן אַפן פאַרנונפט, קעדיי צו פאַרניכטן דעם ווילן, דעם געפיל, די עמאָציאָנעלע אייגנשאַפטן פון דער



9*

מענטשלעכער נאַטור, קלוימערשט צוליב „העכערע" אינטערעסן. אזא טאָטאליטאריזם איז געווען דער דײַטשישער פאשיזם, וועלכער האָט שטענדיק געהאנדלט „פארנונפטיק". דאָס אש פון די קאָרבאָנעס פון די קרעמאטאָריעס אין אָשווענטשים, מײַדאנעק, טרעבלינקע איז „פארנונפטיק" אויסגענוצט געוואָרן אף באמיסטיקן די פעלדער און העכערן די גערעטעניש, די הויט פון מענטשן — אף אבאזשורן, די האָר — אף אָנפילן מאטראצן, דאָס פעטס — אף מאכן זייף! אין פערעץ מארקישעס ראָמאן „טראָט פון דורעס" ווערט טאקע געוויזן אָט די ראציאָנאליזאטאָרישע אידייען פון די דײַטשישע באציסטן — די ייִדן אין ווארשעווער געטאָ זעען זייף, וואָס מע האָט געמאכט פון די קערפערס פון ייִדן אין די קרעמאטאָריעס. אין נאָמען פונעם פארנונפט ווערט בארעכטיקט די פארניכטונג פון מענטשן. דער פראנצויזישער שרײַבער עקזיסטענציאליסט אלבער קאמיו שטעלט ארויס אין דער פיעסע „באלאגערונגצושטאנד" דעם „פירער" טשומא, וועלכער האָט צוגעטראכט א פארנונפטיקע אָרגאניזאציע פון דער געזעלשאפט, א פולשטענדיק ראציאָנעלן לעבנס־סיידער, גיכער — טויט־סיידער. ער דערקלערט די בירגער די נויטווענדיקײַט פון אָרגאניזירט זיי אומברענגען:

„— יאָ, איר זײַנט ביז איצט שלעכט געשטאָרבן. געשטאָרבן פון יענעם, געשטאָרבן פון דעם, געשטאָרבן אין בעט, געשטאָרבן אף דער ארענע, — דאָס איז געווען פארדאָרבנקײַט. צום גליק, וועט אָט דער כאאָס ווערן אדמיניסטרירט. איין טויט וועט זײַן פאר אלעמען, לויט א באפעל און אין העסקעם מיט דער פולקומער אָרדענונג, יעדערער וועט האָבן זײַן טויט־קארטל, איר וועט שוין מער ניט שטארבן לויטן קאפריז... פון איצט אָן וועט דער גורל זײַן פארנונפטיקער, ער וועט באקומען זײַן ביוראָ. איר וועט דיסקאָנטירט ווערן אין דער סטאטיסטיק און וועט זײַן צוליב עפעס נוצלעך... אָבער היט זיך פאר זינלאָזע אידייען, פאר נעשאָמע־אופברויז, ווי איר רופט דאָס, קורץ, פאר א קליינעם קאדאָכעס, וואָס רופט ארויס גרויסע אופשטאנדן"...

דער היטלערישער טאָטאליטארישער „פארנונפט" איז געווען דער הויכפונקט פון איראציאָנעלן ראציאָנאליזם, פונעם נידעריקן כײַישן אינסטינקט, די פארניכטונג פונעם מענטשלעכן אינעם מענטשן. דאָס איז געווען פארנונפט אָן מענטשלעכן געוויסן. אָבער די קינסטלערישע דעמאסקירונג פונעם טאָטאליטאריזם אין די ווערק פון די מאָדערניסטן (קאמיו, יאָנעסקו און אנד.) איז ניט גענוג ווירקנדיק, ווײַל זיי אפעלירן בלויז צו דער עמאָציע, צו אונטערבאוווסטזיניקע אינסטינקטן.

גאָר אנדערש איז דער אינטעלעקטואליזם אין דער סאָוועטישער ליטעראטור. דאָ איז פאראן א הארמאָנישער אָרגאנישער סינטעטישער קינסטלערישער צוגאנג צו די סאָציאלע דערשײַנונגען און פראָצעסן פון דער געזעלשאפט און פון דעם אינדיווידום, פון סייכל און עמאָציע, פון לאָגיק און אינטויציע. אין דער סאָוועטישער ליטעראטור און אין דער אויסלענדישער פראָגרעסיווער ליטעראטור ווערט פארקערפערט דער מענטש אלס צענטראלער באוועגנדיקער קויעך פון דער צײַט און פון דער עפאָכע, אין וועלכער דער מענטש לעבט, קעמפט, שאפט.

פאר דער אינטעלעקטואליסטישער טענדענץ אין דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראטור איז באזונדערס כאראקטעריסטיש די שאפונג פון מוישע אלטמאנען. ער איז ניט בלויז א באדײַטנדיקער קינסטלער אין דער ליטעראטור נאָר א אויסגעשפראָכענער נאָוואטאָר, און טאקע מיט זײַן אינטעלעקטואליזם, מיט זײַן דענקערישער אידייִשער באטראכטונג פון היסטאָרישע און שטייגערישע דערשײַנונגען, מיט זײַן אלזײַטיקער קינסטלערישער ערודיציע. איך שטעל זיך דאָ ניט קיין ציל צו געבן א גענויע כאראקטעריסטיק פון מוישע אלטמאנס שאפן, ווי אויך פונעם שאפן פון אנדערע שרײַבער, וועגן וועלכע עס וועט דאָ גיין א רייד. איך וועל בלויז אונטערשטרײַכן די אייגנשאפטן פון אלטמאנס פראָזע אין אספעקט פון אינטעלעקטואליזם.

„געלויבט זײַ, דו פארהוילענער, וואָס האָסט געגעבן לעבן. טויזנט מאָל געלויבט זײַ, וואָס האָסט געגעבן טויט... טויט! האָפענונג און טרייסט מײַנע... איך גלייב אין דיר. איך בין זיכער אין דיר.

און דאָך בין איך מעקאנע דיר, אָ, רוזשאנקע!"

מיט אזא פאטעטישן גאנג הייבט אָן דער אווטאָר זײַן מיניאטיור „רוזשאנקע", וועלכע איז א פארקערפערונג פון פראָטעסט קעגן טויט און בלוטפארגיסונג. דאָס איז ניט קיין דערציילונג, ניט קיין נאָוועלע, ניט קיין נאָוועלעט. אן אנדער סטרוקטור האָט דאָס ווערק. אפן צווייטן אָרט טרעט אָפ דאָס מעלאָדישע, דאָס דערציילערישע, דאָס פסיכאָלאָגישע, אפילע דאָס עמאָציאָנעלע. אפן ערשטן אָרט שטעלט זיך אוועק דאָס פאטעטישע, דאָס אידייִשע, וואָס שליסט אײַן אין זיך סוביעקטיווע, עמאָציאָנעלע, אווטאָביאָגראפישע עלעמענטן.

דאָס אינטעלעקטואליסטישע און דאָס דענקערישע בא אלטמאנען איז כאראקטעריסטיש ניט בלויז פאר אזעלכע פערל, ווי „רוזשאנקע" אָדער „די הייליקע נאסטאסיע", נאָר אויך פאר די גרעסערע ווערק „מעדרעש פינכאָס", „שמעטערלינגען" און אפילע פאר די טיפישע נאָוועליסטישע זאמלונגען „בלענדעניש", „די ווינער קארעטע" און פאר די שאפונגען פון אלטמאנס סאָוועטישן פעריאָד. איך מיין אפילע, אז די פילזשאנערדיקײַט אלטמאנס, זײַן דראמאטורגיע, זײַן עסטעטיק — דאָס אלץ איז פארבונדן מיט דעם אינטעלעקטואליסטישן, דענקערישן גאנג, מיט דער אינטערנאציאָנאלער קולטור, מיט דער רוסישער ווירקונג, מיט

דער נאציאָנאלער טראדיציע, מיט דער טראדיציע פונעם טאנאך און פריִען רענעסאנס.

אז מע לייענט מוישע אלטמאנס „א געשיכטע מיט א ליבע", „אן אלטע באלאדע אָן גראמען", „אין דער טיף פונעם שפיגל", „די שפיל ארום א שטעקן" (פון דער סעריע „געשיכטע מיט אן אלטן ארטיסט"), „ווי פארקויפט מען קינדערשע סוויטערס" און אנד., זעט מען פאר זיך ניט בלויז א גרויסן מײַסטער, נאָר אן עקספערימענטאטאָר, א שטענדיקן זוכער און געפינער, אן אנטדעקער פון נײַע וועגן אין קינסטלערישן שאפן.

אינטעלעקטואליזם באטײַט ניט קיין ווילקיר פונעם אווטאָר, עס הייסט ניט, אז ער מעג און דארף שרײַבן, ווי עס גלוסט זיך אים, ווי עס קומט אים אין קאָפּ ארײַן, און וויבאלד דאָס ווערק איז פובליקירט, איז שוין פארפאלן. די זוכונגען, דער עקספערימענט זײַנען פרוכטבאר, ווען זיי זײַנען שעפעריש. נאָוואטאָרישקײַט באטײַט שעפערישע פרײַהײַט. אין דער סטרוקטור פונעם ראָמאן „מעדרעש פינכאָס" פלעכטן זיך איבער אלערליי פאָרמעס — פילאָסאָפישע באטראכטונגען, מעמואריסטיק, פסיכאָלאָגישע שילדערונגען, שטייגער־בילדער, עסעיִסטישע און פובליציסטישע אָפּווענדונגען. און פאָרט איז פאראן אינעם ווערק די אינערלעכע קינסטלערישע איינהײַט, די גאנצקײַט און פארענדיקטקײַט, וואָס רופט ניט ארויס קיין שום ווידערשטאנד באם לייענער, נאָר, פארקערט, פירט אים נאָך זיך און באהערשט זײַן געפיל און באוווסטזײַן.

דער רעאליזם פון מוישע אלטמאנס שאפן שליסט אײַן, אזויארום, דאָס דענקערישע, דאָס פילאָסאָפישע, דאָס אינטעלעקטואליסטישע אין א פולער איינהײַט מיטן מאָלערישן, דערציילערישן און עמאָציאָנעלן. דאָס דערציילערישע, דאָס שילדערישע באקומט אן אינערלעכן גײַסטיקן שעפערישן אימפולס, וואָס עס גיט צו דעם ווערק אידייִשע באשטימטקײַט, צעמענטירטקײַט, וואָגיקײַט. יאָ, ניט צופעליק פילט זיך אין מוישע אלטמאנס ווערק א באשטימטע ציִונג צו פערעצעס קאָנצעפטואליזם, וואָס האָט טאקע געבראכט אלטמאנען צו „מאָניש" (א פאָלקס־שפיל לויט די מאָטיוון פון י.־ל. פערעץ).

יאנקעוו שטערנבערג, וועגן וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט, אז ער איז געווען איינער פון די אָנגעזעענע אינטעלעקטואליסטן אין דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראטור, האָט גערעדט וועגן „מעקאיעם זײַן פאָשעטע מענטשלעכע פליכטן". זײַן אינטעלעקטואליסטישע ליד איז אינגאנצן דורכגעדרונגען מיט טיפן פילאָסאָפישן באטראכטן די ווירקלעכקײַט און די עפּאָכע. דעם גאנג פון דער אלמענטשלעכער און ייִדישער געשיכטע, די קולטור און די קונסט־שעפער, אָנגעהויבן פון דעם גרויען אוראלט און ביז אונדזערע טעג. אין דער זעלבער צײַט איז זײַן דיכטערישער אינטעלעקטואליזם ליריש, עמאָציאָנעל, אָנגעזעטיקט מיטן פאטאָס פון סינע צו די מענטשן־פארדאָרבער („אייכמאנס אש") און פון טרויער און בענקשאפט נאָך פרײַנט. די אידיי פון פרײַנטשאפט צו מענטשן, צו כאווערים איז גאָר שטארק אויסגעדריקט אין דער ליד „פון א געוויסן עלטער אָן":

פון א געוויסן עלטער אָן
אין יעדן מענטשן רײַפט די איִעוו־דראמע...
די איִעוו־לײַדן מאמעש וואָס, ווי רויזן, פלאמען,
ווי בונטע רויזן זיך אין אונדז צעפלאמען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

איז ווו זשע זײַנען יענע גוטע־פרײַנט,
אָן וועלכע אויך איִעוו אָרעמער מיר שײַנט?
ווו זײַנען מײַנע גוטע־פרײַנט,
וואָס זײַנען טײַערער בא מיר פון איִעווס
גיטער?
ווי שטרוי האָט זיי צעזייט, צעטראָגן דער
געוויטער
אײַניינעם מיט דער שײַן, מיט וועלכער זיי
האָבן אונדז באשײַנט...

די אוראלט־גרויע איִעוו־דראמע, וואָס איז פארלאָפן מיט טויזנטער יאָרן צוריק, באקומט מיטאמאָל דורך אינטעלעקטואליסטישער פאָרשטעלונגס־קראפט, דורך קינסטלערישן און דענקערישן קויעך־האדימיען א נײַעם קער און ווערט טראנספאָרמירט אין טיפער רירנדיקער בענקשאפט נאָך מענטשן, נאָך פרײַנט. די אינטעלעקטואליסטישע ליריק פאָרט צונויף די פילאָסאָפישע און היסטאָרישע אסאָציאציעס מיט איצטיקע געפילן און איבערלעבונגען.

ענלעכע דערשײַנונגען טרעפן מיר ניט בלויז אין דער שאפונג פון אזעלכע עלטערע שרײַבער, ווי מוישע אלטמאן און יאנקעוו שטערנבערג, וועלכע זײַנען געקומען אין דער ליטעראטור אין אויסלאנד, נאָר אויך אין דער שאפונג פון די הײַנטצײַטיקע שעפער. אין דער ערשטער ריי האָב איך אינזינען ארן ווערגעליסעס ווערק.

ווערגעליס האָט אָנגעהויבן זײַן ליטעראַרישן וועג ווי אן אויסגעשפּראָכענער ליריקער, א פייזאזשיסט. זײַן ערשטע דיכטערישע זאמלונג „באם קוואל" איז אינגאנצן אָנגעזעטיקט מיט נאטור־ליריק. עס האָט זיך געקאָנט שאפן אן אײַנדרוק, אז מיר האָבן צו טאָן מיט א פאָעט, וואָס איז ניט שטארק גענייגט צו געזעלשאפטלעכער פראָבלעמאטיק. די ווילדע ווײַטמיזרעכדיקע טײַגע האָט אים מיסטאמע מער גערעגט, ווי די נאציאָנאלע פראָבלעם. דער מענטש און די נאטור האָבן פארנומען דעם אויבנאָן אין זײַנע לידער.

די מילכאָמע און די געשעענישן, וואָס זײַנען מיט איר פארבונדן, די היסטאָרישע אנטוויקלונג נאָך דער מילכאָמע און ביז אונדזערע טעג האָבן געגעבן א נײַע ווענדונג ווערגעליסעס שעפערישער אנטוויקלונג. מיר דערזעען פאר זיך א טיפישן אינטעלעקטואליסטישן קינסטלער, וועלכער וויל רעגן דעם לייענער

ניט בלויז מיט בילדער און עמאָציעס, נאָר דעריקער מיט דענקערישן פאטאָס און מיט אידייִשער קאָנצעפטואליסטישער באטראכטונג פון די אלוועלטלעך־היסטאָרישע פראָצעסן אין אונדזער עפאָכע. ווערגעליס, דער הײַנטיקער אויסגעשפראָכענער קינסטלער־אינטעלעקטואליסט, שטעלט פאר זײַנע ווערק דעם ציל — סײַ באווײַזן, סײַ דערווײַזן; אופטרייסלען מענטשלעכע הערצער סײַ עמאָציאָנעל, סײַ און דעריקער מיטן קויעך פונעם געדאנק. און דאָס ברענגט אים צו דער פארברייטערונג, צו פילזײַטיקייט פון קינסטלערישע פאָרמעס און זשאנרען. ווערגעליס איז א ליריקער און איינצײַטיק דער אוטאָר פון עפישער דיכטונג, פון אָריגינעלע ליריש־פראגמענטארישע עקספערימענטאטאָרישע פאָעמעס; ער שרײַבט אויך דראמאטישע פאָעמעס, טרעט ארויס אין זשאנער פון רײַזע־פארצייכענונגען, בריוו־רעפאָרטאזשן, עסעיִסטיק, פובליציסטיק, ליטעראטור־פאָרשונג און קריטיק, ער קומט צום לייענער מיט עפעס אזוינס, וואָס האָט אפילע קיין טערמין ניט אין דער ליטעראטור־טעאָריע („נאָטיצן אָן א סיידער"...), און לעצטנס — מיט א ראָמאן („די צײַט").

כאראקטעריסטיש פאר ווערגעליסן איז דער עקספערימענט, דאָס שטענדיקע זוכן, דאָס שטרעבן צו נײַעם אינהאלט און צו נײַער פאָרם. אין אלע זשאנרען פון זײַן שאפן שטויסט ער זיך אָפ פון אײַנגעשטעלטע קאָנאָניזירטע קלאָלים און שאפט אָדער נעמט זיך צו שאפן נײַס. די לעצטע צײַט האָט ער פארעפנטלעכט א דיכטעריש ווערק, וואָס טראָגט דעם נאָמען „דאָס גאָלדענע פינגערל" און דארף, אפאָנעם, זײַן אָנהייב פון א פאָעמע. דערווײַל אָבער זײַנען פאראן צוועלף ארײַנפירן צו דער פאָעמע, און די פאָעמע גופע איז ניטאָ, און מע ווייסט ביכלאל ניט, צי וועט זי אפילע זײַן, די פאָעמע. אלנפאלס, דער דיכטער, דער אוטאָר פון די צוועלף ארײַנפירן צו דער פאָעמע, גאראנטירט אונדז ניט די פאָעמע גופע. ער איז, פארקערט, איבערצײַגט, אז די צוועלף ארײַנפירן זײַנען אן „ארכיטעקטאָנישע גאנצקייט", וואָס קאָן שוין פארנעמען אן אָרט אין דער דיכטונג אָן דער פאָעמע, אומאָפהענגיק פון דעם, צי זי וועט יאָ זײַן, צי ניט. און איך מיין, אז דער אוטאָר איז גערעכט. אויב אין די צוועלף ארײַנפירן זײַנען קינסטלעריש פארקערפערט די אידייען, וועלכע באהערשן דעם דיכטער, אויב ער האָט אין אָט די ארײַנפירן דערפילט, ווי ווערגעליס אליין שרײַבט, „אז אין מײַן אינערלעכער וועלט פולסירן איצט גאנץ קאָנקרעטע אקטועלקייטן אין דער פאָרם פון שארפע, ניט צוגעפוצטע פראגן, אף וועלכע אנדערע מענטשן גיבן, קאָן זײַן, אן ענטפער, וואָס באפרידיקט מיך ניט, און זי, די אינערלעכע וועלט מײַנע, האָט איר אייגענע טשוווע אף זיי", — אויב דאָס איז אזוי, איז דען אן אונטערשייד — צי ווערט דאָס ווערק אָנגערופן „פאָעמע" אָדער „ארײַנפיר צו דער פאָעמע"? מיר ווייסן דען ניט, אז מאיאקאָווסקי האָט דאָס ווערק „מיט דער פולער שטים" באשטימט אלס „ערשטן ארײַנפיר צו דער פאָעמע", וואָס איז טאקע ניט אָנגעשריבן געוואָרן? דאָס באטײַט אָבער, אז נאָך דעם ערשטן ארײַנפיר האָבן געקאָנט און עפשער געדארפט קומען נאָך ארײַנפירן, און, קאָן זײַן, טאקע אלע צוועלף ארײַנפירן! א דיכטער מעג זיך פארגינען.

וויכטיק איז, וואָס אָט די צוועלף ארײַנפירן שטעלן מיט זיך פאָר אן עכט קינסטלערישע רעאקציע אף וויכטיקע פראָבלעמען פון דער עפאָכע, אף אקטועלע פראגן פונעם לעבן, פונעם מענטשלעכן זײַן, און טאקע פון אונדזער ייִדישן סאָוועטישן לעבן און זײַן, פון אונדזער קולטור און ליטעראטור. דאָס איז אין טאָך אינטעלעקטואליסטישע ליריק, וועלכע איז אָרגאניש פאר ווערגעליסעס שאפן אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר; אינטעלעקטואליסטישע ליריק, וואָס איר פאעטישער גלי איז ניט ווייניקער עמאָציאָנעל, איידער די סאמע צארטע ליבע־ליריק. איך נעם פאר א בײַשפיל די לירישע מיניאטיור „טרײַשאפט".

פרוווט אין קעלער מיך פארשליסן,
פרוווט מיך האלטן אין א צוים.
עס איז מעגלעך אנטי־וויסן,
ס'איז ניט מעגלעך אנטי־טרוים.

מיט אן אומוועג, דורך א שפעלטל
כ'וועל צום קוואל אוועק געהיים.
עס איז מעגלעך אנטי־וועלטן,
ס'איז ניט מעגלעך אנטי־היים.

כ'וועל זיך לאָזן קאָסטן טײַער —
בלויז די היים זאָל זײַן געבענטשט.
עס איז מעגלעך אנטי־כײַע,
ס'איז ניט מעגלעך אנטי־מענטש.

אָט דער ארײַנפיר (דער דריטער) צו דער פאָעמע איז פארבונדן מיט ווערגעליסעס דיכטונג אינגאנצן גענומען, באזונדערס מיט זײַנע לידער און פאָעמעס „טרעבלינקער שטיינער", „דער מענטש", „קאָסמישע פאָעמע", „איך רעד צו דיר, אמעריקע", „דער אָנהייב און דער סאָף", „דאָס געזאנג וועגן יוסעף בומאגין", „דאָס געזאנג וועגן קאלמענס הענט", „לידער וועגן טויט" און נאָך פיל אנדערע. דאָס אלץ איז אינטעלעקטואליסטישע דיכטונג וועגן דער עפאָכע אָדער, ווי דער דיכטער רופט דאָס, „די צײַט".

אָבער מיט דיכטערישער שאפונג באפרידיקט זיך שוין ניט ווערגעליס. די שטרעבונג וואָס מער אויסצודריקן די צײַט ברענגט אים, ווי איך האָב שוין געזאָגט, צו נײַע און נײַע פאָרמעס פון ליטערארישן שאפן. ער גיט זיך א קער צו פראָזע און שאפט א גרויסע סעריע רײַזע־פארצייכענונגען און בריוו־רעפאָרטאזשן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר א גאנץ באזונדערע דערשײַנונג אין דער ייִדישער ליטעראטור. און אויך אין דעם זשאנער איז ער א קינסטלער אן אינטעלעקטואליסט, א פובליציסט, א

היסטאָריקער פון דער צײַט. איך מיין, אַז אין דעם דאָזיקן זשאַנער פון פובליציסטישער פאַרצייכענונג און עפּיסטאָליאַרישער פובליציסטיק איז דער קויעך און דערווײַל די מער באַדײַטנדיקע דערגרייכונגען פון ווערגעליסעס פּראָזע. ווײַל דאָ, אין דער קינסטלערישער פובליציסטיק, איז דער אינטעלעקטואַליזם, וועלכער איז אייגנטימלעך זײַן טעמפּעראַמענט, מער נאַטירלעך, דאָ פילט ער זיך אינגאַנצן פרײַ פון אַלערליי באַדינגלעכקײַטן, צו וועלכע ער קומט אָפט אָן אין אַנדערע שעפערישע פאָרמעס, לעמאָשל אינעם ראָמאַן „די צײַט".

באַדינגלעכקײַט איז אַ שטענדיקער באַשטאַנד־טייל פון דער קונסט און פון ליטעראַרישער שאַפונג. באַדינגלעכקײַט איז פאַרבונדן מיט שפּיל און מיט פאַנטאַזיע, מיט קינסטלערישן פאַרטראַכט. יעדעס קונסט־ווערק איז באַדינגלעך, אָבער אויף אַזאַ אופן, אַז עס זעט אויס ווי דאָס עמעסע נאַטירלעכע לעבן, און דערמיט ווירקט עס אָפן באַוווּסטזײַן און אויף די געפילן פונעם לייענער. אין אַן עכט קינסטלעריש ווערק ווערט דאָס באַדינגלעכע פאַרוואַנדלט אין נאָרמאַלן.

באַדינגלעכקײַט פאַרנעמט אַ ביז גאָר גרויס אָרט אין דער ליטעראַטור, וואָס מיר האָבן דאָ באַצייכנט אַלס אינטעלעקטואַליסטישע. דער שווייצאַרישער דראַמאַטורג פרידריך דיורענמאַט האָט געשאַפן אַ פּיעסע „פיזיקער", וועלכע איז סײַ לויט דער פאָרם, סײַ לויטן אינהאַלט געבויט אויף באַדינגלעכקײַט. עס גייט אַ רייד וועגן דרײַ מאַניאַקן, וואָס געפינען זיך אין אַ פּריוואַטן פּסיכיאַטרישן שפּיטאָל. זייער מאַניאַקאַלישקײַט באַשטייט אין דעם, וואָס זיי האַלטן זיך פאַר גאָר גרויסע געלערנטע — „ניוטאָן", „איינשטיין" און מעביוס. יעדערער פון זיי מיינט, אַז ער האָט אַנטדעקט אַ קויעך פון קאָלאָסאַלער מעכטיקײַט; אויב אָט די מעכטיקע קראַפט וועט אַרײַנפאַלן צו די פּאָליטיקער און מיליטאַריסטן אין די הענט, קאָנען יענע זי אויסנוצן צוליב פאַרכאַפּן די וועלט און אומברענגען זי. נאָכדעם ווײַזט זיך אַרויס, אַז מעביוס איז פּסיכיש געזונט און איז טאַקע אַ גרויסער געלערנטער, וועלכער באַהאַלט זיך אויס אין פּסיכיאַטרישן שפּיטאָל, פאַרשטעלנדיק זיך פאַר אַ פּסיכיש קראַנקן, און דאָרטן פאַרברענט ער אַלע זײַנע שריפטן, וווּ עס ווערט באַשריבן די וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונג. אויך די אַנדערע צוויי מעשוגאָים — „ניוטאָן" און „איינשטיין" — זײַנען ניט קיין מעשוגאָים, נאָר אויסשפּירער, וועלכע ווילן אַרויסבאַקומען דעם סאָד פאַר זייער מעלוכע.

אין אַזאַ ווערק איז שוין ניט וויכטיק די קונסט פון דערציילן, פון שאַפן טיפּן און געשטאַלטן, פון מאָלן דעטאַלן, אַנטפּלעקן פּסיכאָלאָגיע פון מענטשן. וויכטיק איז די אידיי, דער אומרו פונעם שרײַבער פאַר דער געפאַר פון דער אַלוועלטלעכער מעשוגאַעס, וואָס קאָן ברענגען צו אַן אַלוועלטלעכער קאַטאַסטראָפע. אין אַזעלכע פאַלן דאָמינירט די באַדינגלעכקײַט איבער דעם דערציילערישן און מאָלערישן.

ווערגעליסעס „די צײַט" איז אינגאַנצן קאָנסטרויִרט אויף באַדינגלעכן. די צײַט, די עפּאָכע — דאָס איז דער הויפּט־העלד פונעם ראָמאַן. די פּערסאָנאַזשן, וואָס ווערן אַרויסגעשטעלט, זײַנען לעבעדיקע מענטשן נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפל דער אווטאָר דאַרף זיי האָבן צו אילוסטרירן זײַן אידיי, זיי ווערן געבוירן, לעבן און קומען אום ניט זעלבשטענדיק, נאָר לויטן באַשלוס פונעם אווטאָר, דאָס הייסט, זיי זײַנען באַדינגלעכע צייכנס, שרײַפעלעך פון דער מאַשין, וואָס טראָגט דעם נאָמען „די צײַט". אויף אַזוי פיל איז אין דעם ראָמאַן אַלץ באַדינגלעך, אַז דער אווטאָר מישט זיך אַלעמאָל אַרײַן אין לויף פון דער שילדערונג. דער עסעיִסט און דער קריטיקער ווערגעליס העלפט אַלזײַטיק ווערגעליסן דעם ראָמאַניסט און בעלעטריסט. אַזאַ דערשײַנונג איז ניט קיין נײַס אין דער ליטעראַטור. שאָלעם־אַליכעם האָט נאָך אין 1887 יאָר אָנגעשריבן דעם ראָמאַן „סענדער בלאַנק" מיט אַן אונטערקעפּל „אַ ראָמאַן אָן אַ ראָמאַן". אין טאָך איז דאָס אויך געווען אַן אינטעלעקטואַליסטיש ווערק. דאָס זעלבע זעען מיר אויך בײַ די שוין דערמאָנטע מוישע אַלטמאַן, יאַנקעוו שטערנבערג. קיין איינעם פון זײַנע דרײַ לידער־זאַמלונגען האָט יאַנקעוו שטערנבערג ניט אַרויסגעלאָזט אָן זײַנעם אַ פאָרוואָרט. דער עסעיִסט שטערנבערג האָט גענוי דערקלערט אויף דער לאָגישער שפּראַך דעם שעפערישן טאָך און דעם זינען פון „שטאָט אין פּראָפיל" (1926), „ליד און באַלאַדע אויף די קאַרפּאַטן" (1968) און „אין קרײַז פון יאָרן" (1970), דעם טאָך און דעם זינען פון זײַן דיכטונג. און מע דאַרף אָנערקענען, אַז שטערנבערגס עסעיִסטיק איז אויך דיכטונג און גיט אַמאָל צו פאַרשטיין זײַנע אַ ליד ניט ווייניקער, ווי די ליד גופע.

מוישע אַלטמאַן האָט אויך, עמעס מיט באַדויערונג און היסנאַצלעס, אָבער פאָרט געהאַלטן פאַר נייטיק אָנשרײַבן אַ „פאָרוואָרט" צו זײַן ראָמאַן „מעדרעש פּינכאָס", האַגאַם ער האָט גלײַך אָפן שאַרבלאַט געשטעלט אַן אונטערקעפּל צו דעם נאָמען פונעם ווערק — „אויף די שפּורן פון מאָטל אומרו". דאָס „פאָרוואָרט" איז אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס דער אווטאָר וויל אַזויווי אָפּגרענעצן זיך פונעם העלד. אַלטמאַן שרײַבט:

„דער בוך איז געבויט אויף פאַרטיקן מאַטעריאַל: מאָטל אומרו'ס פאַרצייכענונגען זײַנען „בלעטלעך". דער בוך איז אַ רעסטאַווּרירונג־פּרווו פון אַ ווינקל פון אַ סוויווע אין אַ געוויסער צײַט. ער איז אַ „ראָמאַנסירטער" קאָמענטאַר. אָבער דער גאַנצער בוך געפינט זיך אונטער דער האַשפּאָע און צײַטנווײַז אַפילע אונטערן דרוק פון מאָטלס „בלעטלעך". מאָטלס רעפלעקסיעס זײַנען פיל מאָל אַרײַנגעקומען אין טעקסט, און ס'איז ניט אָנגעוויזן, אַז זיי זײַנען זײַנע. אומעגלעך געווען. אין סאָף פון בוך קומען עטלעכע אָריגינעלע בלעטלעך פון מאָטלען. דער לייענער וועט זיך קאָנען שאַפן אַ באַגריף וועגן דעם „אומרו". דער לייענער

קען טאָן אויך אַזוי: לייענען פּאַרויס מאָטלס „בלעטלעך" און דערנאָך אָנהייבן די אייגנטלעכע דערציילונג. ער וועט זיכער אַנטדעקן סטירעס צווישן מאָטלען און צווישן מעכאַבער אין דער אופאַסונג פון די כאַראַקטערן פון די פּאַרשוינען. עס איז אומפאַרמײַדלעך, ווײַל מאָטל איז אַליין אַ „צאַד", אַ נוגע בדבר. און דערצו איז ער אַן עקזאַלטירטער, ווי עס איז צו זען פון זײַנע „בלעטלעך"[1].

איך האָב געבראַכט קימאַט דאָס גאַנצע „פאָרוואָרט" אַלטמאַנס צו זײַן ראָמאַן, קעדיי עס זאָל קלאָר ווערן, אַז די אַרײַנמישונג פונעם אווטאָר צו זײַן ווערק איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ באַשטימטן מין ליטעראַטור, באַזונדערס אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. אין אַלטמאַנס פאָרוואָרט איז אינטערעסאַנט דאָס, וואָס דער אווטאָר וואָרנט, אַז דער לייענער „וועט זיכער אַנטדעקן סטירעס צווישן מאָטלען און צווישן מעכאַבער אין דער אופאַסונג פון די כאַראַקטערן פון די פּאַרשוינען".

אָרן ווערגעליס גייט נאָך ווײַטער. ער דערקלערט גאָר אײַנגאַנצן, אַז ניט ער, אָרן ווערגעליס, איז דער אווטאָר פונעם ראָמאַן „די צײַט", נאָר איינער אַ פּערסאָנאַזש, פּאַלעק טשאַרניצער. און, ווי עס זאָגט דאָרטן דער אווטאָר אין „עפּילאָג" — „ווילסטו — גלייב, ווילסטו — ניט". דער לייענער ווייסט אָבער — ווער דער אווטאָר איז. אין ראָמאַן „די צײַט" איז טאַקע פאַראַן אינטערעסאַנטע און נאָוואַטאָרישע געניג, אײַנפאַלן, אַנטדעקונגען. פאַראַן אויך אַזוינס, וואָס גלייבט זיך שווער.

וועגן מאַרק ראַזומנין האָט מען ביז איצט געשריבן באַ אונדז ווייניק. דאָס דערקלערט זיך מיסטאָם דערמיט, וואָס זײַן שאַפן, זײַנע ווערק זײַנען ווייניק באַקאַנט דעם לייענער און דער קריטיק. די ניט לאַנג דערשינענע זאַמלונג „ברייטער די טריט" גיט פונדעסטוועגן אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם כאַראַקטער פון זײַן שאַפן פאַר די לעצטע פופצן יאָר. אין אַט די יאָרן איז ער באַוווּסט געוואָרן אין אונדזער הײַנטצײַטיקער ליטעראַטור דעריקער מיט זײַנע נאָוועלעטן, אַ זשאַנער פון דערציילערישע מיניאַטיורן, אין וועלכן ער איז דער איינציקער. דערציילערישע מיניאַטיורן טרעפן מיר, עמעס, אויך באַ יעכיעל שרײַבמאַנען, אַמאָל — באַ שירע גאָרשמאַן. דאָס זײַנען אָבער, ערשטנס, געוויינלעכע נאָוועלן, די קליינע דערציילערישע פאָרמע, וואָס קאָן ווערן און ווערט גרעסער און גרעסער, אפילע ביז אַ גרויסער דערציילונג. און, צווייטנס, זײַנען זיי טאַקע דערציילעריש אָן דעם דענקערישן אינטעלעקטואַליסטישן מיין, וועגן וועלכן עס גייט אַ רייד אין אַט די נאָטיצן.

מאַרק ראַזומניס נאָוועלעטן זײַנען, פאַרשטייט זיך, דערציילעריש, מאָלעריש. דער אווטאָר שאַפט אַן אייגנאַרטיקן טיפּ פון אַ קליינער נאָוועלע, אין וועלכער עס איז פאַראַן אַ בילד פון דער נאַטור, פון שטייגער. אָבער דאָס אָנגעמאָלטע בילד האָט ניט קיין זעלבשטענדיקע באַדײַטונג פאַרן אווטאָר. דער אווטאָר איז זיכער אין זיך, אין זײַן מאָלערישער מײַסטערשאַפט. דאָס מײַסטעריש אָנגעמאָלטע בילד אַן און פאַר זיך גענומען איז אָבער שוין עפּשער גאָרניט אַזאַ מין כידעשדיקער אופטו. אַ קאַרטינע, — האָט געהאַלטן מענדעלע, — דאַרף זײַן ניט בלויז שיין, נאָר זי דאַרף מיד עפּעס לאָזן הערן. מענדעלע מויכער־ספאָרים איז פאַר זײַן צײַט אויך געווען אַן אייגנאַרטיקער אינטעלעקטואַליסט און אַ נאָוואַטאָר. און מיט אַט די וועגן גייען די הײַנטצײַטיקע אינטעלעקטואַליסטן מוישע אַלטמאַן, אָרן ווערגעליס און אויך מאַרק ראַזומני. מאַרק ראַזומניס נאָוועלעטן מוזן אומבאַדינגט אונדז עפּעס לאָזן הערן. צוליב דעם לאָגישן, דענקערישן און פילאָסאָפישן מיין שאַפט ער זײַנע בילדער. אין זײַנע נאָוועלעטן איז דאָס בילד קינסטלעריש פונקציאָנעל, ווײַל עס טראָגט מיט זיך אַן אויספיר. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, ניט קיין דידאַקטישער מאָשל, ווי עס קאָן אויבנאויף זיך אויסדאַכטן. דער פילאָסאָפישער אויספיר, די דענקערישע אידיי — דאָס איז דאָס זעלבע קינסטלערישע בילד.

„אין אַ פינצטערער נאַכט בין איך געשטאַנען אויפן ברעג יאַם און געזען, ווי פון צײַט צו צײַט לייגט זיך אויס איבער די כוואַליעס אַ קישעפדיקער סנאָפּ ליכט, געוואָרפן פון אַ ווײַטן לײַכט־טורעם. מיט פריידיקער שפּאַנונג האָב איך זיך צוגעקוקט, ווי העלדיש די בלענדיקע שײַן קעמט מיטן קאַם פון ליכט די צערפּאַטלטע כוואַליעס און ווײַזט אָן די אין ווײַטקײַטן בלאָנדזענדיקע שיפן זייער וועג איבער יאַמיקע טהאָמען.

נאָר ווײַל איך האָב געזוכט צו דערזען דעם לײַכט־טורעם גופע, — יענעם גיבער, וואָס שיט אַזוי ברייטהאַרציק אופּבליצן איבערן יאַם און האַלט אָפּ אַזעלכע וווּנדערלעכע ניצכוינעס איבערן כוישעך — האָב איך אים אָבער ניט געזען. געזען האָב איך נאָר זײַן ליכט, דער לײַכט־טורעם אַליין איז געבליבן אומבאַמערקט און באַשיידן, אַזוי, ווי ס׳איז באַשיידן יעדער בעעמעס גרויסער ליכט־ברענגער, יעדער, אין וועמעס שטראַלן עס לויכט אויף דער אַרום".

דאָס איז בלויז איינער פון די הונדערט צוויי און זעכציק נאָוועלעטן אינעם בוך „ברייטער די טריט". מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ קינסטלערישן מעטאַד פון מאָלן און באַטראַכטן דאָס לעבן, פון שילדערן און דענקען. מאַרק ראַזומני איז סײַ אַ גוטער מײַסטער צו דערציילן און סײַ אַ קלוגער לערער פונעם לעבן.

■ ■ ■

---

1 משה אַלטמאַן. מדרש פּנחס. ראָמאַן. פאַרלאַג „שלום עליכם", בוקאַרעשט, 1936, זז. 7־8.

יעשועַ ליובאָמירסקי

# וואָס פאַרנעמט איצט דעם אויבנאָן אינעם סאָוועטישן טעאַטער?

אין דער מערהייט סאָוועטישע טעאַטערן וויזט מען די לעצטע צייט פּיעסן, וואָס האָבן א שייכעס צו די פּראָבלעמען פון טעכנישן פּראָגרעס, דעריקער — וויאַזוי די וויסנשאַפטלעך־טעכנישע רעוואָלוציע ווירקט אָפּן באַוווסטזיין פון די אַרבעטער, וויאַזוי עס ענדערט זיך זייער פּסיכאָלאָגיע.

שוין אין די דרייסיקער יאָרן האָבן אַזעלכע פּיעסן פאַרנומען א באַדייטנדיקן פּלאַץ אַף די בינע־ברעטער פונעם סאָוועטישן טעאַטער.

אין 1927 האָט א. לונאַטשאַרסקי, אַרויסטרעטנדיק אַף א פּאַרטייִישער באַראַטונג, באַהויפּטעט, אַז אונדזער טעאַטער דאַרף פּאַרוואַנדלט ווערן אין א מעכטיק געווער אין פּראַצעס פון דערציִען באַ די סאָוועטישע מענטשן א נייעם צוגאַנג צו דער געזעלשאַפטלעכער מי.

די דראַמאַטורגיע האָט זיך דאַן באַרייכערט מיט אַזעלכע פּיעסן, ווי נ. פּאָגאָדינס „טעמפּ", „א פּאָעמע וועגן א האַק", „מייַן פריינט", וווּ דער טראָפּ איז געשטעלט געוואָרן דעריקער אַף דער פּסיכאָלאָגיע פון דער מאַסע, פונעם קאָלעקטיוו. דער דאָזיקער מאָטיוו האָט געפּונען נאָך א שטאַרקערן אָפּקלאַנג אין דער דראַמאַטורגיע פון די פופציקער יאָרן, ווען עס האָט אָנגעהויבן פיגורירן דער נייער פּערסאָנאַזש — אן אַרבעטער מיט א הויפּשן קולטור־באַגאַזש.

אָט אַזאַ טיפּ, לעמאָשל, טרעפן מיר אין א. קראָנס פּיעסע „דער פּאַרטיי־קאַנדידאַט". דער הויפּט־העלד איז דאָ א נאָוואַטאָר, וועלכער שטאָלצירט, וואָס ער באַלאַנגט צום אַרבעטער־קלאַס. די פּיעסע איז אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס אין איר ווערט באַטאָנט דער צוזאַמענשטויס צווישן צוויי לעבנס־אויפפאַסונגען: א געבראָוויכערישער און א שעפערישער. עס גייען זיך פאַנאַנדער די וועגן פון צוויי געוועזענע גוטע פריינט — לעאָנטיעוו און וואָסטריאַקאָוו. לעאָנטיעוו איז פאַרטאָן אין זוכן נייע, פּראָגרעסיווע אַרבעטס־מעטאָדן. באַ אים איז דער איקער — די פּראָדוקציר־אינטערעסן. לעהייפּעך צו אָט דער פּאָזיציע, באַמיט זיך וואָסטריאַקאָוו וואָס מער געווינען אייגננוץ אינעם זוכעניש־אימפּעט פון אַזעלכע פּאַרכושטע האַרפּאַשניקעס, ווי לעאָנטיעוו. און וואָסטריאַקאָוו געלינגט טאַקע פּאַקן א פּאַרנאַסע־שטעלע, ער ווערט אַן עכטער ביוראָקראַט.

די פּיעסע האָט אינעם צושוויער־זאַל אַרויסגערופן פיל לייַדנשאַפטן ניט נאָר אין די פופציקער יאָרן, ווען אַלעקסאַנדער קראָן האָט זי אָנגעשריבן, נאָר אויך אין אונדזער צייט, בעתשאַס איר ווידער־אויפלעבונג אינעם רעפּערטואַר פון די טעאַטערן.

בכלל פאַרנעמט אין די 60־ער און 70־ער יאָרן דאָס קינסטלערישע פּאַרקערפּערן אין דער סאָוועטישער דראַמאַטורגיע די פּרינציפּן פון דער קאָמוניסטישער מאָראַל זייער א וויכטיק אָרט.

לאָמיר, לעמאָשל, באַטראַכטן א טשיקאַווע סיטואַציע אין א. גרעבניעווס פּיעסע „דאָס לעבן פון א פרוי א באַלטאַכלעס". אין א פאַבריק, וווּ עס אַרבעטן צומייַנסטן פרויען, בעט אייַנע פון דער אָנפירונג (אַנאַ געאָרגיִעוונאַ), אַז די יונגע אַרבעטערין קאָזלאָווא זאָל שאַבעס אין אָוונט קומען אין צעך, האָגאַם זי האָט שוין אָפּגעאַרבעט די פינף טעג, וואָס זי איז מעכוייעוו. דערבייַ גיט אַנאַ געאָרגיִעוונאַ אָנצוהערן, אַז די אַלטע אַרבעטערין דוסיע פּאָליאַקאָווא איז נאָך באַטאָגיקער אַרבעט ווידער געקומען אין אָוונט, קעדיי די מאַשין זאָל ניט בלייַבן שטיין.

— איז טאַקע די מומע דוסיע א מאָלאָדיעץ! — רופט זיך אָן קאָזלאָווא. — אַז איך וועל דערלעבן אירע יאָרן, וועל איך אויך אַזוי זיך נויהעג זייַן. אָבער הייַנט שטייט מיר פאָר אין אָוונט א באַגעגעניש מיט א יונגנמאַן. ווילט איר, איך זאָל מייַן באַכערל אָנווערן?

אָט האָט איר אייַך א פּראָבלעם: וויאַזוי פאָרט מען צונויף מענטשלעכקייט מיט פאָדערונגען פונעם טעכנישן פּראָגרעס?

אין דער זעלבער פּיעסע האָט איר נאָך אַזאַ מאָמענט: אירינע, אַנאַ געאָרגיִעוונאַס טאָכטער, זאָגט דער מוטער, וועלכע איז גרייט זיך מאַפקיר זייַן לעשעם קלאַל־אינייאָנים:

— מענטשן דאַרפן זייַן גליקלעך. דאָס איז דאָך אַזוי עלעמענטאַר. פאַרוואָס זשע דערשרעקט איר זיך, ווען עס האַנדלט זיך מיקווען גליק?

און אזא צוגאנג צו אָט דער פּראָבלעם איז
אייגנטימלעך ניט נאָר די צוויי יונגע פרויען
אין דער פּיעסע. מיט זיי סאָלידאריזירט זיך
אזא דערפאַרענער, ערנסטער טוער, ווי דער
הויפּט־אינזשעניער פון דער זעלבער טעקס־
טיל־פאַבריק וויקטאָר פּעטראָוויטש. ער זאָגט:
— אָט האָב איך געהערט דעם שמועס פון
אנגע געאַרג:עוונע מיט קאָזלאָוועץ און האָב ניט
פאַרשטאַנען: וואָס איז עס פאר א שטייגער?
איך, צום בײַשפּיל, בין לעגאַמרע סאָלידאר
מיט דעם יונגן מיידל.

ווער עס שטודירט די דאָקומענטן פונעם
24־טן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, דעם איז קלאָר,
אז דער ציל פון דער סאָצ:אַליסטישער פּראָדו־
ציר־סיסטעם איז דער מענטש און זײַן וווּל־
זײַן. דאָס זעלבע האָט אינעם פאַרטראָג אָפן
25־טן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר באַטאָנט לעאָניד
ברעזשניעוו.

צווישן די אָנפירער פון באַזונדערע פאַבריקן
און זאוואָדן זײַנען אָבער פאַראַן אויך ספּעצ:אַ־
ליסטן, וואָס גייען צו אזא מין פראַגע פון
אַן אייגנאַרטיקן שטאַנדפּונקט. זיי זײַנען אַזוי
פאַרכושט, אַזוי ביז לעצט איבערגעגעבן די
אינטערעסן פון דער פּראָדוקציע, אז זיי „פאַר־
קרעמפּעווען די שרויפן":
א טיפּ פון אזא אָנפירער איז געשילדערט
אין איגנאַט דוואָרעצקיס פּיעסע „א מענטש
פון דער זײַט".
ס'איז געקומען אין א מעטאַלורגישן זאוואָד
אלס שעף פון א צעך דער יונגער אינזשעניער
טשעשקאָוו. אינגיכן האָט ער זיך צונויפגע־
שטויסן מיט אָפּגעלאָזנקײַט, מיט צעקראָכענעם
ליבעראַליזם: עס האָט געפעלט די שטרענגע
פאָדערונג פּינקטלעך אויסצופילן די פּראָדוציר־
היסכײַוועסן.
— דער צוגאנג צו פעלערן, — זאָגט טשעש־
קאָוו, — איז באַ אײַך אזא, אַבי איר זאָלט
אויסזען ווי גוטינקע. איך וועל אַזוינס ניט
דערלאָזן, מאַכמעס גוטסקײַט שטעל איך מיר
פאָר גאָר אַנדערש. אַן אָנפירער באַדאַרף טאַ־
קע זײַן יושרדיק און אָביעקטיוו. איך וועל
אָבער מאַכן א סאָף צו דעם סטיל פון קוצעניר־
מוצעניו. איך וועל שטרענג פאָדערן. וועט
עמעץ מאַכן פוילע שטיק — וועל איך אומבע־
ראַכמאָנעסדיק מעקײַעם פּסאַק זײַן.
טשעשקאָוו אומקאָמפּראָמיסלעכע האַנדלונג
האָט אָנגעוואָרפן א פּאַכעד אויף די, וואָס האָבן
מיט אים געהאַט צו טאָן, און עס האָבן זיך א
שאָט געגעבן מעלדונגען וועגן אוועקגיין פון־
נעם זאוואָד. דער שטעלפאַרטרעטער פונעם די־
רעקטאָר, ריאַבינין, וואָרנט אים:
— געדענק: אויב דו וועסט אזוי אימפּעטפול
די קאַדרען צעטרענצלען, וועלן מיר דיך פונעם
זאוואָד מעשאַלייעך זײַן!

ווען אָט די פּיעסע האָט זיך געיאָוועט אויף
די בינע־ברעטער אינעם מאָסקווער דראַמטעאַ־
טער, האָט טכילעס די מערהײַט טעאַטראַלע
קריטיקער טשעשקאָוון הייס אָפּלאָדירט, ווי א
מעסירעסנעפעשדיקן קעמפער פאַר שטרענגער
דיסציפּלין אין די סאָצ:אַליסטישע אינדוסט־
רי:עלע אונטערנעמונגען. אָבער אין א קורצער
צײַט אַרום איז מען געקומען צום אויספיר, אַז
ס'איז ניט ריכטיק באַטראַכטן טשעשקאָוון ווי
א מוסטערהאַפטן העלד פון אונדזער צײַט. שוין
אָפּגערעדט, וואָס אָט די פּיעסע איז פון קינ־
סטלערישן שטאַנדפּונקט גאָרניט קיין גרויס
געווינס. אז א מענטשן פעלט מענטשלעכקײַט,
האַרציקײַט בענעגייע די האַרעפּאַשניקעס, מיט
וועלכע ער קאָמאַנדעוועט, — וואָס פאַר אַן אָנ־
פירער איז ער?
פאָרמעל איז טשעשקאָוו עפּשער גערעכט,
אָבער ער האָט דאָך צו טאָן ניט מיט קיין ראָ־
באָטן, נאָר מיט לעבעדיקע מענטשן.

אלס ענטפער אויף אזא מין פּראָבלעם באַ־
טראַכט מען די פּיעסע „שטאָלגיסער", וועלכע
עס האָט אָנגעשריבן ג. באָקאַריאָוו (ער האָט
צען יאָר געאַרבעט אלס אינזשעניער אינעם
„אוראַלמאַש"). די פּיעסע גייט שוין דעם דריטן
סעזאָן ניט אַראָפּ פון די בינע־ברעטער פונעם
מאָסקווער קינסטלערישן אַקאַדעמישן טעאַ־
טער אויף גאָרקיס נאָמען און אויך פון אַנדערע
סאָוועטישע טעאַטערן.
אין „שטאָלגיסער" וויקלט דער אויטאָר פאַ־
נאַנדער א פּילפאַרביק בילד פון דער טעטיקײַט
און ביכלאַל פון דעם לעבן פונעם קאָלעקטיוו
אין א גרויסן מעטאַלורגישן זאוואָד, ווו די־
מערהײַט אַרבעטער איז סאָוועטישע יוגנט.
דאָס זײַנען שוין ניט קיין דאָרפס־מענטשן,
וועלכע האָבן פיגורירט אין ניקאָלײַ פּאָגאָדינס
פּיעסן, אָנגעשריבענע אין די דרײַסיקער יאָרן.
אין די דיאַלאָגן פון די שטאָלגיסער קלינגען
אָפּט רעמיניסצענצן וועגן העלדן פון דער גע־
שיכטע און פון קלאַסישע קינסטלערישע
ווערק — וועגן געטעס „פאַוסט", וועגן לער־
מאָנטאָווס פּעטשאָרין, וועגן „האַמלעט". א יונג
מיידל בעט אַן אַרבעטער, ער זאָל איר העלפן
קריגן די ביאָגראַפיע פון איינשטיינען. ניטאָ
צווישן די אַרבעטער פון סאָוועטישע פאַבריקן
און זאוואָדן אַזעלכע, וואָס זאָלן ניט האָבן פאַר־
ענדיקט נײַן אָדער צען קלאַסן פון א מיטל־
שול. אין זייערע שמועסן טוען אָפּט א גלאַנץ
שאַרפזיניקע רעפּליקעס. יונגע מיידלעך אין
אָט דער סוויווע האָבן א קלאָרע פאַרשטעלונג
וועגן דער מישפּאָכע־נעסט אין דער אַטמאָ־
ספער פון געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן. דאָס
זעלבע מיידל (ליובע), וואָס זוכט די ביאָגראַ־
פיע פון איינשטיינען, מעלדעט:
— וואָס שאַדכנט איר מיר ליאָשקען, וועל־
כער אַרבעט מיט מיר אין איין צעך? ס'איז א
יונגאַטש קײַ און שפּײַ: ער טויג בלויז ווי א
פאַרטנייאָר אויף טאַנץ־פּלאַץ אָדער צוליב אַרײַנ־
כאַפּן זיך מיט אים אין קינאָ־טעאַטער...
באַ א טייל פון דער יוגנט פון אָט דעם זאַ־
וואָד איז א וואָכעדיקער גאַנג — כאַפּן א קויסע
און טאַקע א גרויסע, ביפראַט, אז דער פּאָווי־
ליאָן מיט דער מאַשקע (מע האָט אים גע־
קרוינט מיטן נאָמען — „גײַקאַ") איז סאַכאַקל
עטלעכע שפּאַן פונעם צעך... דערפאַר אָבער



א סצענע פונעם ספעקטאקל „שטאָלגיסער" אין מאָסקווער „מכאט"

איז בא אָט די כעוורע אכדעס, כאוורוסע — דאָס אייבערשטע פונעם שטייסל: איינער פארן צווייטן איז גרייט זיך מאפקיר זײַן.

פאלט ארײַן אין אָט דער סוויוועו א נײַער ארבעטער — וויקטאָר לאגוטין. ער איז, קאָן מען זאָגן, מיט א קאָפּ העכער פון די אנדערע — געענדיקט א הויכשול און קאָן פארנעמען א פּאָסטן פון אן אינזשעניער, בעשאס די יונגע ארבעטער פונעם זאוואָד פארמאָגן מיטלשול־בילדונג. אָבער לאגוטין פּרעטענדירט ניט אף אן אָנגעזעענעם פּאָסטן — ער ווערט א געהילף בא דעם אלטן, זייער דערפארענעם שטאָלגיסער סארטאקאָוו. באנאנד מיט לאגוטינען ארבעט נאָך איין סארטאקאָווס געהילף — פּיאָטער כראַמאָוו, אין וועמעס דירע לאגוטין אָרדנט זיך צײַטווײַליק אײַן.

אינגיכן באמערקט לאגוטין, אז סארטאקאָוו באציט זיך נאכלעסיק צו זײַן פאך. אז מע פרעגט אף דער פארזאמלונג לאגוטינען, אין וואָס עס איז באשטאנען סארטאקאָווס פעלשונג, דערקלערט ער, אז איבערגעבנדיק זײַן וואכטע, האָט סארטאקאָוו דערלאָזט, מע זאָל דעם שמעלץ־אויוון אָנלאָדן מיט פרישן ארץ, בעשאס דער מעטאל, וואָס איז אין אויוון געווען, האָט נאָך ניט באוויזן צעשמאָלצן ווערן. אזוינס איז, לויט די טעכנישע קלאָלים, ניט דערלאָזבאר, און סארטאקאָוו, באהויפּטעט לאגוטין, איז באוווסטזיניק באגאנגען דעם פעלער.

גאָר שארף האָט אף לאגוטינס ווערטער רעאגירט סארטאקאָוו גופע, און מיט אים האָבן זיך סאָלידאריזירט א ריי יונגע ארבעטער.

ווען לאגוטין דערקלערט, אז ער האָט אין זײַן ארויסטרעטונג לאכלוטן ניט אין זינען געהאט די ארבעטער ביכלאל, נאָר טאקע בעפּייעש פּערסאָנעל סארטאקאָוון, נעמט יענער ליארעמען:

— דריי ניט מיט דער צונג! דו האָסט דײַן האנט אופגעהויבן אף די אלע, וואָס זיצן דאָ, און מעגסט זײַן זיכער, אז מע וועט דיך דערפאר איבערן קעפּעלע ניט גלעטן. יאָ, טאקע אף דער אלגעמיינער פארזאמלונג. זאָלסט מער ניט וואגן צו טרײַבן דעמאגאָגיע.

גלײַך האָבן זיך דערהערט עטלעכע שטימען, מיינענדיק לאגוטינען:

— אוי, א שיינעם דאנק דיר, ליבינקער! האָסט דאָך אונדז די אויגן געעפנט!

— וואָס זאָגט איר אף אָט דעם צאדיק! און מיר — ווער זײַנען מיר? כאלטורשטשיקעס?

ווען לאגוטין און פּיאָטער כראַמאָוו פארבלײַבן אויג אף אויג, זאָגט לאגוטין:

— ווי איז דײַן מיינונג: איך בין ניט גערעכט?

ענטפערט פּיאָטער:

— איך רעכן, אז ס'איז ניט קעדײַ דער גאנצער טראסק...

לאגוטין איז זיכער, אז די פעלערן, וועלכע ס'האָט דערלאָזט סארטאקאָוו, זײַנען א רעזולטאט פון א געוויסער העפקיירעס. ער איז אויך איבערצײַגט, אז א היפּשע ראָל שפּילט דאָ די

„גייַקאַ", דאָס ווייַנשענקל, ווו כּעוורע גיבן זיך אָפּ קאָנטעט און קומען אַף דער אַרבעט בעגילופן.

ווען ער גייט אַנומלטן אַרויס פון צעך און דערזעט, ווי אַן אוילעם באַלאַגערט די „גייַקאַ", טוט באַ אים אַ קאָך דער פאַרדראָס. גאָר נאָענט לעם בייַדל שטייט אַ בולדאָזער. דער כּעוורעמאַן, וואָס טרייַבט די מאַשין, איז אוואַדע אויך אַ באַלן האַנאָע צו האָבן פון אַ קאַפּעלע אוילעמהאַזע, און ער שטעלט זיך אין ריי צווישן דעם יונגוואַרג. ניט לאַנג געטראַכט, טוט לאַגוטין אַ שפּרונג אַפן בולדאָזער, נעמט אין די הענט דעם רודער, קערעוועט אויס האַסטיק צום ווייַנשענקל, און... אַ סאָף צו דער „גייַקאַ" — עס ווערט פון איר אַ בערגל געהילץ.

נאַטירלעך, קויפט זיך אייַן לאַגוטין אַ היפּשע צאָל סאָנים. גאָר גיך ווערט באַוווסט, אַז מע האָט באַשטימט אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, ווו ער וועט מוזן אָפּגעבן אַ דינוועכעזשבן פאַר זייַנע מייַסים־טויווים: ער האָט דאָך צעבויטעט דעם גאַנצן קאָלעקטיוו. ניט אַנדערש, ווי ער האָט פאַרדינט, אַז מע זאָל אים פונעם זאַוואָד מעשאַלייעך זייַן.

אַזויאַרום, ווערן אין אָט דער פּיעסע קעגנגעשטעלט פאַרשיידענע פּרינציפּן. איינער, וועלכן עס פאַרטיידיקט לאַגוטין, וואָס קאָן מען אים דערווידערן, ווען ער טייַנעט, אַז ס'איז ניט דערלאָזבאַר איגנאָרירן פּראָפעסיאָנעלע ערלעכקייַט?

פּיאָטער כראָמאָוו זאָגט, ווען לאַגוטין וואַרפט אים פאָר, לעמיי ער האָט געשוויגן, ווויסנדיק וועגן סאַרטאַקאָווס אוולע:

— מיט אָט די כּעוורע אַרבעט איך צוזאַמען ניט דאָס ערשטע יאָר. און מיר קענען איינער דעם צווייטן מיט אַלע פּישטשעוקעס. דו מעגסט וועגן זיי דענקען, ווי דיר ווילט זיך, און איך וועל סייַוויסיי מיט זיי זיך נויהעג זייַן, ווי מיר געפעלט. און אויב עס וועט מיר אויסקומען האָבן אַ ברייֵרע, וועך איז מיר מער צום האַרצן, וועט דער גוירל פאַלן אַף זיי, ניט אַף דיר. מאַכמעס זיי זייַנען מיר פרייַנט ניט אַף קאַטאָוועס, און דו ביסט דערווייַל ניט מער ווי מייַן באַקאַנטער.

פּיאָטער כראָמאָוו און זייַנע כאַווייֵרים זייַנען עפּשער גאָר ניט קיין שלעכטע אַרבעטער, אָבער זיי האָבן זיך נאָך ניט דערהויבן צו דער מאַדרייגע, ווען מע איז פייִק צו דענקען פון מעלוכישן שטאַנדפּונקט.

אָט וועגן דעם האַנדלט זיך אויך אין א. געלמאַנס פּיעסע „די זיצונג פון פּאַרטקאָם", וועלכע מע שפּילט אינעם מאָסקווער קינסטלערישן אַקאַדעמישן טעאַטער און אין אַנדערע טעאַטערן פונעם ראַטנפאַרבאַנד.

אין איינעם פון די זאַוואָדן פון אַ בוי־טרעסט האָט פּאַסירט אַ מאָדנע זאַך: אַ טייל אַרבעטער מיטן בריגאַדיר בעראָש האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו באַקומען די פּרעמיע, וואָס די דירעקציע האָט באַשלאָסן זיי אַרויסגעבן, בעשאַס די איבעריקע אַרבעטער האָבן די פּרעמיע יאָ באַקומען. קעדיי פעסטשטעלן די סיבע פון אָט דער פּאַסירונג, האָט מען באַשטימט אַ זיצונג פונעם פּאַרטקאָם און אַרויסגערופן פּאָטאַפּאָוון, דעם בריגאַדיר פון דער גרופּע, וואָס האָט זיך אייַנגעאַקשנט. פון פּאָטאַפּאָווס גוויִעס־איידעס איז געוואָרן קלאָר, אַז דער אָפּזאָג איז אַ מין פּראָטעסט קעגן דער אומאָרדענונג, וואָס הערשט אין דער אָרגאַניזאַציע פון די פּראָדוציר־פּראָצעסן. אַ פּרעמיע קומט, ווען דער פּלאַן ווערט ווירקלעך אויסגעפילט — בעפּויעל, און ניט בלויז אַפן פּאַפּיר.

— אָט זעט איר: איינעם פון די מיטגלידער פון מייַן בריגאַדע, — זאָגט פּאָטאַפּאָוו, — ס'איז טאָליע זשאַריקאָוו. ער האָט אין משך פון אַ יאָר פאַרלאָרן 400 רובל, מאַכמעס די אָנפירונג פון דער בויונג האָט אַדאַנק איר אומפייִקייַט ריטמיש אָרגאַניזירן דעם פּראָדוציר־פּראָצעס, פאַרוואַנדלט אים (ווי אויך די איבעריקע מיטגלידער פון מייַן בריגאַדע) אין אַ באַטלען: אינמיטנדערינען סטייַעט ניט קיין בעטאָן — בלייַבט מען שטיין. מע וואַרט אַ טאָג — ניטאָ. מע וואַרט אַ טאָג — ניטאָ. מיינט איר עפּשער, אַז נאָר אין בעטאָן איז די מעניע? אָט פּאָדערן זיך טירן. ווייַזט מען אָן דער בריגאַדע אַן אַדרעס: דאָרט וועט איר קריגן טירן. פאָרט, זייַט מויכל, אַהין — וועט איר אַרויסבאַקומען טירן. אַדאַנק אַזאַ סאָרט באַטלאָנעס האָט טאָליע זשאַריקאָוו אָנגעווירן 400 רובל. קאָן דען דער טרעסט פאַרשמירן דעם העזעק דערמיט, וואָס ער רוקט אים אונטער אַ לעקעכל — די פּרעמיע? פאַרוואָס האָבן מיר פאַרדינט אַ פּרעמיע? מיר האָבן אין דער סאָצפאַרמעסטונג פאַרנומען דאָס דריטע אָרט. קומט אויס, אַז אונדזער פּראַצע האָט מען אָפּגעשאַצט ווי אַן אויסגעצייכנטע, אָדער — מינימום — ווי אַ גוטע. אויב זשאַריקאָוו לייגט אַוועק די פּרעמיע אין זייַן קעשענע, איז עס אַ סימען, אַז ער איז מאַסקים מיט אַזאַ אָפּשאַצונג. דאַרף מען אָבער פרעגן: מיט וואָס איז ער מאַסקים: מיט דעם, וואָס מיר זייַנען אין איייניקע טעג געווען באַטלאָנים, צי מיט דעם, וואָס ער האָט פאַרלאָרן 400 רובל? קלאָר, אַז אָט די פּרעמיע איז לעגאַבע אים — אַ נעדאָווע. נאָך מער: ס'איז אַ כויזעקמאַכערייַ...

איר זאָגט, אַז דעם פּלאַן האָט איר אויסגעפילט. וואָס דערציילט איר מיר מייַסעס? מע האָט דאָך אייַך טכילעס אַן אַנדער פּלאַן געגעבן — האָט איר זיך פאַרענטפערט, אַז צוליב אָביעקטיווע סיבעס האָט איר ניט געהאַט קיין מעגלעכקייַט אַזאַ פּלאַן אויספילן: ניט געווען קיין טרויבן, ניט געווען קיין געהילץ און נאָך מעניִעס. אָבער אין טאָך גערעדט, האָט ניט דאָס גוירעם געווען די ניט־אויספילונג פון פּלאַן. אַפן זאַוואָד איז געווען אַ מישמאַש — אַן אומאָרדענונג. אָט ווו דער הונט איז באַגראָבן! ניט געווען, און אויך באַ הייַנטיקן טאָג איז די זעלבע לאַגע! איר זאָגט, אַז דער זאַוואָד האָט פאַרנומען דאָס דריטע אָרט אינעם סאָצפאַרמעסט. ס'איז אַן אויסטראַכטעניש: עס הייבט

זיך ניט אָן! מאשמאָעס, איז די פרעמיע א געפעלשטע, א בלאָף! אויסגעשטוקעוועט 37 טויזנט, און מיר זײַנען זיך מעסאמייעך — אוי, סארא בעריעס מיר זײַנען עס!

צווישן די, וואָס זײַנען בײַגעווען אף דער זיצונג, זײַנען געווען טוער, וואָס האָבן גוט פארשטאנען פאָטאפאָווס פארדראָס. אזעלכע איז, לעמאָשל, געווען דער קאדרען־פארוואלטער ליובאיעוו. ער האָט געזאָגט:

— א גוטער ארבעטער מוז האנאָע האָבן פון זײַן פראצע. קאָן דען פאָטאפאָוו האָבן אזא געפיל, קאָלזמאן אינעם זאוואָד זײַנען פאראן אזעלכע בלויזן? און דאָס איז דאָך דער איקער: א מענטש דארף ליב האָבן זײַן מי, זײַן ארבעט דארף אים זײַן ליבער, בילכער פון אנדערע פריידן, עלע ניט — וואָס פאר א זין האָט זי?

און ווען די אָנפירונג, וואָס איז בײַגעווען אף אָט דער זיצונג (דערפארענע אינזשעניערן, אלטע טוער פונעם טרעסט), האָבן גענומען זיך דערגרונטעווען, ווי קומט עס, אז א פאָשעטער בריגאדיר, פאָטאפאָוו, זאָל וויסן אזעלכע פראָטים, וואָס נאָר זיי, די קאָרפנקעפ, האָבן בעיאד געהאט צו באגרײַפן, האָט פאָטאפאָוו דערקלערט, אז שוין לאנג האָט ער צוזאמען מיט זײַן בריגאדע זיך אָפגעגעבן א דינוועכעזשבן וועגן די אלע פעלערן, וואָס פילן זיך אין טרעסט. נאָך מער — מע האָט דאָס אלץ פארפיקסירט אין צוויי ספעציעלע העפטן. האָט מען פאָטאפאָוון א פרעג געטאָן, ווי קומט עס, אז פאָשעטע ארבעטער זאָלן אזוי ערנסט און טיף באנעמען אזעלכע קאָמפליצירטע איניאָנים און מאכן אזעלכע איבערראשנדיקע אויספירן און סאכאקלען. פאָטאפאָוו האָט דערקלערט, אז עס האָט זיי געהאָלפן א יונגע פרוי (מילענינא), אן אָנגעשטעלטע פונעם טרעסט, וועלכע איז גוט באהאוונט אין מאטעמאטיק.

קעדיי אלץ צוגרייטן, האָבן פאָטאפאָוו און זײַנע געהילפן פון טאָג צו טאָג שריפטלעך פארפיקסירט די פארשלעפענישן, וועלכע האָבן געהאמעוועט די דערפאָלגרײַכע ארבעט פונעם אנשטאלט.

זעלבסטפארשטענדלעך, האָט א טייל פון די, וואָס האָבן גענומען אן אָנטייל אין אָט דער זיצונג, ניט געקאָנט פויעלן בא זיך אונטערשטיצן דעם פאָרשלאָג פון פאָטאפאָוון — איבערשיקן אין גלאווק די העפטן מיט די דערמאסקירונגען, און זיי האָבן געשטימט קעגן זײַן פאָרשלאָג. די אָנטיילנעמער, וואָס האָבן געשטימט פאר, האָבן געקראָגן בלויז מער מיט איין שטים.

די געשיכטע, וועגן וועלכער מיר דערוויסן זיך פון דער פיעסע „די זיצונג פונעם פארטקאָם", דערווײַזט, אז די פייִקײַט צו דענקען, באנעמען און אָפשאצן פון מעלוכישן שטאנדפונקט דאָס, וואָס עס קומט פאָר אין דער ווירקלעכקײַט, איז שוין ניט קיין פריווילעגיע פון אויסדערווײלטע, פון מעיוכאָסים. דער דאָזיקער אכרײַעס־געפיל דרינגט ארײַן אין די טיפענישן פון די האָרעפאשנע מאסן. פאָטאפאָוו פילט זיך ווי א באלעבאָס אין זײַן דיסקוסיע מיט אָנגעזעענע פאראנטוואָרטלעכע טוער. ער רעדט מיט א פעסטער שטים, ווי א גלײַכער צווישן גלײַכע. און ס'איז שוין ניט שײַעך אים איבערשרײַען, און ס'איז שוין ניט שײַעך אים אָנשרעקן.

איצט איז אונדז אלעמען באוווסט, אז איינע פון די מעכטיקסטע טרײַב־קרעפטן צו העכערן די ארבעט־פראָדוקטיווקײַט איז די סאָציאליסטישע פארמעסטונג. דער דאָזיקער וויכטיקער פאקטאָר, זײַנע אידייִשע, מאָראלישע און מאטעריעלע וואָרצלען, האָט נאָך ניט געקראָגן די גענוגנדיקע אָפשפיגלונג אין אונדזער דראמאטורגיע.

אין דער טאָגטעגלעכער פראקטיק פון די אונטערנעמונגען טרעפן זיך אויך אינזשעניערן, וואָס זײַנען ניט איבערצײַגט, אז דער סאָציאליסטישער פארמעסט איז אן אוניווערסאל מיטל צו העכערן די ארבעט־פראָדוקטיווקײַט. א טיפ פון אזא אינזשעניער שילדערט יע. קאָפלינסקאיא אין איר פיעסע „אינזשעניער". דאָ באקאנען מיר זיך מיט פיר יונגעלײַט, וואָס האָבן אמאָל אין שול זיך געלערנט אין איין קלאס. יעדן פון זיי איז, מאשמאָעס, באשערט אן אנדער מאזל: קאָליע, וועלכער האָט געדינט אין דער ארמיי, קאָן זיך ניט געפינען קיין פלאץ אין לעבן. לויפט ער פון איין מאָקעם צום צווייטן. וואסיע און וואָוויק זײַנען שוין דאפקע קוואליפיצירטע ארבעטער. דער פערטער, יעליסיי, איז אן אינזשעניער. א געראָטענער. מע האָט אים אין א זאוואָד אײַנגעלאדן צו זײַן דער שעף פון א צעך.

אים קאָן מען באטראכטן אלס צענטראלן העלד פון דער פיעסע. דער זאוואָד, ווו ער ארבעט, איז אין א דורכרײַס. יעליסיי האָט צוגעטראכט א מיטל, וויארום ליקווידירן דעם דורכרײַס. די ארבעט, וואָס איז נייטיק צוליב ליקווידירן דעם דורכרײַס, וועט אָפטאָן — לויט זײַן פלאן — א קלענערע צאָל ארבעטער, נאָר ביטנײַ, אז זייערע סכירעס זאָלן געהעכערט ווערן. דער דראמאטורג באטראכט יעליסייען, ווי א פראָגרעסיוון טוער, וואָס פירט א קאמף מיט יענע אָנפירער, וואָס זײַנען אָנהענגער פון אָפגעלעבטע מעטאָדן.

ס'איז אָבער א סאָפעק, צי דער צושויער וועט יעליסייען סימפאטיזירן. דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן וועגן די איבעריקע דרײַ, מיט וועלכע ער האָט זיך אמאָל געלערנט אין איין קלאס. זיי באציִען זיך פאָזיטיוו צו זײַן עקספערימענט.

מיט איינעם פון זיי, מיט וואָוויקן, אייצעט זיך יעליסיי, וואָס טוט מען, אז דער זאוואָד זאָל פאָטער ווערן פונעם דורכרײַס.

— פיר דורך א שמועס, — זאָגט וואָוויק, — פאררוף זיך אף די נײַע היסכײַוועסן פונעם קאָלעקטיוו; באדארפסט אָנדײַטן, אז ס'איז א בעקאָוועדיקער איניען. עס האנדלט זיך מיקויעך ענטוזיאזם — עפעס א קלייניקײַט?



א סצענע פונעם ספּעקטאַקל „א זיצונג פון פּאַרטקאָם", געשטעלט אין מאָסקווער „מכאַט"

— אזוי, אזוי, אָט דאָס, מאשמאָעס, לייגסטו פאָר? — פרעגט אים איבער יעליסיי. ער האָט אויסגעצייכנט באַנומען דעם איראָנישן אונטערשלאק פון וואָוויקס אייצע.

און וואָוויק טוט א פרעג:

— אָבער ווערסט ווי געהעריק באַצאָלן? עלע ניט, וואָס געווין איך דאָ? פאַר די זעלבע סכירעס אזוי זיך אָנשטרענגען?

האקלאל, יעליסיי זאָגט צו אפּן באַשטימטן באַצירק איבערלאָזן צוועלף ארבעטער (די איבעריקע אריבערוואַרפן אַף אַנדערע באַצירקן), געבן זיי א הויסאָפע צוואַנציק רובל, כוץ דער פּרעמיע. און ער האָט צוגעזאָגט ארויסהענגען דאָס צעטל פון די פּרעמירטע. ווער עס וועט בעסער אָן ארבעט טאָן, וועט באַקומען א העכערע פּרעמיע. און ער פּרוּווט זײַן עקספּערימענט טעאָרעטיש באַגרינדן:

— וואָס עפּעס, אינדערעמעסן, זײַנען מיר מעכוייעוו גויזער זײַן אַף זיך א שווער לעבן? לעניַן האָט אוואַדע געטרוימט וועגן ווילשטאנד פונעם פאָלק, וועגן הויכער פּראָדוקטיווקײַט פון פרײַער פּראצע אין דער סאָציאַליסטישער צוקונפט. און ווער איז אָט די צוקונפט? מיר! און דערשלאָגן זיך א הויכע פּראָדוקטיווקײַט דאַרפן מיר דורך ווירקעוודיקע מיטלען און ניט מיט הוילע ווערטער.

יעליסיי האָט פאַרגעסן איין קלייניקייט: אַז מע דאַרף אומופהערלעך דערציִען דעם באַוווּסטזײַן פון די ארבעטער און אַז לענין האָט קיינמאָל איינזײַטיק ניט באַהאַנדלט אָט די פּראַגע. און אין די הײַנטיקע פּאַרטייִשע דאָקומענטן, וואָס אַנערקענען די ראָל פון מאַטעריעלע סטימולן, איז בעפיירעש באַטאָנט, אַז זיי (די מאַטעריעלע סטימולן) באַדאַרף מען אלע מאָל קאָמבינירן מיט די מאָראַלישע.

יעליסייס „פילאָסאָפיע" איז א פּויעל־יוצא פון דעם פאַקט, וואָס דער ווילשטאנד פונעם סאָוועטישן ארבעטער־קלאס האָט שטארק זיך פאַרבעסערט. דאָס האָט, נאַטירלעך, בא זייער פיל ארבעטער אופגעוועקט א שטרעבונג בעסער, געוויסנהאַפטער, פּראָדוקטיווער ארבעטן. שוין אָפּגערעדט פון דעם, וואָס דער מאָראַלישער ניוואָ פונעם ארבעטער האָט באַדײַטנדיק זיך א הייב געטאָן אדאנק דער ברייטער פאַרצווײַגטער דערציִונגס־ארבעט, וואָס די פּאַרטיי פירט דורך.

אין זײַן פּיעסע „דער וועטער אַף מאָרגן" שרײַבט דער דראַמאַטורג מ. שאַטראָוו אין איינער פון זײַנע רעמאַרקעס: „איבער דער סצענע באַוועגט זיך, גייענדיק צום גאַרדעראָבצימער, די ערשטע סמענע — אָנגעטאָנענע לויט דער לעצטער מאָדע כיינעוודיקע באָכערים און מיידלעך. באַלד וועט מען זיך איבערטאָן אין ספּעצאָוועקעס".

און אָט איז נאָך א בילד: „עס יאָוועט זיך אַף די בינע־ברעטער די קאָמיוגישע בריגאַדע מיט איר בריגאַדיר רימע סאָבאָליעווא בעראָש. אָנגעטאָן אין טונקל־בלויע קאָמבינעזאָנען און אין העל־בלויע אייבערשטע העמדלעך, באַפּוצט מיט דער עמבלעמע פונעם אווטאָזאַוואָד". מאַמעש א מעכײַע אָנצוקוקן אָט די יאַטן!

צוריקשמועסנדיק, זײַנען נאָך פאַראַן ניט ווייניק אזעלכע, וואָס דער אַפּעטיט אָנצושטאָפּן זייערע דירעס מיט פאַרשיידענע בעבעכעס און שמאָכטעס האַלט בא זיי אין איין וואַקסן, און עס אַנטוויקלט זיך בא זיי א מין באַלעבעסלדיקע פּסיכאָלאָגיע.

אזא בילד מאָלט מ. ראָשטשין אין זײַן קאָמעדיע „דאָס אַלטע נײַע יאָר", אין וועלכער עס אַנטפּלעקט זיך אין איר „פּולער פּראַכט" די מעמשאָלע פון כפייצים איבער דעם הויזגעזינד פון איינעם אָן ארבעטער. די מאַמע פון דער מישפּאָכע, קלאַווע סעבייקינא, האָט צאָרעס פון איר מאַן דערפאַר, וואָס ער, א טײַע־

רער שלאָסער, האָט זיך אוועקגעלאָזט ארבעטן אין אן ארטעל, ווו מע פאבריצירט קינדערשע שפּילעכלעך — די ליאלקעס זאָלן שטימען קריגן, די בערעלעך זאָלן פּישטשען.

— וואָס זשע, קלאווע, איז דיר ביטער אין פּיסק, אויב די בערעלעך פּישטשען און די ליאלקעס בעבען? דערפאר אָבער האָב איך אָנגעזשעברעוועט א מאַטמען מיט געלט און געקויפט אן אווטאָמאָביל. און א פּיאנינאָ געקויפט.

און אז מע ברענגט אים אריין אלפּי־טאָעס א צווייטע פּיאנינאָ, איז אים א שאָד פון די הענט ארויסלאָזן אויך אָט דעם כייפּעץ...

די זשעדנעקייט פון אזעלכע מענטשן דערגייט צו אזא שטופּע, אז דאָס גיט שוין אָפּ מיט מאָראלישער יערידע. וועגן דעם האנדלט זיך אין דער פּיעסע „סיטואציע“, וועלכע ס'האָט אָנגעשריבן דער דראמאטורג וו. ראָזאָוו.

דאָס צענטראלע געשטאלט איז דאָ וויקטאָר — א געוויינלעכער ארבעטער, א ראציאָנאליזאטאָר. פאר זיין דערפינדונג האָט די דירעקציע פונעם זאוואָד באשלאָסן אים פּרעמירן מיט פיר טויזנט רובל. אינגיכן יאווועט זיך צו אים אהיים דער צעך־מייסטער קאשין און זאָגט:

— הער נאָר אויס, מיין כאָשעווער שפּילפויגל, אָן מיין הילף און אָן דער הילף פון א ריי אנדערע אונדזערע כאווירים וואָלסטו זיך ניט ספּראוועט. באדארפסטו אליין פארשטיין: ס'איז א יוישער, אז איך און נאָך אייניקע פון אונדזערע כאווירים זאָלן אויך געניסן פון דיין פּרעמיע. לויט מיין האשאָרע, קומט מיר א טויזנטער. וואָס איז שייך די איבעריקע כאווירים, קאָנסטו, מיין איך, יויצע זיין, אויב וועסט יעדן פון זיי אין דער לאָפּע אריינכמאַליען א פּאָר מייעס.

וויקטאָר האָט ניט דערווידערט, און אָף מאָרגן האָט שוין דער אלטער קאשין צעפּויקט, אז דער און דער וועט מינאַסטאם פון וויקטאָרן קריגן א מאטנאס־יאַד.

ווען וויקטאָר זאָל זיין פּרינציפּיעל, וואָלט ער גלייך אוועק אין פּראָפאריין־קאָמיטעט און דערציילט, אז כעוורע נעמען בא אים אָפּ א טייל פון דער פּרעמיע. ס'איז דאָך בעפיירעש אן אוולע. אָבער עס האָט אים ניט געקלעקט קיין מוט אָנהייבן א קאמף קעגן דעם באַרייסער קאשין און זיינע מעקוראָווים. עס ליגט אים גאָר, וויקטאָרן, אין קאָפּ א נייע ראציאָנאליזאטאָרישע האמצאָע...

ס'איז קיין שום סאָפעק ניט, אז וויקטאָר איז אן ענטוזיאסט אף זיין געביט. דאָך פילט זיך, אז דער דראמאטורג האָט אים באנומען אייניזייטיק. דעם זעלבן פעלער געפינט די קריטיק אין דער שילדערונג פון לאגוטינען און טשעשקאָוון. לאגוטינען וועט נאָך אויסקומען ניט ווייניק איבערלעבן, זייער פיל באגרייפן און שטודירן — ערשט דעמלט וועט ער ווערן אן עכטער קעמפער פאר געזעלשאפטלעכן פּראָגרעס — פונקט ווי דאָס קאָן פּאסירן מיט טשעשקאָוון, דעם צענטראלן פּערסאָנאזש פון דער פּיעסע „א מענטש פון דער זייט“.

האקלאל, פאר דער סאָוועטישער דראמאטורגיע עפנט זיך א פּערספּעקטיוו: פּארטיפערן די כאראקטעריסטיק לעפּאָכעס פון די איקערדיקע פּערסאָנאזשן און זיך באפרייען פון א געוויסער סכעמאטישקייט.

דאָס, וואָס אין אָט דער אָפּהאנדלונג איז באַשריבן, שטעלט מיט זיך פאָר בלויז א טייל פון די פּיעסן און ספּעקטאקלען, וועלכע האָבן פארנומען א בעקאָוועדיק אָרט אף די בינעברעטער פון די מאָסקווער און אויך אנדערע טעאטערן.

נאָך די ספּעקטאקלען קומען פאָר הייסע דיסקוסיעס, אין וועלכע עס נעמען אָן אָנטייל ארבעטער (צומיינסטן יוגנט) און פאָרשטייער פון דער טעכנישער אינטעליגענץ. מע באַטראכט ניט נאָר דעם טאָך פון די קאָנפליקטן, מע פאָדערט מער קינסטלערישע איבערצייגעוודיקייט. ס'איז א פּראָצעס, ווו ניט אזוי גיך דערהייבט מען זיך ביז דער געווונטשענער שליימעס.

דער יידישער סאָוועטישער טעאטער איז קיינמאָל ניט געווען אָפּגעזונדערט פון אנדערע נאציאָנאלע טעאטערן פונעם סאָוועטנפארבאנד. סיי אין פּראט פון קינסטלערישע מעטאָדן, סיי אין פּראט פון רעפּערטואר איז קענטיק געווען די קעגנזייטיקע האשפּאָע פון פארשיידענע נאציאָנאלע קאָלעקטיוון. שוין אָפּגערעדט פון דעם, אז רוסישע, אוקראינישע, ווייסרוסישע סצענע־מייסטערס און רעזשיסערן האָבן גענומען אן אקטיוון אָנטייל אינעם שאפונג־פּראָצעס פון די יידישע טעאטערן, און — פארקערט. אָט די טראדיציע דארף, נאטירלעך, האָבן איר העמשעך אויך איצט.

לעצטנס מערקן זיך געציילטע פּרוּוון אין דער דאָזיקער ריכטונג.

אָט, לעמאָשל, האָט די טרופּע פונעם ביראָבידזשאנער פאָלקס־טעאטער דאָ ניט לאנג אופגעפירט לעאָניד לעאָנאָווס פּיעסע „די אינוואזיע“. איך רעד שוין ניט וועגן דעם, וואָס זיי האָבן אופגעפירט א נייע קאָמעדיע — בוזי מילערס „פונעם הימל פאלט גאָרניט אראָפּ“. די שטרעבונג דערגאנצן די קלאסיק מיט היינטצייטיקע פּיעסן האָט זיי געשטויסן זוכן נייע וועגן.

דער ווילנער יידישער פאָלקס־טעאטער האָט אויך געפונען מיט וואָס צו מעזאקע זיין די צושויער. דאָ האָט מען לעצטנס געשטעלט הירש קאנאָוויטשעס פּיעסע „די פּאָליציי־שאָ“, ווו עס ווערן געשילדערט די שרעקלעכע פּאַסירונגען, ווען דער נאציזם האָט געבושעוועט אין ליטע.

אנדערש איז די לאגע אינעם מאָסקווער יידישן דראמאטישן אַנסאמבל.

אין מעשעך פון זיין צוועלפיאָריקער עקזיסטענץ האָט דער דאָזיקער קאָלעקטיוו אויסגעפילט א באדייטנדיקע קולטור־מיסיע: ער גאסטראָלירט אין פיל שטעט פון דער רוסלענ־



א סצענע פונעם ספּעקטאַקל „סטעמפּעניו” אין בירָאבידזשאַנער ייִדישן פֿאָלקס־טעאַטער

דישער פֿעדעראַציע, אין ווײַסרוסלאַנד, אין די רעפּובליקן פֿון מיטל־אַזיע, אין סיביר און בירָאבידזשאַן, אין די בײַבאַלטישע רעפּובליקן, אין די דאָרעמדיקע קוראָרטן. שוין אָפּגערעדט פֿון מאָסקווע און לענינגראַד. שווער צו געפֿינען א ראַיאָן, וועלכן דער אַנסאַמבל האָט ניט באַזוכט. די צושויער האָבן געהאַט די מעגלעכקייט געניסן פֿון דער שפּיל פֿון טאַלאַנטפֿולע און דערפֿאַרענע אַקטיאָרן און אַקטריסעס, וואָס א היפּשער טייל פֿון זיי זײַנען געווען תּלמידים פֿון מיכאָעלסן, זוסקינען, ראָטבאַום און א. אַזאַרך. און זיי האָבן טאַקע געטראָגן אין דער געדיכטעניש פֿון די ייִדישע מאַסן אייניקע טראַדיציעס פֿונעם מאָסקווער מעלוכישן ייִדישן טעאַטער. זיי האָבן סטימולירט די ייִדישע צושויער ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל זיך דערמאָנען אין די ווערק פֿון שאָלעם־אַלייכעמען, לערמאָנטאָוון, גאָלדפֿאַדענען, גאָרדינען.

די גאַסטראָלן פֿונעם מאָסקווער ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל אין 1975 האָבן באַוויזן, ווי ליב און טײַער ער איז די ייִדישע צושויער. די צושויער־זאַלן זײַנען געווען איבערפֿולט. אָבער ניט געקוקט אויף אַט דעם גרויסן און פֿאַרדינטן דערפֿאָלג, האָבן די צושויער געהאַט טענות צום אַנסאַמבל, פֿאַרוואָס ער באַווײַזט ניט קיין איין פּיעסע, וווּ עס זאָלן טראַקטירט ווערן אַקטועלע פּראָבלעמען, וואָס עס רוקט אַרויס אונדזער צײַט. ס'איז טאַקע א באַגרינדעטע טענה...

און דאָ מוז מען זיך ווענדן צו אונדזערע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער: ס'האָבן אָנגעשריבן פּיעסן שמואל גאָרדאָן, אַרן ווערגעליס, מאָזי קאָבריאַנסקי, בוזי מילער. פֿרעגט זיך, פֿאַרוואָס זײַנען אָט די פּיעסן ניט אַרײַן אינעם רעפּערטואַר פֿון דעם מאָסקווער דראַמקאָלעקטיוו? מעגלעך, אַז די אַרטיסטן און רעזשיסערן זוכן אַן אָפּהילך פֿון אַקטועלע פּראָבלעמען... לויט מײַן מיינונג, איז לעסאַטע פֿאַראַן נאָך אַן אויסוועג: אויסקלײַבן איינע פֿון די באַהאַנדלטע אין אָט דעם אַרטיקל אויסגעשפּראָכן איצטיקע פּיעסן און זי איבערזעצן אויף ייִדיש. איך האָב אין זינען, לעמאָשל, גרעבניעווס „דאָס לעבן פֿון א פֿרוי א באַלטאַכלעס”. מע קאָן אויך צוגרייטן פֿאַר דעם ייִדישן טעאַטער די פּיעסע פֿון וו. טשערניק „דער טאָג פֿון קומען צו פֿאָרן און דער טאָג פֿון אָפּפֿאָרן”.

מע טאָר ניט וואַרטן אויף ניסים.

ס'איז נייטיק אויך דורכבלעטערן די נומערן פֿונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד”, לאָמיר זאָגן — פֿאַר די לעצטע פֿינף יאָר. שוין זשע איז אוממעגלעך דאָרט געפֿינען א דערציילונג אָדער א ראָמאַן אויף צו אינסצענירן? איך רעכן, אַז בײַ א געוויסער אָנשטרענגונג וועט אונדזער דראַמאַטישער אַנסאַמבל באַווײַזן זיך אַרויסרײַסן פֿונעם טעמפּן ווינקל אין פּראַט פֿון רעפּערטואַר.



לעבעדיקע גרוסן

יויסעף שוסטער

# קאָוונער מעלאָדיעס

אין קאָוונע איז האַיאָר געשטאַנען אַ ניט הייסער, אָבער מילדער זומער — אַ זומער פון לויטערע זוניקע טעג און וואַרעמע רעגנס, דעריבער איז די שטאָט אַזוי אײַנגעטונקען אין דער געדיכטער גרינקייט פון ביימער און אין דער פילפאַרביקייט פון בלומען. אַף דער לײַסוועס־אַלייע (אַלייע פון פרײַהייט), איינער פון די צענטראַלסטע גאַסן פון שטאָט, שטייען ווי אין אַן ערד־וואַך די גרויסאַרטיקע ליפּעס און קודלאַטע קאַשטאַנען, פײַכטע און אויסגעצוואָגענע פונעם פרימאָרגנדיקן רעגן.

וועגן דעם, אַז מײַן ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט דער שטאָט וועט זײַן אָט די גאַס, האָב איך געוווּסט, זיצנדיק נאָך אין וואַגאָן פונעם צוג מאָסקווע — קאַליִנינגראַד, וועלכן די אײַזנבאַנער האָבן באַקרוינט מיטן שיינעם נאָמען „יאַנטאַר“. איינער פון מײַנע שכנים לויט דער קופּע — אַ יונגער ליטווינער פון קאָוונע — האָט מיר אַ פּאָר מאָל איבערגעכאַזערט קימאַט איינע און די זעלבע פראַזע:

— אויב איר ווילט דערשפּירן דעם אָטעם און דעם ריטם פון אונדזער שטאָט, גייט זיך דורך, איידער וואָס־ווען, צופוס איבער אונדזער לײַסוועס־אַלייע, וועלכע וועט אײַך, אַגעוו, דערפירן סײַ צום האָטעל „באַלטיאַ“ און סײַ צום קאָנצערט־זאַל, וועלכער שטייט טאַקע דערנעבן אַפן ראָג פון דער מיצקעוויטש־גאַס.

קאָוונע, איינע פון די אוראַלטע שטעט אין דער ליטע, געפינט זיך באַם סאַמע צונויפגוס פון די טײַכן ניעמאַן און נעריס. דער נאָמען פון דער שטאָט ווערט צום ערשטן מאָל דערמאָנט אין די היסטאָרישע כראָניקעס פון XIII יאָרהונדערט. וואָס שײַעך דער אָרטיקער פעסטונג, האָט זי שוין דעמלט געדינט אַלס וויכטיקסטער שטיץ־פונקט פון דער ליטווישער מעלוכע קעגן די באַוואָפנטע אָנפאַלן פון אירע סאָנים. נאָך דער באַוווּסטער גריונוואַלדער שלאַכט אין 1410 איז די פעסטונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַדמיניסטראַטיוון צענטער. געפינענדיק זיך האַרט באַ די האַנדלס־וועגן צווישן מיזרעך און מײַרעוו, האָט קאָוונע צו ביסלעך פאַרנומען אַ בעקאָוועדיק אָרט צווישן די שטעט פון אייראָפּע.

ניט איין מאָל האָט קאָוונע געליטן פון סרייפעס, פאַרפלייצונגען, מילכאָמעס. באַזונדערס טיפע וווּנדן האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט די נאַפּאָלעאָנישע אינוואַזיע. ערשט פון 1843, נאָך דעם, ווי די שטאָט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גובערניאַלן צענטער און שפּעטער אויך אַדאַנק דער אײַזנבאַן־ליניע, וועלכע איז דאָרט אויסגעבויט געוואָרן אין 1861, זײַנען אויפגעקומען די ערשטע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן, פון איין זײַט, געווירקט אַף דער אַנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם און אַפן וווּקס פון דער צאָל אַרבעטער, און פון דער אַנדערער זײַט — אַף דער אַקטיווקייט פונעם אַרבעטער־קלאַס אין זײַן קאַמף קעגן עקספּלואַטאַציע.

אין די יאָרן פון דער היטלערישער אָקופּאַציע זײַנען אין קאָוונע, מערסטנטייל אין די קעלערס פונעם IX פאָרט, וועלכן די פאַשיסטישע קאַניבאַלן האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ טויטן־פאַבריק אונטערן נומער „Б 1005“, אומגעבראַכט געוואָרן איבער 80 טויזנט מענטשן פון פאַרשיידענע לענדער און נאַציאָנאַליטעטן.

דעם 1 אויגוסט 1944 איז געקומען די געגאַרטע שאָ, ווען די סאָוועטישע אַרמיי האָט ווידער באַפרײַט די שטאָט און זי אומגעקערט צום פרידלעכן לעבן.

קאָוונע האָט אָנגעהויבן צו פאַרהיילן אירע וווּנדן. פאַר די יאָרן סאָוועטנמאַכט איז זי געוואָרן אין דרײַ מאָל גרעסער, ווי געווען, און

פארנעמט איצט א שעטעך פון אריבער 120 קוואדראטע קילאָמעטער. אין צוויי מאָל איז אויך אויסגעוואקסן איר באפעלקערונג. דער הײַנטיקער קאונאס איז א גרויסער, קולטורעלער און אינדוסטריעלער צענטער פון דער סאָוועטישער ליטע. אויב די בורזשואזע קאָוונע איז געווען דעריקער א שטאָט פון לײַכטער און שפּײַז־אינדוסטריע, אנטוויקלען זיך אין איר איצט אזעלכע גרונט־צווײַגן פון דער שווערער אינדוסטריע, ווי ענערגעטיק, מאשינבויונג, ראדיאָ־עלעקטראָניק און אנד.

אפן קאָוונער ראדיאָ־זאוואָד איז געשאפן געוואָרן די ערשטע ליטווישע ראדיאָלע „דאינא” און די ערשטע אין סאָוועטנפארבאנד מאגניטאָלע „נערינגא”. אָבער מער פון אלץ שטאָלצירט קאָוונע מיטן זאוואָד פון קינסטלעכע פעדעם אפן נאָמען פונעם 50־טן אָקטיאבער — דער גרעסטער אונטערנעמונג פון אָט דעם מין אין אייראָפּע.

מיר שפּאצירן איבער קאָוונע אין די אינדערפריִקע שאָען, ווען דער מאָדערנער שטאָטישער טראנספּאָרט האָט שוין באוויזן צו פאנאנדערפירן די ארבעטנדיקע פון שטאָט צו די העכער 110 אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. קאָוונע פארמאָגט 5 הויכשולן און 10 וויסנשאפט־פאָרשערישע אינסטיטוטן. אויב, לעמאָשל, אין 1939 — 1940 זײַנען אין גאנץ ליטע געווען 3990 סטודענטן, ציילט איצט אָן בלויז איין קאָוונער פּאָליטעכנישער אינסטיטוט בא 15 טויזנט שטודירנדיקע יוגנטלעכע פון דער אלגעמיינער צאָל 25 טויזנט, וועלכע עס פארמאָגט די שטאָט.

יעדער מענטש, ווי געוויינלעך, ווען ער קומט צו פאָרן אין א נײַער פאר אים שטאָט, לייגט באזונדערס אכט אף דער ארכיטעקטור פון די גאסן, ער פארפעלט אויך ניט פארייניקן צו באטראכטן די שילדן פון די אנשטאלטן, די וויטרינעס פון מאגאזינען און דעריקער די אפישן, פון וועלכע ער באקומט די ערשטע אינפאָרמאציעס וועגן דעם היגן קולטור־לעבן, דערוויסנדיק זיך, וואָס עס קומט פאָר אין די קלובן, אין די טעאטערן און קאָנצערט־זאלן.

איינע פון די רײַכסטע אין דער הינזיכט איז די לײַסוועס־אלייע, ווו עס זײַנען קאָנצענטרירט קימאט אלע טעאטער־געבײַדעס פון קאָוונע, די מאָדערנסטע גאסטראָנאָמען און רעסטאָראנען, די מיט געשמאק אויסגעפורעמטע סוווענירמאגאזינען, אין וועלכע די אויסטערלישע באצירונגען פון בורשטין, אײַנגעפאסט אין קאָלירטע מעטאלן, דערמאָנען אײַך אין מײַסעלעך און לעגענדעס וועגן דער פערלדיקער סמאָלע, מיט וועלכער ס׳זײַנען אזוי בארימט די סאָוועטישע בײַבאלטישע רעפּובליקן.

אײַן בורשטין־פליגל — ניאמונאס,
דער צווייטער בורשטין־פליגל — ניאריס,
און ווען זיי גיסן זיך צונויף מיט דער
זון־שײַן,
צעשטראלט זיך קאונאס — די ווײַסע ברוסט
פונעם בורשטין־פויגל.

עדוארדאס מעזשעלײַטיס

פון די אפישן, וועלכע זײַנען אויסגעקלעפּט אף די קײַלעכדיקע סטענדן, דערוויסן מיר זיך וועגן דעם זומער־רעפּערטואר פון די שטאָטישע טעאטערן און קלובן. אין ליטווישן דראמאטישן טעאטער ווערט באוויזן א נײַע פאָרשטעלונג לויט יאָנאס אוויזשוסעס ראָמאן „דאָס פארלוירענע וויןך־אָרט”, פאר וועלכן דער אווטאָר איז באלוינט געוואָרן מיט דער לעניןפּרעמיע. (אגעוו, ווערט אין דעם פילפלאניקן ווערק וועגן די גויראָלעס פון מענטשן אין דער צווייטער וועלט־מילכאָמע באריבט די ייִדישע טעמאטיק).

און אָט זײַנען צוויי פארביקע אפישן, געדרוקטע אף ייִדיש און אף ליטוויש, זיי טיילן מיט וועגן דעם שאָלעם־אליינכעם־אָוונט, וועלכער וועט פאָרקומען זונטיק אין קאָנצערט־זאל פונעם שטאָטישן אָפיצערן־הויז.

שאָלעם־אליינכעם, דער גרויסער ייִדישער פאָלקס־שרייבער, וועלכער איז אויסגעפאָרן א וועלט אין מעשעך פון זײַן אויסערסט פרוכטבאר שעפערישן לעבן, האָט אויך באוויזן צו זײַן אין ווילנע און אין קאָוונע. דאָס איז געווען בייס א רײַזע, וואָס ער האָט דורכגעמאכט איבער דער בײַבאלטיק אין 1905, אין דער צײַט פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָליוציע. עפשער דאָ אף דער אלייע, אָדער אין דער דערנעבנדיקער קעסטוטשיאָ־גאס, צי עפשער אין אָט דער גאס, וועלכע טראָגט איצט דעם נאָמען פונעם גרויסן ליטווישן דיכטער קריסטינאס דאָניאלײַטיס, האָט שאָלעם־אליינכעם שפּאצירט מיט פאָרשטייער פון דער דעמלטיקער פּראָגרעסיווער ייִדישער און ליטווישער אינטעליגענץ, געשמועסט מיט זיי נאָך דעם פאָרלייענען פאר די קאָוונער ייִדישע ארבעטער זײַנע סאטיריש־פּאָליטישע פעליעטאָנען און פּאמפלעטן, אָנגעצילטע קעגן דעם אומזין פון דער רוסיש־יאפּאָנישער מילכאָמע, קעגן דעם ווילדעווען פון די צארישע הערשער.

פאראלעל מיט דער לײַסוועס־אלייע ציט זיך די דאניאלײַטיס־גאס, — צוויי שטאָט־מאגיסטראלן, וועלכע פארייניקן זיך מיטן לעניןפּראָספּעקט — איינער פון די הויפּט־ארטעריעס פון דער שטאָט.

און ווי קאָן מען עס זײַן אין קאָוונע און ניט קומען אין סאמע צענטער פון דער דאָניאלײַטיס־גאס, ווו פון איין זײַט געפינט זיך דער מוזיי־קאָמפּלעקס מיט דער בארימטער עקספּאָזיציע פון די שאפונגען פונעם אייגנארטיקן קינסטלער מיקאָלאָיִס טשורליאָניס און פון דער צווייטער זײַט — דער פּאָליטעכנישער אינסטיטוט אף סניעטשקוסעס נאָמען. זיי בילדן

איינעם פון די שענסטע אנסאמבלען פון דער שטאָט, דעם פּלאַץ אָפן נאָמען פונעם דיכטער־רעוואָליוציאָנער יוליוס יאַנאָניס, וועמענס 80־טן געבורטסטאָג די ליטעראַרישע געזעלשאַפטלעכקייט פון ליטע, האָט האַיאָר פייערלעך אָפּגעמערקט אין דער פאַרשטאָט פון קאָוונע פּאַלעמאָנאַס, באַם מעמאָריאַל פונעם מוזיי פון סאַלאָמייע נעריס, און אין שאַוליי — דער שטאָט, וווּ דער דיכטער איז געבוירן געוואָרן.

אין קאָוונער שטאָטקאָם פון דער פּאַרטיי האָט מען שוין געוווּסט, אַז צו דעם פאַרשטייענדיקן שאָלעם־אַליכעם־אָוונט, אָף וועלכן עס וועט באַוויזן ווערן די פּרעמיערע פון א קאָנצערט־פּראָגראַם פון דעם יידישן זעלבסטעטיקייט־קאָלעקטיוו, וועט קומען א פאַרשטייער פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“.

אַלגיס בראַזאַיטיס, איינער פון די סעקרעטאַרן פון שטאָטקאָם, באַקענט מיך מיטן זשורנאַליסט און פּאַרטיי־טוער אַנטאַנאַס מאַרטשוליאַניס, וועלכער איז מיט א טאָג פריִער ביַיגעווען אָף דער גענעראַל־רעפּעטיציע פון דער ליטעראַריש־מוזיקאַלישער קאָנצערט־פּראָגראַם.

— גוט, וואָס איר זיַינט שוין געקומען, — האָט ער זיך געווענדט צו מיר, — איר וועט באַ אונדז זען א טאַלאַנטפולע און ענערגישע יידישע יוגנט, וועלכע וועט מיט איר אַרויסטרעטונג ניט פאַרשעמען שאָלעם־אַליכעמס אָנדענק. וואָס שייך דער אָרדענונג פון דורכפירן דעם דאָזיקן אָוונט, וועט איַיך מיט דעם גערן באַקאַנען קאַזיס וואַשייקיס, דער דירעקטאָר פונעם שטאָטישן קולטור־פּאַלאַץ פון די פּראָפאַריינען, אין וועלכן עס האַלטן זיך איצט אויך די זעלבסטעטיקע קאָלעקטיוון. ער וואַרט אָף איַיך אין קאָנצערט־זאַל, וווּ דער אָוונט וועט פאָרקומען.

קאַזיס קאַזאָוויטש, א באַשיידענער, באַדאַכטער מענטש אין די מיטעלע יאָרן, א הויכער און שטאַלטנער, איז ניט נאָר אין קאָוונע, נאָר אין גאַנץ ליטע פּאָפּולער אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער מיט א רייַכער דערפאַרונג אין דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און באַזונדערס מיט זיַין ליבע און אויפמערקזאַמקייט צו דער זעלבסטעטיקער פאָלקס־קונסט.

אַן אינטערעסאַנטע דעטאַל: מיט וואַשייקיסן האָבן מיר זיך באַקאַנט גראָדע אין דעם טאָג, ווען די ליטווישע פּרעסע האָט מיטגעטיילט, אַז ער איז פאַר זיַין פּיליאַריקער פּראָכטבאַרער מי באַערט געוואָרן מיט א הויכער מעלוכע־באַלוינונג — מיטן אָרדען פון דער רויטער אַרבעטס־פאָן.

אונדזער שמועס באַ אַלגיס בראַזאַיטיסן אין קאַבינעט האָט געדויערט ניט לאַנג, דאָך איז מיַין אינפאָרמירטקיַיט אין דעם פּראָדוציר־ און קולטור־לעבן פון דער שטאָט רייַכער געוואָרן מיט פרישע ידיעס, מיט נייַע פאַקטן.

— אויב איר וועט אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ זיך טיילן מיט איַיערע איַינדרוקן פון דעם אָוונט און פון איַיער רייַזע ביכלאַל, דערציילט אויך וועגן די מענטשן פון אונדזער שטאָט.

אַלגיס אַנטאַנאַוויטש רופט אָן כּאַשעווע מענטשן, וועמענס נעמען עס ווערן מיט קאָוועד דערמאָנט אָף די ערן־טאָוולען, אפילו אין דער ענציקלאָפּעדיע פון דער ליטווישער רעפּובליק. מיט א באַזונדערן אָפּשיַי האָט דער



דער קאָוונער קאָלעקטיוו פון קינסטלערישער זעלבסטעטיקייט

פארטיי־סעקרעטאר גערעדט וועגן לאפעראסן — הירש לאפער. דאָס איז דער גענעראל־דירעקטאָר פון דער פארייניקונג פון אלע טריקאָטאזש־אונטערנעמונגען אין קאָוונע אפן נאָמען פון אדעליע שאוטשונײַטע — איינע פון די גרעסטע פירמעס פון דער לײַכטער אינדוסטריע אין דער ליטווישער רעפובליק.

ווען איך האָב זיך אומגעקערט אין האָטעל, האָב איך גלײַך אָנגעקלונגען לאפערן. ס׳איז געווען פרײַטיק. אונדזער באגעגעניש האָבן מיר אָפגעשטעלט אף זונטיק, פארן אָנהייב פונעם שאָלעם־אלייכעם־אָוונט, אף וועלכן הירש לאפער האָט זיך געקליבן צו זײַן.

— איך פארשטיי, אז איר וועט מיך באלד אָנהייבן אויספרעגן וועגן מײַן לעבן, — האָט זיך אָנגערופן לאפעראס, ווען ער איז ארײַנגעקומען אין האָטעל־נומער.

אין יענע גרויליקע מילכאָמע־יאָרן, ווען ער האָט געביטן זײַן נאָמען לאפער אף יאָנאָס מארקאוסקאס, איז שווער געווען צו גלויבן, אז דאָס יאָנאָווער יינגל וועט בלײַבן לעבן און וועט אויסוואקסן אזעלכער, ווי מיך זעען אים איצט — א קרעפטיקער, אטלעטיש־געבויטער, מיט אן עטוואָס צוגעברוינט פּאָנעם, וואָס גיט אים צו אי כיין, אי סאָלידקייט. בלויז די זילבער־ווײַסע שפרענקלען, וועלכע האָבן זיך פרי באוויזן אין זײַנע געדיכטע האָר, זאָגן אײדעס וועגן דעם שווערן וועג, וואָס דער איצט שוין קימאט פופציקיאָריקער מענטש האָט דורכגעמאכט אין זײַן לעבן.

אין 1941, ווען די היטלערישע פארכאפערס האָבן זיך ארײַנגעריסן אין זײַן געבורט־שטעטל יאָנאָווא, איז הירשל אלט געווען אינגאנצן 12 יאָר. דעם טאטן זײַנעם האָבן די אָקופאנטן גלײַך דערשאָסן. באנאכט איז ער צוזאמען מיט דער מאמען און מיט זײַן עלטערער שוועסטער אנטלאָפן אין וואלד, טאקע ניט ווײַט פון יאָנאָווא. דאָרט האָבן זיי אין דער געדיכטעניש פון ביימער און קוסטעס אויסגעבויט פאר זיך א נעסט פון צווײַגן און בלעטער און געווארט, עפשער וועלן אין די ערטער זיך באווײַזן פארטיזאנער און זיי ארײַננעמען צו זיך. עס זײַנען געגאנגען טעג און וואָכן, גוטע מענטשן, באקאנטע ליטווינער פלעגן פון מאָל צו מאָל אונטערוואָרפן א לאבן ברויט אָדער א ביסל קארטאָפל. אין אזעלכע באדינגונגען האָבן זיי אינדרײַען, אין הונגער און שרעק, אין רעגנס און אין פרעסט, אָפגעמוטשעט זיך אָנדערהאלבן יאָר.

איינמאָל האָבן די מאמע מיט דער שוועסטער אים געראטן זיך ארײַנכאפן אין אן אנדער דאָרף, קעדיי זיך אָנדינגען בא עמעצן אף ארבעט, ער זאָל זאט זײַן און עפשער טאקע אויך פאר זיי עפעס געפינען.

א הונגעריקער און אָפגעריסענער, האָט דאָס יינגל זיך געלאָזט אין וועג ארײַן, זיך דערקליבן צום דאָרף באריישא, א קילאָמעטער אכצן פון יאָנאָווא, וווּ קיינער האָט אים ניט געקענט. אָפגעשטעלט האָט ער זיך בא דער מישפּאָכע מינגײַלא — מאן־און־ווײַב, וואָס האָבן געלעבט באם ראנד פון וואלד. זיי נייטיקן זיך אין א פאסטעכל. ווען זיי האָבן אים געפרעגט, וויאזוי ער הייסט, האָט ער געענטפערט — יאָנאס מארקאוסקאס.

אָבער אינגיכן איז געשען דאָס שרעקלעכע. איינמאָל, ווען ער איז אוועק אין וואלד געווירע ווערן, וואָס עס טוען די מאמע מיט דער שוועסטער, האָט ער דאָרט געטראָפן א פוסט אָרט. ער איז געבליבן שטיין ווי פארגליווערט, מיט א פארקלעמט קינדערש הארץ. וועלכע כײַעס האָבן פארטיליקט די אומשולדיקע מענטשן?

מיט שרעק און ווייטעק האָט הירשל זיך דערקליבן צו זײַנע באלעבאטים אין דאָרף, ניט האָבנדיק פאר וועמען אויסצוגיסן זײַן ביטער הארץ. זײַטיקע מענטשן האָבן דערציילט, אז שאוליסטן־היטלעראָווצעס האָבן אָנגעשמעקט א שפור, וואָס האָט זיי געפירט צו דער באהעלטעניש פון די צוויי אומגליקלעכע פרויען...

אין 1944, ווי נאָר יאָנאָווא איז באפרײַט געוואָרן, קומט הירשל לאפער צוריק אין זײַן היים־שטעטל. פון זײַניקע טרעפט ער דאָרט קיינעם ניט. אינגיכן פאָרט ער אריבער קיין קאָוונע זיך לערנען אין דער העכערער טעכנישער שול, וועלכע ער פארענדיקט אין 1949, און קומט אָן ארבעטן אין דער טריקאָטאזש־פאבריק „ערשטער מײַ". דאָ טרעט ער ארײַן אין 1962 אין דער קאָמוניסטישער פארטיי. שפעטער, אין 1964, ווערט ער אויסגעוויילט אלס סעקרעטאר פון דער פארטיי־אָרגאניזאציע פון דער אונטערנעמונג. ניט ווארפנדיק אף קיין איין טאָג די ארבעט, זעצט ער פאָר זײַן לער אין א טעכנישער הויכשול, אין וועלכער ער פארטיידיקט דעם דיפלאָם פון אן אינזשעניער־מעכאניקער.

דער אינזשעניער לאפער ווערט באשטעטיקט אלס דירעקטאָר פון דער טריקאָטאזש־פאבריק „סילווא", צו וועלכער עס פארייניקן זיך שפעטער אלע טריקאָטאזש־אונטערנעמונגען פון קאָוונע. לאפער איז דער גענעראל־דירעקטאָר פון די רעאָרגאניזירטע אונטערנעמונגען „שאוטשונײַטע".

וועגן די דערגרייכונגען פון דער פירמע, וועגן די מענטשן, וואָס מיִען זיך צוזאמען מיט אים, האָט הירש לאפער מיט שטאָלץ דערציילט אין זײַן ארויסטרעטונג אפן XVII צוזאמענפאָר פון דער ליטווישער קאָמוניסטישער פארטיי. לאפערס וואָרט וועגן די אופטוען פון די קאָוונער טריקאָטאזשניקעס האָט פארדינט דעם קאָוועד דערמאָנט צו ווערן אינעם שלוס־וואָרט פונעם ערשטן סעקרעטאר פון דער ליטווישער קאָמפארטיי פיאטראס גרישקיאוויטשוס. הירש לאפער איז א מיטגליד פון שטאָטקאָם פון דער פארטיי, דעפוטאט פונעם קאָוונער שטאָט־סאָוועט.

בא אזא מענטשן, ווי לאפער, איז שטענדיק א מאנגל אין פרײַער צײַט. אפילע איצט, אין אָפרו־טאָג, האָט ער ערגעץ געײַלט.

אַרײַנזעצנדיק זיך אין זײַן אווטאָמאָביל, האָט ער געזאָגט:

— שוין לאנג ניט געווען אין מײַן היימשטאָט, אין יאנאָווע. פון מײַנע אייגענע איז דאָרט קיינער ניט פארבליבן, איך האָב אָבער דאָרט פיל גוטע פרײַנט, וועלכע האָבן געשפּילט א גרויסע ראָל אין מײַן לעבן. אנטשולדיקט, — האָט ער צוגעגעבן אַף זײַן ריינעם ליטווישן ייִדיש, — דעם שמועס וועלן מיר פאָרזעצן אין קאָנצערט־זאל אַפן שאָלעם־אלייכעם־אָוונט.

די גאס ארום דעם קאָנצערט־זאל איז רוישיק און יאָמטעוודיק. מענטשן ציִען זיך אָן אופהער צו די ברייטע טרעפּ פונעם קאָוונער אָפיצערן־הויז. מע באווײַזט באם ארײַנגאנג אן אײַנלאדונגס־בילעט מיט שאָלעם־אלייכעמס פּאָרטרעט. די געראמע פאָיע איז שוין פול מיט אוילעם. באקאנטע גריסן זיך איינער מיטן אנדערן. א ייִד אין די מיטעלע יאָרן, וואָס האלט א פרישן נומער „סאָוועטיש היימלאנד" אין דער האנט, אייצעט זײַנעם א באקאנטן:

— איר זעט דעם פּלאקאט, נעבן יענער קאָלאָנע, דאָרט זיצט א פרוי פון „סאָיוזפּעטשאט" און שרײַבט אונטער אַף „סאָוועטיש היימלאנד", אַפן צווייטן האלביאָר. גייט און טוט עס אַף ביזן קלונג...

באם טיש, אַף וועלכן עס ליגן עטלעכע זשורנאל־נומערן, זיצט אנע אסטראָמאָוויטש, א פאראנטוואָרטלעכע טוערן פון דער שטאָטישער אָפּטיילונג פון „סאָיוזפּעטשאט", וועלכע האָט מיט צוויי טעג צוריק מיר דערוויזן, אז ווען די קאָוונער געזעלשאפטלעכע פארשפּרייטער, ליבהאָבער פונעם ייִדישן געדרוקטן וואָרט, וואָלטן אקטיוויזירט זייער ארבעט, וואָלט דאן די צאָל אבאָנירער אַף אזא זשורנאל, ווי „סאָוועטיש היימלאנד", געקאָנט אין שטאָט פארדאָפּלט ווערן. ניט ווײַט פון דעם אבאָניר־טישל האָט זיך צונויפגעזאמלט א רעדל מענטשן, מיר זעען צווישן זיי בענציאָן שליאָמאסן, דעם צושנײַדער אין דער קאָוונער שוך־פאבריק „ראונדאָנאסיס ספּאָליס" („רויטער אָקטיאבער"). א וועטעראן פון דער קינסטלערישער זעלבסטעטיקײַט, פילט ער איצט אויס די געזעלשאפטלעכע פליכט פון דעם פאָרזיצער פונעם קולטור־ און קונסטראט פון די ייִדישע עסטראדע־קרײַזן. ער שמועסט מיט צוויי זײַנע פרײַנט — דעם אלטן, באגאבטן שוישפּילער יאקאָוו בעלצער, וועלכער האָט אין מעשעך פון א סאך יאָרן אָנגעפירט מיט ייִדישע דראמאטישע קאָלעקטיוון, און מיט מארק יאוויטשן, א קאָנסטרוקטאָר אַפן היגן ראדיאָ־זאוואָד, א גרויסן ליבהאָבער פון ייִדישער ליטעראטור. דער טומל אין פאָיע שטערט זיי ניט זיך דורכריידן וועגן „סאָוועטיש היימלאנד", זיך טיילן מיט אײַנדרוקן פון באזונדערע ווערק, וועלכע זיי האָבן פאר דער לעצטער צײַט געלייענט אין זשורנאל. בײַסמײַסע פאָרען זיך באם טיש עטלעכע מענטשן מיט נאָרוואָס אָפּגעצאָלטע קוויטאנציעס, זיי וועלן פון הײַנט אָן טראָגן דעם נאָמען „לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד".

מארק יאוויטש, וועמען מיר האָבן דאָ נאָרוואָס דערמאָנט, איז, אזוי צו זאָגן, שוין אונדזערער אן אלטער באקאנטער, נאָך דעם, ווי ער איז אנומלטן, בײַם זײַנער א קאָמאנדירונג אין מאָסקווע, ארײַנגעקומען אין דער רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד". ער האָט דעמלט דערציילט, וויאזוי ער האָט צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן לייענען דעם זשורנאל, זײַענדיק ניט איבעריקס באהאוונט אין ייִדיש. צוליב אָנשוילעכקײַט האָט ער ארויסגענומען פון זײַן פּאָרטפעל צוויי דיקע העפטן מיט ווערטער און באזונדערע אויסדרוקן, וועלכע ער האָט זאָרגזאם ארויסגעשריבן פון „סאָוועטיש היימלאנד".

— איצט לייען איך שוין, ווי א וואסער, — האָט ער זיך בארימט.

אַפן אָוונט איז ער געקומען צוזאמען מיט זײַן פרוי און זייער פּופּצניאָריק באָכערל, וועלכער פארשטייט ניט שלעכט ייִדיש און כאפּט שוין אויך א קוק ארײַן אין „סאָוועטיש היימלאנד". גיין מישפּאָכעסווײַז אין טעאטער און אַף קאָנצערטן איז אין קאָוונע א געוווינהײַט.

ווען דער אוילעם האָט געדיכט פּאָרפולט דעם צושויער־זאל, האָט מען דערזען, אז ס'איז ניט מעגלעך ארײַנצונעמען אזויפיל מענטשן. מע האָט געמוזט צושטעלן צוגאָב־ערטער, קעדיי אלעמען באפרידיקן.

ענדלעך האָבן די צושויער זיך אײַנגעמאָסטעט אַף זייערע ערטער. גלײַך נאָכן דריטן גלעקל האָט זיך צעעפנט דער פּאָרהאנג. אין סאמע צענטער פון דער בינע איז געהאנגען שאָלעם־אלייכעמס פּאָרטרעט מיט דער געדענקדאטע פון דעם שרײַבערס 60־טן יאָרצײַט.

און אָט זײַנען לעקאָוועד דעם קלאסיקער פון דער ייִדישער ליטעראטור אויסגעהערט געוואָרן די ארויסטרעטונגען פון א פאָרשטייער פון די אָרטיקע געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס, ווי אויך א באגריסונגס־וואָרט אין נאָמען פון דער רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד".

צו אָט דער צײַט זײַנען די הינטערקוליסן שוין געווען פּאָרפולט מיט ארטיסטן־ליבהאָבער, וועלכע האָבן זיך צו דעם אָוונט געגרייט מיט דער העכסטער פאראנטוואָרטלעכקײַט.

דעם קאָוועד צו עפענען די גרויסע קאָנצערט־פּראָגראם איז אויסגעפאלן אַף די געסט, דער אײַנגעלאדענער יוגנט־גרופּע פונעם ווילנער פאָלקס־טעאטער. באגריסנדיק די קאָוונער קאָלעגן מיט זייער פריידיקן אָנהייב, האָבן די ווילנער באוויזן א נײַע ארבעט פון זייער דראמאטישן קאָלעקטיוו — שאָלעם־אלייכעמס באוווסטן איינאקטער „מאזלטאָוו" אין אן אייגנארטיקער שטעלונג פונעם יונגן רעזשיסער איגאָר סערגייקאָ.

אויב זיך נעמען איבערדערציילן אײַנקורצן דעם אינהאלט און דעם כאראקטער פונעם ערשטן קאָנצערט, וואָס עס האָט צוגעגרייט דער קאָוונער זעלבסטעטיקער קאָלעקטיוו,



אַן אָדעסער טאַנץ. פון רעכטס אַף לינקס: נאַטאַשע פעלדמאַן, לעוו גאָלצ־מאַן, לענע זאַרעצקאַיאַ, לייזער הירש

דאַרף מען אונטערשטרײַכן דעריקער דאָס, וואָס די פּראָגראַם איז אין גרונט באַשטאַנען פון צוויי זשאַנרען — פון געזאַנג און טענץ, דעריקער פון פאָלקס־טענץ, פאָלקס־מעלאָדיעס און לירישע זינג־לידער. דעריבער איז זי, אַ דאַנק איר פאָלקסטימלעכן קאָלאָריט, געווען אַזוי נאָענט דעם צושויער, אַז אין אייניקע מאָמענטן איז דער צושויער־זאַל געקומען אין אַן ענגער באַהעפטונג מיט די אויספילער, אונטערהאַלטנדיק זיי מיט ריטמישע פּליעסקערײַען און אַפּלאָדיסמענטן. אַפילע קליינע קינדער, וועלכע די עלטערן האָבן דאָס מאָל מיטגענומען מיט זיך, זײַנען געווען פאַרנומען מיטן „אונטערזינגען און אונטערפּליעסקען”.

אַזויאַרום, האָט דער קאָוונער אוילעם פאַר זיך געזען אַ קאָלעקטיוו פון אַריבער פופציק אָנטיילנעמער, וועלכע זײַנען אַרויסגעטראָטן איינער נאָכן אַנדערן מיט סאָלאָ־ און דועט־נומערן, מיט וואָקאַלע נומערן און קאָלעקטיווער כאָרעאָגראַפיע, בילדנדיק אַן איינהײַטלעכע פּראָגראַם פון געזאַנג און טענץ.

מיר ווילן אָבער דאָ גלײַך באַמערקן, אַז דער קאָנצערט וואָלט עפּשער ניט געהאַט אַזאַ ריטמישע שפּאַנעוודיקײַט אָן דעם געלונגענעם קאָנפעראַנס, וועלכן עס פירן אַף צוויי שפּראַכן דער סטודענט פונעם קאָוונער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט איסאַק שאַדור (ייִדיש) און די מעדיצין־שוועסטער לענע זאַרעצקאַיאַ (ליטוויש).

לאָמיר איצט אָפּמערקן בלויז אייניקע פון די אַרטיסטן, און אין דער ערשטער ריי די סאָליסטן פון ייִדישע זינגלידער בענציאָן שליאָמאָס מיט דער ליד „מײַן אויצער” און מאַשע האָלצבערג (אָנפירערן מיט דער וואָקאַלער גרופּע) מיט דער ליד „זאָל זײַן שאָלעם!” זייער סימפּאַטיש איז די טאַלאַנטפולע טריאָ אין באַשטאַנד פון דרײַ שילער פונעם 9־טן קלאַס לייזער הירש, כאַנע טייטעל און מאַשע ליבערמאַן, וועלכע פילן אויס אַ ייִדישן פאָלקס־טאַנץ. עסטעטישן פאַרגעניגן פאַרשאַפט דער „נײַער אָדעסער טאַנץ”. אים פילן אויס די „שטערן” פון דער כאָרעאָגראַפישער גרופּע נאַטאַשע פעלדמאַן, לענע זאַרעצקאַיאַ (אָנפירערן מיט דער טאַנץ־גרופּע), לייזער הירש און לעוו גאָלצמאַן, וועלכע דער אוילעם האָט צוויי מאָל אַרויסגערופן אַף ביס.

אַ באַזונדער אָרט איז דער קאָנצערט־פּראָגראַם פאַרנעמט יאַקאָוו בעלצערס קינסטלערישע פאָרלעזונג פון שאָלעם־אַלייכעמס אַ מאָנאָלאָג פון דער סעריע קוראָרט־געשיכטעס. אַף אַ הויכן פּראָפעסיאָנעלן ניוואָ שילדערט דער וועטעראַן פון דער בינע שאָלעם־אַלייכעמס קאָמישע געשיכטע, וויאַזוי אַ ייִד האָט אונטערוועגנס, פאָרנדיק מיט זײַן פלוינעסטע „אַף די קוראָרטן”, אומדערוואַרט און ניט ווילנדיק אײַנגעהאַנדלט אַפן מאַרק בײַ אַ ציגײַנער... אַ



עס זינגט מאַשע האָלצבערג

צווייהאָרביקן קעמל. בעלצער דרינגט אריין טיף אין זײַן ראָל — אינעם געשטאלט פון א פראָווינציעלן ייִדן. מיר זעען אים אן אומבאהאָלפענעם אין אָט דער געשיכטע, ווען ער קוקט מיט זײַן ראכמאָנעס־פּאָנעם אף די מענטשן־אָפּלאכער, וועלכע רינגלען אים ארום... ערגעץ ווארט אף אים דאָס ווײַב, און ער שטייט דאָ אינמיטן פון א פרעמדן מארק. ס'ווערט אים קאלעמוטנע אפן הארצן, ער איז גרייט עמעצן אומקערן די מעציִע אין גלײַכן געלט אריַין, בעכוצע־כינעם, אפילע גאָר אומזיסט, אבי פּאָטער ווערן פון דעם אָל, פון דער האָרבאטער באשעפעניש.

ווען עמעצער פון די צושויער האָט בעלצערן נאָכדעם געזאָגט: „יאקאָוו יעפימאָוויטש, איר האָט הײַנט אויסגעזען אף דער בינע נאָך יונג און מונטער", — האָט ער מיט א שמייכל געענטפערט:

— אז מע לייענט שאָלעם־אלייכעמען, ווערט מען ייִנגער. הײַנט, ווען מע טרעט נאָך ארויס צוזאמען מיט אזא בליִענדיקער יוגנט...

און איצט — עטלעכע ווערטער וועגן די אָנטיילנעמער אין דער זעלבסטעטיקײַט, וועלכע פילן אויס זייערע „ראָלן", אזוי צו זאָגן, הינטער די קוליסן. דאָס זײַנען בליומע שאדור, א קאָרעקטאָר, זי האָט צוגעגרייט און באארבעט די טעקסטן פון א ריי לידער; די לערערן פון מוזיק פרידע קערבעל — קאָנסולטאנט און אָנפירערן מיט דער מוזיקאלער טייל אין דער קאָנצערט־פּראָגראם. און — אוואדע די יונגע נאטאשע וואלדמאן, וועלכע ספראוועט זיך גלענצנד מיט דער ראָל פון א פיאניסטקע און קאָנצערטמייסטערן אינעם דזשאז־אָרקעסטער.

צי זײַנען פאראן כעסרוינעס בא די אויספילער פון דעם יונגן קאָלעקטיוו? פאראן. מע קאָן די כעסרוינעס באמערקן סײַ בא די זינגער, סײַ בא די טענצער, און דעריקער בא די אָנטיילנעמער פונעם דזשאז־אָרקעסטער, וועלכע פארגעסן צומאָל, אז זיי זײַנען אף דער בינע ניט אליין און שפילן מיט אזא קראפט, גלײַך זיי וואָלטן זיך סטארען „איבערשרײַען" די אויספילער. דאָס זײַנען אָבער כעסרוינעס, וואָס מע קאָן לײַכט באזײַטיקן. אין גרונט איז עס א גלענצנדיקער קאָלעקטיוו פון באגאבטער יוגנט, וועלכע איז געבענטשט מיט געשמאק און מיט לײַדנשאפטלעכער ליבע צו דער פאָלקסקונסט, מיט פארשטאנד צו די נײַע ריטמען און ווארִיאציעס פון די הײַנטיקע מעלאָדיעס.

די ייִדישע זעלבסטעטיקײַט איז בעפיירעש א פריידיקע דערשײַנונג אינעם קולטור־לעבן פון קאָוונע.

מיר זײַנען אוועקגעפאָרן פון אָט דער געמיטלעכער, גאסטפרײַנטלעכער שטאָט מיט א ווילן — וואָס גיכער זיך אומקערן צו אירע גאסן און פלעצער, און דעריקער צו אירע מענטשן.

# כראָניק

קאָוועד זייער אָנדענק!

אין עלטער פון 70 יאָר איז געשטאָרבן איינער פון די וועטעראנען פונעם ייִדישן טעאטער דמיטרי פינקעלשטיין.

ד. פינקעלשטיין שטאמט פון א מישפּאָכע טעאטראלע טוער. אָנהייבנדיק פון א קינסטלער־גרימירער אין 1928 אינעם מאָסקווער אקאדעמישן גרויסן טעאטער, האָט ער אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן געארבעט אין ייִדישן מעלוכע־טעאטער און דערוואָרבן א שעם פון אן אויסגעצייכנטן מײַסטער פון זײַן פאך. א קאָמוניסט פונעם 1932, איז ד. פינקעלשטיין געווען דער סעקרעטאר פון דער פארטיי־אָרגאניזאציע אינעם מאָסקווער גאָסעט. אין די יאָרן 1950 — 1972 ארבעט ער אין דער מוזיקאלישער טעאטער־שול אף גלאזונאָווס נאָמען אלס פּעדאגאָג פון גרים, אינעם וואכטאנגאָוורטעאטער, אין מאָיסייעווס טאנץ־אנסאמבל, אינעם טעאטער „סאָווער מעניק" און אין אנדערע קאָלעקטיוון — אלס קינסטלער־גרימירער. פונעם 1972 ביזן לעצטן טאָג פון זײַן לעבן איז ער געווען טעטיק אין דעם מאָסקווער ייִדישן דראמאטישן אנסאמבל.

■

אין עלטער פון 82 יאָר איז אין סמאָלענסק געשטאָרבן דער לאנגיאָריקער געטרײַער פרײַנט און פארשפרייטער פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" איטשע סארנעוויטש.

געבוירן אין שטעטל זאמבראָווע, לאָמזשער גובערניע (פוילן), אין א מישפּאָכע פון אן אָרעמען שנײַדער, איז אי. סארנעוויטש, א 14־יאָריק ייִנגל, געווען א מעשאָרעס בא א לאָמזשער סויכער. אינגיכן האָט ער זיך אָנגעשלאָסן צו דער ארבעטער־באוועגונג, גענומען אן אקטיוון אָנטייל אין פּראָפּארייניִשן קאמף.

ווען די סאָוועטישע רויטארמייִשע טיילן האָבן אָנגעגריפן אף די שליאכטישע פּאָזיציעס אין פוילן, איז סארנעוויטש געוואָרן א רויטארמייער און אין 1920 אף שטענדיק זיך באזעצט אין סאָוועטנפארבאנד. ביזן 1921 באטייליקט ער זיך אינעם בירגערקריג און דערנאָך וווינט ער אין סמאָלענסק.

אין די ערשטע טעג פון דער גרויסער פּאָטערלענדישער מילכאָמע איז איטשע סארנעוויטש אוועק אפן פראָנט, געקעמפט אין סטאלינגראד און דערגאנגען ביז בערלין. זומער 1945 דעמאָבילירט ער זיך און קערט זיך אום קיין סמאָלענסק.

איטשע סארנעוויטש האָט אין מעשעך פון די לעצטע 15 יאָר אָפּגעגעבן זײַן פרײַע צײַט דער פּאָפּוליאריזאציע פון דער ייִדישער ליטעראטור און קונסט.

■ ■ ■

## פון דער קולטור־געשיכטע




### פראָפ. שאָול באַראָוואַי

**דאָקטאָר פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן**


שאָול באַראָוואַי איז געבוירן געוואָרן אין 1903. פּראָפעסאָר, דאָקטאָר פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן, אַווטאָר פון לערנביכער איבער עקאָנאָמישער געשיכטע, פאַרעפנטלעכט העכער צוויי הונדערט אַרבעטן איבער געשיכטע און ליטעראַטור. וווינט אין אָדעס.

# אַן אומבאַוווּסט בלעטל אין דער געשיכטע פון דער האַסקאָלע אין רוסלאַנד

די אויפקלערונג איז געווען אַ ברייטע באַוועגונג, וועלכע האָט באַפאַרבט דאָס געזעלשאַפטלעכע און קולטור־לעבן פון עטלעכע דורות אין פּעריאָד, ווען דער פעאָדאַליזם האָט שוין געהאַלטן באַם אונטערגאַנג און ווען עס איז אויפגעקומען דער קאַפּיטאַליזם. מאַרקס און ענגעלס האָבן באַטראַכט די אויפקלערונג אַלס די אידעאָלאָגישע צוגרייטונג צו דער בורזשואַזער רעוואָלוציע.

אין דער אויפקלערונג זײַנען געווען פאַרשיידענע שטרעמונגען. אין די גרענעצן פון באַזונדערע לענדער, אָפּהענגיק פון די קאָנקרעטע היסטאָרישע באַדינגונגען, פון דער רײַפקײַט פון די קאַפּיטאַליסטישע באַציִונגען, פון די פאַרהעלטענישן אין די קלאַסן־קויכעס, פון די אידייִשע און קולטור־טראַדיציעס, אַנטפּלעקט זיך די אויפקלערונג אין פילאַרטיקע פאָרמעס, אָנהייבנדיק פון דער רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישער און ענדיקנדיק מיט דער בירגערלעך־ליבעראַלער. אָבער ווי שטאַרק עס האָבן זיך ניט אונטערשיידט איינער פונעם צווייטן די פאַרשיידענע פאַרשטייער פון דער אויפקלערונג, זײַנען זיי אַלע, ווי לענין האָט געזאָגט, געווען באַגײַסטערט „מיט הייסער סינע צום לײַבייגנטום־רעכט און צו אַלע זײַנע נאָכווייענישן אין עקאָנאָמישן, סאָציאַלן און יורידישן געביט”[1].

[1] В. И. Ленин. Полное собрание сочинений, т. 2, стр. 519.

די האַסקאָלע דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ ייִדישער וואַריאַנט פון דער אויפקלערונג, וועלכער טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּל פון דער באַזונדערער סאָציאַלער סטרוקטור, פון דער גײַסטיקער אָפּגעזונדערטקײַט אין משך פון פיל יאָרהונדערטער, פון אַזאַ מאַצעוו, בײַס וועלכן די ייִדישע באַפעלקערונג איז געווען געצוווּנגען צו זײַן איזאָלירט פון דעם געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן אין לאַנד. באַזונדערס איז נייטיק אונטערצושטרײַכן, אַז די האַסקאָלע שפּיגלט אָפּ די ספּעציפיק פון דער רעכטלאָזער לאַגע פון די ייִדן אַלס אונטערדריקטע נאַציאָנאַלע מינדערהײַט.

דאָס אַרײַנדרינגען אפילו פון שוואַכע אָפּקלאַנגען פון דער אויפקלערערישער אידעאָלאָגיע דורך די ווענט פון געטאָ האָט אַרויסגערופן אַן אינטערעס צו די דערגרייכונגען פון דער קולטור, האָט צעשטערט די מיטלאַלטערלעכע אײַנגעשלאָסנקײַט, אַנטדעקט די פּרוכטלאָזיקײַט פון דער טאַלמודישער סכאָלאַסטיק, די באַגרענעצטקײַט פון יענע גײַסטיקע ווערטן, וועלכע עס האָט געגעבן די טראַדיציאָנעלע ייִדישע בילדונג און דערציִונג און געמאַכט באַזונדערס אומדערטרעגלעך דאָס שטרענגע אָפּהיטן די רעליגיעז־שטייגערישע פאַרבאָטן. מע דאַרף אויך געדענקען, אַז די קולטור־אָפּגעזונדערטקײַט, דאָס אָפּהיטן אַלע פאָדערונגען פונעם רעליגיעזן ריטואַל, די שפּראַך־איזאָליאַציע — דאָס אַלץ האָט שטאַרק באַגרענעצט די

מעגלעכקײַטן צו באַהעפטן זיך אַקטיוו צו די נײַע, בורזשואַז־קאַפּיטאַליסטישע, ספערן און פאַרמען פון עקאָנאָמישער און געזעלשאַפטלע־כער טעטיקײַט.

צוזאַמען דערמיט האָבן די פאָרשטייער פון דער ייִדישער געזעלשאַפט, וועלכע האָבן גוי־ווער געוועזן די נאַציאָנאַלע אײַנגעשלאָסנקײַט און זיך פאַרייניקט צו די פאָרגעשריטענע אָנ־שויונגען פון דער עפּאָכע, ביז גאָר שאַרף גע־פילט די באַליידיקנדיקע לאַגע פון די ייִדן, זייער רעכטלעכע אומגלײַכהײַט, נאַציאָנאַלע דערנידעריקונג.

מע דאַרף אויך דערמאָנען דאָ וועגן אַזאַ כאַראַקטעריסטישן שטריך פון דער פריִער אופ־קלערונג, באַזונדערס אין ייִדישן וואַריאַנט אירן, ווי דאָס נאַיווע גלויבן, אַז די אַדמיניסט־ראַטיווע רעגירונגס־אינסטיטוציעס קאָנען ווערן אַ וויכטיק מיטל פון דעם פאָלקס־אָנייגענען קולטור. „אויפקלערונג״ — אָט די אילוזיע איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס אונטער דער ווירקונג ניט אַזוי פון דער פּראַק־טיק, ווי פון דער אידעאָלאָגישער באַגרינדונג פונעם „אויפגעקלערטן אַבסאָליוטיזם״, וועלכער האָט אָפט אויסגענוצט אין זײַנע דעקלאַראַציעס אויפקלערערישע לאָזונגען.

די האַסקאָלע אין רוסלאַנד אַלס מער־ווייני־קער מערקבאַרע געזעלשאַפטלעכע דערשײַנונג הייבט זיך אָן פון די 30 — 40־ער יאָרן פונעם פאָ־ריקן יאָרהונדערט, ווען עס זײַנען געשאַפן געוואָרן אָביעקטיווע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאָרהאַנאָכעס פאַר בילדונג און קולטור. אין אָנהייב פונעם XIX יאָרהונדערט האָבן אין רוס־לאַנד, אין די גרענעצן פונעם „טכום״, גע־הערשט קימאַט דורכויס פעאָדאַל־לײַבייגנטי־מערישע באַציִונגען, עס זײַנען נאָך ניט געווען קיין אָביעקטיווע באַדינגונגען פאַר דער פאַר־שפּרייטונג פון דער אויפקלערערישער אידעאָ־לאָגיע. ביז דעמלט קאָן גיין אַ רייד בלויז וועגן באַזונדערע פאָרשטייער פון דער האַס־קאָלע, וועלכע האָבן הויפּטזאַכלעך געשטאַמט פון די שכייניסדיקע לענדער (פּרײַסן, עסט־רײַך), ווו די בורזשואַזע באַציִונגען זײַנען רײַף געוואָרן פריִער איידער אין רוסלאַנד. נאַ־טירלעך, האָט די טעטיקײַט פון די איינצלנע פאָרשטייער פון דער אויפקלערונג ניט געקאָנט געבן קיין באַדײַטנדיקע רעזולטאַטן. פונדעסט־וועגן האָבן זיך אין איר אַנטפּלעקט כאַראַק־טעריסטישע שטריכן פון יענער עפּאָכע, און דער היסטאָריקער דאַרף זיי ניט פאַרבײַגיין.

אונדזער אַרבעט ווידמען מיר איינעם אַ פאַרגעסענעם פריִען פאָרשטייער פון דער האַסקאָלע אין רוסלאַנד, אויסנוצנדיק אייניקע ניט פּובליקירטע מאַטעריאַלן, וועלכע מיר האָבן געפונען אין די אַרכיוון. עס וועט גיין אַ רייד וועגן לעאָן עלקאַן.

ל. עלקאַן[1] איז געבוירן געוואָרן אין דער הויפּטשטאָט פון פּרײַסן, בערלין, אין אַ סאָכ־רישער פאַמיליע. אין יאָר 1782 איז ער אָנגע־קומען אין קעניגסבערגער אוניווערסיטעט, ווו ער האָט שטודירט פילאָסאָפישע און היסטאָרי־שע וויסנשאַפטן. מיסטאַמע נאָך ביזן אָנקומען אין אוניווערסיטעט איז ער געווען נאָענט צו דעם קרײַז פון די ייִדישע אויפקלערער, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אַרום מוישע מענדעלסאָן, דעם אַנערקענטן פירער פון דער ייִדישער אויפקלערונג. ער איז, קאָן זײַן, געווען נאָענט אַליין צו מענדעלסאָנען. לויטן אָפּיציִעלן דאָ־קומענט (דעם „פּאָסלוזשנאָי ספּיסאָק״) איז על־קאָן אין 1784 אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיט־גליד פון דער געלערנטער ברודערשאַפט, וואָס איז באַוווּסט אונטערן נאָמען פרײַנט פון דער העברעיִשער ליטעראַטור. עס האַנדלט זיך וועגן דער באַקאַנטער אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער אויפקלערונג קולטור־געזעלשאַפט „חברת דורשי לשון עבר״. די געזעלשאַפט האָט אַרויסגעגעבן די זאַמלונגען „מאסף״ („דער זאַמלער״), די אַרויסגעבער פון אָט די זאַמלונגען רופט מען אָפט „מאספים״. עלקאַן איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון „מאסף״, וועל־כער איז דערשינען מיט איבעררײַסן פון 1784 ביז 1811. „מאסף״ האָט געהאַט אַ באַגרענעצטן קרײַז לייענער, ער האָט אָבער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון דער נײַער העברעיִשער שפּראַך און ליטעראַטור און אין דער האַסקאָלע אינגאַנצן גענומען.

אין די 90־ער יאָרן פונעם 18־טן יאָרהונ־דערט פאָרט עלקאַן אַריבער קיין פּעטערבורג, און אין 1794 גיט ער אָפּ עקזאַמען אַף געשיכ־טע, געאָגראַפיע און דײַטש, קעדיי צו באַקומען רעכט פון אַ לערער. איין צײַט האָט ער געאַר־בעט אַלס לערער אין פּריוואַטע הײַזער. אין 1797 איז ער געוואָרן צענזאָר איבער ייִדישע ביכער באַם ריגער צענזור־קאָמיטעט. די אַר־בעט האָט ער אויסגעפילט מיט דערפאָלג און איז דערפאַר באַלוינט געוואָרן פון דער צאַרי־שער מאַכט. עלקאַן, ווי אַנדערע זײַנע מיטצײַט־לער, האָט נאָך, ווײַזט אויס, זיך ניט באַפרײַט פון דער אילוזיע, אַז דער קאַמף מיטן ייִדישן „פאַנאַטיזם״, וואָס די צאַרישע מאַכט האָט דעמלט געפירט, העלפט מיט דער באַהעפטונג פון די ייִדן צו דער אייראָפּעיִשער קולטור.

אין יאָר 1804 איז עלקאַן אַריבערגעפאָרן קיין כאַרקאָוו, ווו ער האָט געאַרבעט אַלס לערער פון געאָגראַפיע, געשיכטע און פילאָסאָפיע אין דער גימנאַזיע.

אין אַ יאָר אַרום איז ער אַ לערער פון די זעלבע געגנשטאַנדן און אויך פון דײַטש אין דער אָדעסער קאָמערץ־גימנאַזיע (שפּעטער איז זי געוואָרן אַ גימנאַזיע באַם אָדעסער ליציי).

---

[1] די ביִאָגראַפישע ידיִעס וועגן עלקאַנען האָבן מיר געפונען פונעם „פּאָסלוזשנאָי ספּיסאָק״, וואָס געפינט זיך אין אָדעסער געגנטלעכן מעלוכע־אַרכיוו (פאָנד 370, איניען נום. 4, ז. 6). דאָס גיט אַ מעג־לעכקײַט צו פאַרפינקטלעכן און פאַרברייטערן די ביִאָגראַפישע ספּראַווקע וועגן אים, וועלכע איז פאַר־עפנטלעכט אין דער „ייִדישער ענציקלאָפּעדיע״ (ב. XVI, ז. 232). אייניקע ידיִעס וועגן עלקאַנס פּעדאַ־גאָגישער טעטיקײַט זײַנען פאַראַן אין נ. לענצעס בוך „לערן־דערציִערישע אַנשטאַלטן, פון וועלכע עס איז געשאַפן געוואָרן דער „רישעליע־ליציי״. אָדעס, 1903, זז. 279—282.

אַף דער דאָזיקער ארבעט האָט אים באַשטימט דער פּאָפּעטשיטעל פונעם כאַרקאָווער לערן־קרײַז (אָדעס האָט דעמלט געהערט צו אָט דעם לערן־קרײַז) גראַף סעווערין פּאָטאָצקי, וועלכער איז געווען ליבעראַל געשטימט און אין א באַשטימטער מאָס זיך געהאַלטן בא דער אויפקלערערישער אידעאָלאָגיע. פּאָטאָצקי האָט געמיינט, אז עלקאַן — ווי עס איז געזאָגט געווען אין אַן אָפיציִעלן דאָקומענט — וועט קאָנען אויפווירקן „אַף זײַנע אייגנגלויביקע, וואָס זייער שטייגער איז אין אָדעס א גאַנץ געפּאַטערטער", אז ער וועט מיט דער צײַט „שאַפן א ייִדישן פּאַנסיִאָן, קעדיי צו דערנענטערן זיי (די ייִדישע יוגנט — ש. ב.) מיט דער גימנאַזיע".

אַזא פּאַנסיִאָן איז אָבער ניט געשאַפן געוואָרן. אין אַן אָפיציִעלן דאָקומענט ווערט מיט באַפרידיקונג אָפּגעמערקט, אז עלקאַנען „האָט סאָפקאָלסאָף זיך אײַנגעגעבן צו פאַרשטענדיקן זיך מיט אָדעסער זשידעס וועגן לערנען זייערע קינדער און אז א סאַך פון זיי שיקן שוין די קינדער אין שול, און ער איז זיכער, אז אָט דער בײַשפּיל וועט זײַן אָנשטעקנדיק".

אין 1806 זײַנען צווישן די שילער פון דער גימנאַזיע געווען 4 ייִדן. אָבער אין די ווײַטערדיקע יאָרן זײַנען שוין קיין ייִדישע שילער ניט געווען אין גימנאַזיע. די ייִדישע באַפעלקערונג אין אָדעס, ווי אין אַנדערע ערטער, האָט זיך דעמלט באַצויגן מיט גרויס כשאַד צו די פּרוּוון אַרײַנציִען די ייִדן אין די אַלגעמיינע לערן־אַנשטאַלטן. זיי האָבן דערין אײַנגעזען א טראָט צו שמאַד. מיר ווייסן, לעמאָשל, אז אַפילע אין צוואַנציק יאָר אַרום, אין 1826, ווען עס איז אויפגעקומען דער פּלאַן צו שאַפן אין אָדעס א ייִדישע שול פון „אייראָפּעיִזירטן" טיפּ, האָט דאָס אַרויסגערופן אַן אַנטשיידענעם פּראָטעסט מיצאַד די פאָרשטייער פון דער ייִדישער קעהילע[1].

ווײַזט אויס, אז די שטרעבונג אַראָפּצונעמען בא די מעלוכישע לערן־אַנשטאַלטן די קאָנפעסיִאָנעלע באַפאַרבונג און מאַכן זיי מער אָנעמבאַר פאַר די ייִדן, האָט געצוווּנגען עלקאַנען אַרויסצוטרעטן מיט א מעלדונג וועגן דער ניט דערלאָזבאַרקײַט צו שטעלן בעראָש פונעם ליצײַ קאַטאָליקער — יעזויִטן, וועלכע האָבן געהאַט דעמלט די שטיצע פון די אָרטיקע מאַכטאָרגאַנען בעראָש מיטן הערצאָג רישעליע. עלקאַן האָט אָנגעוויזן, אז דאָס ווידערשפּרעכט די פּלענער צו פאַרוואַנדלען דעם ליצײַ אין א לערן־אַנשטאַלט פאַר דער יוגנט פון פאַרשיידענעם רעליגיעזן גלויבן.

עלקאַנס פּעדאַגאָגישע טעטיקײַט איז געווען א דערפאָלגרײַכע. אין אַלע אָפיציִעלע דאָקומענטן איז ער פאַררעכנט צווישן די בעסטע לערער, ער האָט באַקומען באַלוינונגען און דעם ראַנג „טיטולערער ראַטגעבער". פון מײַ 1813 ביז יוני 1814 האָט ער אויסגעפילט די פליכטן פונעם דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע. דאָס איז זיכער דער איינציקער פאַל אין דער געשיכטע פון רוסלאַנד ביז דער רעוואָליוציע, ווען דער דירעקטאָר פון א גימנאַזיע זאָל זײַן א ייִד.

אָבער עטוואָס שפּעטער האָט עלקאַנס אַרבעט אין גימנאַזיע זיך איבערגעריסן. מיר ווייסן ניט די סיבע דערפון, נאָר ער פאַרלאָזט אַף א צײַט אָדעס און פאָרט אַריבער קיין בערדיטשעוו. צי האָט ער דאָרט פאָרגעזעצט די פּעדאַגאָגישע אַרבעט? דאָס האָט זיך אונדז ניט אײַנגעגעבן פעסטצושטעלן. גאָר אײַנגיכן איז עלקאַן צוריק אין אָדעס, וווּ ער פאַרנעמט זיך ווידער, ווײַזט אויס, מיט פּעדאַגאָגישער טעטיקײַט און טרעט אַרויס אויך אין א נײַעם געביט. צוזאַמען מיט די פראַנצויזן אי. דעוואַלאָן און ש. סייף גיט ער אַרויס די צײַטונג „נאָוואָראָסיסקי קאָמערטשעסקי קוריער", וועלכע איז דערשינען אין אָדעס אין די יאָרן 1820—1823 אַף פראַנצויזיש (מיט א בײַלאַגע אַף רוסיש). די צײַטונג האָט ניט געטאָרט דרוקן קיין אָריגינעלע פּאָליטישע מאַטעריאַלן, אָבער די רעדאַקציע איז אויוועך געווען דעם פאַרבאָט, און דערפאַר האָט מען די צײַטונג פאַרמאַכט (זי האָט ווידער אָנגעהויבן דערשײַנען פון 1824, אָבער שוין אונטער אַן אַנדער רעדאַקציע). צו אונדז איז דערגאַנגען בלויז איין נומער פון אָט דער צײַטונג, און מיר האָבן ניט קיין מעגלעכקײַט צו אָפּשאַצן עלקאַנס ראָל אַלס מיטאַרויסגעבער און מיטרעדאַקטאָר. דאָס סאַמע אינטערעסאַנטע איז אָבער עפּעס אַנדערש. עס ווײַזט זיך אַרויס, אז עלקאַן איז אַרויסגעטראָטן אַלס פּאָעט אַף העברעיִש און דײַטש.

פונעם פריִער ציטירטן דאָקומענט דערוויסן מיר זיך, אז אין די יאָרן, ווען עלקאַן איז געווען א לערער אין דער אָדעסער גימנאַזיע, האָט ער אָנגעשריבן עטלעכע פּאָעטישע ווערק, לעמאָשל — אַן אָדע לעקאָוועד דעם נאָוואָראָסיסקער גענעראַל־גובערנאַטאָר גראַף לאַנזשעראָן און נאָך עטלעכע לידער פון דעם זעלבן זשאַנער. די דאָזיקע שאַפונגען זײַנען צו אונדז ניט דערגאַנגען. ס'האָט זיך אָבער אונדז אײַנגעגעבן צו געפינען אין מ. ס. וואָראָנצאָווס פּערזענלעכן אַרכיוו א באַגריסונגס־ליד, וועלכע איז זיכער אָנגעשריבן פון עלקאַנען אַף העברעיִש און דײַטש און איז אונטערגעטראָגן געווען דעם גראַף וואָראָנצאָוו אין יול 1823 אין נאָמען פון דער אָדעסער ייִדישער קעהילע, אין דעם טאָג, ווען ער איז צוגעטראָטן אויספילן זײַן אַמט אַלס נאָוואָראָסיסקער און בעסאַראַבער גענעראַל־גובערנאַטאָר[1].

דאָס איז א גאַנץ היפּש ווערק פון 9 סטראָפעס, צו זעקס פערזן אין יעדער סטראָפע. דער העברעיִשער און דײַטשישער טעקסטן גייען פּאַראַלעל. דער דײַטשישער טעקסט איז ניט

[1] О. Лернер. Евреи в Новороссийском крае. Одесса, 1901, стр. 9.

[1] Центральный Государственный архив древних актов (Москва), ф. 1261, дело № 2332, л. 1—5.

קיין פינקטלעכע איבערזעצונג פונעם העברעיִשן, אָבער ער פאלט קימאט צונויף לויטן אינהאַלט.

צוערשט גייט די באַגריסונג:

ביום בא השר השליט על כל ארץ רוסיא חדשה נציב בעסאראביע גראף וואָראָנצאָוו לעיר אָדעסא ריגשות גיל וכבוד מאת עדת בני ישראל הגרים בה. מנחם אב תקפ ג[1].

אזא איז אויך די באַגריסונג אין דער דײַטשישער שפּראַך.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, ס'איז שווער צו דערוואַרטן הויכע ליטעראַרישע קוואַליטעט אין א ווערק פון אזא זשאַנער. אָבער אָנגעשריבן איז די באַגריסונג פולשטענדיק ליטעראַריש, עס פילט זיך א דערפאַרענע האַנט. וואָס איז שײַעך דעם העברעיִשן טעקסט, איז ער אָנגעשריבן אַף א ריין ביבלישער שפּראַך, אין דער טראַדיציע פון ווײַזלס שול און פון אַנדערע קלאַסיציסטן פון יענער צײַט.

גופע דער זשאַנער פונעם ווערק איז דאָך געווען א לויב־געזאַנג דעם מאַכטהאָבער. אָבער אויסגעפילט איז דאָס זייער אײַנגעהאַלטן, און דעריקער, אין דעם ווערק פילן זיך אויפקלערערישע, מע קאָן אפילע פאַרפינקטלעכן — לעסינגיִאַנישע טענדענצן. עס איז דײַטלעך אויסגעדריקט דער אָנקלאָג אַף נאַציִאָנאַלער אונטערדריקונג, ס'איז געזאָגט, אז די פאָרורטיילן קעגן ייִדן זײַנען א ירושע פון דער פינצטערער פאַרגאַנגענהײַט.

דאָס איז צו זען, לעמאָשל, פון די פאָלגנדע שורעס: (זיי גלייבן אז ער)

יתנשא על אמרי שוא על שנאת הבל
כשרין מעשינו לבד ישקל בפלס
כי קנאת אש דת עדן לא כבתה
לצרר הנם לנו עוד לא שבתה
שמה לבד וחליפו והיא כמאז תותר
יליד עת קדם היא זמני אפל הוריה
כי אם לא ביד רמה עוד תעגך בסתר.

אָט די שורעס קאָנען איבערגעזעצט ווערן (טיילווײַז אויסגעטײַטשט ווערן) אזוי: עס ווערט אויסגעדריקט א האָפענונג, אז וואָראָנצאָוו „וועט זײַן העכער פון פאלשע באַשולדיקונגען און אומזיסטיקער סינע. ער וועט אורטיילן בלויז לויט די רעזולטאַטן פון טאַטזאַכן. ס'איז דאָך נאָך ניט פאַרשוווּנדן די רעליגיעזע סינע און די אומזיסטיקע פײַנטשאַפט, האָגאַם זי נעמט אָן אַן אַנדער אויסזען. זײַענדיק א רעזולטאַט פון אוראַלטע פינצטערע צײַטן, עקזיסטירט נאָך אָט די שענדלעכע דערשײַנונג, אָבער אונטער זײַן (וואָראָנצאָווס) הויכער האַנט וועט אָט די סינע מוזן פאַרשווינדן".

מער בולעט זײַנען די דאָזיקע געדאַנקען אויסגעדריקט אין דײַטשישן טעקסט. דאָס, דאַרף מען מיינען, דערקלערט זיך דערמיט, וואָס דער אוטאָר איז ניט געווען געפּענטעט מיט דער ביבלישער פראַזעאָלאָגיע (מעליצע), און ער האָט זיך געקאָנט אָנשפּאַרן אַף דער דערפאַרונג פון דער דײַטשישער אויפקלערערישער ליטעראַטור.

די „באַגריסונג" קאָן מיט רעכט צוגערעכנט ווערן צו די דענקמעלער פון דער אויפקלערונג־ליטעראַטור. זי אַנטהאַלט, אין טאָך, א באַשטימטע פּאָליטישע פּראָגראַם, וועלכע איז ארויסגערוקט פון אויפקלערערישע פּאָזיציעס. דעם אוטאָרס פּאָזיציע איז פאָרמולירט גאַנץ דרייסט, אפילע ניט גאָר פאַרשטעלט מיט לויבגעזאַנגען דעם הויכן מאַכטהאָבער (וועגן דעם מאָנאַרך איז שוין אָפּגערעדט), וואָס זיי זײַנען געווען אָבליגאַטאָריש אין אַזעלכע ווערק. די „באַגריסונג" פאַרורטיילט שאַרף רעליגיעזן פאַנאַטיזם, נאַציִאָנאַלע אונטערדריקונג, סינע צו ייִדן. עלקאַן אַנערקענט אויך פעלערן בא ייִדן, אָבער ער דערקלערט זיי אַלס רעזולטאַט פון אונטערדריקונג.

באַזונדערס מערקווירדיק זײַנען די שורעס, ווו עס רעדט זיך וועגן סינע צו ייִדן, וועלכע ווערט צוגעדעקט מיט די אינטערעסן פונעם לאַנד, מיט „איבערגעגעבנקײַט צום היימלאַנד" — „Väterlandsliebe" אין דײַטשישן טעקסט. עלקאַן האָט אין זינען געהאַט דאָס, וואָס איז דעמלט פאָרגעקומען אין זײַן געוועזענעם היימלאַנד — אין פרײַסן. ווי באַוווּסט, האָט נאָכן פאַרטרײַבן די פראַנצויזן (1814) זיך צעפלאַקערט אין דײַטשלאַנד די פּאָליטישע רעאַקציע. באַזונדערס האָבן אָנגעהויבן אויפגעשטעלט ווערן די ייִדן־באַגרענעצונגען, וועלכע זײַנען אָפּגעשאַפן געוואָרן אין די יאָרן פון דער פראַנצויזישער הערשאַפט. דער „קעמף קעגן יודנטום" איז געוואָרן איינער פון די גרונט־לאָזונגען פון די דײַטשישע נאַציִאָנאַליסטן, וועלכע זײַנען ארויסגעטראָטן אונטערן צודעק פון „Väterlandsliebe". טאַקע זיי, אָט די ווײַטע פאָרגייער פון די היטלעריסטן, האָט אין זינען געהאַט עלקאַן. אָבער, נאַטירלעך, ניט בלויז זיי. דאָס פאַרורטיילן די געזעצן וועגן ייִדישער רעכטלאָזיקײַט און דער קאַמף קעגן די אַנטיייִדישע טענדענצן אין די רעגירונגס־קרײַזן (לאָמיר דערמאָנען, אז אין דעם זעלבן 1823 האָט זיך אָנגעהויבן דער באַוווּסטער „וועליזשער איניען") — איז געווען א גענוג אקטועלע אויפגאַבע אויך אין רוסלאַנד פון יענער צײַט. דעריבער איז שווער זיך פאָרשטעלן, אז די צענזור וואָלט דורכגעלאָזט עלקאַנס ווערק.

די דאָזיקע ארויסטרעטונג עלקאַנס קאָן מען באַטראַכטן אויך ווי א מין פאָרזעצונג פונעם איניען פון ל. נעוואַכאָוויטשן (1776 — 1831), דעם אוטאָר פונעם ווערק „דער וויי־געשריי פון דער ייִדישער טאָכטער" (Вопль дщери Иудейской, 1803) וואָס איז דערשינען אַף העברעיִש אונטערן נאָמען „קול שועת בת יהודה" (1804). אין דעם ווערק האָט צום ערשטן מאָל אין רוסלאַנד א ייִד געשטעלט די פראַגע וועגן דער אומגערעכטער באַציִונג צו

[1] אינעם טאָג, ווען דער האַר, וואָס הערשט איבער גאַנץ נאָוואָראָסיִע, דער נאַמעסטניק פון בעסאַראַביע גראַף וואָראָנצאָוו איז געקומען קיין אָדעס — די געפילן פון פרייד און קאָוועד פון די ייִדן, וואָס וווינען אין אָט דער שטאָט.

ייִדן. ל. נעוואַכאָוויטש, פּונקט ווי עלקאַן, איז אוודאי געווען אונטער דער ווירקונג פון מענדעלסאָנען און לעסינגען. מעגלעך, אַז עלקאַן האָט זיך באַגעגנט מיט נעוואַכאָוויטשן, ווען ער האָט געלעבט אין פּעטערבורג. עלקאַנס אַרויסטרעטונג, באַ איר גאַנצער לאַקאָנישקייַט, זעט אונדז אויס צו זייַן מער דרייסט, איידער נעוואַכאָוויטשעס, אינעם פאַרורטיילן די פּאַרפּאָלגונגען פון ייִדן.

נעוואַכאָוויטשעס אַרויסטרעטונג האָט, ווי באַוווּסט, ניט געהאַט קיין געזעלשאַפטלעכן רעזאָנאַנס. אין די רעגירנדיקע קרייַזן, און אויך אין דער סוויווע פון דער רוסישער אינטעליגענץ, האָט מען דאָס ווערק ניט באַמערקט, אָדער, לעכאָלהאַפּאָכעס, ניט געלייגט דערויף קיין אַכט. אין דער ייִדישער סוויווע זייַנען נאָך ניט רייַף געווען יענע געזעלשאַפטלעכע עלעמענטן, וועלכע וואָלטן געקאָנט רעאַגירן אַף נעוואַכאָוויטשעס רוף.

וואָס פאַר אַ געזעלשאַפטלעכע באַדייַטונג האָט געקאָנט באַקומען עלקאַנס „באַגריסונג“, וועלכע איז פאַרבליבן בלויז אין האַנטשריפט? אַפילע דער אַדרעסאַט פונעם ווערק (וואָראָנצאָוו) האָט מיסטאָם ניט געפונען קיין צייַט איבערצולייענען עס (זעלבסטפאַרשטענדלעך, אים איז געווען צוטריטלעך בלויז די דייַטשישע איבערזעצונג). צי האָט געלייענט די „באַגריסונג“ עמעצער אין עלקאַנס אָדעסער סוויווע? ווייַזט אויס, מיט איר איז געווען באַקאַנט די „אויפגעקלערטע“ אָנפירונג פון דער אָדעסער קעהילע, וואָס אין איר נאָמען איז די באַגריסונג געשריבן געוואָרן. ס׳איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז מיטן ווערק (אין זייַן דייַטשישן וואַריאַנט) זייַנען ניט געווען באַקאַנט עלקאַנס קאָלעגן אין דער רעדאַקציע פון דער צייַטונג. גאָר אינטערעסאַנט איז די האַשאָרע, אַז מיטן ווערק האָט געקאָנט זיך באַקאַנען פּושקין, וועלכער איז פּונקט אין אָט די טעג (דעם 3 יול 1823) געקומען קיין אָדעס. צום באַדויערן אָבער, האָבן מיר ניט קיין ידיעס, אַז פּושקין האָט פּערזענלעך געוווּסט עלקאַנען, ווי אויך אַנדערע מיטאַרבעטער פון דער אָדעסער צייַטונג און די לערער פונעם דאָרטיקן ליצעי.

מיר האָבן דאָ באַטראַכט אַלע באַוווּסטע פאַקטן וועגן עלקאַנען. מיר פאַרשטייען, אַז די פאַקטן זייַנען פראַגמענטאַריש, ניט גענוג קלאָר, עס פעלן ידיעס וועגן וויכטיקע מאָמענטן פון עלקאַנס ביאָגראַפיע. מיר ווייסן אַפילע ניט, ווען ער איז געשטאָרבן.

פונדעסטוועגן זייַנען מיר זיכער, אַז אַפילע דאָס, וואָס מיר האָבן דערציילט וועגן עלקאַנען, שטעלט פאָר אַן אינטערעס פאַר דער געשיכטע. זייַנע ליטעראַרישע אַרויסטרעטונגען, אַ פראַגמענט פון וועלכע איז צום ערשטן מאָל פּובליקירט אין אָט דער נאָטיץ, זייַנען אידעאָלאָגישע און ליטעראַרישע דענקמעלער. שוין דערמיט אַליין איז באַרעכטיקט אונדזער אויפמערקזאַמקייַט צו אַ פאַרגעסענעם פאָרשטייער פון דער פריִער האַסקאָלע אין רוסלאַנד.



וויקטאָר לעבעדיעוו
קאַנדידאַט פֿון פֿילאָלאָגישע וויסנשאַפֿטן

# נײַ־באַקומענע דאָקומענטן פֿונעם ייִדישן מאַנוסקריפּטן־פֿאָנד פֿון דער מעלוכע־ביבליאָטעק אָף מ. יע. סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס נאָמען

דער וועלט־באַרימטער ביכער־אוצער — די לענינגראַדער עפֿנטלעכע מעלוכע־ביבליאָטעק אָף מ. יע. סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס נאָמען פֿאַרמאָגט אין איר רעשוס דעם גרעסטן אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד און איינעם פֿון די גרעסטע אין דער וועלט פֿאָנדן פֿון ייִדישע מאַנוסקריפּטן, דאָס הייסט מאַנוסקריפּטן, געשריבענע מיט ייִדישע בוכשטאַבן אָף פֿאַרשיידענע שפּראַכן: העברעיִש, אַראַמעיִש, ייִדיש, אַראַביש, קאַראַיִמיש, קרימטשאַקיש, פּערסיש, לאַדינאָ. אַן עמעסער פּערל פֿון דעם דאָזיקן פֿאָנד איז די באַרימטע פֿירקאָוויטש־זאַמלונג, וועגן וועלכער דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד” האָט שוין ניט איין מאָל מיטגעטיילט. סע שטעלט אויך פֿאָר א היפּשן אינטערעס די פֿאַרהעלטניסמעסיק ניט גרויסע לויטן פֿאַרנעם אַלטערטימלעכע זאַמלונג פֿונעם אַרכימאַנדריט אַנטאָנין (1817 — 1894), דעם אָנפֿירער פֿון די רוסישע גײַסטלעכע מיסיעס אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און ירושלאָיִם. אַכוץ די דאָזיקע זאַמלונגען, האָט די ביבליאָטעק אין פֿאַרשיידענע צײַטן באַקומען באַזונדערע ייִדישע מאַנוסקריפּטן פֿון די אָדער אַנדערע פּערזאָנען.

די עפֿנטלעכע ביבליאָטעק האָט שטענדיק געשטרעבט צו פֿאַרגרעסערן איר מאַנוסקריפּטן־פֿאָנד, קויפֿנדיק אָדער באַקומענדיק אַלס מאַטאָנעס מאַנוסקריפּט־מאַטעריאַלן. פֿאַר דער לעצטער צײַט זײַנען צוגעקומען עטלעכע ייִדישע מאַנוסקריפּטן.

הײַנט־צו־טאָג קאָן מען זייער זעלטן טרעפֿן אין די פּריוואַטע קאָלעקציעס מאַנוסקריפּטן, וועלכע זײַנען עלטער פֿון דרײַ הונדערט — פֿיר הונדערט יאָר. ס'איז דעריבער פֿאַרשטענדלעך, וואָס פֿאַר א גרויסע געשעעניש פֿאַר דער ביבליאָטעק עס איז געווען דאָס אָנקומען אין אירע פֿאָנדן פֿון א מאַנוסקריפּט פֿונעם פֿערצנטן יאָרהונדערט, וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר דעם איבערגעשריבענעם אָף העברעיִש כומעש־קאָמענטאַר פֿונעם באַרימטן דיכטער אווראָם איבן־עזראָ (1093 — 1167). אינעם מאַנוסקריפּט איז פֿאַראַן דער פֿולער טעקסט פֿון דעם קאָמענטאַר. פּאַפּיר־בלעטער טוישן זיך מיט פּערגאַמענט־בלעטער; ס'האָט זיך אײַנגעהיט דער אַלטער אײַנבונד — ברעטלעך, איבערגעצויגענע מיט לעדער.

אווראָם איבן־עזראָס קאָמענטאַר איז כאַראַקטעריסטיש מיט א ראַציאָנאַליסטישן צוגאַנג צו דער ביבל. דאָס איז איינער פֿון די פֿריִיקע מוסטערן פֿון דער ביבלישער קריטיק. מיט זײַן סקעפּטיציזם און פֿרײַדענקערישקײַט האָט דער דאָזיקער דיכטער און געלערנטער פֿונעם XII יאָרהונדערט אין פֿיל הינזיכטן פֿאָרויסגעזאָגט די אידייען פֿונעם גרויסן פֿילאָסאָף פֿון XVII יאָרהונדערט באָרעך שפּינאָזע. אווראָם איבן־עזראָס קאָמענטאַר, וועלכער שפּיגלט אָפּ די פֿאָרגעשריטענע טענדענצן פֿונעם מיטלאַלטערלעכן געזעלשאַפֿטלעכן דענקען, איז ביז איצט ניט אַרויסגעגעבן אינעם פֿולן פֿאַרנעם, און זײַן צוקינפֿטיקע וויסנשאַפֿטלעכע אויסגאַבע קאָן זיך ניט באַגיין אָנעם באַנוצן זיך מיט אונדזער מאַנוסקריפּט.

אינטערעסאַנט איז אָפּצומערקן, אַז דער דאָזיקער אַלטערטימלעכער מאַנוסקריפּט איז אָנגעקומען אין דער ביבליאָטעק אַלס מאַטאָנע פֿון דער אײַנוווינערן פֿון דער שטאָט יעווּפּאַטאָריע — פֿון דער קאַראַיִמערן סעמיטע איסאַקאָוונע קושול — אין אָנדענק פֿון אווראָם פֿירקאָוויטשעס הונדערטסטן יאָרצײַט, וועלכער איז אָפּגעמערקט געוואָרן אין 1974. פֿריִער האָט דער דאָזיקער מאַנוסקריפּט געהערט דעם גרויסן ענטוזיאַסט פֿון דערלערנען די געשיכטע פֿון די קאַראַיִמער — באָריס יאַקאָוולעוויטש קאָקענײַען (1891 — 1967).

אין 1975 האָט די ביבליאָטעק געקויפֿט באַם אײַנוווינער פֿון דער שטאָט טאַשקענט יאַקאָוו ראַפֿאַילאָוויטש יאַקונאָוו דעם מאַנוסקריפּט פֿון דער פּאָעמע פֿונעם ייִדיש־פּערסישן דיכטער שאַכין „יוסף און זולייכאַ” (אין דער פּערסישער שפּראַך מיט ייִדישע אויסיעס). דער דיכטער שאַכין האָט געלעבט אין XIV יאָרהונדערט

(די פּאָעמע איז אָנגעשריבן אין 1361). אונדזער מאַנוסקריפּט געהערט צום XVI יאָרהונדערט. אין אונטערשייד פון די פּאָעמעס מיטן זעלבן נאָמען פון אנדערע מיזרעכדיקע אווטאָרן, וועלכע באַגרענעצן זיך מיטן באַשרײַבן די ליבע פון יוסופן (פונעם ביבלישן יויסעף) און זולייכאַ (זולייכאָ), גיט שאכין אַ פּאָעטישע שילדערונג פון די סוזשעטן, וואָס זײַנען אָפּגעשפּיגלט אינעם כומעש „בעריישיס״. די פּאָעמע איז אַנטשטאַנען, אָן שום סאָפּעק, אונטער דער ווירקונג פון דער ליטעראַטור און פאָלקלאָר פון די אַראַבער און פּערסן און שטעלט מיט זיך פאָר אַן אינטערעס פאַר דער געשיכטע פונעם קולטור־אויסטויש פון פאַרשיידענע פעלקער פונעם מיזרעך.

דער אַלטער אַפאָריזם „ביכער פאַרמאָגן זייער גוירל״ האָט אין דער פולער מאָס אַ שײַכעס אויך צו מאַנוסקריפּטן. דער אײַנוווינער פון דער שטאָט סימפעראָפּאָל לעוו איסאַקאָוויטש קאַיאַ האָט געפונען אין איינעם אַ געשענקטן בוך צוויי בלעטלעך אין העברעיִש, געשריבענע מיט אַ דריבנעם קרימישן קורסיוו. נאָך די קאָנסולטאַציעס מיט די אָרטיקע איוורית־קענער האָט ער אויסגעקלאָרט, אַז אויף די דאָזיקע בלעטלעך האָבן זיך אײַנגעהיט באַמערקונגען פונעם קאַראִים אַזאַריע, עליִיאָהוס זון, וועגן די געשעענישן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין קרים אין 1777, דאָס הייסט פריִער מיט עטלעכע יאָר פאַרן פאַרייניקן קרים צו רוסלאַנד. דעם דאָזיקן טעקסט האָט נאָך מיט העכער הונדערט יאָר צוריק פאַרעפנטלעכט אין דער רוסישער איבערזעצונג א. ס. פירקאָוויטש, נאָר ס׳איז ניט געווען קלאָר, ווו עס געפינט זיך דער אָריגינאַל. און איצט האָט זיך אינגאַנצן צופעליק אָפּגעזוכט דער אווטאָגראַף פון דעם דאָזיקן ווערטפולן היסטאָרישן קוואַל. אין סאָף 1970 האָט ל. אי. קאַיאַ איבערגעגעבן אַזאַריע בען עליִיאָהוס באַמערקונגען אין דער עפנטלעכער ביבליאָטעק.

די ייִדישע מאַנוסקריפּטן פון דער לענינגראַדער עפנטלעכער ביבליאָטעק שטאַמען פון די סאַמע פאַרשיידענע ראַיאָנען פונעם ערדקײַלעך — אָנהייבנדיק פון דער ליטע און ביז אינדיע. אין די קאָלאָפאָנען (שלוס־צושריפטן) פון די מאַנוסקריפּטן פיגורירן צענדליקער שטעט, שטעטלעך און דערפער. אַ באַזונדער אינטערעס רופט אַרויס אַ נײַ־באַקומענער מאַנוסקריפּט, ווען ער געהערט צו אַ ראַיאָן אָדער שטאָט, וועלכע זײַנען פריִער ניט געווען פאַרעגיסטרירט אין די פאָנדן, — ס׳ווערן פאַרברייטערט אונדזערע פאָרשטעלונגען וועגן דער געשיכטע פונעם ייִדישן געשריבענעם בוך, וועגן דעם קולטור־לעבן פון פאַרשיידענע ייִדישע געמיינדעס. אַזוי, צום בײַשפּיל, איז גאָר ניט לאַנג צוריק אָנגעקומען אין דער עפנטלעכער ביבליאָטעק אַ זאַמלונג פון מעדרעשן און דערציילונגען, וועלכע ס׳האָט איבערגעשריבן איינער אַ ראַפאַיִל בען אוראָם אין 1865 יאָר אין דער שטאָט קובע (אַזערבײַדזשאַן). דער פאָרזאַץ און דער טיטל־בלאַט פונעם מאַנוסקריפּט זײַנען באַצירט מיט אַן אָרנאַמענט, ס׳זײַנען פאַראַן אויפשריפטן פון די שפּעטערדיקע באַלעבאַטים פונעם מאַנוסקריפּט. ביז איצט איז אין דער ביבליאָטעק ניט געווען קיין ייִדישע מאַנוסקריפּטן, איבערגעשריבענע אין אַזערבײַדזשאַן.

פאַר דער געשיכטע פונעם בוך זײַנען אַ זייער וויכטיקער קוואַל די אַלטע קאַטאַלאָגן און אינווענטאַר־צעטלען פון ביכער־ און מאַנוסקריפּטן־קאָלעקציעס. פאַר די לעצטע יאָרן האָט די עפנטלעכע ביבליאָטעק באַקומען צוויי צעטלען פון דעם דאָזיקן מין: אַ מאַנוסקריפּטן־אינווענטאַר פון דער זאַמלונג פונעם באַרימטן ליטעראַט סאַלאָמאָן גאַלבערשטאַם (1832—1900), וואָס אַנטהאַלט 414 נעמען פון מאַנוסקריפּטן, און אַ געשריבענעם קאַטאַלאָג פונעם ערשטן טייל פון דער גינצבורג־קאָלעקציע, צונויפגעשטעלט פון ש. זאַקס (איצט געפינט זיך די דאָזיקע קאָלעקציע אין דער מעלוכע־ביבליאָטעק פון פססר אַף וו. אי. לענינס נאָמען).

אין 1968 האָט די לענינגראַדער עפנטלעכע ביבליאָטעק באַקומען אַ גאַנצן אַרכיוו אַף דער ייִדישער שפּראַך. דאָס איז דער פּערזענלעכער אַרכיוו פונעם געשטאָרבענעם אין די בלאָקאַדע־טעג פון לענינגראַד אינזשעניער מאָיסיי מייעראָוויטש בערנשטיין (1878—1942). אין דער פרײַער צײַט פלעגט מ. בערנשטיין זיך פאַרנעמען מיט איבערזעצונגען אַף ייִדיש פון די קלאַסיקער פון דער רוסישער און וועלט־פּאָעזיע. דער פאָנד זײַנער באַשטייט טאַקע אין גרונט פון די דאָזיקע איבערזעצונגען. בערנשטיין האָט איבערגעזעצט אַף ייִדיש פּושקינס אַ סאַך לידער, די קאַפּיטלען I—V פונעם ראָמאַן „יעווגעני אָניעגין״, דעם פּראָלאָג צו דער פּאָעמע „רוסלאַן און ליודמילע״, אייניקע סצענעס פון דער טראַגעדיע „באָריס גאָדונאָוו״. די אַמערסטן פּאָפּולערע לידער „שיידים״, „אַ דערטרונקענער״, „די ליד וועגן דעם מעכטיקן אָלעג״, „דער דענקמאָל״, „אַנטשאַר״, „אַ ווינטער־אָוונט״ — זײַנען איבערגעזעצט אין עטלעכע וואַריאַנטן. אין בערנשטיינס פאָנד זײַנען פאַראַן אויך איבערזעצונגען פון די לידער פון מ. לערמאָנטאָוו, א. קאָלצאָוו, פ. טיוטשעוו, א. פעט, א. מײַקאָוו, מ. גאָרקי, ה. הײַנע, א. מיצקעוויטש, ג. לאָנגפעלאָ, כ.־נ. ביאַליק און אויך אַ טייל פון דער אַנטאָלאָגיע פון דער רוסישער דיכטונג, וואָס בערנשטיין האָט צונויפגעשטעלט אין דער איבערזעצונג אַף ייִדיש. בערנשטיינס איבערזעצונגען זײַנען ניט פּובליקירט. אַ סאַך ווערק האָט, אויסער בערנשטיינען, קיינער קיינמאָל ניט איבערגעזעצט אין ייִדיש.

אין דעם ייִדישן געשריבענעם פאָנד פון דער עפנטלעכער ביבליאָטעק גייען אַרײַן אויך פאָטאָקאָפּיעס און קסעראָ־קאָפּיעס פון ייִדישע מאַנוסקריפּטן, דאָקומענטן און פראַגמענטן, וואָס זײַנען אָנגעקומען פאַר די לעצטע יאָרן פון פאַרשיידענע ביכער־אויצרעס אין דער

וועלט, צום בײַשפּיל, פון דער ייִדישער טעאָ־
לאָגישער סעמינאַריע אין ניו־יאָרק (פּשא), פון
דער אוניווערסיטעטישער ביבליאָטעק אין
קעמברידזש (ענגלאַנד) און אַנד. אײניקע מאַ־
נוסקריפּטן, וואָס זײַנען פאָרגעשטעלט אין די
דאָזיקע קאָפּיעס, זײַנען פאַרבונדן לויטן אינ־
האַלט מיט די מאַנוסקריפּטן פון פירקאָוויטשעס
זאַמלונג, און זיי וועלן פאַרגרינגערן דאָס דער־
לערנען די דאָזיקע זאַמלונג.

מע דאַרף האָפן, אַז די נײַע מאַטעריאַלן, וועלכע זײַנען אָנגעקומען אינעם מאַנוסקריפּטן־
פאָנד פון דער לענינגראַדער עפנטלעכער ביב־
ליאָטעק אָף מ. יע. סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס
נאָמען, וועלן צוציִען די אויפמערקזאַמקייט פון
די סאָוועטישע העבראַיִסטן און וועלן מיט־
העלפן דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון דעם
דאָזיקן וויסנשאַפט־געביט. מיר רעכענען אויס
צו באַקומען אויך אַנדערע אינטערעסאַנטע מאַ־
טעריאַלן, וואָס געפינען זיך דערווײַל באַ פּרי־
וואַטע פּערזאָנען.

# כראָניק

## דער מאָנומענט אין באַבי יאַר

דעם 2 יול 1976 איז אָף דער
טעריטאָריע פונעם סירעצקער מאַ־
סיוו, אין קיִעוו, פאָרגעקומען אַ
מאַסן־מיטינג, געווידמעט דער
אַנטהילונג פונעם דענקמאָל אין
באַבי יאַר — דאָרט, ווו די
היטלעריסטן האָבן בײַס דער צײַט־
ווײַליקער אָקופּאַציע פון קיִעוו
אומגעבראַכט 120 טויזנט סאָווע־
טישע מענטשן פון פאַרשיידענע
נאַציִאָנאַליטעטן, דערונטער אַרום
80 טויזנט ייִדן.

צום באַבי־יאַר זײַנען געקומען
טויזנטער קיִעווער אײַנוווינער —
אַרבעטנדיקע פון די שטאָטישע
אונטערנעמונגען, פאַרשטייער פון
די פּאַרטייִשע, סאָוועטישע און
געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס,
וויסנשאַפטלעכע און קולטור־טוער,
וועטעראַנען פון דער פאָטערלענ־
דישער מילכאָמע, געוועזענע פּאַר־
טיזאַנער.

דעם מיטינג לעקאָוועד דער
פײַערלעכער אַנטהילונג פונעם
דענקמאָל האָט געעפנט דער ער־
שטער סעקרעטאַר פונעם קיִעווער
שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט אָ. פּ.
באָטווין. מיט רעדעס זײַנען
אַרויסגעטראָטן דער פּאָרזיצער
פונעם מיניסטאָרן־ראַט פון דער
אוקראַיִנישער סאָוועטן־רעפּובליק
אָ. פּ. ליאַשקאָ, דער צוויי מאָל
העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד גע־
נעראַל־מאַיאָר פון אַוויִאַציע אַ. ק.
נעדבײַלאַ, דער שרײַבער נאַטאַן
ריבאַק און אַנד.

באַם צופוסנס פונעם ריזיקן מאָ־
נומענט (אוטאָרן — דער אַקאַדע־
מיקער מ. ג. ליסענקאָ, וו. וו. סו־
כענקאָ, אָ. פּ. וויטריק) זײַנען
געלייגט געוואָרן פילצאָליקע בלו־
מען־קרענץ.

די גאַנצע סאָוועטישע פּרעסע
האָט פאַרעפנטלעכט מיטיילונגען
וועגן דער עפענונג פונעם דענק־
מאָל.

ПРАВДА — 23 июня 1976 года

# Монумент у Бабьего Яра

КИЕВ, 23. (Корр. «Правды» М. Одинец). В столице Украины у Бабьего Яра поднялся величественный монумент. Он напоминает: люди, боритесь с фашизмом.



אָף דער פאָטאָ: די נאָטיץ אין דער צײַטונג „פּראַוודע".

# עס ווערט פאַרגעזעצט
## דער שמועס,
## וואָס «סאָוועטיש היימלאַנד»
## האָט אָנגעהויבן

זלאטע נעמיק

## א ביסל מיט א ביסל — ווערט א פולע שיסל

טײַערער הויפּט־רעדאקטאָר, טײַערע רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד”, ליבע פרײַנט.

עפּעס וואָס ווייסט איר שוין וועגן מיר. אין „סאָוועטיש היימלאַנד” נומ. 1 פאַרן 1965 יאָר איז געווען אָפּגעדרוקט „א ביסל פון מײַן לעבן”[1]. כאָטש עס איז אוועק א היפּשע צײַט, דאכט זיך מיר, אז דאָס איז געווען ערשט נעכטן.

ווער עס האָט געלייענט „א ביסל פון מײַן לעבן”, וועט, מינאסטאם, אויך לייענען אָט די עטלעכע נײַע בלעטלעך. וועגן די פאַרגאנגענע צען יאָר פון מײַן ווײַטערדיק לעבן.

אין אונדזער ראיאָן געפינען זיך נאָך דרײַ־פיר ייִדן. צווישן זיי ייִסראָעל טשערקיס — ער פאַרנעמט א וויכטיק אָרט אינעם האנדל אלס פאָרזיצער פון דער רײַפּאָטרעב־קאָאָפּעראציע. מע שרײַבט אָפט וועגן אים אין די צײַטונגען, און אין זשורנאל „קאָאָפּעראטאָר קאזאכסטאנא” איז אפן טאָוול געווען אָפּגעדרוקט זײַן פּאָטאָ. ייִסראָעל מאָיסייעוויטש ארבעט דרײַסיק יאָר אין דער זאך, ער לאָזט זיך הערן א סאך ווײַטער פון קאזאכסטאן. אז מע דארף עפּעס א דעפיציט, קאָן מען דאָס קריגן נאָר בא אונדז אין ראיאָן. דער ייִסרול, ווי מע רופט אים אין דער היים, ווי אויך זײַן ווײַב און די קינדער, זײַנען אונדזערע גוטע פרײַנט. מיט זיי פילן מיר זיך ניט עלנט. זיי קומען געווירע ווערן, פרעגן, אין וואָס מיר נייטיקן זיך, און אָפט קריגן זיי פאר אונדז נייטיקע רעפּועס. זיי טוען אלץ פאר אונדז: דארף מען א דאָקטער, בעט מען א סאָכן, ער זאָל אָנקלינגען צו ייִסראָעל מאָיסייעוויטשן, און עס געדויערט ניט לאנג, קומט א דאָקטער.

נאָך א גוטן פרײַנט האָבן מיר דאָ — טאקע א דאָקטער, א כירורג. דאָס איז מיזשעריצקי וולאדימיר יעפימאָוויטש. זײַן נאָמען קען מען אויך א סאך ווײַטער, ווי אין אונדזער ראיאָן. ער קומט ארײַן צו אונדז, העלפט אונדז אויך אוועקשטופּן אונדזער עלנט. אזוינע, ווי די אויבנדערמאָנטע, זאָלן געזונט און שטארק זײַן. איך ווייס, אז די יאָרן גיבן צו וויסן, איך און מײַן כאָנע זײַנען שוין דאָ געסט. אָבער ניט געקוקט אף מײַן שווערער קראנקײַט, פיר איך נאָך א ביסל מיט דער פען. דעם זשורנאל שרײַבן מיר אויס — ביז אונדזערע אויגן זײַנען אָפן, דארף „סאָוועטיש היימלאַנד” ליגן אפן טיש. מײַן קראנקער מאָגן לאָזט ניט אָנטאָן די ברילן, לאָזט ניט אָנטאָן מער ווי אף א צענדפופצן מינוט. דער בלוט־דרוק איז א הויכער, פון אזא לעבן, ווי איך האָב דורכגעמאכט, זײַנען די נערוון אָנגעצויגן, ווי סטרונעס, און אלץ דארף דאָס הארץ אויסהאלטן. איז טאקע קיין וווּנדער ניט, וואָס דאָס הארץ איז שטערבלעך קראנק. איך לעב אף אוקאָלן, וועלכע איך אליין מאך זיך, און שלינג טאבליעטקעס אָן א שיר. מײַן מאן האָט גאָט אויך ניט פאַרלאָזט, און ער האָט אים געגעבן גענוג קראנקײַטן. נאָר ס'איז אזוי, ווי מע זאָגט: עס שטארבן ניט די, וואָס זײַנען קראנק, נאָר די, צו וועמען דער מאלעכהאמאָוועס קומט.

מײַן הייל־דאָקטערן האָט מיר געזאָגט: „ווי איר זעט, בירגערן נעמיק, זײַט איר קראנק אזויפיל יאָרן, און אײַערע גוטעפרײַנט, וועלכע פלעגן קעסיידער קלינגען און מיך ארויסרופן צו אײַך, זײַנען גראָד געשטאָרבן, און איר לעבט נאָך”.

---

[1] אינעם ארײַנפיר צו זלאטע נעמיקס נאָטיצן „א ביסל פון מײַן לעבן” האָט די רעדאקציע דעמלט געשריבן: „מיר דרוקן די פּאָשעטע, ניט געקינצלטע לעבנסבאשרײַבונג פון אונדזער לייענערן זלאטע נעמיק. דאָס, וואָס זי דערציילט, נעמט באם הארצן מיט דער טמימעס און מענטשלעכער ווירדע אין יעדן וואָרט”.

די גוטעפרײַנט, וואָס מײַן הייל־דאָקטער האָט דערמאָנט, האָבן אָפּגעלעבט א לעבן, אַף אלע מײַנע ליבע געזאָגט געוואָרן. ער איז געווען א פּאָרזיצער פון א קאָלווירט, געהאט א גאָלדענעם שטערן פון א געראָי פון סאָציאַליסטישער מי. קיין נויט האָט זײַן ווײַב ניט געוווּסט, זיי זײַנען געקומען אהער אין אָנהייב מילכאָמע. אפן פּראָנט איז ער ניט געווען, ווײַל מע האָט אים פונעם קאָלווירט ניט אָפּגעלאָזט.

איצטער איז שוין, מירצעשעם, דרײַ צענדליק יאָר נאָך דער מילכאָמע. א גוטע צוקונפט וואַרט אַף אונדזערע קינדער און אייניקלעך. לאָמיר אײַך א ביסל באשרײַבן מײַנע קינדער. זיי לעבן באגלײַך מיט לײַטן, זיי האָבן דירעס, האָבן ארבעט, די אייניקלעך לערנען זיך. מײַן עלטסטער זון איז געשטאָרבן פון א קאטאַסטראָפע, דאָס האָט געגעבן א טיפע טרעשטשינע אין מײַן געזונט. ער האָט געלאָזט א ווײַב מיט צוויי קינדער, פארשטייט איר שוין, וואָס דאָס איז... דער מעזיניק מײַנער, וואָס איז נאָך ניט אלט געווען קיין יאָר ביים די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, האָט זיך מיטאמאָל געוואָלט באקענען מיט זײַן עמעסן טאטן. „איך וויל זען דעם מענטשן, וועמענס נאָמען איז מײַן פאָטערנאָמען", — האָט ער געטײַנעט.

אין 1965 יאָר, ביים „סאָוועטיש היימלאנד" האָט אָפּגעדרוקט מײַן ביאָגראפיע, האָבן דאָס איבערגעלייענט מײַן ערשטן מאנס שוועסטער. איך האָב זײַן ריכטיקן נאָמען ניט געגעבן, די פאמיליע איז אויך אן אנדערע, נאָר זײַנע שוועסטער האָבן פארשטאנען, אז דאָס דאַרף זײַן ניט קיין אנדערע ווי איך. זיי האָבן געבעטן אין רעדאקציע מײַן אדרעס און האָבן מיר אָנגעשריבן. אזויארום, האָבן זיי מיר אָנגעהויבן שיקן בריוו, פון וועלכע איך האָב זיך דערוווּסט, אז מײַן „טײַערער" ערשטער מאן געפינט זיך אין אָדעס, ער לעבט מיט א פרוי, וואָס האָט ניט קיין קינדער.

אין 1974 איז מײַן זון געפאָרן קיין אָדעס. ער האָט געוואָלט זען דעם טאטן און אים איבערגעבן א צוויי־דרײַ ווערטער. ער האָט געזאָגט צו מיר: „מאמע, וואָס פאר א האַרץ דאַרף מען האָבן, מע זאָל איבערלאָזן קינדער און זיך ניט לאָזן הערן צו זיי". דערבײַ דאַרף איך באמערקן, אז מײַן זון איז אינגאנצן פּאָכאָזשע אַף זײַן פאָטער, ער איז נאָר העכער אין וווּקס. שטעלט זיך פאָר, מײַנע פרײַנט לייענער, אז מײַן זון מיט זײַנעם א כאווער זײַנען ארײַנגעגאנגען צום שיינעם טאטענקען אין שטוב, ער האָט דערזען אפן דיוואן א זאָקן בא די זיבעציק. דער זון האָט זיך פאָרגעשטעלט, געזאָגט דעם נאָמען, דעם פאָטערנאָמען מיט דער פאמיליע. דער אלטער האָט ניט לאנג געטראכט און געזאָגט צום זון: „מענטשן מיט אזוינע פאמיליעס זײַנען פאראן ניט ווייניק". עס האָט אים אפילע ניט א קלאפּ געטאָן אין הארצן. דער זון האָט אים געפרעגט: „האָט איר אמאָל געהאט קינדער? צי ווייסט איר, וויאזוי מע האָט זיי גערופן?" נאָר דער טאטענקע האָט זיך געמאכט טאמעוואטע: „איך געדענק ניט, צי כ'האָב געהאט קינדער, און איך ווייס ניט, וויאזוי מע האָט זיי גערופן". דערבײַ האָט ער דעם זון געצירצט. דעם זון האָט עס געקאָסט זייער א סאך געזונט. ער האָט געמיינט, אז דער טאטע וועט בעטן בא אים מעכילע. ער האָט געוואָלט אים אופוועקן, דעם עמעסן טאטן זײַנעם, פון אומהערצלעכקײַט, ארויסרופן בא אים ליידן און כאראָטע. נאָר, ווי דער זון האָט מיר נאָכדעם דערציילט, דער טאטע איז געווען „גלוך אי ניעם".

די אונטערשטע שורע איז, אז מאמעס האָבן פון קינדער פרייד, צאָרעס, אומרויִקע יאָרן. איך בין דאָך אזוי קראנק, איך טאָר זיך א האָר ניט וואָלנויען, איך האָב קיין רויִקע מינוט ניט. וואָס טראכט איך ניט איבער וועגן מײַנעביידע זין מיט זייערע ווײַבער און קינדער. ס'איז א ווערטעלע צו זאָגן, כ'האָב זעקס אייניקלעך, זיי זאָלן געזונט זײַן! רויִק קאָנען עלטערן זײַן נאָר, ווען זיי פארמאכן די אויגן.

די קינדער ווײַנען ווײַט איינער פון דעם אנדערן. ביז עס קומט א בריוו, פאלט ארויס דאָס הארץ און די אויגן קריכן פון קאָפּ. אפן זינען לייגט זיך אזוינס, וואָס קיין סוינע וועט ניט אויסטראכטן. פרעגט זיך א קאשע: די קינדער וועגן די עלטערן זײַנען אויך אזוי אומרויִק? ניין, עס הייבט זיך ניט אָן! אז זיי קומען אין אורלויב, און איך טײַנע: „פארוואָס שרײַבט איר מיר ניט, איר פארקירצט דאָך מיר די יאָרן?" וואָס זשע ענטפערן זיי מיר? „מאמע, אז מע שרײַבט ניט, איז אלץ אין אָרדענונג". אָדער מע לייגט עס ארוף אַף דעם ווײַב. די זין זאָגן: „האָב טײַנעס צו דײַנע שניר". די שניר שרײַבן טאקע, אָבער ניט געדיכט. אמאָל שיקט מען צו א פּאָר צענערלעך, נאָר דעם עמעס דאַרף מען זאָגן: קינדער האָבן ליב, אז די מאמע זאָל פאר זיי עפּעס גרייטן. ווען דאָס געזונט איז מיר געווען בעסער, האָב איך געשיקט הינער, אייער, לאָקשן אַף אייער, ווארעניע באנקעס. מײַנע קינדער און מײַנע שכיינים ווייסן, אז וויאזוי פארדרייען באנקעס, דאַרף מען פרעגן בא דער מומע זלאטע. אָבער וואָס טוט מען, אז מע ווערט אלט און קראנק?..

מיר וווינען אין א קליין שטיבעלע, אָן באקוועמלעכקײַטן. די גיכע הילף ארויסרופן קאָנען מיר נאָר, ווען איינער פון אונדז איז אַף די פיס. א דאנק גאָט, וואָס איך בין שוין געוואָרן א גאנצער פּראָפעסאָר און פארשטיי אין די רעפועס. האָב איך די גיכע הילף לעבן בעט. צווישן זיך ריידנדיק, באצויִען זיך די קינדער צו אונדז ניט שלעכט, נאָר זיי זײַנען ווײַט. צום באדויערן, זײַנען מיר ניט די איינציקע אלטע לײַט, וואָס זײַנען עלנט. ס'זײַנען פאראן געננוג אזוינע. די קינדער פאָרן אוועק, מע ווערט אָפּגעפרעמדט מיט דער צײַט. עמעס, מע ווייסט, אז מע האָט עלטערן. אנדערע קינדער העלפן מיט געלט, ביים טאטע־מאמע נייטיקן זיך. די קינדער זאָלן אונדז נעמען צו זיך, איז דאָס זייער א שווערע פראגע. אי פאר אונדז, אי פאר זיי. דירעס האָט מען זיי געגעבן לויטן מעטראזש, וויפל עס קומט זיי. איצט האָבן

זייערע מישפּאָכעס זיך פאַרגרעסערט. ווהין קאָנען זיי אונדז נעמען? קראַנקע, אַלטע מענטשן קאָן מען ניט אוועקשטעלן, ווי מעבל בא די ווענט. און מיר אַליין, ווי קאָנען מיר זיך רירן פון אָרט? ווײַטער, די שניר האָבן דאָך אויך עלטערן. פאַלט שוין אָפּ די פראַגע פון זײַן בא די קינדער.

אז עס גייט שוין א רייד וועגן קינדער, איז הערט, וואָס איך וועל אײַך דערציילן: פאַר־שטייט זיך, ס'איז אַן אויסנאַם, נאָר קעדײַ צו וויסן. מײַן מאַן האָט א כאַווער פון די קינ־דער־יאָרן. וועגן זייער פרײַנטשאַפט וואָלט מען געקאָנט אָנשרײַבן א בוך. דער כאַווער וווינט אין א גרויסער שטאָט, האָט א דירע. דאָס ער־שטע ווײַב מיט די קינדער זײַנען אומגעקומען באם דײַטש אונטער דער אָקופּאַציע. דאָס צווייטע ווײַב האָט געבוירן א זון. איר קאָנט זיך פאָרשטעלן, ווי טײַער דער זון איז בא אים געווען. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז גע־שטאָרבן דאָס ווײַב. דער זון האָט געענדיקט אָף אינזשעניער, אַרבעט אין אַן אַנדער גרויסער שטאָט. דער אַלטער, מײַן מאַנס פרײַנט, וועגן וועמען איך דערצייל, איז קימאַט אינגאַנצן בלינד. אָף איין אויג זעט ער דרײַסיק פּראָ־צענט! אז ער גייט אַליין, פאַלט ער. דער זון האָט א סעמיאַ, פונעם טאַטן וויל ער ניט וויסן. דעם עלפטן יאַנוואַר 1976 יאָר איז וועגן דע־רוף געווען אַן אַרטיקל אין דער מאָסקווער „איזוועסטיאַ". דאָס אַרטיקל האָבן אָנגעשריבן די שכיינים. אַזוינע קינדער זײַנען אויך פאַראַן, צום גרויסן באַדויערן. אויב איר וועט אָפּדרוקן דאָס, וואָס איך שרײַב אײַך, וועט דעם אַלטנס זון פאַרשטיין, וועמען מע מיינט... אַליין לייענט ער ניט אָף ייִדיש, נאָר ער האָט, ווער עס וועט אים לייענען.

כ'האָב אויבן אָנגעשריבן, אז מיר וווינען אין א קליין שטיבעלע און האָבן ניט קיין אודאָב־סטוועס, אָבער אז עס קומט דער פרילינג, זעט מען ניט אַרויס דאָס שטיבעלע פון צווישן די ביימער, וואָס רינגלען עס אַרום. בא אונדז איז זייער א גוטער סאָד מיט אַלערליי פּרוכטן — עפּל, פלוימען, ווײַנשל, אָגריק, מאַלינעס. א סאָך ביימער האָב איך מיט מײַנע הענט אַליין פאַרזעצט. אז מיר לעבן אַריבער דעם ווינטער און די ביימער צעבליִען זיך, דער סירען און די רויזן שמעקן אַזוי, אז מע פאַרגעסט אין אַלע קרענק, — דעמאָלט זיצן מיר אין דרויסן אָפן באַנק, עטעמען מיט דעם צוויט, און מיר זײַנען אין גאַנײדן. מענטשן גייען פאַרבײַ, בעט מען, מע זאָל עפּעס ברענגען פון קראָם. מיר האָבן האַרציקע שכיינים — גוטעפרײַנט פון אַלערליי נאַציעס. אָף אונדזער גאַס וווינען קאָרייִצעס, קאַזאַכן, רוסן, דײַטשן, טיורקן, אַזערבײַדשאַנצעס. בלויז מיר זײַנען ייִדן. די איבעריקע ייִדן וווינען אָף אַנדערע גאַסן. אונדזערע שכיינים באַציִען זיך צו אונדז, ווי מע זאָגט, מיט פּאָטשאָט און וונימאַניע. זיי קומען אַרײַן אין שטוב, אז מיר זיצן אין דרויסן, גייט מען, מע זעצט זיך אויך אַוועק. מע קומט צו מיר פרעגן אייצעס: „מומע זינע, וואָס טוט מען, בא מיר איז קראַנק די בעהיי־מע", „מומע זינע, כ'האָב גענומען הינדעלעך אין אינקובאַטאָר, זײַנען זיי שוואַך, זיי פאַלן פון די לאַפּקעס", „מומע זינע, וויאַזוי מאַכט מען, אז די אוגערקעס אין דער קאַדקע זאָלן ניט ווערן ביטער". און איך, זלאַטע, וועמען זיי רופן „מומע זינע", האָב אָף אַלץ אַן ענטפער און אַן אייצע. און אַלע זײַנען זיי צופרידן, און אַלע דאַנקען.

טײַערער הויפּט־רעדאַקטאָר, טײַערע כאַווי־רים פון רעדאַקציע, איך בעט אײַך זייער, איר זאָלט אָפּדרוקן וואָס איך האָב צוגעשיקט. איר זאָלט עס ניט פאַרציִען אָף לאַנג, איך זאָל עס באַווײַזן איבערלייענען מײַנע קינדער, מײַנע אייניקלעך און די גוטעפרײַנט. וועגן מײַן לעבן, וואָס כ'האָב דורכגעמאַכט, איז מיר געווען זיי־ער שווער צו שרײַבן. איך כאַזער איבער נאָכא־מאָל, לייגט עס ניט אָפּ אין דער לאַנגער באַנק, בא מיר איז עפּעס ספּאַזמעס פון מאָזג, א הוי־כער בלוט־דרוק, און עס פעלט מיר לופט... איך וואַרט אָף אײַער ידיִע, אז איר וועט אײַנ־גיכן אָפּדרוקן וואָס איך האָב אײַך צוגעשיקט. פאַרויס בין איך אײַך זייער דאַנקבאַר. איך ווינטש אײַך, איר זאָלט לעבן לאַנגע יאָרן, איר זאָלט האָבן א געזונטן עלטער, גלאַוונע — איר זאָלט ניט דאַרפן אָנקומען צו קיינעם.



## בלעטערנדיק זשורנאלן און צײַטונגען

# אָפּקלאַנגען

### דער „זיכערקײַט־גארטל“

די גאנצע ציוויליזירטע וועלט איז אופגעבראכט פון דער ראסיסטישער שכיטע אין דאָרעם־אפריקע. פראָטעסטן קומען פון די פארשיידנסטע לענדער, פון די פארשיידנסטע קרײַזן. דער זיכערקײַטס־ראט האָט איינשטימיק פארורטיילט די אפּארטעיד־רעציכעס. עס איז פאראן אָבער א ייִדישע צײַטונג אין טעל־אוויוו, די „לעצטע נײַעס“, פאר וועלכער די דאָזיקע רעציכעס זײַנען גאָר א מאָסמיטל פון „זיכערקײַט“!

„א מאסיווער זיכערקײַט־גארטל ארום די נעגערישע שטעט און שטעטלעך, — שרײַבט די דאָזיקע צײַטונג, — האָט צוריקגעקערט די רו נאָך דעם אופרײַס פון די פירטאָגיקע אנטירעגירונג־אומרועז, וועלכע האָבן געקאָסט דאָס לעבן פון 97 פערזאָן און גוירעם געווען קאָרעוו 1000 פארוואונדעטע“.

איר פארשטייט? די ראסיסטישע פּאָליציי פון דער אפּארטעיד־רעגירונג האָט, כאָלילע, קיינעם ניט אטאקירט. זי האָט ניט געשאָסן אָן א וואָרענונג אין יוגנטלעכע, אין קינדער. זי האָט ניט דורכגעפירט באוווסטזיניק אן עמעסע בלוט־באָד. ניין, זי האָט בלויז אײַנגעשטעלט „א מאסיוון זיכערקײַט־גארטל ארום די נעגערישע שטעט און שטעטלעך“...

וואָס פאר א שאנד איז צו שרײַבן אזעלכע שורעס! און וואָס פאר אן עקל איז זיי צו לייענען!

■

### דער אפּארטעיד און... די ייִט״א

פון טעל־אוויוו לאָמיר איצט אריבערגיין קיין פּאַריזש און פון די „לעצטע נײַעס“ צום ביולעטען פון דער ייִדישער טעלעגראַף־אגענטור.

דער דאָזיקער ביולעטען האָט פארעפנטלעכט א קאָרעספּאָנדענץ פון קייפּטאון אונטערן קעפּל „דער ייִדישער ייִשעוו פון דאָרעם־אפריקע קעגניבער דעם אפּארטעיד“. לייענען מיר דאָרט אין אָנהייב אזעלכע שורעס:

„אין דאָרעם־אפריקע רעדט מען אלץ ווייניקער וועגן אפּארטעיד און אלץ מער וועגן סעפּאראטער אנטוויקלונג“. דער אָרטיקער ייִדישער ייִשעוו פילט זיך טיף־אָנגערירט מיצאד דער דאָזיקער פּאָליטיק. אויך ער, דער ייִשעוו, איז באומרויִקט. פון דער אומזיכערער צוקונפט פון די ווײַסע אין דעם דאָזיקן לאנד. אין צוואנציק יאָר ארום וועלן זיי זײַן זעקס מאָל ווייניקער, איידער די שווארצע. זיכער פארלאָזן פיל יוגנטלעכע דאָס לאנד. מע ווײַזט אָבער ווײַטער ארויס צוטרוי צו דער פּראָגראם פון „סעפּאראטער אנטוויקלונג...“

מע ווײַזט, הייסט עס, ווײַטער ארויס צוטרוי דעם פאקטישן אפּארטעיד, — פארזיכערט דער ייִט״א־ביולעטען. ווער איז עס דער „מע“? ווער אין דאָרטיקן ייִשעוו האָט עס אזויפיל צוטרוי צום ראסיסטישן רעזשים?

די דאָזיקע פראגע איז נאָך מער בארעכטיקט צו שטעלן, ווײַבאלד אין דעם ווײַטערדיקן טייל פון דער קאָרעספּאָנדענץ רעדט זיך וועגן א ייִדישער פרוי, העלען זוסמאן, וועלכע האָט מיט 12 יאָר צוריק געגרינדעט די פּראָגרעסיווע פּארטיי און שלאָגט זיך ווײַטער פאר דעם, אז עס זאָל אָפּגעווישט ווערן יעטווידע דיסקרימינאציע בענעגייע די שווארצע. עס רעדט זיך דאָרט אויך וועגן דעם „דורשט נאָך ראסן־גערעכטיקײַט“ אין דעם ייִדישן ייִשעוו פון דאָרעם־אפריקע.

איז ווידעראמאָל: ווער זײַנען עס די, וואָס „ווײַזן ארויס צוטרוי“ דעם אפּארטעיד? פארוואָס זאָגט עס ניט קלאָר די ייִט״א? פארוואָס ווארפט זי א פלעק אף א גאנצן ייִשעוו? און וועלכע איז די שטעלונג פון דער ייִט״א גופע? צי איז זי מיט די, וועלכע „ווײַזן ארויס צוטרוי“ דעם אפּארטעיד? אָדער מיט די, וועלכע „דורשטן נאָך ראסן־גערעכטיקײַט“?

דאָס זײַנען אלץ צו ערנסטע זאכן, אז א נײַעס־אגענטור זאָל זיך קאָנען דערלויבן צו רעדן וועגן דעם אף אן אויפן, וואָס איז צומינדסטנס זייער צווײדײַטיק...

■

## די באומרויִקונג פון גאָלדע מעיִר...

די טעל־אַוויווער „לעצטע נײַעס" גיט איבער אין אַ יִיט"אַ־טעלעגראַמע פון ניו־יאָרק, אַז גאָלדע מעיִר האָט, אַרויסטרעטנדיק פאַר „אַמעריקאַנער ייִדישע מאַנהיגים", אויסגעדריקט איר באומרויִקונג אין שײַכעס מיט די קריטישע שטימען בנעגייע דער ייִסראַעל־פּאָליטיק.

— איך בין מער באומרויִקט, — האָט זי געזאָגט, — פון די ידיִעס וועגן כעלוקעדייעס צווישן די אַמעריקאַנער ייִדן בנעגייע מעדינאַס ייִסראַעל, איידער פון די פּראָבלעמען פון די ייִסראַעל־אַמעריקאַנישע באַציִונגען...

פאַרוואָס אַזאַ באומרויִקונג? ווײַל עס זײַנען פאַראַן, — האָט זי דערקלערט, — אַזעלכע, וואָס זאָגן, אַז ייִסראַעל האָט ניט קיין אופּריכטיקן ווילן צו דערגרייכן אַ שאָלעם און אַז זי מאַכט ניט קיין גענוגנדיקע אָנשטרענגונג אין דער דאָזיקער ריכטונג. און דאָס קאָן זי, גאָלדע מעיִר, בעשום־אויפן ניט פאַרטראָגן, ווײַרעם, לויט איר, דאַרף מען אופנעמען בלינד אַלץ, וואָס די ייִסראַעל־רעגירונג טוט.

אינטערעסאַנט איז דאָ אָבער אַן אַנדער זאַך: אין אימפּעט פון איר פּאָלעמיק האָט גאָלדע מעיִר אויסגערופן, אַז „די, וועלכע קריטיקירן ייִסראַעל, דאַרפן דערוויַיזן זייער טײַנע". וואָס זשע טוט אָבער גאָט! ניט וואַרטנדיק אַף זיי, האָט זי אַליין „דערוויזן זייער טײַנע".

און ווירקלעך: אין אַן אינטערוויו אין דער אַמעריקאַנער טעלעוויזיע, וועגן וועלכער עס מעלדעט די זעלבע יִיט"אַ־טעלעגראַמע, האָט גאָלדע מעיִר דערקלערט, אַז „די קייט פון נײַע ייִשווים לענגויס דעם יאַרדען־טײַך שטעלט פאַר מיט זיך די ייִסראַעלדיקע פאַרטיידיקונגס־סיסטעם...". נו, אויב דאָס הייסט „מאַכן אָנשטרענגונגען אין דער ריכטונג פון שאָלעם", האָט גאָלדע מעיִר זיי ניט אופגעהערט צו מאַכן — אַף אַזוי ווײַט, אַז זי איז נאָך דער יאָמקיפּער־מילכאָמע געצוווּנגען געווען צו פליִען פון דער רעגירונג צוזאַמען מיט דאַיאַנען...

נאָר, זעט אויס, זי האָט נאָך גאָרניט געלערנט דערפון.

■

## דער ראַוו־טעראָריסט האָט זיך ווידער באַוויזן

גוט שאַבעס! דער טרויעריק־באַרימטער ראַוו קאַהאַנע האָט ווידער געלאָזט הערן פון זיך. און ווידעראַמאָל — אַף זײַן אייגנטימלעכן כוליגאַנישן אופן.

בייס דער מאַניפעסטאַציע פון אַראַבישע און ייִדישע סטודענטן אין ירושאָלאַיִמער אוניווערסיטעט קעגן דער אַנטיִאַראַבישער פּאָליטיק פון דער רעגירונג אין די אָקופּירטע געביטן און אין ייִסראַעל גופע, ווו זעקס אַראַבער זײַנען דערהאַרגעט געוואָרן אין גאַליל אינעם „טאָג פון דעם באָדן" — האָט אין אוניווערסיטעט זיך באַוויזן אָט דער פירער פון דער „דזשוויש דעפענס ליג" און געאַרבעט מײַסים, אַז די רעכטע סטודענטן זאָלן אַטאַקירן די מאַניפעסטאַנטן.

ער האָט דערבײַ געשריגן אַף קוילע־קוילעס, אַז די איינציקע לייזונג פון דער פּאַלעסטינער פּראָבלעם איז... „פאַרטרײַבן אַלע אַראַבער פון ייִסראַעל און פון די אָקופּירטע געביטן אין די אַראַבישע לענדער".

אָט דער ראַוו־פּראָוואָקאַטאָר האָט זיך אָבער ניט באַנוגנט דערמיט. ער איז קורץ נאָכדעם אַרויסגעטראָטן אַף אַן עפנטלעכער פּרעסע־קאָנפערענץ און האָט דאָרט ערשט רעכט אַרויסגעלייגט זײַן „טוירע": ער האָט געדראָעט מיט פאַרכאַפּונגען און אַטענטאַטן קעגן סאָוועטישע דיפּלאָמאַטן און אינסטיטוציעס און האָט אָנגעזאָגט אַ באַנײַטע „אַקטיוויטעט" פון זײַן באַנדע, וועלכע פּרוּווט נאָך אַלץ פאַרדעקן איר העסלעכן פּאַרצעף מיט דער מאַסקע פון „ייִדן־פאַרטיידיקונג".

אין אַן אופרוף, ווידער, פון זײַן „ליגע" האָט ער זיך צוריקגעקערט צו זײַן שיגאָענדיקן פּלאַן פון דעפּאָרטירן די אַראַבער.

„מיר פאָדערן גלײַך דורכצופירן, — האָט ער געזאָגט מיט כוצפע, — דעם פּלאַן פון אַריבערפירן די אַראַבער פון ערעץ ייִסראַעל, אײַנגעשלאָסן די אַראַבער פון מעדינאַס ייִסראַעל, אין די אַראַבישע לענדער, און מיר שלאָגן פאָר אַ געגנויעם פּלאַן וועגן דעם".

אַזאַ איז ער, דער פאַרשוין, וואָס העצט און רופט צו טיפּיש־פאַשיסטישע טעראָר־מיטלען — אַלץ אונטערן שילדל פון „ייִדן־פאַרטיידיקונג". אָבער וואָס פאַר אַ שילדל עס זאָל ניט זײַן, וועט עס אײַן זאַך ניט קאָנען פאַרדעקן, נעמלעך: אַז מיט די מײַסים פון זײַן באַנדע און פון אים אַליין פאַרשוואַרצט ער דאָס פּאָנעם פון די ייִדן און פון ייִסראַעל און קאָן בלויז ברענגען אומגליק.

אונדז אינטערעסירט דאָ אָבער איצט אַן אַנדער זאַך.

ווי באַוווּסט, איז קאַהאַנע מיט אַן אָנדערהאַלבן יאָר צוריק אָנגעקלאָגט געוואָרן אין ייִסראַעל פאַר שמוגלען געווער. דערנאָך האָט ער אין אַמעריקע געהאַט אַ מישפּעט — ווידעראַמאָל פאַר ברעכן דאָס געזעץ בנעגייע געווער, — און ער איז פאַרמישפּעט געוואָרן אַף אַ יאָר פון קלוימערשטער טפיסע. מיר זאָגן „קלוימערשטער", ווײַל זײַן טפיסע־קאַמער איז געווען פאַקטיש אַ... שיינער האָטעל־צימער, ווו מע האָט אים דערלויבט „אָפּצוקומען" זײַן שטראָף.

ווילט זיך פרעגן:

ווי זשע קומט עס, וואָס ער האָט געקענט ווידער זיך באַווײַזן אין ייִסראַעל און רופן צו טעראָר און צו מאַסן־דעפּאָרטאַציעס אַף אַן עפנטלעכן אופן?

וויאזוי איז עס געשען, אז ער קאָן זיך פּרײַ באַוועגן סײַ אין אַמעריקע, סײַ אין ייִשׂראל, ווו ער איז באַגאַנגען פאַרברעכנס?

צי האָט ער אַזויפיל פּראָטעקציע, אז ער קאָן אומגעשטערט פאַרזעצן זײַן פּראָוואָקאַטאָרישע, טעראָריסטישע אַרבעט פון ניו־יאָרק ביז טעל־אַוויוו? און פאַרוואָס קריגט ער זי, די פּראָטעקציע? ווער איז אַזוי פאַרינטערעסירט אין זײַן „דינסט"?

ווי זאָגט מען עס: עס זײַנען דאָ פראַגן, וואָס בלויז שטעלן זיי — הייסט שוין געבן דעם ענטפער...

■

## מיט וואָס ער באַרימט זיך...

דער ייִשׂראל־פּרעמיער יצחק ראַבין האָט לעצטנס, אין אַן אינטערוויו אין דער טעלעוויזיע, זיך באַרימט מיט דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער טעטיקייט פון זײַן רעגירונג, וואָס קומט צום אויסדרוק אין „אַראָפּנידעריקן דעם פאַרברויך" (ד. ה. דעם לעבנס־ניוואָ פון די אַרבעטנדיקע); אין „פאַרקלענערן די סובסידיעס" פאַר אַרטיקלען פון ערשטן געברויך (דאָס הייסט אין פאַרורזאַכן דירעקט זייער פאַרטײַערונג); אין פאַרגרעסערן די שטײַערן־לאַסט (פאַר די אַרבעטנדיקע, פאַרשטייט זיך) אאַוו.

גאָר באַזונדערס האָט אין יענעם אינטערוויו דער פּרעמיער שטאָלצירט מיט זײַן פאַרמעסט קעגן דעם אַרבעטסלוין. ער האָט געזאָגט בוכשטעבלעך:

„צום ערשטן מאָל אין די 28 יאָר נידעריקט מען אַראָפּ דעם לוין. קײנער האָט עס ניט געפּרוּווט טאָן אין מדינת ייִשׂראל (...). די איצטיקע רעגירונג גייט עס טאָן און וועט עס טאָן (...). די רעגירונג האָט באַשלאָסן זיך צו פאַרמעסטן אין דעם דאָזיקן געביט. צום ערשטן מאָל גייט די ייִשׂראל־רעגירונג אין דער קנעסעט, קעדײַ דורכצופירן אַ געזעצגעבונג, וועמענס ציל עס איז די אײַנפירונג פון אַן אַרבעטס־אָפּמאַך, וואָס נידעריקט אַראָפּ דעם לוין".

אויסטערלישע ווערטער אינעם מויל פון אַ פּרעמיער, וואָס געהערט צו אַן אַרבעטס־פּאַרטיי! און נאָך אויסטערלישער איז זיך צו באַרימען דערמיט! אַפילו די סאַמע קאָנסערוואַטיווע, די סאַמע רעכטע רעגירונגס־שעפן האָבן, דאַכט זיך, נאָך ניט דערלויבט זיך אַזוי צו רעדן וועגן זייער אַנטי־אַרבעטס־ און אַנטי־פאָלקס־פּאָליטיק.

צי וויל ראַבין „זיך פאַרמעסטן" אויך מיט זיי און זיי נאָך איבערשטײַגן?

■

## מאַק־קאַרטיזם פון שאָוויניסטן

פון דער ייִשׂראל־פּרעסע דערוויסן מיר זיך, אז עטלעכע צענדליק צעהיצטע רעליגיעזע און שאָוויניסטישע פאַנאַטיקער האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין דער ירושלאַיִמער שול „ישורון" און האָבן דאָרט געשטערט ריידן דעם פּראָפעסאָר ישעיהו ליבאָוויטש, וועלכער האָט אין די ראַמען פון אוינעג שאַבעס געהאַלטן אַ פאָרטראָג וועגן ראַמבאַם.

פּראָפּ. ליבאָוויטש איז אַליין אַ טיף־רעליגיעזער מענטש און געלערנטער, און עס קומט אים אָפּט אויס צו ריידן און צו שרײַבן וועגן די „מאָראַלישע יעסוידעס פון יודאַיִזם". נאָר וואָס דען? ער איז קעגן דער פּאָליטיק פון אַנעקסיעס, קעגן דער אָקופּאַציע פון סיני־יאַרדאַניע און גאַזאַ, וואָס ער קריטיקירט, טאַקע פונעם שטאַנדפּונקט פון די מאָראַלישע געבאָטן פון יודאַיִזם. אַזוי ווי ער פאַרשטייט זיי, און דאָס איז גענוג געווען אים צו באַפאַלן מיט געשרייען, אז „זאָל ער גיין צו ראַקאַך, צו מצפּן, צו די אַראַבער, אָבער ניט רעדן אין אַ שול!"

פאַרשטייט זיך, אז וואָלט זיך עס געהאַנדלט בלויז אין די פּאָר צענדליק היציקע מאַק־קאַרטיסטן, וואָלט ביכלל ניט קעדײַ געווען צו ריידן דערפון. אָבער זייער אויסברוך איז אַ סימפּטאָם פון דער אַטמאָספער פון אומטאָלעראַנץ, וואָס ווערט געקאָכט לעגאַבע די, וועלכע וואַגן אַרויסצוגיין מיט אַ פרײַען, ניט־קאָנפאָרמיסטישן געדאַנק. דאָס איז אַ סימפּטאָם פון אָט דער אַטמאָספער, ווו אַזאַ ראַוו־טעראָריסט, ווי מעיר קאַהאַנע, אָדער אַזאַ העצער, ווי דער ראַוו לעווינגער, קאָנען טאָן אומגעשטערט זייער שענדלעכע מעלאָכע, אָבער אַזאַ פיגור, ווי פּראָפעסאָר ישעיהו ליבאָוויטש, קאָן מען ניט פאַרלײַדן.

און דאָס איז שוין אַ גאָר ערנסטער איניען.

„נײַע פּרעסע"





מוישע וויַינמאַן אין זיַין אַטעליע

אינעם אויסשטעלונגס־זאַל פון די לעֵנינגראַדער קינסטלער איז לעצטנס באַוויזן געוואָרן אַן עקספּאָזיציע פון די שאַפונגען פונעם אָנגעזעענעם סקולפּטאָר מוישע וויַינמאַן, וועמענס ווערק זיַינען שוין באַקאַנט די לייע־נער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ (זע נום. 1, 1970). מ. וויַינמאַן איז געבוירן געוואָרן אין 1913 אין דער שטאָט קריוואָי־ראָג. ער האָט געלערנט אין אָדעסער און לעֵנינגראַדער קונסט־אינסטיטוטן. אין 1946 פאַרטיידיקט ער די דיפּלאָם־אַרבעט אין געביט פון סקולפּטור. פון דעמלט אָן ווערן זיַינע ווערק רעגולער פאָרגעשטעלט אויף די רעפּובליקאַנישע און אַלפאַרבאַנדישע אויסשטעלונגען. מוישע וויַינמאַן איז געשטאָרבן אין 1973.

צוזאַמען מיט די סקולפּטאָרן מ. מאַלאַכין, ב. קאַפּליאַנסקי, מ. כאַרלאַ־מאָווא האָט וויַינמאַן געשאַפן איינס פון די באַדיַיטנדיקסטע ווערק פון דער סאָוועטישער מאָנומענטאַלער קונסט — די רעליעפן פון דער צענטראַלער וואַנט אויפן פּיסקאַריאָווער מעמאָריאַלן בעסוילעם.

זיַין סקולפּטור „זאָיע קאָסמאָדעמיאַנסקאַיאַ“ איז אויסגעשטעלט אין דער באַשטענדיקער עקספּאָזיציע פונעם לעֵנינגראַדער מעלוכישן רוסישן מוזיי, די פּאָרטרעטן פון די ספּאָרטלער וולאַדימיר קוץ און גאַלינע זיבינאַ זיַינען ניט איינמאָל באַוויזן געוואָרן בא אונדז אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

אינעם קאַטאַלאָג, וואָס דער פאַרלאַג „כודאָזשניק רספסר“ האָט אַרויס־געלאָזט ספּעציעל צו מוישע וויַינמאַנס אויסשטעלונג, זיַינען פאַרעפּנטלעכט פינף און צוואַנציק אַרבעטן.

# אַן עקספּאָזיציע
# פון מוישע וויַינמאַנס ווערק

# יויסעף זיסמאַנס
# נײַע סעריע אַקוואַרעלן

אין „סאָוועטיש היימלאַנד" (מאַרט 1972) איז געווען פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל צו דער סעריע בילדער, וועלכע יויסעף זיסמאַן האָט געמאָלט בײַם זײַנער אַ שפּעריקער קאָמאַנדירונג אין דער האַפן־שטאָט נאָוואָראָסיִיסק.

ניט לאַנג צוריק האָט י. זיסמאַן זיך אומגעקערט פון אַ נײַער קאָמאַנדירונג — דאָס מאָל אין די לאַנדווירטשאַפטלעכע ראַיאָנען פון קראַסנאָדאַרער קאַנט. פון זײַנע עסקיזן, וועלכע מיר דרוקן אין הײַנטיקן נומער, איז ניט שווער צו באַמערקן דעם קינסטלערס שעפערישן וווּקס פאַר די פאַרגאַנגענע פיר יאָר. אין זײַן שאַפונג, בלײַבנדיק טרײַ דער רעאַליסטישער מאַניר, דער צוגעבונדנקייט צו דער נאַטור, צום מענטשן, שטרעבט י. זיסמאַן צו פאַרפולקומען די מאָלערײַ־טעכניק, באַרײַכערן די פאַרבן־גאַמע, ניט נאָר אינעם פּייזאַזש־זשאַנער, נאָר אויך אין די פּאָרטרעטן און אין די שטייגער־מאָטיוון.

יויסעף זיסמאַנס נײַע בילדער־סעריע קאָן אויפגענומען ווערן ווי נאָך איין שעפערישער באַריכט.

א דאָרפישער פּייזאַזש





דער פּאָרטרעט פונעם פיזיקער
ו. ארכאנגעלסקאיא (בראָנזע,
1967)

צו דער זון (בראָנזע, 1967)



# הונדערט יאָר ייִדישער טעאַטער

מיט 100 יאָר צוריק, אין אָקטיאַבער 1876, האָט אווראָם גאָלדפאַדען — דער דעמלט שוין באַוווּסטער דיכטער און אָרגאַניזאַטאָר פון ייִדישע טרופּעס — באַוויזן אין יאַס (רומעניע) די ערשטע פאָרשטעלונגען לויט זײַנע פּיעסן „די באָבע מיטן אייניקל", „שמענדריק", „רעקרוטן" און האָט דאָרט, אַזוי־אַרום, פאַרלייגט דעם פונדאַמענט פונעם ייִדישן פּראָפעסיאָנעלן טעאַטער. אַלע פּיעסן, וואָס גאָלדפאַדען האָט געשאַפן, האָבן אַנטהאַלטן קופּלעטן, באַגלייטע מיט מוזיק, וועלכע ער האָט מערסטנס אַליין געשריבן.

נאָך יאַס נעמט פאָר גאָלדפאַדען מיט זײַן טרופּע אַ גאַסטראָל־רײַזע איבער אַנדערע שטעט פון רומעניע, דעריקער קיין בוקאַרעשט. זײַנע פאָרשטעלונגען אין אַפּרעל — מײַ 1877 אויף דער בינע בא לאַזאַר קאַפּעדזשינען, האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג. באַזונדערס פּאָפּולער זײַנען געוואָרן די אָפּערעטקעס „צווייַ קונילעמל", „די קישעפמאַכערן", די מוזיקאַלישע מעלאָדראַמעס „שולאַמיס" און „באַר־קאָכבאַ".

פון דעמלט אָן הייבט זיך אָן האַסטיק אַנטוויקלען דאָס ייִדישע טעאַטער־לעבן. אייניקע טאַלאַנטירטע אַקטיאָרן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן מיט גאָלדפאַדענען, שאַפן נײַע זעלבשטענדיקע טרופּעס, אין קלענערע און גרעסערע שטעט קומען אויף פּילצאָליקע דראַם־קרײַזן.

עס באַווײַזן זיך אויך אין יענער צײַט צופעליקע מינדערווערטיקע טרופּעס מיט אַרטיסטן־נאָכמאַכערס, וואָס טרעטן אַרויס מיט קונציקע פאָרשטעלונגען פון קליינבירגערלעכן שונד. אָבער די מערהײַט טעאַטערן און טרופּעס פאַרהיטן אין זיך דעם גאָלדפאַדען־גײַסט, די טראַדיציעס פונעם ייִדישן פאָלקס־טעאַטער.

ווען מיר באַטראַכטן הײַנט, אין הונדערט יאָר אַרום, דעם שײנעם אָנהייב פונעם ייִדישן טעאַטער, וועלכער האָט דורכגעמאַכט אַ ניט־לײַכטן וועג, ווערט נאָך באַדײַטנדיקער גאָלדפאַדענס גרויסער אופטו צו פאַרוואַנדלען די ייִדישע טעאַטראַלע קונסט אין אַ לעבנס־וויכטיקער נויטווענדיקײַט פאַר די פאָלקס־מאַסן.

100 יאָר ייִדישער טעאַטער איז אַ וויכטיקע קולטור־געשעעניש, וועלכע ווערט ברייט אָפּגעמערקט אין פאַרשיידענע לענדער פון דער וועלט, באַזונדערס אין רומעניע, ווו עס קומען איצט פאָר די פײַערונגען. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אין יאַס און וועלן זיך פאַרענדיקן מיט מאַסן־אָוונטן אינעם בוקאַרעשטער מעלוכע־טעאַטער.

„פון די בראָדער זינגער ביז צו אווראָם גאָלדפאַדען" — אונטער אַזאַ דעוויז זײַנען דורכגעפירט געוואָרן ליטעראַריש־מוזיקאַלישע פרימאָרגנס, אויף וועלכע עס איז אַרויסגעטראָטן דער קינסטלערישער אָנפירער פונעם בוקאַרעשטער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער ייִסראָעל בערקאָוויטש.

צווישן די ערשטע ייִדישע אַקטיאָרן אין רומעניע זײַנען דערמאָנט געוואָרן די נעמען פון י. גראָדנער, נ. בוכוואַלד, י. גאָלדשטיין מיט זײַן פרוי סאָרע סעגאַל (שפּעטער סאָפי קאַרפּ), זעליג מ. סאַגורעסקו, איציקל גאָלדענבערג.

אין דער קינסטלערישער טייל לעקאָוועד די יובֿילײ־פײַערונגען האָבן זיך באַטייליקט די שוישפּילער פונעם הײַנטיקן ייִדישן מעלוכע־טעאַטער א. ניימאַרק, מאַנאַ ריפּעל, טריקסי אַבראַמאָוויטש, אַלבערט קיצעל, לעאָני וואַלדמאַן, וועלכע זײַנען אַרויסגעטראָטן מיט געזאַנג און מיט פאָרלעזונגען פון בערל בראָדער און וועלוול זבאַרזשער.

אין צוזאַמענהאַנג מיט די יובֿילײ־פײַערונגען האָט דער בוקאַרעשטער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער אַרויסגעגעבן אַן אילוסטרירטן העפט אויף דרײַ שפּראַכן (ייִדיש, רומעניש און ענגליש), מיט בילדער פון ספּעקטאַקלען, פּאָרטרעטן פון אַמאָליקע און הײַנטיקע אַקטיאָרן, פאַרצייכענונגען וועגן דעם רעפּערטואַר און וועגן די יובֿילײ־פּרעמיערעס אינעם טעאַטער.

י. פײַוווּסאָוויטש



פינאַל־סצענע פונעם ספּעקטאַקל „מאַנגעריאַדע", געשטעלט אין בוקאַרעשטער מעלוכע־טעאַטער

פון אונדזער פאָטאָ־אַרכיוו

# ווייניק־באַוווּסטע פאָטאָגראַפיעס פון ייִדישע שרײַבער



מוישע אַלטמאַן. 1964



איציק קיפּניס. 1972

ז. ווענדראָף. 1970. (זײַן לעצטע פאָטאָ)





דאָוויד בערגעלסאָן פּאָזירט דעם ביראָבידזשאַנער קינסט־לער לייב זעווין. (1936)



אַלטער קאַציזנע (לינקס) לייענט פֿאַר זײַנע א פּיעסע דעם באַוווּסטן שוישפּילער און רעזשיסער אַווראָם מאָרעווסקי.

עס זיצן (פֿון רעכטס אויף לינקס): ש. האַלקין, א. קושניראָוו, י. דאָברושין, י. נוסינאָוו; עס שטייען — ב. אָלעווסקי, א. גורשטיין. (אָנהייב 30־ער יאָרן)



# פאַרשיידנס

## פאַל ראָבסאָנס ארכיוו

אכט טויזנט מעטער מאגניטאָפאָן־פאַרנאָטירונגען פון די לידער פונעם באַוווּסטן אמעריקאַנער זינגער, קעמפער קעגן ראַסעווער דיסקרימינאַציע פאָל ראָבסאָן זײַנען צונויפגעזאמלט אין א ספּעציעלן ארכיוו, וואָס איז געשאפן געוואָרן אין דער קונסט־אַקאַדעמיע פון דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. אין דעם דאָזיקן איינציקן אין דער וועלט ארכיוו פון אזא מין זײַנען צונויפגעזאמלט אויך זײַנע בריוו, בא 1500 פאָטאָגראַפיעס, פּלאַקאַטן און קאָנצערט־פּראָגראַמען, אויסשניטן פון צײַטונגען און זשורנאַלן, ביכער און בראָשורן וועגן זײַן שאַפונג, מאַטעריאַלן וועגן זײַנע רײַזעס קיין סאָוועטנפאַרבאַנד און אין דער רעפּובליקאַנישער שפּאַניע.

## די שטאָט דערציילט וועגן זיך

אין צענטער פון סאמאַרקאַנד, אפן רעגיסטאַן־פּלאַץ, איז פאַראַן אן אוניקאַלער טעאַטער אונטערן אָפענעם הימל — א שײַן־ און קלאַנגען־פּאַנאָראַם־אַמפיטעאַטער. ער שטעלט מיט זיך פאָר א קאָמפּליצירטע עלעקטראָן־סיסטעם, וועלכע באַשטייט פון צענדליקער פּראָזשעקטאָרן און רעפּראָדוקטאָרן.

די שײַן־ און קלאַנגען־פּאַנאָראַם, וועלכע מע האָט אָנגערופן „דאָס הארץ פון סאמאַרקאַנד", איז געשאַפן לויטן פּראָיעקט פון די מיטאַרבעטער פון דער פּראָיעקט־קאָנסטרוקטאָרישער ביוראָ באַם קולטור־מיניסטעריום פון דער אוזבעקישער סס״ר מיטן אָנטייל פון ספּעציאַליסטן פון די פאַראַנדישע רעפּובליקן און פון א ריי סאָציאַליסטישע לענדער. די שײַן־מוזיקאַלע פּראָגראַם האָט צוגעגרייט דער רעזשיסער א. אוזאַקאָוו און דער קאָמפּאָזיטאָר מ. טאַדזשיִעוו, דעם אַקאָמפּאַנעמענט פילן אויס טאַשקענטער און מאָסקווער אַרטיסטן.

ווער עס קומט אפן רעגיסטאַן־פּלאַץ, ווערט אין משך פון 45 מינוט אן איידעס פון דער פילהונדערטיאָריקער געשיכטע פון סאמאַרקאַנד, וועלכער האָט ניט לאַנג צוריק אָפּגעמערקט זײַן 2500־טן יאָרטאָג. דערווײַל ווערן די סעאַנסן געפירט אין דער אוזבעקישער און רוסישער שפּראַכן, נאָר אינגיכן וועט די פּראָגראַם איבערגעזעצט ווערן אף ענגליש, פראַנצויזיש און אראַביש.

ש. זײַנוטדינאָוו, „איזוועסטיִא"

## זיי האָבן געקענט מאַיאַקאָווסקין

די פאָנאָטעקע פונעם מאַיאַקאָווסקי־מוזיי אין מאָסקווע עקזיסטירט פון די 40־ער יאָרן אָן און פאַרמאָגט איצט שוין העכער צוויי הונדערט קאַסעטעס מיט פאַרנאָטירונגען פון דערינערונגען וועגן מאַיאַקאָווסקין.

לויט די זיכרוינעס פון די שילער פון דער מאָסקווער שול פון מאָלערײַ און סקולפּטור, וועלכע האָבן זיך געלערנט אינאיינעם מיטן דיכטער, ווערט אופגעשטעלט דאָס געשטאַלט פון א יוגנטלעכן, וועלכער האָט געזוכט זײַן אייגענעם וועג אין דער קונסט און האָט זיך זייער פרי אײַנגעשלאָסן אין דער רעוואָלוציאָנערער ארבעט.

דעם דיכטערס שוועסטער — ליודמילא וולאַדימיראָוונא מאַיאַקאָווסקאַיא האָט אף דער מאגניטאָפאָן־טאַשמע קאָמענטירט יעדן עקספּאָנאַט פונעם מוזיי און האָט געשאַפן א העלן וווּנטערלעכן פּאָרטרעט פון איר ברודער. די אַלמאָנע פון ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטש אסייעוו — קסעניִא ניקאָלײַעוונא דערציילט וועגן דער באַקאַנטשאַפט פון איר מאַן מיטן דיכטער.

דער הויפּט־רעזשיסער פונעם מאָסקווער צירק אפן צוועטנאָי בולוואַר פאָלקס־ארטיסט פון רספסר מ. מעסטעטשקין דערמאָנט זיך, ווי מאַיאַקאָווסקי האָט, שפּאַנענדיק באַנאַנד מיט אים אין אן ערשטמײַיקער דעמאָנסטראַציע, באַגײַסטערט געלייענט זײַן באַרימטן „לינקן מאַרש".

די מאָלער נ. דעניסאָווסקי און נ. ווינאָגראַדאָוו, וועלכע האָבן מיט וו. מאַיאַקאָווסקין געאַרבעט איבער די „ראָסטאַ"־פּלאַקאַטן, שטעלן אוף די געשיכטע קימאַט פון יעדן גראַפישן בויגן, וואָס מאַיאַקאָווסקי האָט געשאַפן.

זייער אינטערעסאַנט זײַנען די דערינערונגען פון די שרײַבער וו. קאַטײַעוו, וו. שקלאָווסקי, פונעם ערשטן דירעקטאָר פון־צענטראַלן הויז פאַר קונסט־טוער ב. פיליפּאָוו. פאַראַן אין דער פאָנאָטעקע א קאַסעטע, וואָס איז צוגעשיקט געוואָרן פון פּאַריז: וועגן דעם דיכטערס שאַפונג דערציילן באַרימטע פראַנצויזישע ליטעראַטן.

לויט ד. קאַקורינאַס נאָטיץ אין „וועטשערניאַיאַ מאָסקוואַ"

## דרײַצן „צעזאַרן"

באַם 49־יאָריקן אמעריקאַנער „אָסקאַר" האָט זיך באַוויזן א פראַנצויזישער זון — „צעזאַר". עס גייט א רייד וועגן די באַגילדעטע בראָנז־סטאַטועטקעס, מיט וועלכע מע באַלוינט פאַר דערגרייכונגען אין דער קינאָ־קונסט.

דעם „צעזאַר" פאַרן בעסטן פילם פון פאָריקן יאָר האָט באַקומען ראָבער ענריקאָס „דאָס אלטע געווער" — א פילם־דערמאָנונג פון א דאָקטער וועגן די יאָרן פון דער פאַשיסטישער אָקופּאַציע פון פראַנקרײַך, וועגן די געסטאַפּאָווצעס, וועלכע האָבן פאַרניכטעט זײַן גאַנצע מישפּאָכע. דער „צעזאַר" פאַר דער בעסטער מענערישער ראָל איז צוגעמישפּעט געוואָרן פיליפּ נאָורע, דעם הויפּט־העלד פונעם דערמאָנטן פילם. און אלס בעסטע פראַנצויזישע קינאָ־אַקטריסע איז אנערקענט געוואָרן ראָמי שניידער אינעם פילם „דער איקער איז ליבע". דעם „צעזאַר" פאַר רעזשיסור האָט באַקומען בערטראַן טאַווערניע, דער שעפער פונעם פילם אף א היסטאָרישן סוזשעט — „זאָל זיך אָנהייבן דער יאָמטעוו".

פאַרוואָס זשע איז די נײַע פראַנצויזישע קינאָ־באַלוינונג אָנגערופן געוואָרן „צעזאַר"? גאַנץ פּאָשעט: די באַגילדעטע בראָנז־פיגורקע פון א מאַנצבל, וועלכער שטייט מיט איין פוס אף דער באַבינע פון א קינאָ־סטענגע, האָט געשאַפן דער באַוווּסטער פראַנצויזישער סקולפּטאָר צעזאַר.

לויט וו. וואָלאָדינס נאָטיץ אין „נעדיעליאַ"

## ווער זשע האָט פונדעסטוועגן אַנטדעקט אַמעריקע?

ווער האָט אַנטדעקט אַמעריקע? אַז דער גרויסער גענועזער כריסטאָפאָר קאָלומב איז געווען ניט דער ערשטער, וועלכער האָט באַטראָטן דעם דאָזיקן קאָנטינענט, איז גאַנץ באַוווּסט: מיט עטלעכע יאָרהונדערטער ביז קאָלומבן זײַנען אין אַמעריקע געווען די וויקינגן. און אָט איז אַ נײַע ווערסיע: דער פּראָפעסאָר פון אַרכעאָלאָגיע פונעם האַרוואַרדער אוניווערסיטעט בערי פעלל האַלט, אַז אַמעריקע האָבן אַנטדעקט די אײראָפּייער נאָך לאַנג פאַר אונדזער ערע. בײַס די אויסגראָבונגען אינעם ראַיאָן פון דער שטאָט דאַנבערי (שטאַט קאָנעקטיקוט) האָט די אַרכעאָלאָגן־גרופּע אונטער ב. פעללס אָנפירונג זיך אָנגעשטויסן אַף געמעלן און אויפשריפטן אַף שטיינער. אַף די געמעלן זעט מען אַ לעבנהאַפטן מיסכער צווישן די אָרטיקע אינדיאַנער און געקומענע הענדלער. אורטיילנדיק לויט די אויפשריפטן, זײַנען די געקומענע — קעלטן, פאַרשטייער פון שוואַטים, וועלכע האָבן אַמאָל באַוווינט מײַרעוו־אייראָפּע. די גענויע אויספאָרשונגען פון די געמעלן און אויפשריפטן האָבן באַוויזן, אַז זיי זײַנען געמאַכט געוואָרן צווישן 1200 און 800 יאָרן פון אונדזער ערע. פון די געמעלן קאָן מען פאַרשטיין, אַז די קעלטן האָבן געהאַנדלט מיט פוטערוואַרג, ליים־געפעס, קרעלן און מיט פאַרשיידענע מעטאַלענע כפּייצים.

## דער שפּײַז־ראַציאָן אין די מײַרעוו־לענדער

די צווישנפעלקערלעכע אָרגאַניזאַציע פון אַרבעט האָט דורכגעפירט פאָרשונגען פונעם שפּײַז־ראַציאָן און די הוצאָעס אַף אים אין די מײַרעוו־לענדער.

לויט דער פּראָפּאָרץ פונעם געלט, וואָס ווערט אויסגעטיילט אַף אײַנקויפן פלייש און פיש, זײַנען אפן ערשטן אָרט די פראַנצויזן (33 פּראָצענט הוצאָעס). די באַפעלקערונג פון מײַרעוו־דײַטשלאַנד, עסטרײַך, האָלאַנד, ענגלאַנד, פּשא, אירלאַנד גיבן אויס אַף די דאָזיקע פּראָדוקטן אַ פערטל פונעם „דערנערונג"־געלט. די אַמעריקאַנער פאַרנעמען דאָס ערשטע אָרט לויט די הוצאָעס אַף שפּײַז אין דער געזעלשאַפטלעכער דערנערונג (אַ פערטל פון דער סומע. וואָס ווערט אַף איר אויסגעטיילט). די גריכן און איטאַליענער האָבן איבערגעשטיגן אַלעמען לויטן געברויך פון געבעקס און געטראַנקען, די האָלענדער און שפּאַניער — לויטן געברויך פון גאָרטנוואַרג און פרוכטן, די סקאַנדינאַווער — לויט מילךפּראָדוקטן (18 פּראָצענט פון זייערע בודזשעטן).

## אַ בריוו פון קאַפּרי

דער באַוווּסטער סאָוועטישער ליטעראַטור־ און קונסט־פאָרשער אי. ס. זילבערשטיין, דער איניציאַטאָר פון דער אויסגאַבע «Литературное наследство» („ליטעראַרישע ירושע"), פירט שוין פיל יאָרן אַ סקרופּולעזע אַרבעט אַף אָפּזוכן אין אויסלאַנד רעליקוויעס פון דער רוסישער קולטור. איינס פון זײַנע לעצטע געפינסן איז א. מ. גאָרקיס אַן אומבאַוווּסטער ביז איצט בריוו צו וו. אי. לענינען.

— א. מ. גאָרקיס בריוו, — דערציילט דער ליטעראַטור־פאָרשער, — געהערט צום אָנהייב פעווראַל פון 1908, ווען דער שרײַבער האָט געלעבט אפן אינדזל קאַפּרי. פון 1907 ביזן 1916 האָבן גאָרקי און לענין געפירט אַן אינטענסיוון בריוו־אויסטויש. פון יענע יאָרן האָבן זיך אײַנגעהיט און זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן לענינס 47 בריוו צו גאָרקין. אָבער ענטפערס זײַנען באַוווּסט אינגאַנצן דרײַ. דעריבער איז אַזוי וויכטיק דאָס איצטיקע געפינס, ביפראַט ווײַל אַף דעם דאָזיקן בריוו איז פאַראַן וולאַדימיר איליטשס אַ פּראָטימדיקער ענטפער.

אין אָנהייב יאַנוואַר פון 1908 האָט לענין זיך באַזעצט אין זשענעווע און אײַנגעאָרדנט דאָס אַרויסגעבן די באָלשעוויסטישע צײַטונג „פּראָלעטאַרי", וועלכע איז פריִער אַרויסגעלאָזט געוואָרן אין פינלאַנד. אײַנגיכן טיילט מיט לענין גאָרקין: „אַלץ איז אײַנגעאָרדנט, די נאָענטסטע טעג גיבן מיר אַן אַנאָנס. מיר שטעלן אײַך אַרײַן אַלס מיטאַרבעטער. שרײַבט אָן אַ פּאָר ווערטער, צי וואָלט איר געקאָנט עפּעס געבן פאַר די ערשטע נומערן..."

און אָט איז דער אָפּגעזוכטער ענטפער. די ערשטע שורעס: „טײַערער איליטש! איך שיק מײַן נאָטיץ און לידער פון איינעם אַ יוגנטלעכן, וועלכע איך האָב באַקומען פון אים פון „קרעסטי"..."

מיט דער זעלבער פּאָטשט האָט דער שרײַבער איבערגעשיקט פאַרן „פּראָלעטאַרי" דעם ערשטן טייל פון זײַן אַרטיקל „די צעשטערונג פון דער פּערזענלעכקײַט". גאָרקי בעט: „אַז איר וועט באַקומען דאָס אַרטיקל, טיילט טייקעף מיט — צי טויג עס, קעדיי איך זאָל באַווײַזן געבן צום טערמין דאָס צווייטע, וואָס וועט זײַן געווידמעט דעם איבערזיכט פון די מאָטיוון פון „שאַפונג" אין דער רוסישער ליטעראַטור, און אין דעם דריטן וואָלט איך שוין איבערגעגאַנגען צו דער כאַראַקטעריסטיק פון דער אינטעליגענציע..."

אַרויסזאָגנדיק זײַן באַציִונג צו די „שאַפונגען" פון די מאָדנע דאַן ליטעראַטן, וועלכע האָבן געפּרייעדיקט מיסטיק און פינצטערניש, שרײַבט גאָרקי: „איך פאַרמאָג דרייסטקײַט זיך פאָרשטעלן, אַז די דאָזיקע גאַנצע רעאַקציע וועט אײַנגיכן אַוועק צו אַלדי רוכעס".

וולאַדימיר איליטש איז געווען מסכים מיט גאָרקיס שטאַנדפּונקט, נאָר, איבערלייענענדיק דאָס צוגעשיקטע אַרטיקל, האָט ער דערזען אידייִשע פעלערן. און לענין טיילט מיט גאָרקין מיט דער גאַנצער אָפנהאַרציקײַט, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון דרוקן זײַן אַרטיקל. ער פירט אַ שטרײַט מיט גאָרקין ווי מיט אַ פרײַנט, אַרויסווײַזנדיק מאַקסימום דעליקאַטקײַט, שטרעבנדיק העלפן דעם שרײַבער צו באַפרײַען זיך פון דער ווירקונג פון אָנשויונגען, וועלכע זײַנען פרעמד דער פּראָלעטאַרישער זאַך.

און אָט איז די געשיכטע פון דעם געפונענעם גאָרקיס בריוו.

לענין האָט נאָך דעם, ווי ער האָט אָפּגעשיקט זײַן ענטפער דעם שרײַבער, איבערגעגעבן גאָרקיס בריוו א. א. באָגדאַנאָוון, איינעם פון די רעדאַקטאָרן פונעם „פּראָלעטאַרי". יענער האָט געדאַרפט אַרויסזאָגן זײַן אייגענע מיינונג וועגן דעם אַרטיקל „די צעשטערונג פון דער פּערזענלעכקײַט". אין 1913 האָט באָגדאַנאָוו זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד, נאָר אַ טייל פון זײַן אַרכיוו איז געבליבן אין אויסלאַנד. דאָרט טאַקע האָט זיך אָפּגעזוכט גאָרקיס בריוו צו לענינען.

לויט וו. מאָלטשאַנאָווס נאָטיץ אין „פּראַוודאַ"



# פעליעטאָנען אין דער אויסלענדישער פרעסע

## יאָ פאַרקויפן, צי ניט פאַרקויפן?

— איר זײַנט געקומען פון ייִסראָעל? איז, קוידעמקאָל, שאָלעם־אַלייכעם. איצט וועט מען הערן וואָס ס׳הערט זיך. נו, הייבט אָן צו דערציילן.

— וואָס זאָל איך אײַך דערציילן?

— איר ווילט, אַז איך זאָל אײַך דערציילן, וואָס איר האָט צו דערציילן? איר קומט דאָך פון ייִסראָעל, ניט איך.

— וואָס ווילט איר וויסן?

— אַלצדינג. מע זאָגט, אַז דער אוילעם דאָרט איז ניט אַזוי אײַ־אײַ־אײַ.

— יאָ.

— וואָס יאָ? יאָ אײַ־אײַ־אײַ, אָדער ניט אײַ־אײַ־אײַ? ווי לאַנג זײַנט איר געווען אין ייִסראָעל?

— דרײַ וואָכן.

— האָט איר דאָך עפּעס געזען, פאַרוואָס זשע דערציילט איר ניט?

— כ׳ווייס ניט, וואָס אײַך אינטערעסירט צו וויסן. פּאָליטישע, אָדער עקאָנאָמישע זאַכן?

— קוידעמקאָל אינטערעסירט מיך די פּאָליטישע לאַגע.

— וואָס זשע ווילט איר וויסן?

— וויפל שטייט דאָרט דער דאָלער?

— דאָס געהערט דאָך צו דער עקאָנאָמישער לאַגע, ניט צו דער פּאָליטישער.

— אָף דער עקאָנאָמישער לאַגע שטייט דער דאָלער שטאַרקער ווי אָף דער פּאָליטישער? כ׳קען דאָך פון אײַך ניט אַרויסקריכן. באַלד. לאָמיר אָנהייבן פון אָנהייב. איר זײַנט אָנגעקומען אָפן פלי־פעלד.

— יאָ, איך בין אַדורכגעגאַנגען דעם קאָנטראָל.

— האָט מען אײַך געפרעגט, צי איר זײַנט אַ ייִד.

— ניין! כאַסוועשאָלעם! ווי פאַלט אײַך עפּעס אײַן?

— הייסט עס, אַז וועגן דער פראַגע, ווער ס׳איז אַ ייִד, זײַנען זיי שוין אַדורכגעקומען לויטן ייִדישן דין. מע מוז אײַך ציִען בײַ דער צונג. אַליין, זע איך, וועט עס ניט גיין. דערנאָך האָט מען אײַך רעווידירט דעם באַגאַזש...

— ס׳הייבט זיך ניט אָן. מע האָט אַפילע די וואַליזע ניט געעפנט. מע האָט בלויז געפרעגט, צי איך האָב עפּעס וואָס צו דעקלאַרירן פאַרן אָפּצאָל. האָב איך געענטפערט: ניין. האָט מען מיר געזאָגט סענק יו אָף העברעיִש, און דעטס אָל.

— איז פאַרוואָס האָט איר אָפּגענאַרט די ייִסראָעלדיקע מעדינע און געזאָגט ניין?

— איך האָב אָפּגענאַרט? איך האָב בעעמעס גאָרניט געהאַט וואָס צו דערקלאַרירן.

— אַז איר האָט גאָרניט געהאַט, האָט איר דאָך ניט באַדאַרפט מוירע האָבן צו עפענען די וואַליזע. לאָמיר גיין ווײַטער. איך בין געווען זיכער, אַז ווען איר וועט צוריקומען פון ייִסראָעל, וועל איך פון אײַך אַלץ געוווירע ווערן.

— כ׳ווייס דאָך ניט וואָס אײַך אינטערעסירט צו וויסן. די פּאָליטישע לאַגע, צי די עקאָנאָמישע?

— די פּאָליטישע. בלויז די פּאָליטישע. ווײַל איך דאַרף וויסן, ווי עס האַלט דאָרט מיט הײַזער און פלעצער. כ׳האָב הײַזער אין ראַמאַט־גאַן און פלעצער אין טעל־אָוויוו. ווײַל איך וויסן: פאַרקויפן, אָדער ניט פאַרקויפן?

— איך האָב ניט קיין אַנונג.

— וועגן הײַזער ווייסט איר אויך גאָרניט? איז צו וואָס זענט איר געפאָרן קיין ייִסראָעל? פון דאַוועגען באַם קויסל קען מען מאַכן אַ לעבן? די יאָמקיפּער־מילכאָמע האָט מיך אַזוי



שטאַרק צעבראָכן, אַז כ׳האַלט
זיך קוים אױף די פֿיס. איך
שלאָף דאָך ניט גאַנצע נעכט.
איך װײס ניט, װאָס עס טוט
זיך מיט מיר. זאָל איך יאָ
פֿאַרקױפֿן? זאָל איך ניט פֿאַר־
קױפֿן? װאָס זאָגט איר? איר
זײַנט דאָך דאָרט געװען:
רעדט שױן אַ װאָרט!

— איך זאָל אַזױ װיסן פֿון
בײז. איך שװער אײַך...

— איר דאַרפֿט ניט שװערן.
איך זע דאָך, אַז איר װײסט
ניט. איר פֿאַרשטײט ניט, און
מע דאַרף אײַך צײַען בײַ דער
צונג. לאָמיר זאָגן, װען איר
האָט פֿלעצער, װאָלט איר
איצט פֿאַרקױפֿט?

— יאָ.

— זײַנט איר דאָך אַ נאַר,
אַ בעהײמע.

— פֿאַרװאָס בין איך אַ
נאַר?

— װײַל טאָמער ברעכט
איצט אױס אַ שאָלעם, שטײַגן
פֿלעצער אױף צען מאָל אַזױפֿיל.
און איר װאָלט באַקומען אַ
האַרץ־פֿעלער פֿון אַגמעסנע־
פּעש. און טאָמער איז ניטאָ
קײן שאָלעם, קענט איר אױך
גאַרניט פֿאַרלירן. װײַל איר
האָט דאָך ניט קײן פֿלעצער.
װאָס זשע אײַלט איר זיך צו
פֿאַרקױפֿן? איך װיל נאָר װיסן
פֿון אײַך אײן זאַך: נאָך װאָס
זײַנט איר געפֿאָרן קײן ייִס־
ראָעל?

— איך בין געפֿאָרן אין אַ
דעלעגאַציע. איך האָב זיך נאָך
באַװיזן זען מיט גאָלדען.

— אַ, אַ כאַכאָמע! װי נעמט
מען איר סײכל? פֿון איר קען
מען דאָך געװיר װערן, צי יאָ
פֿאַרקױפֿן, צי ניט פֿאַרקױפֿן
פֿלעצער...

יוסף הײבלום
(„לעצטע נײַעס״, טעל־אָװיװ)

## דער גענעץ
## און די ייִדן־פֿראַגע...

אױב איר פֿאָרט מיט דער
באַן צו װעלכן־ניט־איז אָרט
און איר קומט אַהין, מײנט
איר, אַז אַלע מענטשן װאַרטן
בלױז אױף אײַך (קעדײ אײַך
צו דערהאַרגענען, אָדער קע־
דײ אײַך קושן און האַלדזן).

פֿאַרװאָס זאָג איך עס?

איך זיץ זיך איצט אין אַמ־
סטערדאַם, הער פֿון צײַט צו
צײַט נײַעס אין ראַדיאָ, זע אַ
ביסל טעלעװיזיע, קוק אַרײַן
אין צײַטונגען און... ניטאָ קײן
אײן װאָרט װעגן ייִסראָעל.

די הױפּט־זאַך, װאָס פֿאַר־
פֿלײצט דאָ איצט די אײַנפֿאָר־
מאַציע־קאַנאַלן, איז די לאַגע
אין דאָרעם־מיזרעך־אַזיע,
דער רעפֿערענדום אין ענג־
לאַנד אַרום דעם אָנשלוס צום
געמײנזאַמען מאַרק, די קלײ־
נע איבערקערעניש אין טשאַד,
און שױן. קײן װאָרט ניט
װעגן ייִסראָעל.

און דאַן קוקט איר אַרײַן
אין אַ װעלכער־ניט־איז ייִס־
ראָעל־צײַטונג, און איר אַנט־
דעקט אַ פּאַשעטע זאַך — אַז
אין טאָך האָט אַלץ, װאָס קומט
פֿאָר אין דער װעלט, בלױז
צװײ צילן: אָדער, מערסטנס,
צו פֿאַרניכטן ייִסראָעל, אָדער,
זעלטענער, צו העלפֿן ייִס־
ראָעל...

קײן שום זאַך אין דער
װעלט פּאַסירט ניט סטאַם. ני־
טאָ קײן סטאַם. אַלץ איז גע־
װענדט צו אײן און אײנציקן
פּונקט — צו ייִסראָעל. די גאַנ־
צע װעלט „װאַרט אױף ייִס־
ראָעל״ — אָדער צו דערהאַר־
גענען, אָדער צו קושן און
האַלדזן.

יעדער גענעץ אין דער
װעלט האָט אינזינען ייִס־
ראָעל — לעטױװע און לעראַע.
און די הײליקע אױפֿגאַבע פֿון
די ייִסראָעל־צײַטונגען איז —
גוט נאָכצושמעקן יעדן גענעץ
און אױפֿקלערן — קעגן אונדז,
צי פֿאַר אונדז.

קעדײ איר זאָלט האָבן פֿאַר־
נאָסע, האָב איך אױך אַ גע־
שיכטע גענומען פֿון לעבן,
װאָס נײטיקט זיך דרינגענדיק
אין אַן אױפֿקלערונג און אין
קאָמענטאַרן:

אײַערנעכטן בין איך אַרי־
בער די גאַס, און ס׳האָט מיך
שיִער ניט איבערגעפֿאָרן אַן
אױטאָמאָביל.

צי איז עס צופֿעליקער אַנ־
טיסעמיטיזם, אָדער ס׳איז עפּ־
שער אַ דערשײַנונג, װאָס
האַלט זיך אין פֿאַרשטאַרקן
אין אײראָפּע און שטעלט פֿאָר
מיט זיך אַ סאַקאָנע פֿאַר אונד־
זער עצעם קיִעם? צי איז דער
שאָפֿער באַאײַנפֿלוסט געװאָרן
פֿון דער אַראַבישער פּראָפּאַ־
גאַנדע? און אױב יאָ, איז די
פֿראַגע — צי דאַרף מען זען
אין דעם אַ געפֿערלעכע װענ־
דונג אין דער האָלענדישער
עפֿנטלעכער מײנונג, אין דער
ריכטונג פֿון פּראָ־אַראַביזם?
און װאָס דאַרף מען טאָן, קע־
דײ אָפּהאַלטן אָט דעם געפֿער־
לעכן באַרג אַראָפּ? אַאױ. אַאױ.
אַאױ.

זאָלט איר מיר זײַן געזונט.

קובי ניב
(„האָױלאָם האַזע״, טעל־אָװיװ)





**דאָס איז טשיקאַווע**

# דער העלדנטאַט פון א קינסטלער

אין נאָיאבער 1905 האָט דער קרייסער „אָטשאקאָוו" דער ערשטער אופגעהויבן דעם באַוואָפנטן אופשטאנד פון די סעוואסטאָפּאָלער יאמלײַט. פון דעם קרייסער האָט דער לייטענאנט שמידט געמאָלדן: „די קאָמאנדשאפט מיטן פלאָט נעם איך אף זיך". אָבער די קויכעס זײַנען געווען ניט קיין גלײַכע. „אָטשאקאָוו" איז באשאָסן געוואָרן פון די קאנאָנען־שיפלעך און פון דער ברעגלאנד־ארטילעריע.

אַן איידעס פון אָט דער שלאכט איז געווען דער יונגער קינסטלער־פּייזאזשיסט פון יאלטע וולאדימיר יאנאָווסקי, וועלכער האָט זיך פונקט דעמלט געפונען אין סעוואסטאָפּאָל. אין מעשעך פון דרײַ מעסלעס האָט ער אָנגעמאָלט א בילד פון דער שרעקלעכער שלאכט: יאם און הימל האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין בראנד־שטורעם... די יאמלײַט פארלאָזן „אָטשאקאָוו", דער יאם קאָכט פון פײַער און פון בלוט...

דאָס בילד האָט מען ארויסגעשטעלט אין נאָיאבער 1905 אין יאלטע, לעבן יאם, אין דער וויטרינע פון סעמיאָנאָווס קראָם, וועלכע האָט געהאנדלט מיט קונסט־ווערק און קאנצעליארישע סכוירעס. אין אָט דער קראָם האָט געארבעט אלס פאָטאָגראף־רעטושער דער יונגער קינסטלער. באם מאגאזין האָט זיך צונויפגעזאמלט א גרויסער אוילעם, דער גאנצער ברעג איז פארפלייצט געוואָרן מיט מענטשן. דאָס האָט צוגעצויגן די אופמערקזאמקײַט פון די זשאנדארן. אָבער וויפל זיי באַמיִען זיך ניט זיך דורכרײַסן צום מאגאזין — קאָנען זיי ניט צו אים צוגיין: א גאנצע וואנט פון ארבעטער און דרוזשיניקעס שטייט אף זייער וועג און ווארפט אָפּ די „היטער פון דער אָרדענונג". סטיכיייש הייבט זיך אָן א מיטינג, באָלשעוויקעס טרעטן ארויס מיט רעדעס...

אין עטלעכע שאָ ארום ברענגט מען צו פירן דעם יונגן קינסטלער צום גראדאָנאטשאלניק פון יאלטע. דער גענעראל דומבאדזע איז אויסער־זיך:

— דו וועסט בא מיר פוילן אין טפּיסע, אויב דו וועסט מאָרגן אינדערפרי ניט פארניכטן פאר מײַנע אויגן דײַן בילד!

וולאדימיר יאנאָווסקי האָט באַנאכט געהיים זיך פארקליבן אין דער קראָם און ארויסגענומען זײַן בילד. א גאנצע נאכט האָט ער געמאָלט א קאָפּיע און אינדערפרי זיך געיאוועט מיט איר צום גראַדאָנאטשאלניק. פאר די אויגן פונעם גענעראל האָט ער צעריסן אף פיצלעך דאָס בילד, און דער גענעראל האָט זיך בארויִקט. קיין פעטערבורג האָט דומבאדזע אוועקגעשיקט א ראפּאָרט וועגן דעם, אז דער אינצידענט איז בעשאָלעם דערלייזט. דעם קינסטלער האָט מען דערלויבט גיין אהיים, נאָר ביזן סאמע 1917 האָט די זשאנדארמעריע פון אים ניט אראָפּגעלאָזט קיין אויג.

צום 50־טן יאָרטאָג פון דער רעוואָליוציע פון 1905 האָט וולאדימיר קאָנסטאנטינאָוויטש יאנאָווסקי איבערגעגעבן זײַן בילד דעם קרימער קאנטקענטעניש־מוזיי...

א לאנגע צײַט האָט דער עלטסטער קינסטלער פון קרים געלעבט אין באכטשיסארײַ. געשטאָרבן איז ער דאָ ניט לאנג צוריק, אין עלטער פון 91 יאָר.

# נײַע „ליטשינעס" אין סיקאטשי־אליאן

אף די ברעגן פון דעם טײַך אמור, אינעם דאָרף סיקאטשי־אליאן, געפינט זיך אַן עכטער מוזיי פון אוראלטער קונסט פון די אמורער שוואָטים. דער דאָזיקער ניט געוויינלעכער מוזיי עקזיסטירט אונטערן אָפענעם הימל: אף באזאלט־שטיינער און בײַברעגיקע פעלדזן זײַנען מיט דער האנט פון אוראלטע קינסטלער אויסגעקלאפּט סטיליזירטע בילדער פון כײַעס, פויגלען, שלאנגען און פאנטאסטישע פּענעמער. מע רופט זיי „ליטשינעס". דאָס דאָזיקע אלטע רוסישע וואָרט באַטײַט א מאסקע. ארכעאָלאָגן, קונסטקענער און היסטאָריקער האָבן דערלערנט און באשריבן בא 150 אזעלכע געמעלן.

אינעם פאָריקן זומער איז דער וואסער־ניוואָ אפן אמור געווען א ביז גאָר נידעריקער, עס האָבן זיך אנטבלויזט באהאלטענע אונטערן וואסער שטיינער. דעם אָטריאד געלערנטע פון דער צאָפּן־אזיִאטישער ארכעאָלאָגישער עקספּעדיציע בא דער סיבירער אָפּטיילונג פון דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פון פססר אונטער דער אָנפירונג פונעם אקאדעמיקער אלעקסיי פּאוולאָוויטש אָקלאדניקאָוו האָט אָפּגעגליקט צו געפינען נאָך 30 פעלדז־געמעלן.

די געלערנטע מערקן אָפּ געמיינזאמע שטריכן צווישן די פּעטראָגריפן פון סיקאטשי־אליאן און דער קונסט פון די אמורער אבאָריגענען — די נאנײַער, אודעהייער, אולטשן, — וואָס עס זאָגט איידעס וועגן דער קרויוועשאפט און גענעטישער פארבינדונג פון דער אוראלטער און הײַנטצײַטיקער קולטורן פון די פעלקער.

■ ■ ■

# מאַטעריאַלן פאַר א לעקסיקאָן
## פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור

פ ו ן  ד ע ר  ר ע ד א ק צ י ע. די „מאַטעריאַלן פאַר א לעקסיקאָן פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור", וועלכע ווערן געדרוקט, אָנהייבנדיק פונעם 9־טן נומער פאַרן 1975, האָבן אַרויסגערופן אינטערעס בא די לייענער פונעם זשורנאַל. מיר באַקומען בריוו מיט פאָרשלאָגן, ווי־אַזוי צו מאַכן די מאַטעריאַלן בעסער, וואָגיקער; אַלע פאַרשטייען די וויכטיקע באַדײַטונג פון אַט דער צוגרייטונג צו שאַפן א לעקסיקאָן פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

אינעם אַרײַנפיר צו די „מאַטעריאַלן" איז געווען געזאָגט: „עס וועלן, נאַטירלעך, זײַן שוועריקײַטן. דערלאָזטע פעלערן וועלן דאַרפן פאַריכט ווערן. מיר האָפן, אַז די פרײַנט פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, די שרײַבער און די לייענער וועלן אונדז צו הילף קומען".

איצט פאַרענדיקן מיר דרוקן די מאַטעריאַלן לויט די ערשטע צוויי אויסיעס פונעם אַלעפבייס — „א" און „ב". פון די לייענער און אויך פון אייניקע שריפטשטעלער באַקומען מיר בריוו, אין וועלכע עס ווערן אָנגעוויזן אַף דערלאָזטע פעלערן. ניט אַלץ קאָן און דאַרף פאַריכט ווערן אַזוי, ווי עס ווילן און פאַרשטייען די אַוטאָרן פון די בריוו. אייניקע שרײַבער, לעמאָשל, האָבן טײַנעס, פאַרוואָס עס ווערן ניט אָנגעוויזן גענוי זייערע ווערק אין דער איבערזעצונג אַף רוסיש און אַף אַנדערע שפּראַכן.

די איבערזעצונגען האָבן, נאַטירלעך, א באַדײַטונג, און מיר ווײַזן דאָס אָן. אָבער אויסרעכענען אַלע איבערגעזעצטע ווערק איז ניט אונדזער אויפגאַבע, שוין ניט רײדנדיק דערפון, וואָס אינעם זשורנאַל האָבן מיר ניט גענוג פּלאַץ פאַר דעם. מיר דרוקן בלויז מאַטעריאַלן פאַר א לעקסיקאָן, וועלכער דאַרף ערשט שפּעטער געשאַפן ווערן.

צום באַדויערן, זײַנען אין די מאַטעריאַלן פון די ערשטע צוויי אויסיעס דערלאַזט געוואָרן אייניקע פעלערן, וועלכע דאַרפן פאַריכט ווערן.

וועגן מוישע אַלטשולער, לעמאַשל, איז ניט ריכטיק אָנגעוויזן, אַז ער איז אַרײַנגעטראַטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין 1921. עס דאַרף זײַן — אין יאָר 1918.

א פאַרדריסלעכע מיספאַרשטייעניש איז פאָרגעקומען מיטן איבערגעבן די ידיעס וועגן פיניע בורגאַנסקין, וועלכער איז צונויפגעפלאָנטערט געוואָרן מיט אַן אַנדער פּערזאָן, בא וועמען די פאַמיליע איז די זעלבע.

א. בראַכמאַן איז געבוירן אין 1884, ער איז געווען דער דעקאַן פונעם ייִדישן סעקטאָר אין מינ־רעוו־אוניווערסיטעט.

יאָשע בראָנשטיין איז געבוירן אין 1897.

די רעדאַקציע דאַנקט די כאַווייריִם, וועלכע האָבן אָנגעוויזן אַף די דערלאַזטע פעלערן. עס ווערן אָנגענומען מיטלען צו פאַרשטאַרקן די וויסנשאַפטלעכע באַזע פון די ביאָ־ביבליאָגראַפישע נאָטיצן.

**בּרעגמאַן, יויסעף**
**(1882)**

— געזעלשאַפטלעכער טוער, פּובליציסט; געבוירן אין פּינסק, געענדיקט א רעאַל־שול. גאָר פרי אָנגעהויבן זײַן געזעלשאַפטלעכע טעטיקײַט, אויסגעשלאָסן געוואָרן פונעם קיִעווער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט פאַר נעמען אַן אָנטייל אין רעוואָליוציאָנערע סטודענטישע אַרויסטרעטונגען. אין 1903 אַרעסטירט געוואָרן אין קיִעוו, און אין 1908 אַרויסגעשיקט געוואָרן פונעם לאַנד. אָנטיילגענומען אין דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ. נאָכן אומקערן זיך אין רוסלאַנד זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַרבעט אַף צו אָרגאַניזירן דעם קלעצקין־פאַרלאַג, ווערנדיק דאָרט פאַרוואַלטער; אויך געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון אַרויסגעבן דעם זשורנאַל „ייִדישע וועלט".

נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט יויסעף בּרעגמאַן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער בויונג פון דער נײַער סאָוועטישער קולטור, פריִער אין קיִעוו — אַלס פאַרוואַלטער פון דער ייִדישער סעקציע באַם אוקראַיִנישן טעאַטער־קאָמיטעט, אַלס דירעקטאָר פונעם ערשטן ייִדישן מעלוכע־טעאַטער, דערנאָך פון 1926, אין מאָסקווע — אַלס פאַרוואַלטער פונעם פאַרלאַג פון דער צענטראַל־ביוראָ פון די ייִדסעקציעס באַם צק רקפּ (ב). י. בּרעגמאַן האָט אויך געאַרבעט אין אויסלאַנד, אין דער סיסטעם פון פאָלקסקאָמיסאַריאַט פאַר אויסערן האַנדל, און נאָכן אומקערן זיך קיין מאָסקווע — אין „געזערד", „קאָמערד" און אַנד.

ווערק. א ריי אַרטיקלען אין ייִדיש און אין רוסיש וועגן דער ייִדישער ערד־אײַנאָרדענונג און וועגן דער בויונג פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט; אַרטיקלען אין „סאָוועטיש היימלאַנד" איבער פראַגן פון ליטעראַטור און געשיכטע.

ביבליאָגראַפיע. „א פאַרדינסטפולער געזעלשאַפטלעכער טוער" (צום 90־טן געבורטסטאָג פון יויסעף בּרעגמאַן), זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 3 פאַרן 1973 יאָר.

## גאָדינער, שמועל־ניסן
(1942 — 1893)



— פּראָזאִיקער, דראמאטורג, געבוירן אין טעלעכאן, מינסקער געגנט. באקומען א טראדיציִאָנעלע ייִדישע דערציִונג. נאָך אין די גאָר יונגע יאָרן אָנגעהויבן לייענען סאָציִאליסטישע ליטעראטור און גענומען אָן אָנטייל אין דער רעוואָליוציִאָנערער באוועגונג. אין 1908 איז זײַן פאמיליע אריבערגעפאָרן קיין ווארשע. דער קומענדיקער שרײַבער הייבט אָן ארבעטן פריִער אין א שלאָסער־ווארשטאט, דערנאָך — אין א מעטאל־פאבריק. פארנומען זיך מיט זעלבסטבילדונג, שטודירנדיק די רוסישע, פּוילישע און דײַטשישע ליטעראטורן. אין ווארשע מאכט גאָדינער זײַנע ערשטע פּרוּוון אין לידער און אין פּראָזע, וועלכע י.־ל. פּערעץ האָט באגיטיקט און אים דערמוטיקט צו ווײַטערדיקער שאפונג. אין 1912 איז שמועל גאָדינער גערופן געוואָרן אין דער ארמיי, אָנטיילגענומען אין דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, געוואָרן פארוווּנדעט, געפאנגען געוואָרן פון די עסטרײַכער, אָבער באלד געלאָפן פון דער געפענקעניש קיין רוסלאנד. גאָדינער האָט באגריסט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע און גענומען אָן אָנטייל אין בירגערקריג אלס רויטארמייער. אין 1921 איז ער אָנגעקומען אין ליטערארישן אינסטיטוט אַף בריוסאָווס נאָמען, ווו ער האָט געלערנט צוויי יאָר. אין דעם זעלבן יאָר האָט ער פארעפנטלעכט אין „אמת" זײַן ערשטע דערציילונג „רעגעס". מילכאָמע איז געוואָרן די צענטראלע טעמע פון גאָדינערס שאפונג. ער איז געווען א גרונטלייגער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור, אָן אקטיווער אָנטיילנעמער פון דער ליטערארישער באוועגונג. נאָכן אָנפאל פון דעם דײַטשישן פאשיזם אַפן ראטנפארבאנד איז גאָדינער גלײַך אוועק אַפן פראָנט, געקעמפט אין די רייען פון די פּארטיזאנער. זומער 1942 איז ער געקומען אַף א קורצער צײַט קיין מאָסקווע, נאָכדעם ווידער אוועק אַפן פראָנט און דאָרטן העלדיש אומגעקומען.

ווערק: „טאָג אנטקעגן", דערציילונגען, מאָסקווע, 1924; „דער מענטש מיט דער ביקס", (ראָמאן), ערשטער בוך, מאָסקווע, 1928; „דער מענטש מיט דער ביקס", צווייטער בוך, מאָסקווע, 1933; „פיגורן אַפן ראנד", דערציילונגען, קיִעוו, 1929; „דזשים קופּערקאָפּ", דראמאטישער פּאמפלעט אין עלף בילדער, מאָסקווע־כארקאָוו־מינסק, 1930; ווערק. ערשטער באנד, מאָסקווע, 1933; „קאווקאָם הערש", דערציילונג, כארקאָוו־קיִעוו, 1933; „מוטערלאנד", ראָמאן, מאָסקווע, 1935; „די אקאָרע פון ראָהאטשעוו", דערציילונג, מאָסקווע, 1936; „די גליקלעכע מוטער עלקע", דערציילונג, מאָסקווע, 1936; „די הייליקע שקלאָווער לעוואָנע", דערציילונג, מאָסקווע, 1936; „יודקע קאָמונארייטשיקל", דערציילונג, מאָסקווע, 1936; „זאוועלער טראקט", דערציילונג, מאָסקווע, 1938; „דער ערשטער", „א נאכט באם צײלן", דערציילונגען, מאָסקווע, 1938; „דער יאָמטעוו פון פרײַנטשאפט", דערציילונג, מאָסקווע, 1939; „ליניטשער יאטן", דערציילונג, מאָסקווע, 1939; „אנדערע מענטשן", דערציילונג, מאָסקווע, 1940.

ביבליִאָגראפיע. מ. ליטוואקאָוו, „אין אומרו", ב. 2, מאָסקווע, 1926; י. בראָנשטיין, „אטאקע", מינסק, 1931; א. וועוויאָרקע, „דער סטיל פון דער פּראָלעטארישער ליטעראטור", כארקאָוו, 1932; ה. רעמעניק „עטיודן און פּאָרטרעטן" (אַף רוסיש), מאָסקווע, 1975; ריווקע רובין, „שרײַבער און ווערק". ווארשע — מאָסקווע, 1968; מ. מיזשיריצקי, זשורנאל „די רויטע וועלט", סענטיאבער־אָקטיאבער, 1931; א. אבטשוק, „עטיודן און מאטעריאלן", כארקאָוו, 1932; ש. ניגער, „טאָג", ניו־יאָרק, 16 דעקאבער 1934.



## לאמיר זינגען נייע לידער

# אפן טויט פון א פאעט

ווערטער פון ארן ווערגעלים | מוזיק פון סערגיי טשעבאטאריאוו

Largo funebre (♩=40)

rit.

Ven me

p

mf espressivo

dim.

a tempo

hot dem po-et fun štub a-rojs-ge-tro-gn, hot ba-im ge-be-tn me-xi-le di ar-xi-tek-tur:

p

di tir iz šmol, un der orn hot ge-lozt a-fn dil a špur.

mp

Di po-e-zi-e i-ber far-šnej-tn be-soj-lem

mf espressivo

mp

af a šli-tl ge-šlept hot im až - un ge-ja-mert: zaj-mojx! Vos hi-to iz a še - ne-rer e-ki-

cresc.

paž..." Ven me

hot dem po-et ge-braxt cu kvu-re, hot der kab-renge-klaptzix al-xet,

vos kejn be-se-re lid fun „ejl mo-lej er hot nit far-grejt dem po-et.

mp espressivo — cresc. — ad libitum

ווען מע האָט דעם פּאָעט פון שטוב ארויסגעטראָגן,
האָט בא אים געבעטן מעכילע די ארכיטעקטור:
די טיר איז שמאָל, און דער אָרן
האָט געלאָזט אפן דיל א שפור.

די פּאָעזיע
איבער פארשנייטן בעסוילעם
אף א שליטל געשלעפּט האָט אים אזש
און געיאָמערט: „זײַ מוילכל, וואָס ניטאָ איז
א שענערער עקיפּאזש"...

ווען מע האָט דעם פּאָעט געבראַכט צו קוורע,
האָט דער קאַברען געקלאַפּט זיך אלכעט,
וואָס קיין בעסערע ליד פון „אייל מאָליי"
ער האָט ניט פארגרייט דעם פּאָעט.



# В ПОМОЩЬ ИЗУЧАЮЩИМ ИДИШ

## לייב קוויטקאָ

דער ערשטער זינגער

פאַרבאָרגן צווישןביימער[1]
אין בלעטערשן געמיש[2],
דאָרט צוויטשט דער ערשטער צוויטשער[3]
אזוי באַהאַרצט און פריש[4].
ער צוויטשערט אזוי מונטער[5],
כאָטש קיינער האַלט ניט אונטער[6]:
צוויטש!

איך זע דיך ניט, איך ווייס ניט[7],
פונוואַנען, ווער דו ביסט,[8]
איך הער, אָבער ווי מונטער[9]
דײַן צוויטשען וועקט און גריסט[10].
איך הער, און ס׳מאַכט מיך מונטער[11],
און כ׳האַלט מיט האַרץ דיך אונטער[12]:
צוויטש!

איך ווייס, ביסט ניט קיין אָדלער[13],
קיין וואָלקנס ברעכסטו ניט[14].
געוויס איז ווײַט דײַן צוויטשען[15]
פון נאַכטיגאַלס א ליד[16].
נאָר ווײַל ביסט פלײַסיק, מונטער[17],
האַלט אויך דער וואַלד דיך אונטער:[18]
צוויטש!

און כאָטש דו ביסט א ברעקל,[19]
מיסטאָמע א צוויטש די גרייס[20],
דאָך הערט די גאַנצע וועלט דיך,[21]
ווען גיסט דײַן האַרץ איר אויס.[22]
די גאַנצע וועלט ווערט מונטער[23],
און האַלט דעם זינגער אונטער:[24]
צוויטש!

1944

ס׳מאַכט=עס מאַכט; כ׳האַלט=איך האַלט; ברעכסטו=ברעכסט דו (דו ברעכסט).

*Перевод:* 1) притаившись между деревьями; 2) в лиственном смешении; 3) там щебечет первая щебетунья; 4) так отважно и свежо; 5) она щебечет так бодро; 6) хотя никто не поддерживает; 7) я тебя не вижу, и не знаю; 8) откуда, кто ты есть; 9) но я слышу, как бодро; 10) твой щебет будит и приветствует; 11) я слышу, и это делает меня бодрым; 12) и я сердечно тебя поддерживаю; 13) я знаю, ты не орел; 14) облаков не ломаешь (в облака не рвешься); 15) наверняка (конечно), твой щебет далек; 16) от песни соловья; 17) но так как ты усердная (прилежна), бодра; 18) поддерживает и лес тебя; 19) и хотя ты крошка; 20) вероятно, с щебет величиной; 21) всё же слушает тебя весь мир; 22) когда изливаешь ему свое сердце; 23) весь мир становится бодрым; 24) и певца поддерживает.

## И.-Л. Перец

### *Пиндар**

Спарта осаждена.

Большое войско вокруг ворот.

И изо дня в день положение становится серьезнее, критичнее, опаснее.

Посылает Спарта в Афины просить помощи.

Отправляют Афины в Спарту лишь одного человека — хромого горбуна.

— Что значит (как же так)?

Это спрашивала и Спарта. Глядела с изумлением и скрежетала зубами.

Оказалось однако, что хромой горбун — это Пиндар.

Поэт и певец.

Стал Пиндар в Спарте на середину рынка и воинственную песню запел.

Отзывается песня во всех сердцах. Падшие сердца набухают (Доблестью).

И стар и млад сразу стали героями. Беспомощные за оружие взялись. Усталые на ворота взошли, луки натянули — и враг был отогнан...

* *Пиндар — (около 518—442 до нашей эры) — древне-греческий поэт.*

## י.־ל. פּערעץ

### פּינדאַר*

ספּאַרטאַ איז באַלאַגערט.

א גרויסע מאַכנע אַרום די טויערן.

און פון טאָג צו טאָג ווערט די לאַגע ערנסטער, קריטישער, געפערלעכער.

שיקט ספּאַרטאַ קיין אַטען בעטן הילף.

שיקט אַטען קיין ספּאַרטאַ צוהילף נישט מער ווי איין מענטש און דערצו א לאָמען הויקער.

— ווי הייסט?

דאָס האָט ספּאַרטאַ אויך געפרעגט. געגאַפט און געקריצט מיט די ציין.

האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער לאָמער הויקער איז פּינדאַר...

דער פּאָעט, דער זינגער!

האָט זיך פּינדאַר אין ספּאַרטאַ אינמיטן מאַרק געשטעלט און א קריגסליד געזונגען!

קלינגט אָפּ די ליד אין אַלע הערצער. ווערן די הערצער די געפאַלענע אופגעשוואָלן פון העלדנמוט...

זענען מיטאַמאָל קינד־און־קייט העלדן געוואָרן. האָבן די אָפּהענטיקע געווער געכאַפּט; זענען די מידע אַף די טויערן אַרויף און די בויגנס געצויגן — און אָפּגעשטויסן איז געוואָרן דער פײַנט...

* פּינדאַר (אַרום 518 — 442 ביז דער איצטיקער צײַט־רעכענונג) — אַן אַלט־גריכישער פּאָעט.

## י.־ל. פּערעץ

### פרום אף אײַזיקלס כעזשבן

...דערווײַל וואשט מען זיך: דער טאטע, דערנאָך דער אוירעך. נעמט ער, דער אוירעך, אונדזער גרויסע, שווערע צוויי־אויערנדיקע פולע קופּערנע קוואָרט אין איין האנט אריַין, גיט מיטאמאָל א גאָס אף דער צווייטער, — שעפּט אָן פון פעסל, טוישט די הענט — ווידער מיטאמאָל א פולע קוואָרט וואסער, און אזוי דרײַ מאָל...

בא אונדז טראָגט וואסער דאָס קראנקע קליינע אײַזיקל, וואָס איז מעפארנעס מיט וואסער טראָגן א ווײַב מיט אכט קינדער. און נעמען נעמט מען בא אונדז נישט פון דער קאן, נאָר פאר דער וואָך. דאָס פעסל טאָר נישט זײַן ליידיק...

מאכט די מאמע, וואָס שטייט מיר צוקאָפּנס, שטיל צו זיך, נאָר איך הער:

— פרום אף אײַזיקלס כעזשבן!

„מײַנע זיכרוינעס“

## И.-Л. Перец

### *Богомолен за счет Айзикла*

...Тем временем моются: отец, затем гость. Гость берет нашу большую, тяжелую полную медную кружку в одну руку, сразу обливает вторую руку, начерпывает из боченка, меняет руки — снова сразу полную кружку, и так три раза...

Нам воду носит больной старый Айзикл, который ношением воды содержит жену и восемь детей. А берут у нас не с бидона, а за неделю. Боченок не должен пустовать...

Мама, стоящая у моего изголовья, говорит тихо, самой себе, но я слышу:

— Богомолен за счет Айзикла.

*«Мои воспоминания»*

## שיקע דריז

### לאָמיר זיך שווערן

לאָמיר זיך שווערן, שארל,
טאָמער אזוינס וועט זיך מאכן,
אז דיר וועט זיך וועלן וויינען,
זאָל מיר זיך ניט וועלן לאכן.
לאָמיר זיך שווערן, שארל,
א מענטש אף א מענטש דארף האָפן —

אויב איינעם וועט עפּעס ווײ טאָן,

זאָל דער צווייטער ניט קענען שלאָפן.

## Овсей Дриз

### *Давайте клясться*

Давайте клясться, Шарл:
Если такое случится,
что тебе захочется плакать,
чтобы мне не хотелось смеяться.
Давайте клясться, Шарл:
Человек на человека должен надеяться —

если одному что-нибудь будет
болеть (больно),
чтобы другой не мог спать.

*Дословный перевод*

## א שמועס

— דו וועסט נאָך דער ארבעט זײַן אין דער היים?
— ניין, איך גײ הײַנט אין טעאטער.
— אין וועלכן טעאטער גייסטו?
— אין דעם דראמאטישן.
— ווו געפינט ער זיך?
— אף דער גאָרקי־גאס, לעבן דעם רעוואָליוציע־מוזיי.
— וואָס שטעלט מען דאָרט היינט?
— „וועלף און שאָף“.
— דו גייסט אליין צי מיט עמעצן?
— די גאנצע מישפּאָכע גייט.
— און וואָס קלײַבסטו זיך טאָן מאָרגן?
— מאָרגן איז בא אונדז א שטיקל סימכע — דער מאמעס געבורטסטאָג. קום צו גיין, אויב דו האָסט כיישעק?
— ניין, איך וועל שוין בעסער קומען צו דיר איבערמאָרגן.
— רעכט. קום צו גיין, וועלן מיר זיך א ביסל דורכשמועסן וועגן אלע איניאָנים.
— קאָן איך קומען מיט דער טאָכטער? זי וויל זייער זען דײַנע בילדער.
— זי אינטערעסירט זיך מיט מאָלערײַ?
— זי וואָלט אין דער טרעטיאקאָווקע געטאָגט און גענעכטיקט. אז מיר גייען אהין, פארהאלט זי זיך דאָרטן דרײַ — פיר שאָ.
— זייער גוט. קומט אָבער וואָס פריִער, וועל איך אײַך ווײַזן די פאראיאָריקע און די האיאָריקע ארבעטן.

## Беседа

— Ты после работы будешь дома?
— Нет, я сегодня иду в театр.
— В какой театр ты идешь?
— В Драматический.
— Где он находится?
— На улице Горького, около Музея Революции.
— Что там сегодня ставят?
— «Волки и овцы»
— Ты идешь один или с кем-нибудь?
— Вся семья идет.
— А что собираешься делать завтра?
— Завтра у нас небольшое торжество— день рождения матери. Приходи, если есть желание.
— Нет, я уж лучше приду к тебе послезавтра.
— Ладно. Приходи, мы побеседуем о всех делах.
— Могу я прийти с дочерью? Она очень хочет посмотреть твои картины.
— Она интересуется живописью?
— Она бы в Третьяковке дневала и ночевала. Когда мы идем туда, она там задерживается на три — четыре часа.
— Очень хорошо. Но приходите пораньше, я вам покажу работы прошлого и этого года.

דאָצענט ע. פאלקאָוויטש

# צו די לייענער און געזעלשאַפטלעכע פאַרשפּרייטער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“

טײַערער פרײַנט!

דער הײַנטיקער נומער „סאָוועטיש היימלאַנד“ דערשײַנט גלײַך נאָכן 15־יאָריקן יובילײַ פונעם זשורנאַל. ווי אַלעמאָל, וועט איר אין אים געפינען דערציילונגען און לידער, פאַרצייכענונגען און ליטעראַטור־קריטישע אַרטיקלען, פּובליציסטיק און וויסנשאַפטלעכע מיטיילונגען, זיכרוינעס און רעפּאָרטאַזשן, קולטור־נײַס, מאַטעריאַלן וועגן דער ייִדישער שפּראַך, אַ קינסטלערישע בײַלאַגע, טעאַטראַלע קונסט, בריוו פון לייענער, אַ נײַע זינגליד, — מיט איין וואָרט, יעדערער וועט געפינען פאַר זיך דאָס, וואָס איז אים מער צום האַרצן און קאָן באַפרידיקן זײַן אינטערעס, דאָס בעסטע, וואָס עס שאַפן אונדזערע הײַנטצײַטיקע סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער, פּובליציסטן, קינסטלער.

„סאָוועטיש היימלאַנד“ האָט פאַר די 15 יאָר פון זײַן עקזיסטענץ פאַרדינט די אָנערקענונג מיצאַד טויזנטער און טויזנטער לייענער אין סאָוועטנפאַרבאַנד און אין פיל אַנדערע לענדער אַלס דער בעסטער ייִדישער זשורנאַל. הײַנט־צו־טאָג רעכענען זיך אין זײַן אַקטיוו העכער 130 אויטאָרן, וועלכע טרעטן אַרויס אין די סאַמע פאַרשיידענע זשאַנרען.

פון די פילצאָליקע בריוו און אָפּרופן, וואָס די רעדאַקציע באַקומט, ווײַסן מיר, אַז די לייענער ווײַזן אַרויס אַ גרויסן אינטערעס ניט בלויז צו די קינסטלערישע ווערק, וועלכע דרוקן זיך אין יעדן נומער, נאָר אויך צו די מאַטעריאַלן פון די אָפּטיילן „נײַס פונעם ייִדישן קולטור־לעבן“, „מענטשן — זייער צײַט און זייער גורל“, „אויף די שפּורן פון געשעענעם“, „אונדזערע מיטצײַטלער“, „קאָמענטאַרן פון רעדאַקציע“, „פּאָלעמיק“, „וואָס דערוויסן מיר זיך פון נײַע פּובליקאַציעס“, „פון דער ליטעראַטור־געשיכטע“, „טעאַטער און קונסט“, „אונדזערע מיטיילונגען“, „בריוו פון ייִדישע שרײַבער“, „זיכרוינעס“, „ליטעראַרישע געדענק־דאַטעס“, „פונעם ליטעראַטור־אוצר“, „לעקציעס וועגן דער ייִדישער שפּראַך“, „מאַטעריאַלן פאַר אַ לעקסיקאָן פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור“, „פריילעכע שורעס“, „פּאָסטאַ־אינפאָרמאַציע“ אאַ.

שנײַדט אויס און שיקט צו אין דער רעדאַקציע

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

כאַשעווע כאַווײרים פון רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד“!

איך, . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פון דער שטאָט (שטעטל, יישעוו, דאָרף) . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

האָב אָפּן 1977 יאָר פּערזענלעך אַבאָנירט אַלס נײַע לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ פאָלגנדע כאַווײרים:

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

(אונטערשריפט)

אין די נאָענטסטע נומערן הייבן מיר אָן צו דרוקן מאַטעריאַלן אונטער דער רובריק „געפונענע מאַנוסקריפּטן“, צווישן זיי זײַנען שוין פאַראַן אין רעדאַקציע־פּאָרטפעל אַזעלכע אינטערעסאַנטע קסאַוויאַדן, ווי „נאָטיצן פון א סופליאָר פונעם יידישן טעאַטער“; אַן אָפּגעזוכטער טאָגבוך פון א יידישן סאָלדאַט אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער מילכאָמע (1904); ניט פאַרעפנטלעכטע ווערק פון די יידישע שרײַבער בער סלוצקי, מירע כענקין, כאַים לויצקער און אַנד.

ס'וואָלט געווען געוווּנטשן, אַז וועגן אונדזערע פּלענער זאָלן וויסן אויך אײַערע פרײַנט, אייגענע און באַקאַנטע, וועלכע זײַנען נאָך דערווײַל ניט קיין אַבאָנענטן פונעם זשורנאַל. אונדזער באַקאָשע איז, איר זאָלט דערציילן וועגן „סאָוועטיש היימלאַנד“, וועגן די ווערק וואָס דרוקן זיך, און וועגן די, וועלכע מיר קלײַבן זיך פאַרעפנטלעכן אין די קומענדיקע נומערן. מיר זײַנען זיכער, אַז אויף 1977 יאָר האָט איר פערזענלעך זיך שוין אונטערגעשריבן, נאָר צי האָט איר אָפּגעזוכט צווישן אײַערע פרײַנט און באַקאַנטע אַזעלכע, וואָס לייענען יידיש, און צי האָט איר אויך זיי געהאָלפן אַבאָנירן זיך? אויב איר האָט דאָס נאָך ניט געטאָן, בעטן מיר אײַך אויסטיילן פאַר דעם צײַט, קעדיי דערמיט באַווײַזן אײַער ליבע און איבערגעגעבנקײַט דער יידישער ליטעראַטור.

די אַבאָנירונג אויף „סאָוועטיש היימלאַנד“ ווערט אָנגענומען אָן באַגרענעצונגען אין אַלע אָפּטיילונגען פון „סאָיוזפּעטשאַט“, אין די פּאָטשט־אָפּטיילונגען און בײַ די געזעלשאַפטלעכע פאַרשפּרייטער אין די אונטערנעמונגען און אַנשטאַלטן.

Подписка на журнал «Советиш геймланд» («Советская Родина»), орган Союза писателей СССР, принимается без ограничения во всех агентствах «Союзпечати», в отделениях связи и общественными распространителями печати по месту работы.

---

אַבאָנירט זיך באַצײַטנס
אויפן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“
אויפן 1977 יאָר!

אַבאָנעמענט־פּרײַז

אויף א יאָר — 6 רובל
אויף 6 כאַדאָשים — 3 רובל.

אונדזער אינדעקס: 70821

**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД**
**(Советская родина)**

**Ежемесячный**
**литературно-художественный журнал**

**Орган Союза писателей СССР**

*На еврейском языке*

**Издается с 1961 г.**

**Издательство «Советский писатель»**



Адрес редакции журнала:
Москва, Центр, ул. Кирова, 17

Телефоны:
главный редактор — 228-27-91
ответственный секретарь — 223-96-07

Художественная и техническая редакция
М. Сафронович, С. Черняк
Корректор М. Ландман

Сдано в набор 7.VII.1976 г. Подписано к печати 18.VIII.1976 г. Формат 70×108 1/16. Бумага типографская № 1. Печ. л. 12+0,25 вкл. (Усл. печ. л. 17,16). Бум. л. 6+0,125. Цена 50 коп. Зак. 563.

Ордена Трудового Красного Знамени московская типография № 7 «Искра революции» «Союзполиграфпрома» при Государственном комитете Совета Министров СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли. Москва, Г-19, пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп.

70821

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 9

1 9 7 6

**В НОМЕРЕ:**